# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל


אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון סססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע




יוני

1988

# אינהאַלט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ.ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),

ש. גאָרדאָן, ט. גען,

א. טווערסקאָי,

ב. מאָגילנער,

כ. מעלאַמוד, ב. סאַנדלער,

ה. פּאָליאַנקער,

י. שוסטער (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), י. שרײַבמאַן



## אַלעקסאַנדער ליזען

# ניט קיין לעגענדע

ראָמאַן־באַלאַדע

### 1

וואסיל דודאר איז געשטאָרבן. אַזאַ גוואַר! עס גלייבט זיך פּאַשעט ניט. פרווו אָבער ניט גלייבן, אויב ער ליגט פאַר דײַנע אויגן ווי אַ שטיין, און אַלע אַרום אים באַוועגן זיך אין שטילן טרויער, פול מיט דערעכערעץ. און ווען די קליינע לערערקע האָט פּלוצעם אַ פאַכע געטאָן מיט די הענט, ווי מיט שווארצע פליגל, און זיך צעיאָמערט: „וואסיע, זאָג עפּעס!", האָט אַ שאָטן דורכגעשוועבט איבער דעם פּאָנעם פונעם מעס.

ארסען האָט ניט געוווּסט, ווער איז זי, די דאָזיקע פרוי, וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט זי צו זײַן געשטאָרבענעם שטיף־פאָטער און פאַרוואָס איז פאַר איר זייער וויכטיק, ער זאָל עפּעס זאָגן. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אַפּגיך איבערגעריסן דעם געדאַנק, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן צו נאַיִוו: קאָן מען דען פאַרלאַנגען לאָגיק בײַ אַוויילים?

אַלץ גייט דורך אַזוי ווי עס דאַרף צו זײַן — לײַטיש, געזעצט, לויטן אײַנגעכאַזורטן סצענאַרי. און די מאַמע... יאָ, די מאַמע איז בעעמעס, ווי שטענדיק, אויף דער געהעריקער הייך. דער אומעט איז געלעגן אויף איר פאַרבלייכט געזיכט, אין די ניט־אויסגעוויינטע טרערן אין די אויגן, אין די פאַרגלי־ווערטע פאַלדן פון איר שוואַרץ קלייד און שוואַרצער שאַל. קיינמאָל, קיינמאָל וואָלט זי זיך ניט דער־לויבט, ווי יענע קליינע לערערקע, וואָס זי ווייסט אפילו ניט איר נאָמען, אַזאַ געיאָמער. און האָגאַם

אַרסענס קלערענישן זײַנען געפּלאָסן דײַטלעך און קלאָר, האָט ער פּלוצעם דערפֿילט עפּעס כויזעקדיקס. פֿאַרוואָס זשע? ער האָט דאָך ליב זײַן מאַמען. ער איז אַפֿילע אַנציקט פֿון איר.

אַרסען האָט פֿאַרקלערט אַ צופּע געטאָן זײַן היפּש־אימפּאָזאַנטע שוואַרצע באָרד, דערמאָנט זיך אין דער שמייכלענדיקער אופגעלייגטקייט פֿון די קאַרע אויגן, מיט וועלכער דער שטיף־פֿאָטער פֿלעגט אַרויסברענגען דאָס וואָרט „אימפּאָזאַנטע", און געכאַפּט אַ קוק מיט אַ זינלאָזער האָפֿענונג אויף דעם פֿאַרגליווערטן פּאָנעם פֿונעם מענטשן, וואָס איז גלײַכגילטיק געלעגן מיט קינסטלעך פֿאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט. איבערצײַגט זיך ענדגילטיק אין דעם אומבאַגרײַפֿלעכן טויט פֿון וואַסילי מיראָנאָוויטש, האָט אַרסען צום ערשטן מאָל באַשלאָסן, אַז ער מוז דערגריבלען זיך צו די פֿאַרבאָרגענע סיבעס פֿון זײַן טויט.

דערפֿילט אַ טרויערפֿולן בליק פֿון דער מאַמען, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

די מאַמע האָט אים געזאָגט:

— גיי, רו זיך אָפּ.

עס וואָלט זיי געווען גרינגער, ווען דער זיידע וואָלט געווען צוזאַמען מיט זיי. איבערהויפּט אים, אַרסענען, וואָלט געווען גרינגער אויפֿן האַרצן, ווען דער אַלטער וואָלט געשטאַנען באַם צוקאָפּנס פֿון זײַן איידעם. **ליגט ער אָבער אַליין אין שפּיטאָל, וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש.** דער זיידע האָט ניט געוווּסט וועגן דעם פּלוצעמדיקן טויט פֿון זײַן איידעם. די מאַמע האָט שטרענג פֿאַרווערט געבן אים צו וויסן. דאָס וואָלט געווען געפֿערלעך פֿאַר זײַן זייער שוואַכן געזונט. מיטאַמאָל האָט אַרסען אַ קלער געטאָן: אַן אײַזערנע אויסגעהאַלטנקייט בײַ דער מאַמען! קיין איין וואָרט, קיין האַלב וואָרט, אַפֿילע קיין שווײַגנדיקן בליק אין דער זײַט פֿון דער קליינער לערערקע.

עפּעס לײַכטס, זאָרגלאָזיקס האָט דורכגעשוועבט אין אַרסענס באַוווּסטזײַן, ווען זײַן בליק האָט זיך אַ גליטש געטאָן אַרום אַ ווײַסן פֿלעק אויף אַ שוואַרצן גרונט. דאָס איז געווען אַ קאָנווערט, אַ געוויינלעכער פֿאַרכאַסמעטער קאָנווערט. מאָדנע! ווער האָט אים אַנידערגעלייגט? ניט אַנדערש ווי די מאַנאַשקע. אַ שריפֿטלעכע שטאַדלאָנעס, הייסט עס, צום ריבוינעשעלוילעם?

אַ פּאָנעם האָט די מאַנאַשקע געהאַט פֿון אַ נעזירע, אַן אויסגעדאַרט־בלייכס כאָטש ניט קיין האַרבס, פֿאַרקערט, אַ קאָפּעלע אַ באַשמייכלטס. די קנייטשלעך — ווײַסע און געשטריכלטע, די קליידונג — ציכטיקע, און קיינער וואָלט ניט געקאָנט מיינען, אַז אונטער אַזאַ ווילפּאָנעמדיקײַט האָט זיך פֿאַרטײַעט אַ ווילד־פֿינצטערער ביטל צום לעבן. דערצו איז זי נאָך געווען טויב ווי די וואַנט, ווערטער פֿון אַנדערע זײַנען צו איר ניט דערגאַנגען. אָפֿט פֿלעגט זי פֿירן אַ געשפּרעך מיט זיך אַליין, איבערכאַזערנדיק גרייטע פּסוקים. נאָר וואָס האָט זי געמיינט מיט זיי, האָט זי געוויס אַליין ניט געוווּסט.

די מאַנאַשקע האָט געבראַכט אַ גרויסע ליכט און זי אָנגעצונדן, איר אייגענע ליכט האָט זי געבראַכט — אין דער דאָזיקער שטוב איז שוין פֿון לאַנג קיין ליכט ניט געווען, מ'האָט זיך פּאַשעט ניט גענייטיקט אין זיי, די עלעקטרע־שײַן איז געווען אַ זיכערע, אָן איבערשלאָגן, שוין אַ סאַך יאָרן. די מאַמע, רעגינע וולאַדימיראָוונאַ, האָט געקוקט אויף דער מאַנאַשקעס פּרימכעס צווישן די פֿינגער פֿון דאַנקבאַרקײַט, וואָס זי האָט איר געהאָלפֿן באַלעבאַטעווען, ווען אַרסען איז נאָך געווען אַ קליין קינד. אַרסען האָט זיך געכידעשט, ווי פֿאַרשיידן ווײַזט זיך אַרויס די גוטסקײַט: בײַ דער מאַנאַשקע און בײַ דער קליינער לערערקע. און אַוואַדע בײַ וואַסיל מיראָנאָוויטש דודאַרן, וועמען אַלע, און ער, אַרסען, בעסויכעם, האָבן אים גערופֿן פּראָסט און ליבלעך — וואַסיע, אַפֿילע איצט איז די גוטסקײַט אויף זײַן פּאָנעם ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַרט געוואָרן.

אַוואַדע, ווען דער זיידע וואָלט געווען צוזאַמען מיט זיי, וואָלט ער אויף זיך גענומען די הויפּטדײַגעס. וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש איז זייער אַ טיכטיקער און טומלדיקער אַלטיטשקער, און דאַפֿקע די דאָזיקע טומלדיקײַט איז דאָ איצטער ביז גאָר געוווּנטשן. נאָר דער אַלטער איז אין שפּיטאָל און האָט איצט זײַנע אייגענע דײַגעס. ער האָט שוין צעביטן דעם אַכטן צענדליק, נאָר ער האַלט זיך נאָך גאָר פֿעסט פֿאַר דעם לעבן. ער מאַכט ניט פֿון דעם קיין סאָד. פֿאַרקערט, ער פּרוּווט דאָס פֿאַרטײַטשן.

— אַ פּענסיאָנער, אַרסעני, — דער זיידע רופֿט אים אַרסעני און די מאַמע — אַרסען, — אַ פּענסיאָנער טריקנט אײַן ביסלעכווײַז, פֿאַרשטייסט? ער ווערט צו לײַכט, און דאָס לעבן — ווי אַ כוואַליע אַ שפּענדל, שטופּט אים אַלעמאָל אַרויס אויף דער אויבערפֿלאַך. מוז מען זיך האַלטן...

דער זיידע מיט זײַן באַליבטן ווערטל.

— קאַלאַמוטנ!

פֿרעגט אַרסעני:

— וואָס הייסט עס — „טריקנט אײַן"?

דער זיידע, וואַרטשענדיק:

— ווייסט אַליין.

נאָר אַרסעני וואַרט. ער ווייסט, אַז דער זיידע האָט ליב צו ברײַען:

— א מענטש איז געגליכן צו א בוים. ער איז פעסט צוזאמענגעפלאָכטן מיטן לעבן דורך זײַנע צווײַגן. איין צווײַג איז ארבעט. די צווייטע — מישפּאָכע. די דריטע, לאָמיר זאָגן, איז שאַך אָדער פרויען...

— אַ־האָ!

— וואָסי דען?

נארישע טראכטענישן קריכן אין קאָפּ ארײַן. ארסען אנטדעקט מיט פארוווּנדערונג, אז ער הייבט אָן זיך צוגעוווינען צום טויט, וואָס ליגט נאָך פאר זײַנע אויגן. נאָר עס מאכט ניט אויס. וואסיע וועט זיך ניט באליידיקן. ער האָט פארמאָגט גראָבע געדיכטע צווײַגן, וועלכע זײַנען נאָך ניט אײַנגע־טריקנט געוואָרן, וועט ער אים פארשטיין. ארסען קערט זיך אויס צו אים, צום טויט, מיטן רוקן און פרוווט א שמייכל טאָן מיט אן אינווייניקסטן שמייכל. פרויען! אַ־האָ! באם אייניק איז שוין ניט קיין בערדל, נאָר א באָרד — וואָ! און באם זיידן — אפילע קיין סימען ניט. קעדיי די גראָוקײַט זאָל ניט ארויסקריכן, ניט ארויסווײַזן זײַן אלטקײַט. און אויך יענע, וואָס אפן קאָפּ, — עס פארדעקט זי אן אַנגערוקטער קאפּעליוש, דער אלטער האלט פון זיך. כויץ אלעמען — פּאָרט א מילכאָמע־וועטעראַן! און א מי־וועטעראַן!

קאלאמוט!

אלץ וואָלט געווען ריכטיק, נאטורעל, ווען וואסיע וואָלט דערלעבט צו דעם עלטער פון זײַן שווער. ער איז אָבער געשטאָרבן אין פולן בלי. איז ווו איז דער יוישער?.. ניין, דאָס איז א פארבאַ־טענער גאנג. ס׳איז נאריש, לעפּיש און עפּשער אפילע געוויסנלאָז. ווען דײַנע קלערענישן, ארסען, גייען אריבער פון דעם איידעם צו דעם שווער, דארפסטו אלעמאָל צוגעבן אין דײַנע געדאנקען — „אים צו לאנגע יאָרן".

איז סאמע דעמלט, ווען ארסען איז ווידער פארזונקען געוואָרן אין א געדיכטן אומעט, האָט פלו־צעם דורכגעשאלט א שארפער קלונג פונעם טעלעפאָן. האָט ער מיטאמאָל אופגעצאפּלט, גלײַך ניט דער טעלעפאָן, נאָר אליין דאָס לעבן האָט אים אָנגעקלונגען. עס האָט זיך דערהערט דעם זיידנס היי־זעריקלעכע שטים.

— אלץ איז בא אײַך אין אָרדענונג?

אָט אזוי פלעגט ער געוויינלעך אָנהייבן זײַן טעלעפאָן־געשפּרעך פונעם שפּיטאָל, און ארסען פלעגט אלעמאָל האָפּערדיק ענטפערן:

— אָ־קיי, זיידעניו!

א צווייטע פראגע האָט אָבער דעריאָגט די ערשטע, און ארסען האָט זיך פארלוירן, נאָך ניט אנטשלאָסן, וואָס ער דארף ענטפערן. דער זיידע האָט עפּעס דורכגעבורטשעט: „פארוואָס קומט ניט קיינער צו מיר? איר האָט פארלאָרן מײַן אדרעס, צי וואָס? מע דארף דאָך מיר די אָפּעראציע מאכן, און איר... קאלא..." האָט ער א טראסקע געטאָן מיטן טרײַבל אף א האלב וואָרט. ס׳הייסט — „קאלא־מוט!"

די טירן זײַנען אָפן, און שכיינים און באקאנטע קומען ארײַן שטילערהייט און קוקן מיט כידעש אף דעם ווײַסן קאָנווערט און אף דעם בלייכן געזיכט. שטייענדיק אומבאוועגלעך, געזעגענען זיי זיך מיט וואסיע דודארן און דערווײַטערן זיך אויך שטילשווײַגנדיק און פאמעלעך, ווי זיי וואָלטן געוואָרט, אז וואסיע וועט זיי א רוף טאָן צוריק מיט א גאסטפרײַנטלעכן שמייכל אף די ליפּן.

מערער פון אלע האָט זיך פארהאלטן מאריקע, א יונגיטשקע, נאָר שוין א געגעטע שכיינע. זי האָט א פּיר געטאָן איר בליק איבער דעם פּאָנעם פונעם מעס און גלײַך נאָך דעם אויסגעגלאָצט אירע טרויעריקלעכע, ווי עס פּאסט אין אזעלכע פאלן, אויגן אף ארסענען און מיטפילנדיק א שמייכל געטאָן צו אים. דער יונגלינג האָט א קלער געטאָן, אז ווען דער זיידע דערזעט דעם דאָזיקן שמייכל, וואָלט ער אוואדע ניט דורכגעלאָזט אזא געלעגנהײַט און וואָלט זיך גלײַך אָנגעצונדן: הײַנטיקע יוגנט, מיש־טיינס־געזאָגט! זיי ווייסן ניט, ווי אופירן זיך! אים, ארסענען, איז דער דאָזיקער שמייכל גראָד געווען צום הארצן.

דורך דער אָפענער טיר איז ארײַנגעגאנגען אן אלטע פויערטע. זי איז געבליבן שטיין ניט ווײַט פון דער שוועל, דאָס פּאָנעם אָנגעשטרענגט, די קנייטשן שארפער אויסגעטיילט, דאָס מויל — האלב אָפן. און כאָטש ארסען פלעגט זי זען זייער זעלטן, האָט ער זי גלײַך דערקענט — דאָס איז געווען וואסיע דודארס מומע. ארסען איז צוגעגאנגען צו איר, שווײַגנדיק גענומען זי אונטער דער האנט, די אלטיטשקע האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צעוויינט זיך, מיטן עק פון איר טוך האָט זי געווישט די אויגן, נאָר נײַע טרערן האָבן ווידער זיי אָנגעפילט. די אלטע פרוי האָט באפרײַט איר האנט, זיך אָנגעבויגן איבער דעם מעס, א קוש געגעבן אים אין שטערן, אין די ליפּן און אין ביידע באקן, און נאָך דעם דאָזיקן געציילעמטן קוש האָט זי זיך אויסגעגלײַכט און, גלעטנדיק מיט איר פארנעפּלטן בליק דאָס פארשטיינערט געזיכט פון איר זשוואוון פלימעניק, האָט די אָנשטרענגונג זיך אָפּגעשיילט

פון איר פּנים, און ארסענען האָט שטארק פארכידעשט די גרױסאַרטיקייט פון דער מומען אין דעם פּלימעניק.

א פארזונקענער אין די דאָזיקע קלערענישן, האָט ארסען ניט גלײַך באמערקט, ווי אין צימער האָט זיך ארײַנגעריסן מיטן קאָפּ פאָרויס א מעשונעדיק אַנגעטאָנענער זאַקן. דערפאר אָבער האָט רעגינע וולאַדימיראָוונא אים באַלד דערזען, פארקרימט זיך און אויסגעשריִען:

— טאַטע!

אין דעם וואָרט איז געווען א פאָרוואורף און אויך אַן אופגעשרױפּטער ווייטיק. נאָר מער פון אַלץ איז אין איר ארפגערעגטן קוק געווען רוגזע. זי איז פּאַשעט געווען שאַקירט מיט דעם מעשונעדיקן הוילעך פון איר פּאָטער: א צעקנייטשטער מאַנטל, וואָס איז ווי־ניט־איז געווען ארופגעוואָרפן אויף א נאָך מער צעקנייטשטער, אָפּגעניצטער שפּיטאָל־פּיזשאַמע. נאָר ווען זי האָט א קוק געטאָן אויף זײַן פּאָנעם, געטראָפן זיך מיט זײַנע אײַנגעפאַלענע אויגן, האָט זי א צאַפּל געטאָן — אזא ביטערע פארצווייפלטקייט איז געווען אין זײַן בליק.

ערשט דערנאָך איז דערגאַנגען צו זײַן דערשיטערטן באוווסטזײַן: ס'איז דאָך וואַסיע! וואָס זשע טוט זיך עס אויף דער וועלט! וואַסיע, וואַסיע, אזא לעבעדיק לעבן! און ער, אַן אַלטע שיוורע־קיילע, פּלאָנטערט זיך נאָך הינטער די פיס!..

דער אַלטער האָט אומגעלומפּערט ארופגעוואָרפן די הענט.

— וואָס זשע האָט איר דאָס אויסבאהאַלטן פון מיר?

ארסענען איז געוואָרן גרינגער אפן הארצן. דער זיידע האָט זיך ארויסגעריסן פונעם גליוועט. איצטער וועט זיך צו אים אומקערן זײַן געוויינלעכע באריידעוודיקייט.

— דאָס האָט געטראָפן אומגעריכט, — האָט ארסען געענטפערט און צוגערוקט דעם זיידן א בענקל.

וולאַדימיר באַגדאַנאָוויטש האָט זיך מיד אראָפּגעלאָזט אפן בענקל. זײַנע ליפּן האָבן זיך קלאָנגלאָז באוועגט, גלײַך ער וואָלט זיך אַליין מיטגעטיילט עפּעס אזוינס, וואָס דאַרף בלײַבן א סאָד פאר אנדערע, און דאָס דאָזיקע קלאָנגלאָזע צוקן פון די ליפּן האָט זיך אַלעמאָל איבערגעריסן מיט ביטערפארכידעשטע אויסרופן: „און וואָס פּלוצעם!.. וואָס פּלוצעם?..", וועלכע זײַנען געווען געווענדט אָט צום אייניקל און אָט צו דער טאָכטער. זיי האָבן אַליין ניט געוווסט, וואָס פּלוצעם האָט געפּלאַצט וואַסיעס הארץ. דער אַלטער, ווידער, האָט געמוזט זיך קלאָנגלאָז מוידע זײַן, אז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט זיך אזוי דערשראָקן פארן מאַלעכהאַמאָוועס, אויב ער, דער מאַלעכהאַמאָוועס האָט אזוי גרינג בײַגעקומען דעם קרעפטיקן וואַסיען. ווען ניט דער טעלעפאָן־קלונג, וואָלט ער שוין געלעגן אויף דעם אָפּעראַציע־טיש אונטער נארקאָז...

ער האָט א צאַפּל געטאָן, ווען די טאָכטער האָט אים שטיל געזאָגט:

— קער זיך אום אין שפּיטאָל.

דער אַלטער האָט שווײַגנדיק א דריי געטאָן מיטן קאָפּ. רעגינע האָט פויל דערווידערט. די דאָזיקע אָפּעראַציע איז אזא, וואָס מע קאָן זי אָפּלייגן. עס איז בילכער, אז דער פּאָטער זאָל איצט זײַן דאָ. אונטער זײַנע גראָווע פליגל וועט עפשער גרינגער זײַן דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. נו, און כּוח דעם... וואָס כּוח דעם? דער פּאָטער איז א זאַכלעכער מענטש. ער וועט שוין באַזאָרגן די לעווײַע ווי עס דאַרף צו זײַן. און זי, רעגינע, איז דאָך אזא הילפלאָזע... און ארסען איז אויך ניט בעסער.

ערשט איצט, ווען די טרערן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין זײַנע אויגן, זײַנען ארויסגערונען, שלענגלענדיק זיך איבער די קנייטשן, האָט דער אַלטער באמערקט אויף דער שווארצער ברוסט פונעם מעס א ווײַסן קאָנווערט. פּאַמעלעך שטרעקט ער אויס די האנט, נעמט דעם בריוו, דערווײַטערט אים פון זײַנע אויגן אויף דער פולער לענג פון דער אויסגעשטרעקטער האנט, שטרענגט אָן דעם בליק, נאָר סײַווי ניט געקאָנט איבערלייענען. האָט ער ארויסגענומען פון דעם פּיזשאַמע־קעשענקעלע די ברילן, און ווען ער האָט זיי אָנגעטאָן, האָט ארסען מיט פארלײַכטערונג דערזען אקעגן זיך דעם זיידנס פּאָנעם מיט ברילן, וואָס האָבן בלויז איין גלעזל, דאָס צווייטע פלעגט ער אַלעמאָל פארלירן, ווען ער פלעגט זיך בייזערן אָדער נערווירן.

דער בריוו איז געווען אדרעסירט צו גאָט. קיין צוריק־אדרעס איז ניט געווען. דער אַלטער האָט געכאַפּט א קוק אויף דער טאָכטער, נאָכדעם אפן אייניק, דעם קאָנווערט האָט ער אָבער ניט אופגעכאַסמעט. „כ'האָב ניט קיין רעכט. ס'איז ניט מיר אדרעסירט". נאָכדעם — א קלאָר געטאָן מיט כוויזעק וועגן זיך: „דאָס גאַנצע לעבן בין איך א פּרינציפּיעלער אפּיקוירעס געווען. און איצטער... מ'וואָלט געדאַרפט אויסלאַכן אזא וועגדשריפט צום הימל, און איך..." אָבער ווי מעג מען לאַכן, אויב פאר דײַנע אויגן ליגט דער טויטער וואַסיליִ?..

גראָד דעמלט, ווען מ'האָט ארויסגעטראָגן דעם מעס, איז פאָרגעקומען א שטיקעלע טומל. די מאָנאַשקע האָט מיט צעשפּרייטע הענט, ווי א געקרייצטע, זיך אנידערגעשטעלט אויף דער שוועל און ארויסגערעדט אנטשלאָסן און צו הויך, וואָס איז אייגנטימלעך פאר טויבע:

— וואַרט צו! דער באַטיושקאַ וועט באַלד קומען.

וולאַדימיר באַגדאַנאָוויטש איז אָבער דעמאָלט שוין געקומען צו־זיך. מיט פּאַרוואָרף און כּויזעק אײנצײַטיק האָט ער געכאַפּט אַ פּאַרניכטנדיקן קוק אױף דער מאַנאַשקע. און ווען דאָס האָט ניט גע־האָלפן, האָט ער זי שווײַגנדיק אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אָן שום צערעמאָניעס אוועקגעשלעפּט זי פון דער שוועל.

דעם מעס האָט מען זאַכלעך און אײַליק, ווי דער שטייגער איז איצט, אָפּגעפּירט אױף אַן אױטאָ־בוס אָפּן צווינטער. אים האָבן אַרומגערינגלט די זעלבע מענטשן וואָס אינדערהײם. כּוץ דער קלײנער לערערקע. זי האָט ניט געוואָגט אַרײַן אין דעם אױטאָבוס. און ווען זי האָט שוין באַשלאָסן, האָט עמעצער פאַרהאַקט דאָס טירל אונטער דער נאָז. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס האָט אָפּגעטאָן רעגינע וולאַדימיראָוונאַ. נאָר זי האָט געהאַט אַ טאָעס. רעגינע וולאַדימיראָוונאַ וואָלט אַזוינס קײנמאָל ניט דערלויבט זיך. און ביפּראַט איצט, ווען דער פאָטער און דער זון האָבן זי אונטערגעהאַלטן פון בײדע זײַטן, און זי האָט אַן אויסגעשעפּטע זיך אַראָפּגעלאָזט אױף דער באַנק און פון אירע האַלבפאַרמאַכטע אויגן האָבן געטריפט דריבנע טרערעלעך. די קלײנע לערערקע איז אַ ווײַלע געשטאַנען, נאָכגעשפּירט נאָך דעם אױטאָבוס, וואָס האָט זיך אַלץ דערווײַטערט. דערנאָך איז זי, קוים שלעפּנדיק די פיס, אוועק צום טראַמוויי.

# 2

מוזיק, מוזיק, מוזיק... איבער אַלע פיר שטאָקן. מוזיק־געוויין. וועגן דעם פריצײַטיק פאַרשטאָר־בענעם וואַסיע דודאַרן.

די פינגער פון זײַן שטיפזון לויפן פלינק אַרום איבער די קלאַווישן פון דער פּיאַנע, און זײַן מאַמע, די אַלמאַנע רעגינע וולאַדימיראָוונאַ, בײַקומענדיק דעם ווײטיק פון דעם פרישן פאַרלוסט, האָט מיט דער הילף פון דער מאַנאַשקע, וואָס האָט אויך געטרויערט, מעכאַבעד געווען די געסט, וועלכע זײַנען געקומען גלײַך פונעם צווינטער אױף די פּאָמינקעס. דער קראַנקער זיידע, אַ פּאַרמאַטערטער פון דער לעוויַיע, איז האַלב געלעגן אין פּאָטעל, נאָך אַלץ קלערנדיק וועגן דעם אומדערוואַרטן טויט פונעם אײדעם.

אינצווישן, אימפּראָוויזירט אַרסען אַ פּיַיערלעכן, ביז גאָר אַ באַטריבטן רעקווי׳עם. וואָס זשע דאַרפּ־סטו אַזוי קלאַפּן מיט די פינגער איבער די קלאַווישן, אַרסען? שוין זשע קאָן מען ניט טרויערן שטי־לערהייט? ענטפערט אַרסען, זיך אַלײן ענטפערט ער: כּוץ דעם, וואָס מע דאַרף פיַיערלעך, מיט ערע, אָפּמערקן וואַסיל מיראָנאָוויטשעס אָנדענק, איז פאַראַן נאָך אַ סיבע, אַ מעשונעדיקע און אומדערוואַר־טע — פאַרטױבן די ווידער אופגעטויכטע איראָנישע נאָכקלאַנגען אין זײַנע אומעטיקע טראַכטונגען וועגן וואַסיעס אַלמאַנע און זײַן מאַמען, רעגינע וולאַדימיראָוונאַ בערגער. דערוועג ניט, אַרסען, ס׳איז דאָך דײַן לײַבלעכע מוטער, אַרסען, און וואַסיע דודאַר איז דאָך נאָר דײַן שטיף־פאָטער! אַ שאַרפער אַקאָרד — און צום טײַוול די אַלע נישטיקע געדאַנקעלעך! מוזיק, מוזיק! אַ צעדונערטע, אַ צעפּאַטלטע, אַ האַרבע, נאָר אַלצײַנס טרױמפירנדיקע איבער אַלע פיר שטאָקן פון דעם אַמאָל ווירדיקן, נאָך פון דעם קיַיזער פראַנץ־יאָסיפס צײַטן, טורעמל אָפּן סאַמע שפּיץ, אַ מויער, וואָס איז איצטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלטיטשקער אָפּגעקראַכענער געבײַדע. פון... דער פּאָדערשטער זײַט איז זי נאָך אַ צוגעגלעטע, אַ צוגעפאַרבטע, אינווייניק אָבער, אין הויף — אַ קאַליקע, נעבעך, מיט אָפּגעריבענע ווענט, מיט וויסטע פּאָטיאָקן, מאַלע וואָס דער הויף איז שמאָל און טיף ווי אַ ברונעם, האָט מען נאָך צוגעטיקעוועט באַלקאָנדלעך אױף די פּילגעפּלאָגטע ווענט.

און ווען די מוזיק האָט פלוצעם צערודערט די דעמערונג, איז דער אוילעם אַרויס אױף די באַל־קאָנדלעך, אַ דערשיטערטער פון טרויער און נײַגער. וואָס האָט דאָ צו טאָן מוזיק? מ׳האָט קײנמאָל ניט אַזוי אַרויסבאַגלײט דעם טויט. פּאָמינקעס — דאָס איז עפּעס אַנדערס. אַ בלאָז־אָרקעסטער, וואָס שפּילט אַ טרויער־מאַרש, — דאָס אויך, איבערהויפּט, ווען מע באַערדיקט הויכגעשטעלטע לײַט. אָבער פּיאַנע־מוזיק? און עפּשער איז דאָס עפּעס אַ הײַנטצײַטיקער, אַ נײַער מינהאָג?

— דו שפּילסט צו צעפּאַטלט, — וואָלט אים געזאָגט ציפּוירע.

און ער וואָלט איר געענטפערט מיט אַ ייִנגלשן גאַנג, וויסנדיק, אַז ער איז ניט גערעכט:

— און דו — צו צוגעגלעט.

אַלע זײַנען מעקאַנע געווען ציפּוירען. איר שפּילן האָט מען אין דער קאָנסערוואַטאָריע געהאַלטן אַלס די בעסטע. זי האָט שוין אָנטײלגענומען אין עטלעכע קאָנקורסן. קײנער האָט ניט געצווייפלט,

אז זי וועט ווערן אן אספיראנטקע. און עפשער א מוזיק־קענער. „און דאָך — באשטייט ארסען אין זײַנע געדאנקען — און דאָך ווייעט פון איר שפּיל מיט עפּעס א קעלט...״

ציפּוירע ווערט פארשוווּנדן. דער אוזקאָרע־מאַלצײַט אינעם שכיינעסדיקן צימער ווערט ביסלעכ־ווייז פארוואנדלט אין א געוויינלעכע סודעלע. „זאָל די ערד זײַן פאר אים ווייך!״ — כאַזערט מען איבער אלעמאָל, און מע טרינקט. די ערד ווערט ניט ווייכער, בלויז די וויי־קרעכצן און ווײַ־זיפצן פארלירן זייער ווײַ, און דער פּילשטימיקער „אך־אך־אך״ טוט זיך א דריי אין ארסענס באוווּסטזײַן מיטן קאָפּ אראָפּ און ווערט מעגולגל אין עפּעס א לעסטערנדיקן „כא־כא־כא״. דאָס רעגט אוף ארסענען, כאָטש ער ווייסט, אז דאָס איז ניט אזוי, און ער קלערט וועגן דעם בייז: וואסיע דודאר וואָלט קיינמאָל ניט דערלויבט זיך אזוי צו קלערן וועגן בידנע מענטשן, וואָס שטרעבן צו דערטרונקען זייער ווײַ אין א גלעזל בראנפן. וואָס איז שײַעך ציפּוירען, איז זי גיכער א „מוסטערהאפטע שילערן״ מיט א שטיקל קאריערישער האדראַכע, איידער א נײַער אופגייענדיקער מוזיקאלער שטערן. אָבער דאָס איז אויך א ליגן. פונוואנען קומט צו אים אזא בייזקײַט? אַנשטאָט א פײַערלעכן אומעט, שפּריצט ארויס זײַן רעק־וויעם ביטערע גאַל. ניט גוט. אוי, ניט גוט!

די קליינע לערערקע איז דעמלט געזעסן איינע אליין בא דעם פרישן קייווער. צווישן קראנצן און קווייטן האָט זי זיך איצט געפילט היימלעכער, ווי צווישן מענטשן. זי האָט געדולדיק געוואַרט ביז דער אוילעם וועט זיך פאנאנדערגיין און זי וועט בלײַבן אליין מיט וואסיען. זי איז געזעסן לעבן אים, געפילט, ווי די ערד ציט זי צו, און זיך ניט קעגנגעשטעלט. זי האָט געוואָלט שטארבן, אָבער וויאַזוי קאָן מען באוואָרענען, אז מע זאָל זי לייגן באנאנד מיט וואסיען און זיי זאָלןביידע זיך צודעקן מיט איין שטיק הימל? זי האָט זיך צוגעהערט צו דער שטילקײַט, און די שטילקײַט איז טאקע געווען א בעסוילעמדיקע. קעדיי צעטרײַבן זי, האָט די קליינע לערערקע גענומען זיך שאָקלען, ווי טאָליק, איר קליינינקער שילער. ער האָט ליב געהאַט צעהוידען זיך אָף דער פּארטע, און ווען זי פלעגט אים מאכן א באמערקונג, האָט דאָס ייִנגעלע געקוקט אָף איר טמימעסדיק מיט גרויסע שטראַלנדיקע אויגן, פארענטפערנדיק זיך, אז ער פארנעמט זיך מיט גימנאסטיק.

די שטילשווײַגעניש איז געווען ניט איבערצוטראָגן. האָט זי אָנגעהויבן רעדן, ווענדנדיק זיך צו דעם בערגל, וואָס איז באדעקט מיט גרינע קראנצן, שווארצע לענטעס און פארביקע קווייטן. זי האָט גערעדט דײַטלעך, ווי געוויינלעך, ווי עס האָט זיך בא זיי געפירט. וואסיע פלעגט ליב האָבן ווינציקער ריידן און מערער שמייכלען.

— וואסיע, זאָג עפּעס...

און האגאם קיין נעס האָט ניט געטראָפן, דאָס בערגל האָט ניט געענטפערט, נאָר די טויט־שטיל־קײַט איז איבערגעריסן געוואָרן, און די קליינע לערערקע האָט ווי אונטערגעהערט: א־האַ! איצט עפנט ער אוף דעם קראנט און די וואסער טוט פריילעך א הורטשע. וואסיע שטעלט אונטער זײַנע פארברוינ־טע הענט, פארשטעלט דעם וועג דער וואסער, און זי הייבט אָן רינען צווישן די פינגער. ער שפּילט זיך מיט דער וואסער ווי עפּעס א קונדעס. דערנאָך נעמט ער זיך אָנזייפן די הענט, ער טוט דאָס גרינטלעך, ניט געײַלט, און ביידע הענט וואשן איינע די אנדערע ליבלעך, מיט א גלעט... נאָר אָט הערט שוין אוף די מורמלעניש פון דער וואסער, הייסט עס, אז ער נעמט ווישן די הענט מיט א שאָרסטקן האנטעך, וואָס טויג זייער גוט פאר א מאסאזש. ביזוואנען ער רײַבט די הענט, קלערט זי, די קליינע לערערקע, אז די רעגנבויגנדיקע בלעזלעך האָבן שוין אוודע זיך צעלאָזט אין דער וואסער, און זי, א קליינינשקע, בלויז א קאפּעטשקעלע גרעסער פון טאָליקן, האָט זיך אליין צעלאָזט אין אים, אין דעם גרויסן און צוגעלאָזטן וואסיען...

די טויט־שטילקײַט פארכאַפּט ווידער דעם אויבנאָן, און אין אזא קלעפּיקער קלאנגלאָזיקײַט האָט די קליינע פרוי געפילט זיך, ווי זי וואָלט פארהריזנעט געוואָרן ביזן האלדז. זוכט זי א שטרויעלע... ער ווישט נאָך אלץ די פינגער און די נעגל — וואסיע איז א ציכטיקער, כאָטש אָנגעטאָן איז ער נאכ־לעסיק, דער קאָלנער פונעם העמדל איז בא אים טאָמיד צעפּראלט (אגעוו, ווי די נעשאָמע), זײַן אָפּ־געברוינטער האלדז דולדעט ניט קיין שניפּס. וואסיע האלט נאָך באם פארענדיקן דאָס וואשן, און דער טשײַניק אָף דער גאז־פּליטע נעמט זיך שוין קלינגען מיט זײַן דעקל, גיט אלעמען צו וויסן: „איך בין שוין, הייסט עס, אופגעזאָטן, נעמט מיך אראָפּ פונעם פײַער״, לויפט זי אין קיך אריין און נעמט פאר־פארען די געדיכטע דופּטיקע טיי (טיי — איז וואסיעס שוואכקײַט) פון דרײַ סאָרטן: גרוזינישער, אינ־דישער און צײַלאָנישער, וועלכער איז געווען לוי בעגנימצע אין די גאסטראָנאָמען, און זי פלעגט פונ־דעסטוועגן קריגן אים פון אונטער דער ערד... און ווי נאָר עס האָט דורכגעשוועבט אין איר מויעך „פון אונטער דער ערד״, איז די וועלט ווידער פארזונקען אין איר בעסוילעמדיקער שטילקײַט.

ארסעני אָדער ארסען, — ווי די מאמע האָט אים גערופן, — האָט דאן, מיט דער הילף פון זײַן הילכיקער הארצרײַסנדיקער מוזיק, געפירט א פארביטערטן קאמף מיט דעם גרוילעכן סוינע — מיטן טויט, צו וועלכן ער איז געווען דאָס גאנצע לעבן גלײַכגילטיק, הײַנט אָבער איז ער דורכגעפלויגן

פאַרבײַ אים אַזוי נאָענט, אַז עס האָט אַ ווייַע געטאָן מיט זײַן איפּעשדיקן אָטעם. האָט ארסען ניט אופגעהערט טראַכטן: ווער איז ער, אייגנטלעך, און פאַרוואָס האָט ער אויסגעקליבן פאַר זײַן קאָרבן גראָד דעם געזונטן, באַשמייכלטן לעבן־ליבהאָבער, דעם שטיף־פאָטער זײַנעם, וואַסיע דודאַרן?

נאָכדעם האָט ארסען אַ קאַפּעלע רויִקער אַ קלער געטאָן: ניטאָ קיין ברייִרע! נײַנציק פּראָצענט פון דעם לעבן באַשטייט פון האַוועניש. איז וואָס, ארסען? גאָרנישט. אַ פאַקט. אַ הוילער פאַקט. איצט האָט ער ווי דערפרייט זיך און באַגריסט די נישטיקע טראַכטענישן — מע טאָר דאָך ניט האַלטן זיך די גאַנצע צײַט אויף אַ קאָפּשווינדלדיקער הייך.

און ווען די אָרגל־מוזיק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטילער און ריזלדיקער, האָבן ארסענס אויערן נאָכאַמאָל אופגעכאַפּט שיקערלעכע אויסגעשרייען פונעם שכייִנישן צימער, ווו מ׳האָט נאָך אַלץ געפּראַוועט פּאָמינקעס, און ער האָט צערייצט אַ קלער געטאָן: וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדנע מינהג! מעקאַבער זײַן אַ מענטשן און נאָכדעם טרינקען לעקאָוועד זײַן אָנדענק? דער בראַנפן, ווידער, האָט אַ טעווע צו פאַרשיקערן, אומאָפּהענגיק פון דעם, פאַרוואָס און פאַר וועמען מע טרינקט. וואָלט דען ניט געווען בעסער און פײַערלעכער אָט אַזוי: לאָמיר אופשטיין, דרײַ מינוט שווײַגן און דורכגעדרונגען ווערן מיט ערע און ליבע צום פאַרשטאָרבענעם וואַסיל מיראָנאָוויטשן. דרײַ מינוט. גוט. אָבער וואָס וואָלסטו אַ קלער געטאָן, ארסען, פאַר די דאָזיקע דרײַ מינוט? מיט וואָס וואָלט דײַן האַרץ זיך דורכגעדרונגען? דערצייל אונדז וועגן דעם מיט דײַן שטילער אומעטיקער מוזיק. עפּשער וועלן מיר באַנעמען, פאַרוואָס האָסטו דעם שטיף־פאָטער מערער ליב געהאַט, ווי דײַן לײַבלעכן פאָטער? פאַרוואָס? וואַסיע דודאַר האָט דאָך קיין שום אויסטערלישע מײַלעס ניט פאַרמאָגט. און דײַן טאַטע, זינאָווי לעאָנידאָוויטש בערגער, האָט דאָך יאָ פאַרמאָגט. אַ קלייניקייט! פּראָפעסאָר פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע! דײַן מאַמע איז באַשטאַנען, זאָלסט פאָרן קיין מאָסקווע, איר געוועזענער מאַן וועט שוין יאַקאָס מאַכן פון דיר אַ מענטש. דו ביסט מאַסקים געווען, נאָר בלויז מיט אַזאַ באַדינג: זאָל ציפּוירע אויך פאָרן מיט מיר. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט דיר אונטערגעזאָגט ראָזאַליע נאַומאָוונע, ציפּוירעס מאַמע. דו ביסט אָבער גאָר גיך אַנטלאָפן אַהיים, צו וואַסיע דודאַרן. און ציפּוירע איז פאַרבליבן אין מאָסקווע, צוגעפּאַסט זיך, אַרײַן אין צוטרוי און אין האַרצן פון זינאָווי לעאָנידאָוויטשן און געשטיגן אַלץ העכער און העכער...

און אין דעם דערנעבנדיקן צימער ווערן די פּאָמינקעס אַלץ מערער פאַרוואַנדלט אין אַ געוויינלעך קערמעשל. ארסענס שפּיל האָט לאַכלוטן ניט געשטערט, פאַרקערט. ס׳איז געווען ווי, לעהאַוודל, אין אַ רעסטאָראַן. וואָס איז שײַעך דער מאַנאַשקע, איז סײַווי האָט קיין איין קלאַנג זיך ניט דורכגעריסן אין אירע פּולקום טויבע אויערן. זי האָט זיך געייסעקט באַם טיש ווי אַ באַלעבאָסטע, אין דער צײַט, ווען די עמעסע באַלעבאָסטע, רעגינע וולאַדימיראָוונאַ, איז געזעסן אַ פאַרשמאַכטע, אַן אומעטיקע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ניט צוגערירט זיך צום עסנוואַרג, און אַלעמאָל אויסגעווישט די אויגן. דער מאַנאַשקע האָט מיטגעהאָלפן האָרפּינע, וואַסיעס מומע. זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט גלייבן, אַז וואַסיע איז אַזוי אומגעריכט געשטאָרבן, און אירע באַוועגונגען, פּויעריש־צילגעווענדטע, האָבן אויסגעזען ניט זיכער, ניט מאַמאָשעסדיק, גלײַך ווי זי וואָלט זיי דורכגעמאַכט אין כאָלעם. ווען די טעלער הייבן אָן קלאַפּן אין אירע ציטערנדיקע הענט, טוט רעגינע וולאַדימיראָוונאַ אַ צאַפּל, זי הייבט זיך אויף פון איר אָרט און נעמט מיטהעלפן האָרפּינען.

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש איז געזעסן אין אַ זײַט, אין אַ טיפן, זייער אַלטן און אָפּגעריבענעם פּאָטעל, געזעסן אַ בלייכער, זײַנע ליפּן האָבן זיך קלאַנגלאָז באַוועגט, גלײַך ער וואָלט מיט עמעצן געשמועסט. אינדערעמעסן האָט ער געשמועסט מיט זיך אַליין. ער האָט געפּרוווט דערגרונטעווען זיך צו דער סיבע פון זײַן איידעמס טויט.

וואַסיע דודאַר! ער האָט דאָך געשפּאַנט איבער דער ערד ווי אַ פאַרקערפּערונג פון לעבן. ער איז געווען אַ רויִקער, אַ באַשמייכלטער, אָן קיין שום ערעגײַז. ער פלעגט לײַכט שאַלעם מאַכן מיט אַלערליי טאָגטעגלעכע הריזאָטעס, ער פלעגט אָפּקומען מיט אַ שווײַגעניש, אויסהערנדיק געדולדיק אַ צאָרנדיקן פּסאַק פונעם שעף, ער פלעגט זיך מאַכן טויבלעך, ווען מע פלעגט אים אַ שעפּטשע טאָן וועגן דער צווייפלהאַפטער אופירונג פון רעגינע וולאַדימיראָוונען. „ער איז אַ גראָבהויטיקער, — פלעגן זאָגן אויף אים די אומפרײַנט. — ער וועט געוויס לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר”. און ער, וואַסיע, האָט ניט דערלעבט אַפילע האַלב דערפון.

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש האָט ניט־ווילנדיק באַטראַכט דעם טויט פון זײַן איידעם דורך דער פּריזמע פון זײַן אייגענער קרענק. אַפילע גאָר אַלטע מענטשן שטאַרבן ניט פון אַלטקײַט. און ער, וואַסיע, איז דאָך קיינמאָל ניט געווען קראַנק!

ווען דער איידעם איז אומגעריכט געשטאָרבן, איז דער שווער געלעגן אין שפּיטאָל און געוואַרט אויף אַן אָפּעראַציע. ער האָט ניט געוווּסט די אומשטאַנדן פון דעם פּלוצעמדיקן טויט, און ווען ער האָט געפרעגט וועגן דעם, האָט מען אים געענטפערט: דאָס האַרץ. ווי זשע קאָן בײַ אַזאַ גוואַר פּלוצלינג זיך אָפּשטעלן דאָס האַרץ?

# 3

די פֿאַמינקעס גייען זיך מיט זייער גאַנג. מע טרינקט, מע פֿאַרבײַסט און מע פֿאַרגעסט זיך. וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש איז צו ניכטער. און ווען עמעצער האָט דערלאַנגט אים אַ גלעזל, האָט ער אויסגעשטרעקט די ציטערנדיקע האַנט. נאָר רעגינע האָט גאַנץ ענערגיש פּראָטעסטירט:

— טאַטע! דו ביסט דאָך קראַנק!

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש האָט ראַש אַ מאַך געטאָן מיט דער לינקער האַנט, גלײַך ער וואָלט אָפּגעשטופּט די טאָכטער, וואָס אַפּישירט איר זאָרג פֿאַר זײַן געזונט, און מיט דער רעכטער האָט ער איבערגעקערט דעם קעלישעק אין זײַן מויל, געשמאַק און אַרויסרופֿעריש אַ האַקע געטאָן. רעגינע וולאַדימיראָוונאַ האָט זיך פֿאַרקרימט, נאָר אָפּגעשוויגן. אויסשליסלעך אויס אָנשטענדיקײַט. צוקנדיק מיט דעם רעכטן אַקסל, ווי עס טרעפֿט מיט אים, ווען ער איז מעסוקן אופֿגערעגט, האָט ער אָנגעהויבן עפּעס פּלאַפּלען, און רעגינע וולאַדימיראָוונאַ איז ווידער בלאַס געוואָרן — דער אַלטער איז ניט בײַ די געדאַנקען און קאָן נאָך אַרײַנבראָקן עפּעס אַ מיִעס וואָרט.

— קראַנק! אויך מיר אַ קראַנקהײַט! פֿינף און אַכציק פּראָצענט מאַנצבלען קרענקען מיט דער דאָזיקער כוואָראָבע...

און ווען די אויסגעטרונקענע מאַשקע איז זיך צעגאַנגען איבערן לײַב, האָט אַ שאַרפֿער ראַכמאַנעס אָפּן אייניק, וואָס שפּילט אין צווייטן צימער אין פֿולער איינזאַמקײַט, אַ דריק געטאָן ביז ווייטיק דאָס האַרץ פֿונעם אַלטן רודזיוק, ער האָט זיך אונטערגעהויבן פֿונעם פֿאָטעל, געהאַט בעדייע דורכשפּאַנען דורכן צימער מיט פֿעסטע טריט, נאָר עס האָט זיך ניט באַקומען, האָט ער דערפֿילט אַ ראַכמאָנעס אָף זיך אַליין: דאָס לעבן וועפּט זיך אויס ביסלערווײַז פֿון זײַן קערפּער, און אין דער ערשטער ריי פֿון די פֿיס, זיי פֿרירן אַפֿילע זומערצײַט, און אום ווינטער טוט ער אָן דרײַ פּאָר וואָלענע שקאַרפּעטקעס, נאָר זיי פֿרירן אַלצייִנס.

אַרסען האָט דערפֿילט מיטן רוקן, אַז אַ מענטש שטייט אָף דער שוועל, האָט ער איבערגעריסן די שפּיל, און ניט אויסקערעווענדיק דעם קאָפּ, ווי געוויינלעך, געפֿרעגט:

— נו, ווי גייט עס, טאַטע?

דער אַלטער האָט זיך געכידעשט. ווען וויַזט זיך אויס? דעם זיידן צי דעם אייניק?

וואַסיע פֿלעגט אָפּטמאָל זיך אַרײַנכאַפּן צו אים, שטילערהייט זיך אַרײַנגאַנווענען. דעמלט פֿלעגט אַרסען דערפֿילן מיט דעם רוקן, ווי עס שטרענגט זיך אָן אַ פֿעסטער קערפּער אָף די שפּיץ פֿינגער, די טיר זאָל, כאָלילע, ניט אַ סקריפּע טאָן. אים, אַרסענען, ווערט מעכײַעדיק אָפּן האַרצן, ווײַל אומזיסט זײַנען די אַלע פֿאָרזיכטיקײַטן. סײַווי פֿאַרטויבט די מוזיק אַזעלכע שוואַכע קלאַנגען, און דאָך איז אים געווען אָנגענעם דער פֿאַרטײַעטער אָטעם אין דעם פֿעסטן קערפּער, און ער, דער שטיף־פֿאָטער, בלײַבט פֿאַרגליווערט ערגעץ אָפּן האַלבן וועג צווישן דער טיר און דעם קלאַוויר, קעדיי ניט אָפּצווווענדן דעם שטיפֿזון פֿונעם שפּילן.

דער זיידע, אָבער, פֿלעגט זיך אַרײַנרײַסן מיט אַ טומל, ווי אַ כאָפּטע פֿאַרשײַטע שיבעניקעס, און גענומען מאַכן פֿאַרשיידענע באַמערקונגען, כאָטש אין הילכעס מוזיק פֿאַרשטייט ער גאָרניט. דעריבער האָט אַרסען אַ הייב געטאָן די ברעמען, ווען ער האָט דערזען דעם זיידן, אַ שטילן, אַ שוויַגנדיקן, זעט אויס, אַז ניט אַזוי זײַן אייגענע קרענק, ווי וואַסיעס אומגעריכטער טויט האָט אַזוי געפּלעפּט דעם אַלטן, אַז ער האָט בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט קומען צו־זיך. שטייט ער אַ דורכזיכטיק־בלייכער, ווי זײַן אייגענער שאָטן, ער שטייט שטילשווײַגנדיק, בלויז די ליפּן באַוועגן זיך קלאַנגלאָז. פֿאַר מאַמעש געציילטע שאָ איז ער ווי אײַנגעבראָכן געוואָרן.

— ווי פֿילסטו זיך, זיידעניו? — האָט אַרסען געפֿרעגט, איבעררײַסנדיק דאָס שפּילן, געפֿרעגט אַבי צו פֿרעגן, אַבי עס זאָלן זיך דערהערן קלאַנגען פֿון אַ מענטשלעכער שטים. קיין ענטפֿער אָבער דאַרף ער ניט. עס איז אַזוי אויך צו זען ווי ער, דער זיידע, פֿילט זיך.

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש האָט דורכגעפּלאַפּלט:

— איך? וואָס?.. עס גייט דען אין מיר?

אַ שאַרפֿער ראַכמאָנעס־געפֿיל האָט זיך אָפּגערופֿן בײַ אַרסענען אין האַרצן. אַרסען באַפֿעלט זיך: „זאָג דעם זיידן עפּעס ליבלעכס..." אָבער אַזעלכע ווערטער, אָף וועלכע ער וואַרט, דער זיידע, קומען ניט. לאָזט ער ווידער אַראָפּ די הענט אָף די קלאַווישן. מוזיק באַרויִקט... מוזיק טרייסט... מוזיק היילט אַפֿילע... אַרסען שפּילט, און וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש זיצט אָפּן בענקל און מיינט, אַז דאָס איז זײַן טיפֿער פֿאָטעל, לאָזט ער זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער, די פּלייצעס הויקערן זיך אײַן, דער קאָפּ הענגט אַראָפּ, און אינגאַנצן זעט ער אויס ווי אַ גרויסער לעבנסלאָזער קלומפּ.

אומגעריכט דערמאָנט זיך אַרסען זײַן שמועס מיטן שטיף־פֿאָטער.

וואַסיע (מיט זײַן געוויינלעכן שמייכל): קאָנסט מיך אויסלערנען שפּילן?
ארסען (פאַרכידעשט): דיך? שפּילן?
פאַרזיכטיק, מיט די שפּיץ פינגער, באַרירט וואַסיע די קלאַווישן, גלײַך ער וואָלט זיי א גלעט געטאָן:
— וואָסי דען?
ענטפערט אים ארסען:
— א ביסל שפּעטלעך.
וואַסיע האָט צוויי מאָל איבערגעכאַזערט, צעציענדיק די טראַפן: „שפּעט־לעך". נאָכדעם פרעגט ער, דריקנדיק מיטן ווײַזפינגער אויף דעם הילכיקן „סי":
— שוין זשע קאָן אַמאָל זײַן שפּעט?
ער האָט דעמלט געשפּאַנט א גליקלעכער איבער דער ערד, וואַסיע דודאַר, ווײַל ער האָט געפונען די קליינע לערערקע. אַלע האָבן אים געזען א גליקלעכן. ער האָט דאָס ניט אויסבאַהאַלטן. ער וואָלט דאָס ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן, אַפילע ווען ער וויל. און ער האָט ניט געוואָלט, ניט געסטאַרעט זיך מאַכן פון דעם א סאָד. און אויפן אַנדערן טאָג האָבן שוין אַלע דאָס געוווּסט, און די ערשטע האָט זיך דערוווּסט רעגינע וולאַדימיראָוונא, און — פּאַשעט אויף כידושים! — קיין שום אײַפערזוכטסצענעס. פאַרקערט, טיף אין האַרצן האָט זי זיך ווי דערפרייט. וואַסיעס זינד זאָלן זײַן ווי אַן אויסקויף פאַר אירע אייגענע. זי האָט זיך בלויז דערלויבט צו וואָרענען אים: קיין שום רעקלאַמע! אויך דאָ דאַרף מען קאָנען זיך אויפירן אַנשטענדיק — און דאָס איז דער איקער? אַנשטענדיקייט אין אַלעמען. אַפילע אין ליבע־אַנגעלעגנהײַטן.
עמעס, אין א צײַט אַרום וועט זי אים זאָגן, אַריבערגייענדיק פון „דו" אויף „איר":
— איר אַליין האָט מיר געגעבן א ווירקזאַם געווער קעגן זיך אויפן גאַנצן לעבן.
אויפן גאַנצן לעבן!
און דאָס לעבן האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער א קורצס. און טעג גליקלעכע — ווינציקער ווי פינגער פון די הענט.
פאַרזונקען אין אַזעלכע קלערענישן, האָט רעגינע וולאַדימיראָוונא פונדעסטוועגן באַמערקט, וויאַזוי דער טאַטע האָט זיך שווער אויפגעהויבן פונעם פאָטעל און זיך ערגעץ אַוועקגעשלעפּט. „מיסטאַמע צו ארסענען", — האָט זי א טראַכט געטאָן און זיך אויך אויפגעהויבן, גענומען א טעלער, אַרײַנגעלייגט א ביסל סאַלאַט, ווורשט, ברויט און געלאָזט זיך גיין מיט אָפּגעשוואַכטע טריט צו דעם זון. אין איין האַנט — דער טעלער, און מיט דער צווייטער האָט זי אונטערגעהאַלטן די שוואַרצע שאַל, וועלכע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר קאָפּ. די מאָנאַשקע האָט געפּעליק אויפגעעפנט און פאַרמאַכט נאָך איר די טיר.
ארסען און וולאַדימיר באַגדאַנאָוויטש האָבן זיך אויפגעהויבן און באַגעגנט רעגינען מיט שווײַגנדיקע בליקן. אַזוי זײַנען זיי געשטאַנען א לענגערע ווײַלע דרײַ דווירעס, אַזעלכע נאָענטע, וואָס נעענטער קאָן שוין ניט זײַן, נאָר אויך דערווײַטערטע, מיט צענדליקער יאָרן דערווײַטערטע, מיט זייערע ניט אַלציינע געדאַנקען און געפילן. פּולקום ניט צום אָרט האָט ארסען דערמאָנט זיך יענע פראַגע, וואָס ער האָט פאַרגעבן דער מאַמען, ווען זי האָט זיך גענומען לויבן אין טאָג אַרײַן ציפּוירען:
— מאַמע, פאַרוואָס האָסטו זיך געגעט מיטן טאַטן?
דער זיידע, ווידער, האָט געקלערט וועגן נאָענטן טויט. קעגן אים איז ווירקזאַם בלויז א נײַ לעבן. ס'איז ניט קיין זעלבסטרייסט. ס'איז א גרונט־געזעץ פון דער נאַטור. דעמלט, ביז איר אַוועקפאָרן קיין מאָסקווע, איז ער אויך געווען פאַר ציפּוירען. ציפּוירע באַטײַט אַן אוריינקל אין דער נאָענטער צוקונפט, און אַן אוריינקל איז אַן אויפלעבונג פונעם גײַסט דורך א באַנײַונג אין דער פערטער גענעראַציע.
אין רעגינעס אויגן האָט די שטילקײַט אויסגעזען ווי א מיטאַמאָל איבערגעריסענער געשפּרעך. עס שמעקט מיט א פאַרשווערונג.
— בײַס עפּעס איבער, — האָט זי געזאָגט, אַוועקשטעלנדיק דעם טעלער אויפן טיש.
ארסען האָט העפלעך געענטפערט:
— א דאַנק, מאַמע.
נאָכדעם צוגעגעבן:
— איך בין ניט הונגעריק.
און נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט:
— איך בין ניט הונגעריק, מאַמע.
רעגינע וולאַדימיראָוונא האָט געזאָגט דעם טאַטן:
— וואָלסט געדאַרפט א ביסל זיך צולייגן.
ער האָט געענטפערט ווי ארסען:

— א דאַנק, רעגינע.

נאָכדעם צוגעגעבן:

— כ׳האָב צײַט.

און איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל:

— כ׳האָב צײַט, רעגינע.

איצטער איז אַנטשטאַנען אַן אָנגעשטרענגטע שטילקײַט, גלײַך אַלץ וואָלט שוין געווען אָפּגערעדט. דאַרף מען אָפּסנײַ אַ פּרוּוו טאָן אָפּזוכן די עקן פֿון דעם איבערגעריסענעם געשפּרעך, עפּשער וועט געלונגען צוזאַמענבינדן זיי און באַנײַען אַ וואַרעמהאַרציקן קרויווישן שמועס. נאָר אַרסען האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן איבער די קלאַווישן, און אַלע דרײַ האָבן אָפּגעזיפֿצט מיט אַ פֿאַרלײַכטערונג. געשפּילט האָט אַרסען מעכאַניש. ער האָט געקלערט וועגן עפּעס אַנדערס. די מאַמע האָט אים דאַן געענטפֿערט אויף זײַן פֿראַגע („פֿאַרוואָס האָסטו זיך געגעט מיטן טאַטן?") אומדערוואַרט פֿאַרשײַט, און דאָס איז שוין געווען קעגן איר הייליקן פּרינציפּ.

— מיר זײַנען ביידע איבערגעשפּיצטע. און פּאָר צוויי איבערגעשפּיצטע איז שווערלעך צו ווינען אונטער איין דאַך.

און כאָטש די מאַמע האָט דערבײַ אַ ביסעלע צוגעשמייכלט (זי פֿלעגט אויסמײַדן אַ ברייטן שמייכל, ווײַל דאָס אַנטבלויזט די יאַסלעס און מאַכט מיִעס איר שיין פּאָנעם), ס׳איז, אַזוי צו זאָגן, בלויז אַ לוסטיקער וויץ, איז אַרסען דעמלט געווען געפּלעפֿט. און גלײַך — אַ בריקל צו ציפּוירען. זי איז אויך אַן איבערגעשפּיצטע, אַ כיטרע? ניין, זי איז פּאָשעט זייער אַ פּראַקטישע. אָבער קאָן דען זײַן אַזוי פּראַקטיש אַן עמעסע מוזיקאַלישע נאַטור? פֿאַרוואָס ניט? איצט פֿאַרייניקט מען אומפֿאַרייניקטס: אַ הייסן נעשאָמע־דראַנג מיט אַ לעפּישן פֿאַרדראָס, וואָס דער פֿאַרקויפֿער האָט ניט דערגעבן אַ פּיטאַקל אויסגאָב.

אַרסען דערמאָנט זיך:

איינמאָל נאָך ציפּוירעס אַ טומלדיקן קאָנצערט — עס זײַנען געווען אַ סאַך קרויווים און גוטע באַקאַנטע, און אַלע האָבן הילכיק געפּליעסקעט מיט די הענט, און יעדער איינער האָט געבראַכט מיט זיך אַ בוקעט נעגעלעך אָדער טיולפּאַנען — שטייט ציפּוירע מיט די בוקעטן אין ביידע הענט און פֿרעגט אים מיט אַ צערטלעכער שמאַכטיקײַט:

— ביסט צופֿרידן, אַרסען?

אירע אויגן זײַנען געווען פֿול מיט גליק און דערפֿאָלג. זי איז געשטאַנען אַן אַרומגערינגלטע פֿון אַלע זײַטן מיט מענטשן און מיט זייערע הייסע גראַטולירונגען. זײַן, אַרסענס, באַגריסונג איז דערטרונקען געוואָרן אין הילכיקע אויסרופֿן. זײַנע קווייטן זײַנען אַוודע ניט געווען פֿון די סאַמע בעסטע און סאַמע פֿרישסטע, האָט ער זיי אײַליק אַרײַנגעשטופּט אין דעם פּאַק פֿון בוקעטן, וועלכן ציפּוירע האָט געהאַלטן מיט ביידע הענט. ער האָט געדולדיק געוואַרט, ביז וואַנען אַלע וועלן זיך פֿאַנאַנדערגיין, אַפֿילע איר מוטער אויך, ציפּוירעס שטרענגע מאַמע — ראַזאַליִע נאַומאָווונע, וועלכע האָט אויסגעזען אַזוי גאַדלעסדיק, גלײַך ניט איר טאָכטער, נאָר זי אַליין האָט נאָרוואָס געשפּילט ליסטס סאָנאַטע — „נאָכן איבערלייענען דאַנטען", און דער זיסער אָפּהילך פֿון שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן האָט נאָך געווײלט אין אירע אויערן. אָבער קאָן זי דען ניט זיך אָנשטויסן, אַז מע דאַרף כאָטש אויף איין מינוט איבערלאָזן ציפּוירען מיט אים, מיט אַרסענען אַליין! און זי האָט זיך טאַקע אָנגעשטויסן. און אַזוי פֿינקטלעך געטראָפֿן, אַז, דערווײַטערנדיק זיך, האָט זי אויסגעשריגן:

— כ׳גיי אַוועק אויף אַ מינוטקעלע, ציפּוירעלע. כ׳וועל אַ זוך טאָן אַ טאַקסי.

אַפֿילע ניט קיין מינוט, נאָר „אַ מינוטקעלע".

און דאָך ליגט אין איר אַן אויצער. „דו ביסט צופֿרידן, אַרסען?" צי באַטײַט ניט, אַז זי האָט געשפּילט צוליב אים און אַלע איבעריקע גייען איר ניט אָן? און אויב זי וועט איצט, ווען אַלע זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען און זיי זײַנען געבליבן אינצווייען, אויב איצט וועט ציפּוירע נאָכאַמאָל אַ פֿרעג טאָן אים מיט אַן אונטערגעבראָכענער שטים: „דו ביסט צופֿרידן, אַרסען?", וועט ער איר אומבאַדינגט ענטפֿערן:

— איך בין צופֿרידן, ציפּעלע. איך בין זייער צופֿרידן. דו האָסט איבערגעשטיגן זיך אַליין. און איך... איך האָב דיך ליב.

און שוין. די מינוט איז אַדורך. אָבער ער דאַרף ניט מער, אַזוי וועט עפּשער אַפֿילע זײַן בעסער. קיין טראָפּן צײַט טאָר ניט פֿאַרבלײַבן פֿאַר איר ענטפֿער.

ציפּוירע האָט אים אָבער געזאָגט מיט אַ לוסטיק שמייכעלע:

— גאָל אָפּ די באָרד, אַרסען. דײַן פּאָנעם ווערט דערטרונקען אין איר...

די קלאַנגען, וואָס פֿליִען אַרויס פֿון די קלאַווישן, ווערן אויפֿגערעגט, צערייצט. רעגינע וואָלאָדימיראָווונא האָט געמיינט, אַז די צערייצטקײַט רופֿט אַרויס איר אָנווועזנהײַט, איז זי שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען. אַרסען האָט ניט באַמערקט דער מאַמעס באַליידיקטע דערווײַטערונג. ער איז איבעראַנײַס אַרײַן מיטן קאָפּ און מיטן האַרץ אין דער מוזיק, ניט אין דער ציפּוירישער, וואָס איז, ווילקלינגעוודיק, צוגע־

גלעט און צוגעקעמט, נאָר אין זײַנער, זאָל זײַן צעפּאַטלטער, צעשויבערטער, זאָל זײַן כאַאָטישער, יאַ־יאַ, כאַאָטישער, נאָר פון זײַן אופגערודערטער נעשאָמע־מוזיק.

פאַרנאַכטלעך באַווײַזן זיך די שטשורעס. בײַס די דעמערונגען ווערן זיי פּרעך. זיי קריכן אַרויס פון זייערע קעלער־לעכער, פעטע, זאַטע (כוץ דעם מאַגאַזין, איז פאַראַן באַנאַנד מיט דער אַלטער שטוב אַן אימפּאָזאַנטער רעסטאָראַן) און נעמען אַרויסרופּעריש אַרומשמײַען איבערן הויף, באַשמעקנדיק און אַפּטמאָל אַרײַנקריכנדיק אין די שוואַרצע בלעכענע מיסטקאַסטנס. אין פאַרגלײַך מיט זיי זעען אויס די מײַז קימאַט כיינעוודיק. זיי פירן זיך אויף שטיל, באַשיידן און האָבן מוירע פאַר קעץ.

פונעם פענצטער אָפן פערטן שטאָק האָט אַרסען זיי ניט געזען. ער האָט געזען בלויז מענטשן, וואָס האָבן באַקלעפּט די באַלקאָנען און זיך צוגעהערט צו זײַן האַרצרײַסנדיקער מוזיק. ציפּוירע, ציפּוירע! קום צו פליִען פון מאָסקווע און כאַפּ אַ קוק, סאַראַ דערפאָלג געניסט באַ מענטשן און באַ שטשורעס דער באַוווּסטער פּיִאַניסט־ווירטואָז אַרסעני בערגער, וועמענס פאָטער האָט דיך פריטוליעט און מיך האָט ער אָפּגעשטויסן. און דײַן מאַמע האָט אינגאַנצן פאַרלוירן איר אינטערעס צו מיר. פריִער פלעגט זי מיט דיר אײַנטײַנען, דו זאָלסט זײַן צוגעלאָזט צו מיר! דו אַליין האָסט מיר דאָס דערציילט, און מיר האָבן ביידע געלאַכט. אונדזער געלעכטער האָט זיך צונויפגעמישט. ליפּן האָבן שטײַף זיך געדריקט צו ליפּן. דו האָסט מיך דאַן נאָך ליב געהאַט. אָנגעזעטיקטע מיט קושן, האָבן מיר זיך צוגעזעצט צום קלאַוויר, דו האָסט נאַכלעסיק געבלעטערט די אָנגעוואַלגערטע נאָטן, און איך האָב געשפּילט „לײַדנשאַפטן לויט וואַסילן" — אַ שוידערלעכע לעגענדע וועגן אַ יונגער פרוי און איר קליין מיידעלע, וועלכע מ'האָט לעבעדיקערהייט פאַרמויערט אין דער וואַנט פון אונדזער אַלטן מויער...

## 4

דו געדענקסט? אַ לעגענדע פון דעם אַלטן הויז. צוערשט זאַרגלאָז, אפילע אַ קאַפּעלע קאַטאָוועסדיק: אַן אַלטע גוטמוטיקע שטוב. אַן אָפענע, אַ צעפּראַלטע, אַ באַשמייכלטע, אַ דודאַרישע.

— וואָס הייסט „דודאַרישע"?

ציפּוירע שווײַגט. זי איז ניט קיין אײַזערנע, ווי איר מאַמע: מעג די וועלט זיך איבערקערן, נאָר ציפּוירע מוז ווערן אַ באַרימטקײַט. ניין, ציפּוירע איז ניט אַזאַ. נאָר עפּעס־וואָס איז פונדעסטוועגן פאַרבליבן באַ איר פון דער מאַמען.

אַרסען האָט זיך אַרומגעקוקט: נישטאָ שוין דער זיידע. ווו זשע קאָן ער זײַן? צי דען אַוועק צוריק אין שפּיטאָל?

און ציפּוירע? אַך, יאָ, ציפּוירע... זי האָט אַן סאָפּעק אַן עכטן מוזיקאַלישן געהער און מוזיקאַלישע עמאָציעס.

דאַן, נאָכן קאָנצערט, אַ פאַרפלאַמטע פונעם דערפאָלג און פון די אַפּלאָדיסמענטן, מיט וועלכע אירע קרוויים און באַקאַנטע האָבן זי ברייטהאַרציק באַלוינט, האָט ציפּוירע צוגעטוליעט דאָס פאַרויטלט בעקל צו די קילבלעכע קווייטן — אַ גאַנצער פּאַק בוקעטן, וועלכן זי האָט געהאַלטן מיט ביידע הענט — און זי האָט אויסגערעדט, יאָ, קלאָר אויסגערעדט: „גאָל אָפּ די באָרד, אַרסען. דײַן פּאָנעם ווערט דערטרונקען אין איר".

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר עס איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטע ראָזאַליע נאָרמאָווע.

— גיכער, ציפּע. כ'האָב געקריגן אַ טאַקסי.

אַרסענען האָט זי געזאָגט, ווי אָפּגעכאַפּט:

— אַזויפיל קווייטן, אַז אָן אַ טאַקסי וועלן מיר זיי ניט ברענגען אַהיים.

אויף דער־אָ טאַקסי האָט ציפּוירע מיט איר מאַמען אוועקגעפירט די קווייטן און דעם טריִומף. און ער איז פאַרבליבן אַליין מיט זײַן איראָניע און באַגלייט זיי מיט די אויגן מיט טיפער בענקשאַפט.

בײַס אײַנער אַ פאַוזע האָט אַרסען דערהערט אַ באַקאַנטע קרעכצעניש. דאָס איז דער געוועזענער הויזבאַזיצער. ער איז אַלט ניַין און נײַנציק יאָר, איז עלנט, ווי אַ שטיין, ער מוז זיך אַליין באַדינען. ווען ער הייבט זיך אויף איבער די שטאָקן אין זײַן „קאַוואַלערקע" (דאָס הויז האָט מען באַ אים צוגענומען, נאָר אַ צימערל מיט אַ קיכעלע האָט מען אים אויסגעטיילט אויף דעם סאַמע העכסטן שטאָק) מיט אַ קענדל מילך אין איין האַנט און מיט אַ רענצל דרײַקאָפּיקע בולקעלעך אין דער צווייטער, לאָזן זיך הערן איבער אַלע פיר שטאָקן זײַנע קרעכצן. און צווישן זיי — אַ נאַס הוסטעניש, פון וועלכן דער גאַנצער געבראָכענער קערפּער זײַנער ווערט אופגעטרייסלט. מוז ער זיך אַלעמאָל אָפּשטעלן, אַריבערלייגן דאָס רענצל מיט די בולקעלעך אין דער לינקער האַנט צוזאַמען מיטן קענדל און, האַלטנדיק זיך מיט דער

רעכטער האנט פאר די פאַרענטשעס, איבערכאַפּן דעם אָטעם. נאָר ער האָט פעסט באַשלאָסן דערלעבן ביז הונדערט יאָר, ס׳הייסט, נאָך איין בידנע יאָרעלע. אָט דאָס לעבן איז אים שוין לאַנג נימעס געוואָרן.
ווען ארסען טרעפט זיך מיט אים אויף די טרעפּ, זאָגט ער אים אויף דעם „גוט־מאָרגן!" און קערט אַוועק זײַנע אויגן פון דעם אַלטן.
אין זײַן געוועזענעם הויז האָט ער ניט געפילט קיין איינזאַמקייט. און כאָטש מ׳האָט דאָס דאָזיקע הויז צוגענומען בײַ אים נאָך אין טויזנט נײַן־הונדערט נײַן־און־דרײַסיקסטן, האָט ער סײַוויי גערעכנט דאָס פאַר זײַנס. און גאַנץ מעגלעך, אַז ניט איבער זײַן דראַנג צו פּריוואַט־אייגנטום, איבערהויפּט ווי עפּעס אַ קיילע, איז וועלכער ער האָט איבערגעגעסן ניט נאָר דאָס גאַנץ פאַרמעגן זײַנס, נאָר אויך דאָס בלוט זײַנס און דעם זאַפט פון זײַן לעבן. פאַר זייער אַ טײַערער פּרײַז איז דאָס הויז אים אָנגעקומען.
און ווי נאָר די כריפּענדיקע קרעכצן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין זײַן מוזיק, האָט ארסען גלײַך ווי־דעראמאָל דערפילט מיט זײַנע אָנגעשטרענגטע נערוון דאָס וויינעניש פון דער לעגענדע. קומט אויס, אַז דער דאָזיקער כמורנער אַלטער האָט עפּעס אַ שײַכעס צו איר, צו דער לעגענדע. דער זיידע באַהויפּטעט, אַז טאַקע אַ דירעקטע. נאָר קיין באַווײַזן זײַנען ניטאָ, און זײַנען ניט געווען. נאָר וואָלאָדימיר באָגדאַנאָוויטש גייטיקט זיך ניט אין קיין באַווײַזן. ער שטעלט ארויס זײַן לאָגיק, וואָס איז פאַר אים אומבאַשטרײַטבאַר. די שטוב האָט מען בײַ אים צוגענומען? צוגענומען. הייסט עס, אַז ער האָט פאַרטײַטעט אַ סינע? פאַרטײַטעט. צוויי יאָר האָט ער זי געקעקלט, די סינע. און אַפּן דריטן איז געקומען די שאָ פון נעקאַמע — די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט לוואָוו. האָט ער זי ארויסגעגעבן, בלומע נאַכמאַנאָוויטש, וועלכע האָט געהאַט צוויי מוירעדיקע זינד: זי איז אַ ייִדישקע און אַן אַקטיוויסטקע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין זײַן שטוב, ווי אין איר אייגענער.
קרעכצעניש, זיפצעניש. דאָס קרעכצט דאָס געוויסן אויף אַלע פיר שטאָקן פון דער אַלטער שטוב? — פרעגט זיך ארסען, און זײַנע דלאָניעס ווערן פאַרגליווערט אויף אַ ווײַלע אויף דער קלאַוויאַטור.
פאַרוואָס זשע האָט זיך אָנגעצאַרנט מײַן הארץ דאַפקע הײַנט, אינעם טאָג פון מײַן שטיף־פאָטערס טויט? — פרעגט בײַ זיך ארסען. — אַלע האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן וועגן דער דאָזיקער לעגענדע, און נאָר איין וואַסיע דוזאָר האָט דאָס פאַרגעדענקט. כאָטש ער איז דאַן אַלט געווען בלויז זעקס יאָר. געדענקט, נאָר געשוויגן. קיינעם קיין וואָרט ניט. נאָר מיר, ווען דאָס הארץ און דער מויעך זײַנען שוין ניט געווען אימשטאַנד איבערצוטראָגן דעם דרוק פון די גרויליקע דערינערונגען. דאָס פּאָנעם און די אויגן זײַנע פלעגן דעמלט פאַרכיישעכט ווערן, זײַנע רייד זײַנען געווען עפּעס געפּלאָנטערט, נאָר עפּעס וואָס פלעג איך אויפכאַפּן.
פאַרוואָס, אָבער, האָט ער דאָס דערציילט דאַפקע מיר? וועמען דען? מײַן מאַמען? זי פלעגט קימאַט ניט הערן, כאָטש, אויס איידלקייט, געמאַכט אַן אָנשטעל פון אויפמערקזאַמקייט. נאָר אַפילע הערנדיק, האָט זי געהערט בלויז מיט די אויערן. דאָס הארץ האָט געשוויגן.
דעם זיידן? יאָ, אַוודאי. דער זיידע פלעגט גלײַך ארויס פון די קיילים, און מיט אַ שאַק זידלווערטער פלעגט ער דערווײַזן דאָס, וואָס עס גייטיקט זיך ניט אין דערווײַזן, זיי, די פאַשיסטן, זײַנען ביכלאַל טאַליאַנים און מענטשנפרעסער.
וועגן אייגענעם וויטיק האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. נאָר איך האָב יאָ געהערט. איך בין געווען דעמלט צוויי מאָל ייִנגער, האָב איך דאָס געהערט ווי עפּעס אַ מײַסעלע, אַ שרעקלעכס, אַ גרויליקס, און דאָך אַ מײַסעלע. איך פלעג ניט איבערשלאָגן מײַן שטיף־פאָטער. מיר פלעגט זיך דעמלט אויסווײַזן, אַז ער איז געקומען צו פליען צו דער שוועל פון אונדזער שטוב גלײַך פונעם גענעם.
אַכטונג! אַכטונג!
שטיבער און גריבער האָבן געקרעכצט פאַרשאָטענע, אָבער נאָך זשיפּענדיקע, און פאַר זיי, פאַר די קאַניבאַלן, איז דאָס געווען נאָך ווינציק. פּלוצעם האָט אַ קאַרבן אויפגעהויבן זײַן האַנט אויף דעם הענקער — אַזאַ פרעכקייט!
אַלע צײַטונגען, פון אַלע ראַדיאָ־רעפּראָדוקטאָרס האָט מען געשריגן:
אַכטונג! אַכטונג! אַ מאָרד!
אין לוואָוו, אויף יאַגעלאָנסקי־גאַס, 13, האָט מען געפונען דעם טויטן קערפּער פון דעם עסעס־אָפּצער שרומפּעל. אים האָט דערהארגעט די זשידאָווקע בלומע נאַכמאַנאָוויטש, וועלכע האָט געהאַט פאַלשע דאָקומענטן און ארויסגעגעבן זיך פאַר אַן אוקראַינקע, קוויטאָסלאַווא נאַומענקאָ. דעם, וואָס וועט זי כאַפּן, — אַ געלט־באַלוינונג! דעם, וואָס וועט זי אויסבאַהאַלטן, — טויט־שטראָף.
קוויטאָסלאַוואָ! רום די קוויטן! אַ פּרעכטיקער נאָמען!... צווייבער־מוזיק, איך באַשווער דיך: פּרווו אויסהויכן די שיינקייט פון דעם דאָזיקן נאָמען, זײַן בלומען־דופט! בלומע איז דאָך אַ קוויט! די געוואַגטע און שטאָלצע פרוי האָט בלויז איבערגעזעצט איר נאָמען, נאָר ניט פאַראַטן אים.

אכטונג! אכטונג! די דאָזיקע פרוי האָט געהאַט א מיידעלע. זיי זײַנען ביידע פאַרשוווּנדן. און ווידער: אָדער געלט־באַלוינונג, אָדער טויט־שטראָף!

האָט זיך באַלד אָפּגעזוכט אזא פוילע נעשאָמע און האָט דערלאַנגט א מעסירע. און מ׳האָט זיי געכאַפּט, די דודארס, וואסיעס מאַמען און טאַטן, געשלאָגן, געפּײַניקט, איבער די גאַסן געפירט, און פון זייערע העלדזער זײַנען אראָפּגעהאַנגען אָפּגעריסענע שטיקער פאַרמעט מיט סאַדיסטישע אויפשריפטן.

און ווען וואַסילי מיראַנאָוויטש פלעגט אים דאָס דערציילן, האָט ער געקוקט איבערן קאָפּ פון דעם קליינעם ארסען, גלײַך ניט אים, דעם קינד, דערציילט ער דאָס, נאָר דער גאַנצער וועלט. דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, האָט ארסען פלוצעם א קלער געטאָן, אז גוטסקײַט איז מיסטאָם אזא מידע, וואָס גיט זיך איבער בעירושע. אָבער אויך דעמלט איז ער, ארסען, ניט געווען אזא אומפאַרשטאַנדיק קינד, ווי וואסיע האָט געמיינט. די ווערטער פון דעם שטיף־פאָטער זײַנען ארײַנגעפאַלן אין זײַן ווייכער נעשאָמע, זיי האָבן זיך אָנגענומען, געגעבן שפּראָצלינגען, זײַן קינדערש האַרץ האָט באַזונדערס שאַרף איבערגעלעבט דעם אייִמעדיקן טויט פון דעם קליינעם מיידעלע, וועלכע מ׳האָט, זאָגט מען, פאַרמויערט צוזאַמען מיט איר מאַמען אין א נישע, וווּ זיי האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן. דאָס אַלץ איז געפאַלן אויף זײַן נאָך קינדערשן באַוווּסטזײַן ווי עפּעס א שוואַרצע כמאַרע. א געוויינלעכער אַלעפבייס, אפילע ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אן אומוואַלגער פון סוידעספולע צייכנס. טאַכלעס סינע האָט ער פײַנט באַקומען דעם אָס „פ״ — פאַשיזם, די פאַרקערפּערונג פון דעם גאַנצן שלעכטס אויף דער ערד. דו ביסט א געוואַגטע פרוי, קוויטאָסלאַווא. פאַרטיידיקנדיק דײַן ערע, האָסטו דערשאָסן כאָטש איינעם פון די טײַוולאָנים...

די מוזיק באַרויִקט זיך א קאַפּעלע. צווישן די קלאַנגען דערהערט זיך א לײַכטע הוסטעניש. ארסען האָט האַסטיק א קער געטאָן דעם קאָפּ און דערזען א גראָווע לײַטזעליקײַט, וואָס איז שטיל געזעסן אינעם פאָטעל. זעט אויס, דער זיידע איז צוריקגעקומען, פאַרלאָזט דעם מאַלצײַט. געקומען אן איבערגעטאָגענער אין א שוואַרצן גאַרניטער, וואָס האָט פײַן אונטערגעשטראָכן די שפּיטאָל־בלייכקײַט פון זײַן געזיכט און די גרויקײַט פון די האָר און אויגן.

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש איז געזעסן אין דעם פאָטעל א ביסל צוגעקנייטשט, נאָר פײַערלעך, און, אײַנהאַלטנדיק דאָס הוסטן, האָט ער זיך צוגעהערט צו זײַן אייניקס מוזיקאַלער הישטאַפּכעס־האַנעפעש, וועלכע דער זיידע האָט מיסטאָמע ניט פאַרשטאַנען, אָבער סײַווי איבערגעלעבט. דער זיידע האָט מוירע געהאַט בלײַבן אליין. האָט ער זיך געדרייט צווישן מענטשן און געקלערט אינדערהויך. און אויב איצט האָט ער פאַרלאָזט אן אוילעם און זיך אָפּגעזונדערט מיטן אייניקל, הייסט עס, אז עפּעס שווערס דריקט אויף זײַן האַרצן. אין אזעלכע פאַלן פלעגט ער נעמען זיך עפּעס טאָן, קעדיי פאַרטרײַבן די מאָרעשכוירע. איצט זיצט ער אומבאַוועגלעך אין דעם פאָטעל און הוידעט זיך צוזאַמען מיט אים אויף די כוואַליעס פון מוזיק.

נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל: וואסיע דודאר. זײַן לעבן און זײַן טויט. אין א סאַמע דערווײַטערטן הינטערגעסל פון זײַן מויעד: דער טויט פונעם איידעם אַלס א רעפּעטיציע פון זײַן אייגענעם. בליצשנעל האָט ער אָפּגעשטויסן דעם דאָזיקן נאַרישן געדאַנק. נו, וואָס ווילסטו, אַלטער שקראַב? האָסט דײַנס אָפּגעלעבט? איז האַדיע! און ביפראַט נאָך אויף דרײַ צענדליק יאָר מערער פון וואסיען. און אויף א גאַנצן צענדליק יאָר מער פון דײַן פלוינעסטע. איז גענוג. גיב איבער דײַנע „געשעפטן״ שאַ־שטיל, אָן איבעריקער דראַמאַטישקײַט.

וואָס הייסט אָבער „איבערגעבן די געשעפטן״, וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש? ווען איך אײַך העלפן זיך דערמאָנען. ווען איר זײַט אוועקגעגאַנגען אויף פּענסיע, האָט איר איבערגעגעבן, און איינער, א יינגערער פון אײַך, האָט איבערגענומען. און איצט? לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז אויך איצט וואָלט איר געוואָלט איבערגעבן די איניאָנים אײַערע, די איניאָנים פון לעבן, איז ווער וועט זיי איבערנעמען, ווער? אין דעם באַשטייט דאָך די גאַנצע מעניִע!

כ׳האָב זייער געוואָלט, אז וואסיע זאָל איבערנעמען. ניט רעגינע, נאָר וואסילי נעמט און שטאַרבט פריִער פון מיר.

איז וואָס וועלן מיר איצטער טאָן?

— זיידעניו, כ׳וועל דיך אָפּפירן אין שפּיטאָל.

— איך דאַרף מיט דיר א שמועס טאָן, — האָט געענטפערט וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש. — רײַס זיך אָפּ פון דער פּיאַנע.

ארסען האָט זיך א קער געטאָן צום זיידן צוזאַמען מיטן טאַבורעט. די דעק פונעם קלאַוויר האָט ער געלאָזט אָפן.

— צי האָסטו ניט... צי האָסטו ניט באַמערקט עפּעס... עפּעס באַזונדערס באַם טאַטן פאַר דער לעצטער צײַט? כ׳פרעג, ווײַל איך בין געלעגן אין שפּיטאָל און אים ניט געזען.

— ניין, ניט באַמערקט.

— צי האָט ער זיך ניט פאַרקלאָגט אַף עפּעס?
— ניין... ס'הייסט, יאָ. אַף דעם האַרץ.
דער זיידע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. טיף פאַרקלערט זיך, ווי אַנדערמעלט געוואָרן. פון צווישן די שיטער געוואָרענע גראָווע הערעלעך האָט אַרויסגעגלאַנצט אַ ראָזעווע פּליכעלע. ווען דער זיידע פלעגט זיצן גלייך, האָט מען דאָס ניט געזען. אַ געפיל פון ראַכמאָנעס האָט פאַרקלעמט אַרסענס האַרץ. איצט ניט אַף דעם שטיף־פאָטער, נאָר אַפן זיידן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די דעק פון דער קלאַוויאַטור.
— זאָג, זיידעניו, כ'הער דיך.
דער זיידע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געגעבן אַפן אייניק.
— וואָס זאָל איך זאָגן?
— וואָס דו ווילסט.
— נו, און די מאַמע? צי האָט זי זיך ניט געקריגט מיט אים די לעצטע צייט?
— דאַכט זיך, ניין.
— עפּשער אַף דער אַרבעט עפּעס?
אַרסען האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען.
— כ'ווייס ניט. אָבער כ'מיין, אַז ניט.
דער זיידע האָט הויך אַ הייב געטאָן זיינע גראָווע ברעמען. דער שטערן האָט זיך פאַרקנייטשט.
— איז פאַרוואָס פלוצעם...
אַרסען האָט אָבער שוין ניט געהערט. אים האָט געפּייניקט אַן אַנדערער „פאַרוואָס?". פאַרוואָס האָט מען ניט אופגעשטעלט אַ דענקמאָל די דודאַרס, דעם טאַטן און דער מאַמען אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט, אַף מיצקעוויטש־פּלאַץ, אָדער אַף שעווטשענקאָ־פּראָספּעקט? פאַרוואָס?..
דער פאַריאָסעמטער וואַסיע דודאַר איז דעמלט אַלט געווען זעקס יאָר.
די פראַגע, וואָס האָט געמוטשעט דעם זיידן, איז געווען אַ גאַנץ לאָגישע. וואָס איז שייך אַרסענען, האָט ער ניט געבלישטשעט מיט אַ שטרענג אויסגעהאַלטענער לאָגיק. פאַרקערט, זי פלעגט זיך מאָרדעווען, ווי די שטורמישע מוזיק־וועלן.
מוזן מיר אַליין אַ פּרווו טאָן געבן אַן ענטפער אַף וולאַדימיר באַגדאַנאָוויטשעס פראַגע, עפּשער וועט ער זיך דעמלט באַרויקן. ווען אַ דאָקטער קומט צו אַ קראַנקן און שטעלט אַ געניויע דיאַגנאָז, רופט פינקטלעך אָן דעם נאָמען פון דער קרענק: גריפּ, בראָנכיט, פּלעווריט, פּנעוומאָניע, און זאָל אַפילע זיין: סטענאָקאַרדיע, אישעמיע, מאָגן־געשוויר (אַבי ניט קאַנצער, אַבי ניט ראַק!), ווערט דעם קראַנקן גלייך לייכטער אַפן האַרצן.
אויב אַזוי, מוזן מיר מעכייע־מייסים זיין וואַסיע דודאַרן, קעדיי אַ קוק טאָן, וואָס ער האָט געטאָן, וואָס האָט ער געקלערט און וויאַזוי ער האָט זיך אופגעפירט, זאָל כאָטש זיין אין די לעצטע יאָרן און עפּשער אַפילע אין די לעצטע כאָדאָשים פון זיין לעבן.

## 5

עס האַלט שוין קימאַט בא האַלב ווינטער, און קיין ווינטער איז ניטאָ. אין לוואָוו טרעפט אַזוינס אָפט. דער ווינטער באַהאַלט זיך ערגעץ הינטער דעם הויכן שלאָס, די קינדערלעך רופן אָוף צו אים: „ווען זשע וועלן מיר זיך שוין אַ שליטל טאָן אַף אַ שליטעלע? אָט קומט שוין אָן דאָס ניי־יאָר, און דו פאַרזאַמסט זיך אַזוי..." דער ווינטער האַלט זיך נאָר אין איין רייצן: טוט פויל אַ וואָרף אַ ביסל שניי, פאַשעט אַף כוויזעק, וואַרט צו אַ ביסל, ביז דער שניי וועט זיך צעשמעלצן, און וואָרפט אונטער נאָך אַ פּאָר זשמעניעס.
געוויינלעך, צו יענער צייט שייַנען שוין אַראָפּ פון אַלע קאָרידאָר־טירן פון דער אַלטער שטוב ווייסע פּאַפּירלעך מיט האַרצריי־סנדיקע אופרופן: „פאַרמאַכט די טירן!!! די וואַסער ווערט פאַרפרוירן!!!" און איצט — גאָרניט. און טאַקע: וויאַזוי קאָן דאָס וואַסער פאַרפרוירן ווערן, אויב ס'איז ניטאָ אַפילע קיין זייכער פון אַ פראָסט, און באַם אַריינגאַנג אין פּאַרק, וועלכן עלטערע מענטשן רופן „קאָסטיוש־קאָ־פּאַרק" און ייִנגערע — „איוואַן פראַנקאָ־פּאַרק", איז די ערד ניט ווייס ווי שניי, נאָר גרוי ווי אַ קוואַטש. אַף די הוילע ביימער, אַף די סאַמע שפּיצן פון די אָנטבלעטערטע צווייגן וואַרעמען זיך קראָען אַנטקעגן דער זון, ווי פרילינגצייט. אַלע באַהויפּטן, אַז דער אַטאָם־פיבער און קאָלאָרליי סאַטעליטן האָבן פאַרוואַכט אַזאַ איבערקערעניש אין דער נאַטור. אויב דער מענטש האָט באַקומען, אַזוי צו

זאָגן, אזא מאכט איבער דער נאטור, אז ער קאָן פארוואנדלען א ווינטער אין א ווּעסנע, איז שוין עק וועלט!

אָט אזעלכע לעכערלעכע קלערענישן האָבן אופגעשוועבט אין וואסילי דודארס קאָפּ, ווען ער האָט איינמאָל זיך אומגעקערט צופוס פון דער ארבעט אהיים, און אין זײַנע הענט איז נישט געווען ניט קיין פּאַרטפעל, ניט קיין פּאפּקע, ניט אפילע קיין צונויפגעוויקלטע צײַטונג. נאָך וואָס דארף מען זיי? בעסער איז, ווען די הענט זײַנען פרײַ. אויב ארומטראָגן זיך גאנצענע טעג מיט א פּאַרטפעל, הייבט זיך אונטער די רעכטע פּלייצע און דער רוקן נעמט זיך אויסקרימען. אין אייניקע פאלן איז ער נייטיק, דער פּאַרטפעל. אשטייגער, ווען מע גייט אין בוי־באנק מיט א גאנצער קופּע פּראָיעקט־ און סמעטע־דאָקומענטן. וואָס זשע טוט אונדזער וואסיע? ער וויקלט אײַן די דאָזיקע דאָקומענטאציע אין א צײַטונג — ואזוי איז גרינגער פאַר דער האנט און זעט אויס ווינציקער ביוראָקראטיש.

אָבער דאָ כאפּט זיך וואסילי מיראָנאָוויטש, אז ער קלערט ספּעציעל וועגן נארישקײַטן, קעדיי פארקלאָפּן דעם קאָפּ און פארמיסטיקן דעם זיקאָרן. דאָס געלינגט אים איבערהויפּט, ווען ער געפינט זיך צווישן מענטשן, קאָן ער מיט עמעצן א שמועס טאָן. האָט ער פארקערעוועט צום מארק. כאָטש עס איז שוין שפּעטלעך, וועט ער פונדעסטוועגן א פּרווו טאָן קויפן עפּעס א יאָלקעלע. מיט א פּאָר טעג שפּעטער וועסטו דאָס ניט קריגן פאר קיין שום געלט. אָבער נאָך וואָס דארפסטו א יאָלקע? האָסט דאָך ניט קיין קליינע קינדער. מע טאָר אָבער ניט ברעכן די טראדיציע. כוץ דעם — א סיורפּריז. פאר וועמען? פאר ארסענען. די יאָלקע איז שוין סײַווי אויסגעהאקט. און אויב ער, וואסילי, וועט זי ניט קויפן, וועט עמעצער אנדערש דאָס אָפּטאָן...

און קעדיי אופהערן צו קלערן, האָט ער זיך א לאָז געטאָן מיטן גלײַכן וועג צו דער סאמע גע־דיכטעניש פון דער מארק־הורבע. פּלוצעם בלײַבט ער שטיין, א פארפלייצטער מיט א נעפּלדיקן פּאַר־געפיל פון עפּעס פריידיקס.

צווערשט האָט ער דערזען א יאָלקע, און ערשט נאָכדעם — א פרוי. און די פרוי איז געווען קליין, ווי א מיידעלע.

וואסיע איז צוגעקומען און געפרעגט:

— וויאזוי זשע וועט איר דאָס דערטראָגן?

די פרוי האָט געענטפערט, לאכנדיק:

— כ׳ווייס אליין ניט.

— נאָך וואָס דארפט איר אזא גוואלדאָווגע יאָלקע? — פרעגט וואסיע.

— ס׳איז ניט פאר מיר.

— פאר וועמען דען?

— פאר מײַנע קינדערלעך.

— איר האָט א סאך קינדערלעך?

— יאָ. א סאך. זייער א סאך.

— פונדעסטוועגן וויפל? אויב ס׳איז ניט קיין סאָד.

— ניין, ס׳איז ניט קיין סאָד. דרײַסיק.

— אַ־האָ! — האָט וואסילי אויסגעשריגן מיט א קלוימערשטער שטוינונג. סאמע דעמלט האָט ער איר אין די געדאנקען א נאָמען געגעבן — די קליינע לערערקע.

ער האָט אָנגעשטרענגט א קוק געגעבן אף איר.

— איר זײַט זייער ענלעך אף רוט.

— און ווער איז רוט? — פרעגט די קליינע לערערקע, אלץ שמייכלענדיק.

— ס׳איז א מיידעלע פון מײַן קינדהײַט...

און צוגעגעבן, כאפּנדיק שפּעט אף צוריק:

— זי איז געווען ניט שיין, אָבער...

— אָ! אויב אזוי, דארף איך טאקע ווירקלעך זײַן ענלעך אף איר, כאָטש כ׳בין, מיסטאָם, עט־לעכע מאָל עלטער.

— איר האָט זיך באליידיקט?

— ווער באליידיקט זיך דען פאר אָן עמעס?

זי האָט געהאלטן די יאָלקע מיטביידע הענט, אירע אויגן האָבן ארויסגעגלאנצט דורך די גרי־נע נאָדלען.

— סײַדן נאראָנים.

ער האָט שווײַגנדיק גענומען די יאָלקע, איצט האָבן זי געהאלטן פיר הענט.

— ווו ווינט איר? ווײַט?

די קליינע לערערקע האָט א זיפץ געטאָן:

— ווײַט.

— איבעריקנס איז דאָס ניט וויכטיק. איר דאַרפט אוודאי צושטעלן די דאָזיקע שיינהייט אין שול?

— ניין, אַהיים. נאָר מע קאָן דאָס צופירן מיטן טראַמוויי.

— ע־הע! אַזאַ בוים וועט ניט אַרײַנקריכן אין וואַגאָן. און ביפראַט איצטער וועט אומעגלעך זײַן אים אַרײַנשטופּן. לאָמיר עפּשער זיך לאָזן גיין צופוס?

ער האָט אַרופגעוואָרפן דאָס ביימל אויף דער פּלייצע. זי האָט דערווידערט:

— אַ גרויסן דאַנק אײַך. אָבער ס'איז דאָך אַזוי ווײַט! איר וועט דאָס ניט דערטראָגן.

— און איר וואָלט דערטראָגן?

די פרוי האָט זיך צעלאַכט. „אַ ליבלעכער געלעכטער איז בײַ איר", — האָט וואַסילי אַ טראַכט געטאָן.

— אויף וועמען זשע האָט איר זיך פאַרלאָזט, קויפנדיק אַזאַ ריז?

זי האָט געשפּאַנט אַ קאַפּעלע פאָרויס, ווײַזנדיק דעם וועג.

— אויף ווילע מענטשן. אויף אײַך.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אומגעקערט זיך, געכאַפּט זײַן בליק פון צווישן די גרינע שטעכל־קעס — זײַן בליק אָבער איז לאַכלוטן ניט געווען קיין שטעכיקער. פאַרקערט, אַ באַשמייכלטער איז ער געווען.

— איר זאָלט אָבער ניט מיינען, אַז כ'בין אַזאַ געוויסנלאָזע. מיר וועלן דאָס טראָגן לויט דער ריי.

פרעגט ער, און זײַן שטים לאָזט זיך הערן, ווי פון עפּעס אַ וואַלד־געדיכטעניש:

— הייסט עס, אַז אײַערע קינדער וועלן קומען צו אײַך אויף דעם נײַ־יאָר?

— יאָ. בײַ אונדז פירט זיך אַזוי.

— איר האָט אַ גאַנץ גרויסע דירע?

— ניין. אַ קליינע. אָבער מיר אָרדענען זיך אײַן ווי־ס'ניט־איז.

נאָכדעם זאָגט זי:

— איצט איז מײַן ריי.

וואַסילי האָט לעכערלעך אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— אויב אַזוי, לאָמיר דאָס טראָגן אינצווייען.

— ס'וועט זײַן ניט באַקוועם. דאָ איז אַ גרויסער אוילעם. עפּשער דערנאָך, ווען מיר וועלן זיך אַרויסרײַסן פונעם מאַרק.

דאָ איז קיין סימען פון שניי ניט געווען. טויזנטער פּאָר פיס האָבן פאַרוואַנדלט אים אין אַ טשוואַקענדיקער בלאָטע. וואַסיע האָט ניט געקאָנט אָפּזוכן אַ מער טרוקענע סטעזשקע, ווײַל זײַנע אויגן זײַנען געווען פאַרשטעלט, און די קליינע לערעקע, אַנשטאָט צו גיין פאָרויס און ווײַזן אים דעם וועג, האָט אַרומגעשמײַעט אַרום אים און אַלץ אײַנגעטײַנעט:

— איצטער איז מײַן ריי! מײַן ריי!

וואַסיען כאַפּט אָן אַ געלעכטער, ווי נאָר ער פּרווט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי די קלייניטשקע פרוי וועט זיך נעמען טראָגן אַזאַ בוים. צעלאַכט ער זיך, און גרינע שטעכלקעס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַרום אים.

— וואָס איז מיט אײַך? — פרעגט זי דערשראָקן.

— וואָס האָט אײַך דערשראָקן? דער געלעכטער?

— מע לאַכט מיך אויס צו אָפּט.

— מע לאַכט מיך אויך אויס.

זײַן פוס האָט געטראָפן אין עפּעס אַ קאַליוזשע, און טײַקעף האָט ער דערפילט אַ קעלט פון דער פליסיקער בלאָטע, וואָס איז אַרײַנגערונען אין שוך. די פרוי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן עלנבויגן.

— מיר איז שטאַרק פאַרדראָסיק...

שלאָגט ער זי איבער:

— נישקאָשע. אַלץ איז אין אָרדענונג. נאָר אויב איר ווילט מיר ווירקלעך העלפן, איז כאַפּט מיך ניט פאַר די הענט. גייט פאָרויס, און איך וועל שפּאַנען נאָך אײַך פוסטריט.

זי האָט זיך ראַשיק אָפּגעשטעלט.

— גיט מיר די יאָלקע. אַ גוטן אײַך און אַ דאַנק. כ'וועל שוין אַליין געבן זיך אַן אייצע.

— וואָס איז מיט אײַך? — פרעגט ער פאַרכידעשט. — שוין זשע האָט איר זיך באַליידיקט?

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די יאָלקע אויף דער ערד, אונטערהאַלטנדיק זי מיט איין האַנט, און מיט דער צווייטער האָט ער צורעכט געמאַכט דאָס פאַרקנייטשטע היטל, וואָס איז נאַס געוואָרן פון דעם שניי.

— אָט, זעט איר, מײַן היטל איז ניט עלעגאַנטער פון אײַערס.

זי האָט אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— גאָט מײַנער! וואָס פאַר אַ לעץ איר זײַט!

— און איך באַליידיק זיך ניט אױף אײַך.

די קלײנע לערערקע האָט אויסגערופן אנציקט:

— עס טרעפן זיך מענטשן, וואָס זייערע פּנימער רופן גלײַך ארויס א געוויסע סימפּאטיע.

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט אומגעשיקט זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אפן אנדערן.

— איר ווייסט כאָטש, וואָס פּלוצעם האָב איך זיך צעלאַכט?

— אַוואַדע ווייס איך.

— ניין, איר ווייסט ניט.

— פאַרוואָס?

— כ׳האָב א קלער געטאָן, אז איר האָט געפּאַטערט א דריטל פון אײַער געהאַלט אױף דער דאַזיקער יאַלקע. עפּשער ניט אזוי? יאַלקעס זײַנען דאָך איצט זייער טײַער.

— וואָס זשע איז דאָ לעכערלעכס?

— כוץ דעם, האָב איך נאָך א טראַכט געטאָן, אז די איבעריקע צוויי דריטלעך וועט איר פּאַטערן אױף מאַטאַנעס פאַר די קינדער. איר וועט דאָך ניט אופנעמען זיי מיט ליידיקע הענט.

— אַוואַדע ניט.

— איז וויפל וועט בא אײַך פאַרבלײַבן פון דעם געהאַלט?

— נול.

און זיי צעלאַכן זיך ביידע.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אראָפּגעלאָזט די יאַלקע אױף דער ערד.

— איר זײַט מיד געוואָרן? כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט...

— ניין, כ׳בין ניט מיד. כ׳וויל פּאַשעט באַטראַכטן אײַך בעסער, איידער עס וועט ווערן פינצטער.

— נאָך וואָס דאַרפט איר מיך באַטראַכטן?

— כ׳האָב דאָך שוין אײַך געזאָגט. איר זײַט זייער ענלעך אױף א מיידעלע פון מײַן קינדהייט, וואָס הייסט רוט.

— כ׳געדענק. זי איז געווען א מיִעסע...

— ניין, ניט קיין מיִעסע, פּאַשעט, ניט זייער קיין שיינע. און דערצו נאָך אן אומגליקלעכע...

ער איז אנשוויגן געוואָרן, און ווידער גענומען עפּעס ריידן, פאַרהיקענדיק זיך.

— ...און אָט אַצ־צינד... אצינד מאַלט זיך מיר... אז זי איז ניט אומגעקומען. עפּעס א נס איז געשען, און זי האָט זיך געראַטעוועט, און איצט שטייט זי פאַר מײַנע אויגן א לעבעדיקע און א לאַכנדיקע...

זי האָט אפּגיך אויסגערעדט:

— זייער גוט, זייער גוט. נאָר אָט וואָס, — האָט זי אָנגעהויבן פּאַמעלעך, קלערנדיק, וואָס זי דאַרף זאָגן, — אָט אזאַ מעשונעדיקע פראַגע... ווען איך וואָלט ניט געווען ענלעך אױף אײַער רוט, וואָלט איר, מיסטאַם, ניט געהאָלפן מיר אַפּצוטראָגן די יאַלקע אהיים?

— ניין. סײַווי וואָלט איך געהאָלפן. דאָס האָט ניט קיין שײַכעס... איבעריקנס, וואָלט איך עפּשער פּאַשעט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

ער האָט ווידער ארופגעוואָרפן די יאַלקע אױף דער פּלייצע און, אן ארומגערינגלטער מיט א גרינעם שאָטן, האָט ער זיך געלאָזט גיין ווײַטער, נישט זעענדיק ניט די ערד, ניט די קלײנע לערערקע. מ׳האָט אים געשטופּט פון אַלע זײַטן, פּויערטעס מיט גרויסע בינטלעך אױף די רוקנס, שטובּ־באַלעבאָסטעס מיט פולע קוישן און אייניקע — אויך מיט יאַלקעס. וואסיע באַליידיקט זיך ניט. ער ווייסט, אז אַלע גרייטן זיך צום יאָמטעוו. „דער זין פון א יאָמטעוו באשטייט, דאכט זיך, אין א זייער זעלטענעם געפיל פון א פולקומער זאָרגלאָזיקײַט”, — האָט וואסילי א קלער געטאָן און צעזונגען זיך. די קלײנע פרוי האָט מיט כידעש זיך אומגעקוקט, און ער איז שיר ניט אָנגעפלויגן אױף איר מיט דער יאַלקע.

— אנטשולדיקט, ביטע, — האָט ער דורכגעמורמלט, אָבער אזוי שטיל, אז ער האָט אַליין ניט דערהערט זײַן שטים.

— וווּנדערבאַר! — האָט אויסגערופן די פרוי, און וואסילי האָט אין זיך אָפּגעמערקט די נײַ־גונג פון דער קלײנער לערערקע צו עקזאַלטירטקײַט. — כ׳וועל אומבאַדינגט דערציילן מײַנע קינ־דערלעך א מײַסעלע וועגן א זינגענדיקער יאַלקע. אײַך זעט מען דאָך ניט, באַקומט זיך, אז אַליין די יאַלקע זינגט. זי טראָגט זיך אַליין און זינגט...

וואסילי האָט אין עפּעס זיך דערמאָנט און זי א בעט געטאָן:

— ווי נאָר עס וועט זיך באַווײַזן א טעלעפאָן־אויטאָמאַט, זאָלט איר מיר זאָגן, כ׳דאַרף אָנקלינ־גען.

אױף יעדן וואסיליס טראָט האָט די פרוי געמוזט מאַכן צוויי. איר בלייכלעך פּאָנעם האָט זיך עטוואָס פאַרויטלט.

— אָט איז ער, דער טעלעפאָן, — האָט זי א דערפרייטע אויסגערופן.

— האַלט א רעגעלע די יאָלקע, און איך וועל א לויף טאָן צו אים.

— לויפט ניט, אײַלט זיך ניט, — האָט זי אים נאָכגעשריגן.

אומדערוואַרט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אומגעקערט צוריק.

— גוט. כ'וועל נאָך באַווײַזן אָנצוקלינגען. מיר וועלן אָנטרעפן נאָך ניט אויף איין טעלעפאָן.

געזאָגט און אַרײַנגעשטעקט דאָס פּאָנעם צווישן די גרינע נאָדלען.

— זעט אויס, אַז עס הייבט אָן פאַלן אָן עכט שנייעלע, — האָט וואסילי א פרווו געטאָן פאַרפירן אָן אוניווערסאַלן געשפּרעך וועגן וועטער.

אָבער זי האָט א פרעג געטאָן:

— וועמען האָט איר געוואָלט אָנקלינגען? דער פרוי?

— כ'האָב פּאָשעט געוואָלט געבן צו וויסן, אַז כ'וועל זיך פאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט.

— נאָר דאָס האָב איך אײַך פאַרהאַלטן, און ניט די אַרבעט.

וואסילי האָט א שמייכל געטאָן. די קליינע לערערקע האָט געקאָנט דערזען זײַן שמייכל דורך די שטעכלקעס, נאָר זי האָט זיך אָנגעשטויסן לויט דער קלינגעניש פון זײַן שטים.

— מיר האָבן געשלאָסן אַזאַ אָפּמאַך.

— וואָס פאַר אַן אָפּמאַך? — האָט זי געפרעגט פאַרוווּנדערט.

— נאַרן אײנער דעם צווייטן.

די פרוי האָט אויפגעהויבן אירע פאַרשנייטע ברעמען.

— וואָס הייסט נאַרן? איר שפּאַסט, פאַרשטייט זיך.

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט געענטפערט רויִק, נאָר די דאָזיקע רויִקייט האָט זיך איר אויסגעוויזן אומנאַטירלעך. פּאָשעט, אָט דער מאַנצבל האָט אָן אײַזערנע אויסגעהאַלטנקייט.

— ניין, ערנסט. נאָר ס'איז ניט קיין ריינע נאַרערײַ...

— אָפּנאַרערײַ איז אָפּנאַרערײַ, — האָט אַנטשלאָסן און אפילו צאַרנדיק אויסגערופן די קליינע לערערקע, און זי איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין וואסיליס אויגן, געוואָרן אויס קליינע.

— איר פאַרשטייט... — הייבט ער אָן פאַרזיכטיק, — לויט מײַן ווײַבס האַרטער מאָס איז אומאָנשטענדיקייט ערגער פון אומגעטרײַשאַפט...

— איך שטעל זיך ניט פאָר, ווי קאָן מען רעדן אַזוי קאַלטבלוטיק וועגן אַזעלכע זאַכן!

— געוווינהייט, — האָט ער געענטפערט, און זי האָט ווידער דאָס אויפגענומען ווי א שפּאַס. דערנאָך אָבער האָט ער דאָס אויסגעטײַטשט מערער ערנסט.

— און עפּשער איז טאַקע אַזוי באַקוועמער...

און זיך צערעדט.

— נו, גוט. אָט וואָלט איך אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בײַדל פונעם טעלעפאָן־אויטאָמאַט. כ'וואָלט זאָרגפול צוגעמאַכט דאָס טירל, קיינער זאָל מיך, כאָלילע, ניט אונטערהערן. מיט א לײַכט הוסטעניש וואָלט איך דורכגערייניקט מײַן גאָרגל, קעדיי מײַן שטים זאָל זיך ניט אויסווײַזן פאַרדעכטיק. טיף אין האַרצן וואָלט איך אויסגעדאַ געבעטן גאָט, אַז דאָס טרײַבל זאָל נעמען אַרסען (ווער איז אַרסען? דאָס איז מײַן זון, ריכטיקער — שטיפזון, אָבער ער איז מיר טײַערער פון א לײַבלעכן), אָדער וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש (ווער איז וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש? מײַן שווער. אַן אַלטיטשקער, וואָס טומלט צופיל, אָבער א יוישערדיקער). נאָר ווי עס טרעפט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, ווען דער גורל וואַרפט אומבאַדינגט אויס א פאַרטעל, וועט דאָס טרײַבל נעמען רעגינע וולאַדימיראָוונא (ווער איז רעגינע וולאַדימיראָוונא? ס'איז מײַן ווײַב).

נעמט זי דאָס טרײַבל, און איך דערצייל איר גאַנץ אויפריכטיק, אָן נאַרערײַ, הייסט עס, עפּעס א מײַסע וועגן דעם, אַז איך האָב באַגעגנט א קליינע פרוי, וואָס טראָגט א גרויסע יאָלקע, האָב איך באַקומען ראַכמאָנעס אויף איר און כ'האָב באַשלאָסן העלפן איר און אָפּטראָגן די יאָלקע צו איר אַהיים, וועל איך זיך דעריבער פאַרהאַלטן און כ'וועל קומען אַהיים א ביסל שפּעטלעך... ווײַל זי וווינט אין עק שטאָט, און מיט א טראַמוויי אָדער טראָליבוס...

פּלוצעם דערהער איך אין טרײַבל א געלעכטער.

— האָסט ניט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס קליגערס?

און איך בין פולקום מאַסקים מיט איר. אויסגעטראַכט א נאַריש מײַסעלע אָנשטאָט א וואָרף טאָן איר אין טרײַבל עטלעכע זאַכלעכע און וואָגיקע ווערטער.

— רעגינע, כ'וועל זיך הײַנט פאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט. כ'מוז דרינגענד מאַכן אייניקע ערגסטע קאָרעקטיוון אין דעם פּראָיעקט פון קאַפּיטאַלער בויונג. פון דעם הענגט אָפּ דער גורל פון אונדזער לעבן.

שמייכלענדיק, האָט די קליינע לערערקע איבערגעכאַזערט:

— דער גורל פֿון אונדזער לעבן!..

וואַסילי מיראָנאָוויטש איז געווען אַ סאך העכער פֿון איר, ברייטפּלייציקער. איצט אָבער איז ער געשטאַנען אַקעגן איר אויסגעצויגן, ווי אַ פֿאַרזינדיקטער שילער.

— אַנטשולדיקט. „דער גורל פֿון אונדזער לעבן" טויג ניט. קודעמקאָל איבער דעם, וואָס דאָס קלינגט ניט זאַכלעך. דערפֿאַר אָבער אַזעלכע אויסדרוקן ווי „דרינגענד", „ערנסטע קאָרעקטיוון", דאָס וועט געוויס ווירקן, און רעגירונג וועט אָנהייבן גלייבן, אַז דאָס איז ווירקלעך אַ ליגן...

דער קלײנער לערערקע איז געווען צום האַרצן, ווי דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער מענטש עפּנט פֿאַר איר זײַן האַרץ, זי האָט בלויז מוירע געהאַט: פּלוצעם וועט ער זיך צעלאַכן און וועט זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַן אומשולדיקע מיסטיפֿיקאַציע.

איז וואָס?

זי וועט אים אָפּצאָלן מיט דעם זעלבן. וויאַזוי? פּאָשעט — אונטערהאַלטן דעם געשפּרעך אויף אַף אַזאַ ניוואָ. פֿרעגט זי:

— און אויב אײַער פֿרוי וועט אָנקלינגען אין אײַער קאָנטאָר, קעדיי דערוויסן זיך, צי איר זײַט נאָך ווירקלעך אַף דער אַרבעט?..

— זי וועט ניט קלינגען מיר אַף דער אַרבעט. ערשטנס — גײַוועט. כוץ דעם, וואָלט דאָס ווי־דערשפּרעכט אונדזער שווײַגנדיקן אָפּמאַך.

## 6

קלעטערנדיק מיט די טרעפּ אַפֿן דריטן שטאָק, האָט וואַסילי דערפֿילט אַ מידקײַט, און דאָס האָט אים דערפֿרייט, ווײַל שוין לאַנג האָט ער אַזוינס ניט געפֿילט.

די קלײנע לערערקע איז געגאַנגען פֿאָרויס, און אַלץ געקלערט, וויאַזוי און מיט וואָס וועט זי אים מעכאַבעד זײַן.

דער צימער איז געווען ניט קיין גרויסער, נאָר אויסגעזען האָט ער גאַנץ געראַם איבער דעם, וואָס מעבל איז געווען ווייניק. נאָר ווען מ׳האָט קוים דורכגעשטופּט די אײַנשפּאַרנדיקע יאָלקע דורך דער טיר, איז דער צימער גלײַך געוואָרן פֿול און ענג. וואַסילי האָט אײַנגעאָרדנט די יאָלקע אין אײנעם פֿון די ווינקלען און געקליבן זיך אַוועקגיין. די קלײנע לערערקע איז פֿלינק פֿאַרלאָפֿן אים דעם וועג.

— כ׳וועל אײַך ניט אַרויסלאָזן! איך מוז אײַך מעכאַבעד זײַן.

וואַסילי האָט פֿאַרכידעשט געכאַפּט אַ קוק אַף דער קלײנער לערערקע, וואָס האָט אים פֿאַר־שטעלט דעם אַרויסגאַנג, גלײַך ער וואָלט זי געזען דאָס ערשטע מאָל. די פּאַלטאָ האָט זי שוין באַוויזן אויסצוטאָן, נאָר דאָס צעשויבערטע פֿון שניי און רעגן היטעלע האָט זיך נאָך געהאַלטן אַף איר קאָפּ. בלויז די פֿאַרדרייטע און נאַסע פּאַסמעס האָר, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט פֿון הינטערן היטעלע, האָבן צוגעגעבן איר געזיכט קינדערשן כיין. ער האָט געפֿרעגט:

— מיט וואָס זשע וועט איר מיך מעכאַבעד זײַן?

— מיינט ניט, אַז איך בין שוין אַזאַ קאַפּצנטע. איר ווייסט מיט וואָס? איר וועט קיינמאָל ניט טרעפֿן.

— מיט וואָ־אָס? — פֿרעגט ער קלוימערשט שטאַרק אַ פֿאַרינטריגירטער.

— נוסן־ליקער?

— נוסן־ליקער? אָ־האָ! און דערצו נאָך אַליין צוגעגרייט.

— שטעלט אײַך פֿאָר! זײַט זיך מוידע, איר האָט דאָך קיינמאָל ניט געטרונקען אַזאַ מאַשקע?

— ניין, קיינמאָל ניט. כ׳טרינק געוויינלעכן ווייצענעם בראַנפֿן.

— אָט זעט איר! כאָטש צוליב דעם מוזט איר זיך צוזעצן צום טיש.

דאָס טישל איז זייער אַ גרינגס, קאָן מען דאָס לײַכט אַריבערפּעקלען פֿון איין אָרט אַפֿן צווייטן. ווען עס האָט זיך באַוויזן אַפֿן טיש אַ פֿלעשל, האָט וואַסילי אויס נײַגער גענומען דאָס אין דער האַנט, באַטראַכטנדיק די כיינעוודיקע עטיקעטקע מיט אַן אומפֿאַרשטענדלעכער אויפֿשריפֿט, אָנגעשריבענער מיט לאַטײַנישע אויסיעס. נעמט ער זיך דאָס פֿאַרלייענען, ווי אַ קינד, אַ טראָף נאָך אַ טראָף, און די קלײנע לערערקע האָט גלײַך פֿאַריכט, אויב ער האָט דערלאָזט אַ טאָעס.

— ליגט נישט קיין אַכט ניט אַף דער פֿלאַש, ניט אַף דער עטיקעטקע, — רופֿט זי זיך אָן. — כ׳האָב פּאָשעט אויסגעניצט די דאָזיקע קיילע פֿאַר מײַן מאַשקע.

ער לאַכט, און איר געפעלט, וואָס ער לאַכט. האָט זי אָנגעהויבן צו באַמערקן, ווי בײַ אים בײַט זיך אָפּט די שטימונג. די סיבע האָט זי אָוודאי ניט געוווּסט. נאָר וואָס גייט עס איר אָן? אָט וועט ער אויסטרינקען דאָס גלעזל ליקער, פֿאַרבײַסן מיט אַ שטיקעלע קעז, נאָכדעם וועט ער זאָגן: „אַ גוטע נאַכט", און וועט אַוועקגיין.

לויט דער באַוועגונג פֿון זײַן האַנט, אין וועלכער עס איז געווען פֿאַרקוועטשט דער קעלישעק, האָט די קליינע לערערקע פֿאַרשטאַנען, אַז דער אומבאַקאַנטער האָט אופֿגעהערט זיך אײַלן, און קלײַבט זיך אויסרופֿן אַ טאָסט. זי האָט זיך צוגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער האַנט, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן, און צוגעגרייט זיך צו הערן.

— נאָך עטלעכע קורצע טעג און עס וועט קומען אַ נײַ יאָר, — האָט אָנגעהויבן וואַסילי מיראָנאָוויטש, און זײַן פֿעסטע האַנט האָט גרינג אַ ציטער געטאָן. — לאָמיר אים באַגעגענען הײַנט, פֿאַרן טערמין.

— עס מאַכט ניט אויס, וואָס פֿאַרן טערמין, — האָט די קליינע לערערקע אים דערמוטיקט, — לאָמיר דאָס פֿאַרעכענען אַלס אַן אַרויסבאַגלייטונג פֿון דעם אַלטן.

— דאָס אַלטע יאָר וועט זיך אָבער באַליידיקן.

— פֿאַרוואָס?

— וואָס מיר ווילן דאָס אַרויסמעשאַלייכן פֿאַר דער צײַט.

— זאָל עס זיך באַליידיקן. עס ווייסט, פֿאַרוואָס איך וויל פּטור ווערן פֿון דעם פֿאַר דער צײַט.

— פֿאַרוואָס?

די קליינע לערערקע שווײַגט אַן אָנגעבלאָזענע. איצט איז זי ענלעך ניט אויף אַ לערערן, נאָר גיכער אויף אַ שילערן, אויף אַן אָנגעדרודלטער שילערן.

— עס האָט אָפּגענאַרט אײַערע האָפֿענונגען?

— וואָס מיינט איר?

— וועמען מיינט איר?

די קליינע לערערקע האָט אַ צאַפּל געטאָן.

— איר קענט אים דען?

וואַסילי האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען. ברייט צעשמייכלט זיך.

— לאָמיר בעסער אויסטרינקען.

— זייער ריכטיק.

די פּרוּי האָט אַ קליינעם זופּ געטאָן, אויסגערופֿן ברויגעזלעך:

— אויב אַזוי, איז פֿאַרוואָס זשע טרינקט איר אַליין ניט? פּרוּווט נאָר אַ שמעק טאָן? נו, טרינקט שוין!

וואַסילי האָט אויסגעטרונקען.

— אַ זיסלעכע מאַשקע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ קאָמישער גרימאַסע.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— ס'איז אַ ווײַבערשער געטראַנק.

— נאָך וואָס דאַרפֿט איר אַ ווײַבערשן געטראַנק?

— וואָס הייסט נאָך וואָס? פֿאַר זיך.

— איר טרינקט דען?

— אַ־האָ! נאָך וויאַזוי!

ביידע האָבן זיך צעלאַכט. און ווען דער געלעכטער האָט זיך אויסגעדאַמפּט, האָט די קליינע לערערקע אויסגערעדט ווײַט ניט לוסטיק:

— ניין. איך טרינק ניט. אַזאַ פּלעשל סטײַעט מיר אויף אַ גאַנץ יאָר. סײַדן ווען מיר איז שוין צו אומעטיק, טרינק איך דאָס ווי... ווי האַרץ־טראָפּנס.

ער האָט זיך אופֿגעהויבן. זי אויך.

— נו, אָט. איצטער לאָז איך אײַך אָפּ.

פֿאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און פֿאַרשײַט אַ פֿרעג געטאָן:

— און איר האָט זיך מיסטאָם איבערגעשראָקן, טאָמער וועל איך נעמען דערציילן אײַך אַ קלאָגעדיקע געשיכטע, פֿאַרוואָס איז מיר אַזוי אומעטיק. געטראָפֿן?

שווײַגנדיק, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אופֿגעהויבן פֿונעם אָרט און געלאָזט זיך גיין, אָבער ניט צו דער טיר, נאָר צו דער וואַנט, אויף וועלכער ס'איז געהאַנגען אין אַ ראַמל אַ פּאַטאָ פֿון אַ מאַנצבל.

— ס'איז אײַער מאַן? — האָט וואַסילי געפֿרעגט.

— געוועזענער.

ער האָט עטלעכע מאָל מאַשינעל איבערגעכאַזערט: „געוועזענער... געוועזענער...", און נאָכדעם געזאָגט:

— זעט אויס, ניט אינגאַנצן א געוועזענער.

— וואָס הייסט — „ניט אינגאַנצן"?

— אַנדערש וואָלט איר אַראָפּגענומען דעם פּאָרטרעט פון דער וואַנט.

— איך נעם אים ניט אַראָפּ, קעדיי עס זאָל זיך ניט באַווייַזן אויף דער וואַנט א ווייַסער פלעק... א פּוסטעניש...

— איך האָב ניט געמיינט, אַז איר זייַט אַזאַ שטאָלצע.

— שטאָלצע? איך בין צו א קליינע אויף צו זייַן צו א שטאָלצע.

זי האָט אָפּגעווענדט איר בליק פון דעם פּאָרטרעט.

— כ'האָב אַליין געמיינט, אַז איך שטיי העכער פון דעם אַלעמען, אָבער געפירט האָב איך זיך ווי אַלע ווייַבער. שטעלט זיך פאָר, אַז איך האָב זיך אַפילע געווענדט צום פּאָרטקאָם...

וואַסילי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַנטקעגן דעם פּאָרטרעט. די פּיס — ברייט צעשפּרייט, דער קאָפּ — פאַריסן העכער ווי מע דאַרף, דער פּאָרטרעט איז געהאַנגען נידעריק, לויטן וווּקס פון דער קליינער לערערקע. מעגלעך, וואַסילי האָט געקוקט איבער דעם פּאָרטרעט.

— ס'איז ניט ענלעך אויף אייַך, — האָט ער געזאָגט, ניט אומקערנדיק זיך צו איר. — איר טראַכט אויס רעכילעס אויף זיך. אָדער איר לאַכט זיך אַליין אויס.



— ניין, ערנוואַרט, ס'איז עמעס. צי קאָן מען קלערן וועגן זעלבסטווירדע, ווען אַ סטאַליע וואַל־גערט זיך אַראָפּ אױף דיר... איינע אַ לערערן, מײַנע אַ באַווערטע, האָט מיך אַלץ אָנגערייצט, גלײַך ניט מײַן מאַן האָט מיך פאַרלאָזט, נאָר איר מאַן — זי. „איך גיב אײַך אַ ריכטיקע ריכטונג". יאָ־יאָ, טאַקע אַזוי האָט זי זיך אויסגעדריקט מיט צאַרנדיקע אויגן — „ריכטיקע ריכטונג". און ווײַטער — „אײַער מאַן איז אַ פּאַסקודניאַק!" און דאָ דערפיל איך, אַז מײַן שטאָלץ נעמט זיך שפּאַלטן. כ'וואָלט דאָך געדאַרפט ווערן אויפגעבראַכט: „ווי וואַגט איר אַזוי רעדן וועגן מײַן מאַן... מײַן געוועזענעם מאַן?" און איך — גאָרניט. געמאַכט אַ שווײַג. און זי האָט אויפגענומען מײַן שווײַגעניש ווי אַ סימען, אַז איך בין מאַסקים מיט איר, און האָט גענומען פּאַטשן מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעם פון מײַן מאַן. ערשט דעמאָלט בין איך אַ ביסל געקומען צו־זיך און זאָג איר:

— איר זענט מיך פּאַשעט מעקאַנע, וואָס מײַן מאַן האָט מיך אוועקגעוואָרפן ערשט ניט לאַנג, און אײַערער — אײַך, שוין פון לאַנג.

איר מיינט, אַז זי האָט זיך באַליידיקט אויף מיר? דאַפּקע ניט. זי האָט מיסטאָם געמיינט, אַז די פלייטע פון מײַן מאַן האָט מיך אַזוי גרויליק געפּלעפט, אַז כ'האָב זיך גערירט פון די געדאַנקען. זי האָט מיך אוועקגעזעצט אין דעם לערער־צימער, אַרײַנגערוקט מיר אין דער האַנט אַ בויגן פּאַפּיר, און באַפוילן: „שרײַבט!" און שפּאַנענדיק איבערן צימער, האָט זי גענומען דיקטירן מיר, הויך און דײַטלעך, קעדיי די בײַוועזנדע לערער זאָלן זען און הערן, וואָס פאַר אַ מיטפילנדיקער מענטש זי איז. און שטעלט אײַך פאָר: זי דיקטירט, און איך שרײַב. געהאָרכזאַם שרײַב איך, מיט אַ געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט און איך האַלט זיך אין איין מוסערן, וואָס איך האָב שיר ניט באַליידיקט אַזאַ ווילע פרוי. איז אָט... אײַך איז דאָס ניט אינטערעסאַנט?

וואַסילי שווײַגט. בלויז אין אַ צײַט אַרום רעדט ער קוים אַרויס.

— טשיקאַווע. אָבער מע דאַרף ניט דערציילן... מע דאַרף ניט...

די קליינינקע ווײַלינקע פרוי האָט זיך אָנגעברויגעזט.

— ניין. מע דאַרף. הערט מיך אויס! און איר זאָלט ניט דערוועגן אַ קלער טאָן, אַז איך דערצייל דאָס יעדן איינעם. קיינעם האָב איך דאָס ניט דערציילט. בלויז אײַך, אײַך, און דאָס האָט זיך אויך באַקומען ווי ניט אומיסטן.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בענקל. ער האָט דורכגעפּלאָפּלט:

— כ'האָב ניט געוואָלט פאַרשאַפן אײַך ליידן. מע דאַרף ניט יאַטערן די ווונד... נאָר אויב איר ווילט, איז ביטע, דערציילט. איך בין גרייט אויסהערן אײַך ביזן סאָף.

די קליינע לערערקע האָט געהאַט אַן אומגליקלעכן אויסזען. דאָס רעכטע אויג האָט זיך באַ איר געצוקט. זי האָט דאָס צוגעקוועטשט מיט דער דלאָניע, פאַרזעצנדיק קוקן מיט איין אויג אויף וואַסילין, וועלכער האָט זיך שיר ניט אָפּגעזאָגט אויסהערן איר ווידע. שוין זשע פאַרשטייט ניט זײַן האַרץ, וויבאַלד דאָס איז באַ אים אַזאַ גוטס, אַז איר וועט גרינגער ווערן, אויב זי וועט אויסרעדן איר האַרץ?

זי האָט זיך גענומען אין די הענט און געפרעגט זאַכלעך, ווי אויף אַ לימעד:

— איז ווו האַלטן מיר?

— זי האָט גערעדט, און איר האָט געשריבן. נו, ווי עפּעס אַ דיקטאַנט.

— ריכטיק, ווי אַ דיקטאַנט. אָבער מיט זייער אַ מעשונעדיקן טעקסט. „שרײַבט! — באַפעלט זי מיט אַ צו הערשערישן טאָן פאַר אַ דיקטאַנט: „דעם גענעראַל־דירעקטאָר פון דער פּראָדוציר־פאַריי־ניקונג „באַגינען", דעם כאַווער..."

זי האָט געכאַפּט אַ קוק איבער מײַן פּלייצע, דערזען די קאַטשערעס און לאַפּעטעס אויפן פּאַפּיר און אויפגערעגט אַ געשריי געטאָן:

— ווי־אַזוי שרײַבט איר! איר זײַט דאָך אַ לערערן, וואָס דאַרף לערנען די קינדער שרײַבן קאַ־ליגראַפיש.

ווען כ'האָב געשריבן, האָט באַ מיר די האַנט געציטערט, נאָר כ'האָב זיך ניט פאַרענטפערט פאַר איר. און באַ איר איז די אויפגעבראַכטקייט אַלץ געוואַקסן.

— שוין זשע פאַרשטייט איר ניט, אַז דאָס איז אײַך ניט אַבי־ווער, נאָר אַ גענעראַל־די־רעקטאָר?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אומדערוואַרט געפרעגט:

— נאָך וואָס האָט איר געדאַרפט אָט דאָס אַלץ?

די קליינע לערערקע האָט ווידער צוגעדריקט איר האַנט צום רעכטן אויג און, קוקנדיק אויף וואַסילין מיט איין אויג, געענטפערט:

— שטעלט אײַך פאָר, אַז כ'האָב אַליין פאַרגעבן איר די זעלבע פראַגע: „נאָך וואָס דאַרפט איר דאָס אַלץ?"

— וואָס זשע האָט זי אײַך געענטפערט?

זי איז מעסוקן בייז געוואָרן. „צוליב וואָס און צוליב וועמען פּאַטער איך אַזױפיל צײַט און אַזױפיל נערוון?" — האָט זי מיך געפרעגט מיט צאָרן. און צוגעגעבן: „איבעריקנס, טו איך דאָס ניט נאָר צוליב אײַך. צוליב מיר — אויך. און צוליב אַלע פרויען. און ביכלאַל... איך היט אָפּ די יעסוידעס פון אונדזער געזעלשאַפט".

— טאַקע אַזוי געזאָגט? די יעסוידעס...

— יאָ. סאַמע אַזוי. אַלע האָבן אָפּ מיר ראַכמאָנעס געהאַט. אַרומגערינגלט מיך מיט מיטגעפיל. און יענע לערערן לייענט זיי מאָראַל: מיטגעפיל — דאָס איז ווינציק. מענטשלעכע גוטסקײַט דאַרף זײַן טעטיק. און אויב בלויז פּאַסיווער מיטגעפיל מיט טרערן אין די אויגן, — איז ווער דאַרף אַזאַ גוטסקײַט?

די קליינע לערערקע ווערט אַנשוויגן. נאָכדעם זאָגט זי:

— אָט קוק איך אָפּ אײַך און מיר שײַנט, אַז איר זײַט אויך פון יענע פּאַסיווע גוטינקע. ניט אַזוי?

— יאָ. מיסטאַמע אַזוי.

זי פּרוּווט אים טרייסטן.

— איר זײַט אָבער אין דעם ניט שולדיק. זעט אויס, אַ יערושע־זאַך.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט שאַרף אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין. ניט ריכטיק. מײַן טאַטע און מײַן מאַמע האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַר...

ער האָט זיך פאַרהאַקט. ס'איז געוואָרן שטיל. און פון דער שטילקײַט — טעמפּע ריטמישע קלאַנגען פון טראָפּנס, וואָס פאַלן אַראָפּ פון דער יאָלקע אָפּן דיל. די שטילקײַט איז געווען אַ שווערע, אָן אָנגעשטרענגטע. די קליינע לערערקע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מיסטאַמע פאַרבונדן מיט דעם מיידעלע פון זײַן קינדהײַט, וואָס הייסט רות, אין וועלכער זי איז געראָטן מיט איר ניט־שיינקײַט. בא איר איז שוין פון לאַנג געווען פאַרגרייט אַ וויכטיקע פראַגע: „ווער איז זי, רות?" אָבער זי האָט מוירע געהאַט פאַרגעבן זי. און קעדיי צו פאַרטרײַבן די דריקנדיקע שטילקײַט, האָט זי ווידער גענומען פאָרזעצן איר געשיכטע.

— כ'בין געזעסן, ווי אַ זײַטיקע, ווי אַ סעקרעטאַרשע, און געטראַכט: וואָס זשע וועט זי מיר הייסן שרײַבן, מײַן כאַווערטע, צום גענעראַל־דירעקטאָר פון אַ סאָלידער פאַרייניקונג, וועלכער האָט אַ סאַך וויכטיקערע איניאָנים? זי וועט אים שרײַבן וועגן אַן אומגליקלעכער קליינער לערערקע, וועלכע דער מאַן האָט אוועקגעוואָרפן, און ער, דער דירעקטאָר, דאַרף אָנווענדן זײַן גאַנצע מאַכט אָפּ צווינגען דעם מאַן זיך אומקערן?

„און איך בין געווען פאַר אים ווי אַ מאַמע...", יאָ. דאָס איז ריכטיק. דאָס האָט זי מיר ניט דיקטירט. דאָס האָב איך אַליין אָנגעשריבן. ווײַל איך בין ווירקלעך געווען פאַר אים ווי אַ מאַמע. דאָס האָב איך דאָך אים אונטערגעהאַלטן, ווען ער האָט שטודירט אין אינסטיטוט. און ווען ער האָט אים פאַרענדיקט, האָב איך אים נאָך אַלץ מיטגעהאָלפן, ביזוואַנען ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אָפּ אַרבעט.

ווען כ'האָב פאַרענדיקט שרײַבן די מעלדונג, האָב איך זי גלײַך געוואָלט צערײַסן. נאָר עס איז שוין געווען שפּעט. זי, די מיטפילערן מײַנע, האָט שוין באַוויזן צוציִען צו דעם דאָזיקן איניען ניט נאָר די שול־אָנפירונג, נאָר אויך דעם עלטערן־קאָמיטעט. מ'האָט פאַרפאַסט אַ ספּעציִעלן פּראָטאָקאָל און בײַגעלייגט אים צו מײַן מעלדונג, איז שוין ניט געווען קיין מעגלעכקײַט אָפּצוטרעטן...

— אײַך איז לאַנגווײַליק? — האָט זי זיך אַליין איבערגעשלאָגן. — לאָמיר אויסטרינקען נאָך איין קעלישעק.

— ניין. כ'האָב מוירע אַ סאַך טרינקען.

— וואָס דאַרפט איר מוירע האָבן?

— די קלאָרקײַט פון מײַנע געדאַנקען קאָן נאָך פאַרנעפּלט ווערן.

— נאָך וואָס דאַרפט איר זי, די קלאָרקײַט?

ער האָט אַנטשלאָסן אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— כ'דאַרף זי. אין אַ שיקערן מויעך קאָן נאָך אויפקומען אַ נאַרישע פאַנטאַזיע איבערנעכטיקן בא אײַך...

לאַכנדיק, האָט זי געזאָגט:

— כוץ נוסן־ליקער, פאַרמאָג איך נאָך קעפיר. טרינקט, וועט איר ניט שיקער ווערן.

— אַ דאַנק. איך בין ניט קיין ליבהאָבער פון קעפיר.

— און איך בין אויך ניט קיין גרויסע ליבהאָבערן. נאָר איגנאַטיק דאַרף טרינקען יעדן טאָג פרישן קעפיר. דעריבער פאַרגרייט איך אים אפריִער.

— און ווער איז איגנאַטיק?

— כ'האָב אײַך שוין געזאָגט. מײַן געוועזענער מאַן.

— ס'איז פּאַשעט אַף כּידושים! — האָט אויסגערופן וואַסילי מיראָנאָוויטש. — ווּהין זשע טראָגט איר אײַער איגנאַטיקן דעם קעפּיר? אין דער דירע פון זײַן נײַער פרוי?

זי ענטפערט טמימעסדיק און געלאַסן:

— ניין. ער ליגט איצט אין שפּיטאָל. בא אים איז א מאָגן־געשוויר.

— גייט איר מעוואַקער־כוילע זײַן?

— אומבאַדינגט. יעדן טאָג.

א קלער געטאָן און צוגעגעבן:

— מיך פּײַניקט מײַן געוויסן. עפּשער איז דער געשוויר איבער די איבערלעבונגען, וואָס איך האָב אים פאַרשאַפט מיט מײַן אָנקלאָגע.

— אײַך איז לאַכלוטן פרעמד א נעקאָמע־געפיל, — האָט געזאָגט וואַסילי.

— כ'בין דאָך אים ווי א מאַמע.

וואַסילי האָט אָנגעהויבן אומגעדולדיק רײַבן די באַקן און דעם שטערן מיט ביידע דלאָניעס.

— שוין צײַט, אז איר זאָלט גיין אהיים, — האָט שטיל אויסגערעדט די קליינע לערערקע.

— כ'וואָלט עפּשער טאַקע געדאַרפט אָנקלינגען, — האָט וואַסילי אומבאַשטימט דורכגעמורמלט.

די קליינע לערערקע האָט טרוימעריש ארויסגערעדט:

— ס'איז מיר היינט אזוי גוט געווען... ווען איר וואָלט געווען עלטער, און נאָך מיט א לאַנגער גראָוער באָרד און־אין א ווײַסן פעלץ, וואָלט איך אײַך אָנגענומען פאַר א נײַיאָריקן פעטער־שנייער, וועלכער ברענגט פאַר קליינע קינדער מאַטאָנעס, און מיר האָט ער געשענקט א וווּנדערלעך־ליכטיקן און פריידיקן אָוונט.

ער האָט באַשיידן דערווידערט:

— פאַרקערט. דאָס האָט איר מיר געשאָנקען... איך בין מעקאַנע אײַער איגנאַטיקן, כאָטש בא אים איז א מאָגן־געשוויר...

— כ'וועל אײַך א ביסל באַגלייטן, — האָט זי געזאָגט, ווען וואַסילי האָט זיך אופגעהויבן.

— נאָך וואָס? מ'דאַרף ניט. כ'האָב פאַרגעדענקט דעם וועג.

— אָבער דאָ טרעפן זיך פאַרשיידענע צופאַלן. ס'איז דאָך אַן עק שטאָט.

וואַסילי האָט גענומען אירע קליינע הענטלעך אין זײַנע.

— מיט וואָס זשע וועט איר מיר העלפן? טוט א קוק אַף מײַנע לאַפּעס, און אײַערע הענטלעך...

— זיי זײַנען אָבער באַוואָפנט מיט לאַנגע שאַרפע נעגל. כוץ דעם... מיינט ניט. איך בין א געוואַגטע.

— אַ־האַ! געוואַגט פייגעלע מײַנס...

ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, א קוש געטאָן אין די ליפּן.

— א גוטע נאַכט אײַך. אײַער איגנאַטיק איז א טיפּעש.

זיי זײַנען ביידע ארויסגעגאַנגען. די קליינע לערערקע האָט אים גענומען פאַר דער האַנט און זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ ווי קינדער.

די נאַכט איז געווען דורכויס א ווײַסע. די ערד, דער הימל און דער רוים אַליין. נו, דאַנקען גאָט, דער ווינטער איז, ענדלעך, געקומען. דער שניי האָט אפילע לײַכט אונטערגעסקריפּעט אונטער די פיס. א מעכײַע!

די קליינע לערערקע האָט אופגעהויבן די אויגן צום הימל און אויסגעשריגן:

— א רעגנבויגן! זעט נאָר — א רעגנבויגן!

— ווינטער גאָר?

— טוט א קוק! אָט איז ער דאָך!

— כ'קוק. נאָר כ'זע גאָרנישט.

— וואָס הייסט איר זעט ניט! אָט איז ער דאָך — א פּרעכטיקער, ווי א מײַסעלע.

ער האָט איבערגעכאַזערט:

— יאָ. אָט איז ער. א פּרעכטיקער, ווי א מײַסעלע.

דערנאָך זײַנען זיי אַנשוויגן געוואָרן.

וואַסילי האָט געזאָגט:

— גייט שוין אהיים.

זי האָט דערווידערט:

— כ'טאָר איצט ניט גיין אהיים... כ'טאָר ניט... כ'וועל זיך נעמען וויינען...

די קליינע לערערקע האָט זיך אופגעהויבן אַף די שפּיץ פינגער, ארומגענומען וואַסיליס האַלדז, א קוש געטאָן אים אין ביידע אויגן און שטיל ארויסגערעדט:

— כ'האָב עפּעס מוירע... א רעגנבויגן אינמיטן ווינטער...

זי איז געבליבן שטיין און אים נאָכגעקוקט, ביזוואַנען ער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער דורכויסיקער ווײַסקייט. נאָכדעם האָט זי זיך אומגעקערט אהיים, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף א בענקל, פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און זיך צעוויינט.

א ביסל שפּעטער איז זי אַרויסגעגאַנגען אין פֿאָדערצימער, געבראַכט אַן עמער און א שמאַטע און גענומען אויסווישן די קאַליוזשקעלעך, וואָס זײַנען אָנגערונען פֿון דער יאָלקע.

## 7

מיט א ביסל פֿאַרפֿרוירענע פֿינגער האָט וואַסילי אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע די שליסל און שטילערהייט אופֿגעשלאָסן די טיר. ער האָט פֿאַרזיכטיק זי א צי געטאָן, נאָר די טיר האָט זיך ניט אופֿגעעפֿנט, הייסט עס, אַז זי איז נאָך פֿאַרשפּאַרט פֿון אינעווייניק. פֿאַרוואָס זשע גראָד הײַנט?

אוודאי איז ניט שווער געווען זיך אָנצושטויסן, אַז דאָס איז רעגינעס אַרבעט. מוז מען א קלונג טאָן. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס קיינער עפֿנט ניט. באַזונדערס — דער שווער. מיטאמאָל דער־מאָנט ער זיך: דער שווער איז דאָך אין שפּיטאָל!

ענדלעך, האָט די טיר זיך צעפּראַלט. אויף דער שוועל איז געשטאַנען רעגינע, א צעשויבערטע, אין א נאַכט־העמד.

„ווּנדלעך איר עלטער, האָט רעגינע אויסגעזען נאָך גענוג יונג און כיינעוודיק", — האָט א קלער געטאָן וואַסילי מיראָנאָוויטש, וואַרטנדיק אויף איר גאַנץ לאָגישער פֿראַגע:

— ווּ ביסטו געווען?

וויאַזוי ענטפֿערט מען אויף אַזאַ פֿראַגע? אויב ער וועט נעמען דערציילן וועגן דער יאָלקע, וועט זי גלײַך זאָגן:

— א ווײַנאַכט־מײַסעלע!

רעגינע האָט אָבער מער וועגן גאָרניט ניט געפֿרעגט. מיט א שמייכעלע אַפּילו האָט זי אים געזאָגט:

— ביסט עפּשער געשטאַנען אין א ריי נאָך פֿלייש?

ער האָט געוואָלט זי אַרומנעמען, נאָר ניט געוואַגט — זי וועט אים אָפּשטופּן. שטילערהייט האָט ער זיך אויסגעטאָן, אַנידערגעלייגט זיך, און ווען ער איז שוין קימאַט אײַנגעשלאָפֿן, האָט ער דער־הערט רעגינעס ליבלעכע שטים:

— דו האָסט עפּשער געמאַכט „א פֿלעשל אויף דרײַ" בעשאַס דו ביסט געשטאַנען אין ריי? עפּעס שמעקט פֿון דיר מיט „טינט".

רעגינע פֿאַרמאָגט א געטאָקט, אַריסטאָקראַטיש נעזל און א שאַרפֿן כוש. ער האָט דאָס גאָר פֿאַרגעסן. געדאַרפֿט זיך אָפּקערן אין א זײַט, ווען ער האָט געדעכעט. געענטפֿערט האָט ער געלאַסן:

— ס'אי ניט קיין טינט, רעגינע. ס'איז א נאָבעלער נוסן־ליקער.

— דו מיינסט, אַז איך אייפֿער דיך? — האָט רעגינע וואָלאָדימיראָוונא זיך אָנגערופֿן. און באַלד האָט זיך דערהערט אַרסענס בורטשעניש פֿון יענער זײַט וואַנט:

— עפּשער וואָלסטו אָפּגעלייגט דײַנע ליבע־דערקלערונגען אויף אינדערפֿרי?

רעגינע האָט שטילערהייט איבערגעכאַזערט די פֿראַגע:

— דו מיינסט, אַז איך אייפֿער דיך?

וואַסילי האָט זי ווי באַרויקט:

— ניין, כ'מיין ניט. קעדיי אייפֿערן, מוז מען ליב האָבן. און דו האָסט מיך ניט ליב.

— איז וועמען דען האָב איך ליב?

— זיך.

ער האָט געהאַלטן, אַז דער געשפּרעך איז פֿאַרענדיקט געוואָרן קימאַט גינסטיק.

א ביסל שפּעטער, ווען ער האָט זיך שוין געלייגט שלאָפֿן, האָט רעגינע אַרויסגערעדט:

— איך בין צופֿרידן, וואָס דו האָסט מיר געגעבן א געוווּער קעגן דיר אויפֿן גאַנצן לעבן.

וואַסיען האָבן פֿאַרשאַפֿט עמעצן אַגמעסנעפֿעש די לעצטע דרײַ ווערטער: „אויפֿן גאַנצן לעבן". נו, גוט, רעגינע, לאָמיר זאָגן, זיך צעקריגט, דערנאָך זיך איבערגעבעטן. אָבער אויפֿן גאַנצן לעבן?

ווען א מענטשן איז שלעכט, פּרוּווט ער אַרויסרופֿן אין זיכּאָרן עפּעס מערער פֿריידיקס.

פֿון די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זײַן זיכּאָרן זײַנען זיי אַנטשטאַנען — גרויסע מאַיעסטעטישע פֿייגל. אָט שטייען זיי אויף איין פֿוס. דער צווייטער איז אונטערגעצויגן. אַן אויסזען איז בא זיי א געדריקטער, אָבער ניט קיין נעבעכדיקער.

זיי שטייען אינדערמיט פֿון אַ פֿאַרשנייטער וויסטעניש, הונגעריקע, האַלב־פֿאַרפֿרוירענע, און נאָר דאָס קנאַקן פֿון לאַנגע רויטע שנאָבלען איז אַ סימן, אַז אין זיי טליִעט נאָך דאָס לעבן.

באַ האָרפּינען, וואַסיעס מומע, איז דעמלט געווען אַ געמיש פֿון לוסטיקייט מיט טרויעריקײַט, פֿון געלעכטער מיט טרערן. יענעם זונטיק איז זי געקומען צו לויפֿן פֿון דעם נאָענטן דאָרף מיט טרערן אין די אויגן. וואַסיעס מאַמע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער שוועסטער:

— וואָס איז געשען, האָרפּינע?

— די טשאַרנאָהוזן קומען אום!

וואַסילקאָ, ער איז דאַן אַלט געווען זעקס יאָר, האָט מיט שטוינונג געקוקט אויף דער מאַמען און אויפֿן טאַטן, וויִאַזוי זיי נעמען אויף האָרפּינעס יעדיִע און אירע טרערן. טשאַרנאָהוזן זײַנען דאָך ניט קיין מענטשן!

— וואָס הייסט זיי קומען אום?

אין יענעם יאָר האָט זיך דער ווינטער פֿאַרהאַלטן, די טשאַרנאָהוזן אָבער זײַנען זייער פּינקטלעכע און געקומען צו פֿליִען אַהער דעם צוואַנציקסטן מאַרט. און דער ווינטער איז נאָך אין פֿולן ברען, דער שניי ביז איבער די קני, און אַ פֿראָסט ווי אין פֿעברואַל. שטייען זיי נעבעך אויף איין פֿוס אין דער ווײַסער וויסטעניש, הונגעריקע, דערפֿרוירענע.

די מאַמע האָט אַ קוק געגעבן אויפֿן טאַטן, דער טאַטע אויף דער מאַמען און שווײַגנדיקע באַשלאָסן: לאָמיר גיין, עפּשער וועט אונדז געלינגען עפּעס צוטראַכטן. וואַסיע איז צוגעשטאַנען צו זיי, און בייסמײַסע אַ רוף געטאָן אויך דאָס מיידעלע רות. האָרפּינע איז געגאַנגען פֿאָרויס, ווי אַ וועגווײַזער, נאָך איר האָט האַסטיק געשפּאַנט די מאַמע מיט אַ שקאַרמיץ, אין וועלכן עס איז געווען דאָס גאַנצע פֿלייש, וואָס איז געווען אין שטוב, און נאָך איר — דער טאַטע.

גיין האָט מען געדאַרפֿט באַ פֿינף קילאָמעטער, נאָר זיי האָבן גיך בײַגעקומען דעם דאָזיקן מעהאַלעך. דער פֿראָסט און דאָס ראַכמאָנעס האָבן זיי אונטערגעטריבן.

אַ צוויי הונדערט מעטער אין דער זײַט פֿונעם וועג האָט וואַסיע באַמערקט ווײַסע ביימער. פֿאָרויס זיי זײַנען געשטאַנען ווײַסע שטרויכן. די ביימער זײַנען געשטאַנען אומבאַוועגלעך. די שטרויכן — אויך. נאָר ווען די מענטשן האָבן זיך דערנעענטערט, זײַנען די ביימער אַלציינס פֿאַרבליבן אומבאַוועגלעך, אָבער די שטרויכן האָבן זיך אַ ריר געטאָן, זיך אָפּגעטרייסלט און פֿון ווײַסע זײַנען זיי געוואָרן שוואַרצע.

— אָט דאָס זײַנען זיי! — האָט וואַסיע אַ געשריי געטאָן צו רות.

דאָס מיידעלע האָט שווײַגנדיק אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אירע שוואַרצע אויגן און ליבלעך אַ שמייכל געטאָן. ווען וואַסיע וואָלט זי ניט גערופֿן, וואָלט זי דאָך ניט געקאָנט דערזען אַזאַ וווּנדער: אומבאַוועגלעכע ווײַסע קוסטעס ווערן פֿאַרוואַנדלט פֿאַר אירע אויגן אין לעבעדיקע פֿייגל! זי האָט קיינמאָל ניט געזען אַזוי נאָענט קיין טשאַרנאָהוזן. אירע אייגעלעך האָבן געפֿינקלט פֿון אומגעוויינלעכן נײַגער. זי האָט געוואָלט זען אַלץ פֿאַרנאַכט, ווען זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים, וועט זי זיך אַרופֿדראַפּען אויף דער מאַמעס קני און דערציילן איר אַ מײַסעלע וועגן שטאַרבנדיקע פֿייגל.

האָרפּינע האָט אָפּגעקערעוועט פֿונעם וועג אויף דעם פֿאַרשנייטן פֿעלד און נאָך איר, לויט אירע שפּורן, האָבן זיך געלאָזט וואַסיעס עלטערן. ער און רות האָבן זיך אַ יאָג געטאָן נאָך זיי. אונטערוועגס זײַנען זיי אַרײַנגעפֿאַלן ביזן גאַרטל אין שניי. רות האָט זיך צעוויינט, וואַסילקאָ האָט זיך צעלאַכט. דעמלט האָט רות אויך גענומען לאַכן, ווען טרערעלעך זײַנען נאָך געהאַנגען אויף די וויִעס.

דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט, גענומען רות אויף דער לינקער האַנט, און וואַסיען — אויף דער רעכטער. וואַסילקאָ האָט זיך אַ באַרים געטאָן:

— זעסט, וואָס פֿאַר אַ שטאַרקן טאַטן איך האָב?

ווי נאָר זיי האָבן זיך אַרויסגעדראַפּעט פֿון דער באַלקע, איז וואַסיע אַראָפּגעקראָכן פֿון דעם טאַטנס האַנט, און רות האָט טייקעף געטאָן דאָס זעלבע. זיי האָבן אַריבערגעיאָגט די עלטערן, קעדיי קומען צו לויפֿן די ערשטע. די פֿייגל זײַנען אָבער ניט אַוועקגעפֿלויגן, וואַסיע האָט זיך דערשראָקן, ער האָט געמיינט אַז זיי זײַנען געשטאָרבן. בלײַבט ער שטיין. רות, וואָס איז אָפּגעשטאַנען, דעריאָגט אים, און ער גיט איר איבער זײַן טרויעריקע האַשאָרע. רות, וואָס פֿלעגט שטענדיק מאַסקים זײַן מיט אים, האָט אומדערוואַרט דערווידערט:

— ניין, זיי זײַנען ניט געשטאָרבן! דאַן וואָלטן זיי געלעגן. און אויב זיי שטייען, זײַנען זיי נאָך לעבעדיק. אַפֿילע מיר, וואָס זײַנען ניט הונגעריק און ניט פֿאַרשמאַכט, וואָלטן ניט געקאָנט שטיין אַזוי לאַנג אויף איין פֿוס.

וואַסיע איז איבעראַשט געוואָרן פֿון רותס באַמערקונג. פֿונדעסטוועגן האָט ער פֿאַרשײַט אויסגערופֿן:

— וואָס הייסט, מיר וואָלטן ניט געקאָנט! אַנו, לאָמיר אַ פּרוּוו טאָן. מיר מוזן אָבער צוגיין נעענטער צו זיי.

וואסיע איז צוגעלאָפן צו די טשאַרנאַהוזן און זיך אנידערגעשטעלט אנטקעגן זיי אַף איין פוס. רוט האָט גלײַך נאָכגעטאָן דאָס זעלבע. די טשאַרנאַהוזן האָבן א צאפּל געטאָן. אין די צווײ מענטשעלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען אנטקעגן זיי אַף איין פוס, האָבן זיי דערקענט זייערע ווײַטע־ווײַטע קרויווים.

וואסיעס מאמע האָט אופגעעפנט דעם שקאַרמיץ, ארויסגעקראָגן די שטיקלעך פלייש און געוואָרפן פאר די פייגל. די טשאַרנאַהוזן האָבן אין איין אויגנבליק אײַנגעשלונגען די שטיקלעך פלייש און האָבן א טרילער געטאָן מיט זייערע רויטע שנאָבלען. וואסיע האָט דאָס גלײַך איבערגעזעצט אַף א מענטשישער שפּראַך:

— דאָס דאנקען זיי: דאנק־דאנק־דאנק...

פלייש איז, פארשטייט זיך, געווען ווינציק. די פייגל זײַנען געשטאַנען פארומערט אַף זייערע לאַנגע פיס, ווי אַף דינינקע שטאָלצן, און זיי האָבן הייזעריקלעך געציִשעט. רוט, וואָס האָט בעשום־אופן ניט געוואָלט אָפּשטיין פון וואסיען, האָט איבערגעזעצט:

— פלייש־פלייש־ש־ש, נאָך א ביס־סל פלייש־ש־ש...

נאָך א ביסל פלייש! אָבער וווּ נעמט מען דאָס?

און בִיכלאַל: וואָס זאָל מען איצט טאָן מיט זיי, מיט די טשאַרנאַהוזן? — האָבן שווײַגנדיק געפרעגט איינער דעם אנדערן דער טאטע און די מאמע. בלויז האָרפּינע האָט זיך ניט פארלוירן.

— מע וואָלט געדארפט ארײַנארן זיי אין דאָרף, צו מיר אין דער סטאָדאָלע. דאָרטן וואָלטן זיי שוין איבערגעלעבט די לעצטע פראָסטיקע טעג.

אָבער וויאַזוי ארײַנארן זיי?

דער קליינער רוט איז געווען אומעטיק צו קוקן אַף די דאָזיקע אומגליקלעכע פייגל, האָט זי ארויפגעלאָזט דעם קאָפּ. און דאָ האָט דאָס מיידעלע מיטאמאָל באמערקט אין א זײַט א שטיקל פלייש, וואָס האָט זיך קימאַט אינגאנצן פארגיורעט אין שניי. זי האָט זיך האסטיק אָנגעבויגן, אופגעהויבן דאָס פלייש און באוויזן די טשאַרנאַהוזן. די פייגל האָבן ארויפגעלאָזט זייערע צווייטע פיס און האָבן א שפּאַן געטאָן צו איר. דאָס מיידעלע האָט א שפּאַן געטאָן אַף צוריק, און די פייגל האָבן א טראָט געטאָן פאָרויס. רוט האָט ווידער אָפּגעטראָטן אַף צוריק, און די טשאַרנאַהוזן האָבן ווידער... און אזוי האָבן זיי דעפּילירט, פּײַערלעך און לעכערלעך, שרעקעוודיק אפילע, אָבער דאָס מיידעלע איז געווען אזא קליינינקס, און האָבן פאר איר זיך ניט געשראָקן. זיי האָבן אַלץ געשפּאַנט נאָך דער קליינער רוט, ווי נאָך זייער פייגלשן גוירל...

— גאָט מײַן גאָט! ווי פּרעכטיק האָט דאָס אויסגעזען! — האָט וואסילי מיראָנאָוויטש אויסגעשריגן אין שלאָף. — ווי פּרעכטיק האָט דאָס אויסגעזען!

אָבער קיין געשריי האָט זיך ניט באקומען. בלויז א פארשטיקטע כריפּעניש. און טייקעף האָט זיך באוויזן א גוואַלדאָוונע טליִע. און ער האָט אופגעציטערט. ער האָט אָפּט געזען אזעלכע כאַלוימעס.

עס קאָן זײַן, אז אין אירע לעצטע שאָען האָט רוט גערופן צו די טשאַרנאַהוזן: קומט צו פליִען! ראַטעוועט אונדז! טראָגט אונדז אוועק אַף אײַערע פליגל! מיך, מײַן מאמען און וואסיען מיט זײַנע עלטערן, ראַטעוועט אונדז פון די ווילדע כײַעס!..

נאָכדעם האָט וואסילי זיך געצוווּנגען אופלעבן אין זײַן מויעך די פארשנייטע יאָלקע. באַנאַנד מיט איר איז געשטאַנען די קליינע לערערקע. און איבער זיי — א רעגנבויגן. ערשט דעמלט איז וואסילי מיראָנאָוויטש אנשלאָפן געוואָרן, א פארוויגטער מיט שמייכלענדיקע שטראַלן, ווי אין זײַן פריִער קינדהײַט.

## 8

באַסענקאַ. שוין איינמאָל א באַסענקאַ! ניט ער ארבעט, נאָר ער פלאַפּלט. וואסילי מיראָנאָוויטש זיצט מיט אים צוזאַמען אין איין צימער, קאָן ער זיך ניט אָפּשאָקלען פון אים, ווי פון אן אײַנגעגעסענער הארבסטיקער פליג. ער האַלט אין איין אָנרעדן אפן דירעקטאָר, אַף מיכאיִל קאָנאָנאָוויטש נאזאַרעוויטשן.

מע קאָן ניט זאָגן, אז מיכאיִל קאָנאָנאָוויטש איז א קאַריעריסט. ער איז פּאָשעט א מענטש מיט א קאָפּ אַף די פּלייצעס, וואָס האָט ליב אַלץ אויסרעכענען באצײַטנס. מיט אַלע קויכעס האָט ער זיך געסטאַרעט זײַן פאר אַלעמען אין די אויגן, אין דער ערשטער ריי פאר די אויגן פון דער נאַטשאַלסטווע. און אין איינער א שלאָפלאָזער נאכט איז אים געקומען אפן סייכל: אַף דער אונטערנעמונג, וווּ ער ארבעט אזויפיל יאָרן, וועט אים ניט געלינגען דערגרייכן זײַן ציל. מ׳איז געוווינט געוואָרן,

אז ער איז א שעף פון א צעך, און שוין. בא קיינעם איז ניט אופגעקומען א געדאנק פאַרלייגן אים דעם פּאָסט פון דירעקטאָר, ווען די דאַזיקע שטעלע האָט געפּוסטעוועט.

ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז אויך דאָ איז פאַר אים פאַרהאַקט די טיר פון דעם דירעקטאָר־רישן קאַבינעט, איז ער ווידער אוועק אף א נייער אונטערנעמונג.

סאַפּקאַלסאַף האָט אים איינמאָל אָפּגעגליקט. די געשעפטן אף דער אונטערנעמונג, ווו ער האָט זיך איינגעאָרדנט, האָבן אויסגעזען אזוי שלעכט, אז אפילו די ניט־געראָטענע נאַמענקלאַטורשטשיקעס פלעגן זי אויסמיידן. אָבער מיכאַיל קאַנאַנאָוויטש נאַזאַרעוויטש האָט באַשלאָסן א ריזיקיר טאָן. ער איז אוועקגעפאָרן צו די העכערשטייענדיקע און אָן שום רעמאַזימלעך פאַרגעלייגט זיך אַלס דירעקטאָר. ער האָט דערביי אַרויסגעלייגט זיין פּלאַן, וויאזוי שטעלן דעם זאַוואָד אף די פיס. אומגעקערט האָט ער זיך מיט א באַפעל וועגן באַשטימען אים אַלס דירעקטאָר פון דעם דאָזיקן זאַוואָד. אָבער צו יענער צייט איז אים פאַרבליבן ניט קיין פולע צען יאָר ביז צו דער פּענסיע.

וואַסיע דוואַר האָט פירגעוואָרפן זיך אליין, וואָס ניט־ווילנדיק גיט ער זיך אונטער דער ווירקונג פון דעם דאָזיקן לידיקגייער און דעמאַגאָג — באַסענקאָ, ווען ער באַרעדט דעם דירעקטאָר. גוט. לאָמיר זאָגן, אז ער, נאַזאַרעוויטש, האָט אָנגענומען ניט קיין באַשיידענע מיטלען, קעדיי צו דערשלאָגן זיך... אָבער ער אַרבעט דאָך טאַקע ווי אַן אָקס.

דעם עמעס געזאָגט, איז קיין עמעסדיקע פריינטשאַפט צווישן וואַסיען מיטן דירעקטאָר ניט געווען. און אף איין באַראַטונג האָבן זיי זיך אפילו צעקריגט.

די באַראַטונג האָט נאַזאַרעוויטש צונויפגערופן אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָנקום פון דעם מיניסטער. וועגן דעם האָט אים אָנגעקלונגען דער גענעראַל־דירעקטאָר, לוטשקאַ לאַוורענטי מאַקסימאָוויטש, וואָרענענדיק אים, אז דער מאַרשרוט פון דעם מיניסטער איבער די אונטערנעמונגען פון דער פּראָדוציר־פאַריייניקונג איז נאָך ניט באַוווסט. אָבער מע דאַרף זיין גרייט צו אזא באַזוך.

עפענענדיק די באַראַטונג, האָט נאַזאַרעוויטש קימאַט פּינקטלעך איבערגעכאַזערט די ווערטער פונעם גענעראַל־דירעקטאָר. ער האָט געהאַט בעדייע פאַרוואַנדלען די באַראַטונג אין א געוויינלעכער קורצדויערנדיקער פּלאַניאַרקע. אַלע האָבן אזוי אויך גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס עס פאָדערט פון זיי דער באַזוך פונעם מיניסטער: אָרדענונג, ריינקייט, גלאַנץ... און פון דער צווייטער זייט — עפּעס פאַרקערטס: מאַכן זיך אָרעמער, ווי מע איז אינדערעמעסן, און אויסקליאַנטשען עפּעס באַם מיניסטעריום.

וואַסיע דוואַר איז קימאַט קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטן אף באַראַטונגען לויט זיין אייגענער איניציאַטיוו. סיידן, ווען מע האָט אים אַרויסגערופן. און דאָ האָט ער אומדערוואַרט אופגעהויבן די האַנט, ער בעט, הייסט עס, א וואָרט.

נאַזאַרעוויטש האָט געשטוינט. דוואַר בעט אַליין א וואָרט! האָט נאַזאַרעוויטש געפרעגט וואָס האַרבער:

— נו, וואָס ווילט איר?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן און געפרעגט:

— וויאזוי קאָן מען פאַריייניקן א גלאַנץ מיט זיך אָרעם מאַכן?

— עפּעס נישטיקע פּראָגנאָס פאַרגיט איר, כּאַוועך דוואַר. זיי האָבן ניט קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג. נאָר אויב איר ווילט עפּעס זאָגן? עפשער פאַרמאָגט איר א קלוגע אידיי?

— כ'האָב.

— נעמלעך?

— ניט דאָס און ניט יענץ.

— וואָס הייסט עס — „ניט דאָס און ניט יענץ"?

— ניט קיין גלאַנץ און ניט זיך אָרעם מאַכן, נאָר באַווייזן אַלץ, ווי דאָס איז אינדערעמעסן.

נאַזאַרעוויטש האָט זיך דערפילט שטאַרק געטראָפן און געענטפערט א דערצאָרנטער:

— איר רעדט נאַרישקייטן.

און וואַסיע פרעגט טמימעסדיק:

— און ווען כ'וואָלט געווען א מיניסטער?

נאַזאַרעוויטש האָט מיט ביטל א צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— וואָס הייסט עס: „ווען כ'וואָלט געווען א מיניסטער"?

— כ'מיין, צי וואָלט איר מיר דעמלט אויך געזאָגט, אז איך רעד נאַרישקייטן?

רעגינע וולאַדימיראָוונא, וואָס איז געזעסן אף דער באַראַטונג, האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי האָט זיך א הייב געטאָן פון איר אָרט.

— מיכאַיל קאַנאַנאָוויטש, איך מעג אַרויסגיין אף א ווײַלע?

נאַזאַרעוויטש האָט שווייגנדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

רעגינע האָט זיך אַ קערעווע געטאָן צו דודארן, אַ פּינטל געטאָן אים מיט די אויגן און איז אַרויסגעגאנגען. וואסילי מיראָנאָוויטש האָט איר נאָכגעפאָלגט, ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַן ענטפער אויף זײַן פראַגע. די באַראַטונג האָט זיך פאַרענדיקט.

אין דרויסן איז שוין געווען אַ פינצטערע נאַכט. דורכגייער און דורכפאָרער זײַנען געווען ווינציק. אַזוי אַז רעגינע וולאַדימיראָוונא האָט ניט געדאַרפט זײַן צוריקגעהאַלטן. זי האָט אויסגערופן הויך און בייז:

— נאַרישער פּלאַפּלער! איך האָב געמאַכט פון דיר אַ מענטש. ווער ביסטו דען געווען?

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט געענטפערט פרידלעך, צווינגענדיק זיך אַ שמייכל טאָן:

— אויך מיר אַ מענטש.

רעגינע האָט פאַריסן דעם קאָפּ. אירע אונטערגעפאַרבטע האָר זײַנען געווען ווי אַ העמשעך פון דער נאַכט, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט.

— דו ביסט פּאָשעט אַ גלאָמפּ! וואָס האָסטו געוואָלט דערווײַזן מיכאַיִל קאָנאָנאָוויטשן מיט דײַנע רעפּליקעס?

— אַז ער איז אויך ניט מער ווי אַ מענטש. און דער מיניסטער, אַגעוו, אויך.

— וואָס פּלוצעם האָסטו זיך צעדאַרשנט? דו טרעטסט דאָך זייער זעלטן אַרויס.

— ריכטיק.

— איז וואָס פאַר אַ פליג האָט דיך הײַנט אַ ביס געטאָן?

— איך ווייס אַליין ניט, — האָט ער זיך מודה געווען.

רעגינע וולאַדימיראָוונא האָט אַ שמייכל געטאָן.

— גאָט מײַנער, — האָט זי אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — דו ביסט נאַיִוו ווי אַ קליין קינד.

די דאָזיקע זעלטענע אומיטלבאַרקײַט איז געווען וואסיען צום האַרצן. ער האָט געפרעגט:

— וויפל יאָר האָבן מיר זיך שוין ניט דערקלערט אין ליבע?

קוקנדיק גלײַך אין די אויגן פון דער נאַכט, האָט רעגינע פאַרגעבן אַ צווייטע פראַגע:

— האָט דען אַמאָל אַזוינס געטראָפן?

זייער געשפרעך איז באַשטאַנען פון הוילע פראַגן.

וואסילי: צי אַנטשפּרעכן דערווירקלעכקײַט די קלאַנגען וועגן אײַך און דעם דירעקטאָר?

רעגינע: צי האָט איר דען אַזוי גיך פאַרגעסן וועגן אונדזער אָפּמאַך?

וואסילי: וועלכן?

רעגינע: אויב אָפּנאַרן איז אָפן און ניט ביגנייווע. ניט אַזוי?

וואסילי: צי קאָן דאָס דינען אַלס אַן ענטפער אויף מײַן פראַגע?

רעגינע: פאַרוואָס ניט?

וואסילי: זאָל איך מאַכן אַזאַ אויספיר, אַז איר ווילט מיר ניט ענטפערן?

רעגינע: און וויִאַזוי וואָלט איר געענטפערט, ווען איר וואָלט געווען אויף מײַן אָרט?

די קלײנע לערערקע איז דעמלט נאָך ניט געווען. און ער האָט פּאָשעט ניט געקאָנט זיך פאָר־שטעלן, וויִאַזוי ער וואָלט געענטפערט, ווען...

וואָס איז שײַעך רעגינע וולאַדימיראָוונען, איז זי געווען רויִק, ווײַל וואסילי איז פּאָשעט ניט פעיִק אויף אַ פאַראַט. אָבער איינצײַטיק האָט זי דערפילט אַן אומרו. געוויס איבער די פּליאָטקעס, וועלכע האָבן באַוויזן צו דערגרייכן אַפילע צו וואסילן. און זי האָט באַשלאָסן, אַז פון הײַנט אָן מוז זי זײַן פאָרזיכטיקער. כאָטש, דוכט זיך, קיין שום אומפאָרזיכטיקײַטן האָט זי אַזוי אויך ניט דערלאָזט. אויב אַזוי, איז נאָך ערגער...

# 9

און אָט איז געקומען צו פאָרן דער מיניסטער. לוטשקאָ האָט אים באַגעגנט. עטלעכע געוויינ־לעכע גאַסטפרײַנטלעכע פּראַזעס. ווי נאָר אָבער זיי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין דער „וואָלגע" און די מאַשין האָט אַ יאָג געטאָן, איז זייער שמועס געוואָרן אַ שטרענג זאַכלעכער. דער מיניסטער האָט געשטעלט פראַגן און דער גענעראַל־דירעקטאָר האָט געענטפערט, שעפּנדיק פון זײַן זיכּאָרן פאַקטן און ציפערן.

— כ׳זע, אַז איר האָט זיך גרינטלעך צוגעגרייט, — האָט געזאָגט דער מיניסטער, אוןביידע האָבן זיך צעלאַכט.

דער יונגער שאָפער, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געזעסן באַנאַנד מיט אַ מיניסטער, האָט אויך אַ שמייכל געטאָן.

ווי נאָר זיי זײַנען געקומען צו פֿאָרן, האָט לוטשקאָ געפֿרעגט:

— עפּשער וואָלטן מיר גענומען עפּעס אין מויל אַרײַן, ניקאָלײַ דמיטריִעוויטש.

— שפּעטער. לאָמיר צוערשט אַ ביסל אָן אַרבעט טאָן, לאַווערענטי מאַקסימאָוויטש. צום אַלעם ערשטן וואָלט איך געוואָלט, איר זאָלט מיר דערציילן וועגן אײַערע דערגרייכונגען, פּראָבלעמען און שוועריקײַטן, און אויך אײַערע טײַנעס צום מיניסטעריום...

לוטשקאָ האָט גענומען איבערעכענען אַלע זײַנע דערגרייכונגען און אַלע זײַנע טײַנעס. פּלוצעם האָט דער מיניסטער אים איבערגעשלאָגן:

— זאָגט מיר, לאַווערענטי מאַקסימאָוויטש, די אַרבעטער האָבן אײַך ליב?

אויף אַזאַ פֿראַגע האָט לוטשקאָ זיך ניט געריכט. אויף אַ ווײַלע האָט ער זיך פֿאַרטראַכט און גע־זאָגט:

— כ׳מיין, אַז אויף אַזאַ פֿראַגע דאַרפֿן אײַך ענטפֿערן אַליין די אַרבעטער.

און זיי האָבן זיך ווידער ביידע צעשמייכלט.

— פֿונדעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט, אַז איר אַליין זאָלט מיר ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע.

לוטשקאָ האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— כ׳ווייס ניט.

— נו, זײַט ניט אַזוי באַשיידן.

— פֿונוואַנען זאָל איך וויסן? קיינער האָט דאָך מיר ניט דערקלערט זיך אין ליבע. — און דער־נאָך צוגעגעבן: — עמעס, כאָטש איין מענטשן, אַ געוועזענער אַרבעטער, איצט איז ער אַן אינזשעניער.

— עס מאַכט ניט אויס. איז ווער?

— איינער אַ דודאַר.

— פֿאַרוואָס אַזוי גרינגשעצעריש?

— ווײַל ער איז אַ ביסל אַ מאָדנער.

— אײַך באַפֿרידיקן מאָדנע אינזשעניערן?

— ער אַרבעט ניט אויף דעם הויפּט־זאַוואָד.

— וואָס פֿאַר אַ כּילעק! אַלצייַנס איז דאָס אײַערער.

— דער באַגריף „אינזשעניער״ האַלט זיך אין איין פֿאַרברייטערן. אשטייגער, אינזשעניער־דיזײַ־נער. ער געפֿינט זיך ערגעץ צווישן פֿיזיק און ליריק.

— אָ! איז ער, הייסט עס, אַ דיזײַנער.

— ניין, דודאַר איז אַ בוי־אינזשעניער.

— דו־דאַר? דו־דאַר... דאַכט זיך, אַז כ׳האָב וועגן אים שוין געהערט. וויאַזוי איז זײַן נאָמען, פֿאָטערנאָמען?

— דעם פֿאָטערנאָמען ווייס איך ניט. אַלע רופֿן אים וואַסיע דודאַר.

— איז פֿאַר וועלכע גוטע מײַסים האָט ער זיך דערקלערט אין ליבע?

— איר וועט ניט גלייבן. בלויז פֿאַר דעם, וואָס איך האָב אים אויסגעהערט ביזן סאָף.

— וואָסי, ער רעדט אַ סאַך?

— גראָד ניט. ער קאָנטאַקטירט זיך מיט מענטשן דעריקער דורך אַ שמייכל.

— אָ, לאַווערענטי מאַקסימאָוויטש, קיין לידער שרײַבט איר ניט צופֿעליק?

— ניין. כ׳וואָלט עפּשער געשריבן, נאָר איך קאָן ניט.

אָפּגעקומען מיט אַ וויץ, ווערט לוטשקאָ ווידער גאַנץ ערנסט:

— זעט אויס, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ צוריקבונד. קימאַט אַלע האַלטן דודאַרן פֿאַר אַן אומפּראַקטישן מענטשן, ניט צוגעפּאַסטן צום לעבן. אָבער זײַן שמייכל רופֿט אומבאַדינגט אַרויס ענטפֿער־שמייכלען.

— וואָס זשע האָט ער אײַך אַזוינס געזאָגט?.. עפּשער האָט ער זיך פֿאַרקלאָגט אויף אײַך, צי אויף נאַזאַרעוויטשן, דעם דירעקטאָר זײַנעם?

— וואָס רעדט איר! ער קלאָגט זיך אויף קיינעם ניט!

— איז עפּשער האָט ער אײַך פֿאָרגעלייגט אַ פּראָיעקט פֿון אַ ניין־און־נײַנציקשטאָקיק הויז פֿאַר אַלע מיטאַרבעטער פֿון דער פּראָדוציר־פֿאַריייניקונג?

— ניין, ניין. זײַן אידיי איז פֿון גאָר אַן אַנדער מין. ער האַלט, אַז מיר זײַנען אייביקע באַלכוי־וועס פֿון די צוואַנציק מיליאָן אומגעקומענע בעשאַס דער מילכאָמע...

— נו, מיר אַלע האַלטן אַזוי. כ׳זע דאָ ניט קיין שום נײַע אידיי.

— יאָ. אַוודע. נאָר ער באַהויפּטעט, אַז מיר דעקן דעם כויוו דעריקער מיט ווערטער.

— פאַרוואָס בלויז מיט ווערטער? נו, און אונדזערע אופטוען? און די מעסירעסנעפּעשדיקע מי פֿונעם גאַנצן סאָוועטישן פֿאָלק?

— כ'האָב אים דאָס זעלבע געזאָגט. און ער האָט צוויי מאָל זיך אַנטשולדיקט און אָנגעהויבן גיך־גיך אויסלייגן עפּעס אַזוינס... עפּעס מעשונעדיקס, וואָס מיטן קאָפּ איז דאָס ניט אַזוי גרינג צו באַנעמען, סײַדן מיטן האַרץ...

און לוטשקאָ האָט דערציילט.

זײַנע עלטערן זײַנען אומגעקומען בײַס דער מילכאָמע. די פֿאַשיסטן האָבן זיי אויפֿגעהאַנגען, ווײַל זיי האָבן געפּרוּווט ראַטעווען א יונגע יידישע פרוי און איר מיידעלע, נאָר עפּעס א מענוּוול האָט זיי געמאַסערט... דוּדאַרס צושטאַנד קאָן מען פֿאַרשטיין. אָבער ער באַטראַכט דאָס ניט אין די ראַמען פֿון א פּערזענלעכן ווייטיק, נאָר אין די מאַסשטאַבן פֿונעם גאַנצן לאַנד, אויב ניט — פֿון דער גאַנצער וועלט.

געווען פֿאַשיסטן... אַגעוו, עס איז נישטאָ ביז אַהער אין דער מענטשלעכער שפּראַך קיין ווערטער, וואָס וואָלטן אין דער פֿולער מאָס אַנטדעקט זייער טײַוולאָנישן טאָך. מע רופֿט זיי מערדער, קוילער, הענקער, מענטשנפֿרעסער... אָבער דאָס זײַנען „געוויינלעכע" באַגריפֿן, און זיי שפּיגלען ניט אָפּ אפֿילע א הונדערטסטלעך פֿונעם פֿאַשיסטישן קאָשמאַר...

לוטשקאָ איז אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט דורכגעשטאַמלט, ווי אַנטשולדיקט זיך:

— איר האָט דאָ וויכטיקערע איניאָנים, און איך דול אײַך א קאָפּ מיט...

דער מיניסטער האָט איבערגעשלאָגן:

— דאָס איז אויך א וויכטיקער איניען. עפּשער נאָך א וויכטיקערער. — און צוגעגעבן: — זעצט פֿאָר. איר האָט געזאָגט: „געווען פֿאַשיסטן"...

— ניט איך האָב געזאָגט, נאָר וואַסילי דוּדאַר. געווען פֿאַשיסטן. זיי האָבן געגרייט א גענעם פֿאַר דער מענטשהײַט, געגרייט מיט א פֿאַרנעם, אויף טויזנט יאָר. מיליאָנען האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס, קעדיי צו פֿאַרהיטן דאָס לעבן פֿון מיליאַרדן.

דער מיניסטער האָט אומבאַמערקט, פֿון צײַט צו צײַט, געכאַפּט א קוק אויפֿן זייגערל, און דאָס האָט געצווונגען דעם דירעקטאָר איבערדערציילן וואַסילי דוּדאַרס טײַנעס א ביסל קירצער.

— נעמט א מיקראָפֿאָן, — זאָגט וואַסיע, — און גייט אַרויס אויף לענין־פּראָספּעקט אָדער אויף שעווטשענקאָ־גאַס, שאַבעס אָדער זונטיק, שטעלט אָפּ א באַליביקן באָכער אָדער א מיידל, און פֿרעגט זיי:

— ווו איז געווען און וואָס איז אַזוינס דער יאַנאָווער לאַגער?

וועט דער באָכער אָדער דאָס מיידל א צוק טאָן מיט די אַקסלען:

— כ'ווייס ניט.

און ער, דער לאַגער, איז דאָך געווען אָט אָ־דאָ, אין לוואָוו, גאַנץ נאָענט צו דער שעווטשענקאָ־גאַס און ניט אַזוי ווײַט פֿון דעם בלישטשענדיקן לענין־פּראָספּעקט, ווי ער אָדער זי שפּאַצירן אַרום מיט א כּפֿידאָלע אויפֿן אַקסל, פֿונוואַנען עס לאָזן זיך הערן אַלערליי לוסטיקע געזאַנגען, און אין דעם יאַנאָווער לאַגער האָט מען פֿאַרפֿײַניקט צוויי הונדערט טויזנט מענטשן...

דער מיניסטער, ווידער, האָט אַלץ אומגעדולדיקער און שוין ניט ביגנייווע געקוקט אַלעמאָל אויף זײַן זייגערל. מיטאַמאָל רעדט דער מיניסטער אַרויס מיט ביטל:

— ער איז א טשודאַק, אײַער וואַסיע.

— יאָ, — האָט צוגעשטימט לוטשקאָ. — א טשודאַק. — און ניט זיכער צוגעגעבן: — נאָר האַלעווײַ וואָלטן מיר געהאַט וואָס מערער אַזעלכע טשודאַקעס.

## 10

עמעצער האָט באַוויזן מיטיילן נאַזאַרעוויטשן, אַז דער מיניסטער איז געקומען צו פֿאָרן א בייזער, אַן אומצופֿרידענער, און לוטשקאָ האָט געכאַפּט פֿון אים דעם עמעסן פּסאַק. האָט מיכאַיִל קאָנאָנאָוויטש א קלער געטאָן: אויב אַליין לוטשקאָ האָט געכאַפּט פֿון דעם מיניסטער א פּסאַק, וועל איך אַוודע און אַוודע. נאָר קיין שרעק האָט ער ניט געפֿילט. און קיין מיטגעפֿיל לוטשקאָן — אויך ניט. גיכער פֿאַרקערט — א געפֿיל פֿון... ניין, ניין, ניט פֿון שאָדנפֿרייד. איינע נאָר... אויץ דער גענעראַלער וועט זיך א וואַקל טאָן, אַנטשטייט א האָפֿענונג... און נאָך א זאַך: אויב דער מיניסטער וועט זיך גענוג אויסשרײַען אויפֿן הויפּט־זאַוואָד, וועט ער קומען אַהער שוין א הייזעריקער.

מיכאַיִל קאָנאָנאָוויטש האָט ניט פֿאַרגעסן וועגן זײַן צוזאָג, אָדער שוווּע: זײַן א ווילער פֿאַר די נידעריקערשטייענדיקע און א דענקענדיקער פֿאַר די העכערשטייענדיקע.

איז ער אוועק אין דער בוכהאלטעריע, געבראכט מיט די אייגענע הענט א רעכנמאשין, אוועקגעשטעלט זי אַף זײַן גרויסן גרינעם טיש און אײַנגעשלאָסן אין דער עלעקטרע־נעץ. די טויטע מאשין איז גלײַך אופגעלעבט געוואָרן, און ביידע — ער און די מאשין — האָבן זיך גענומען פאר דער ארבעט, געמאכט פארשיידענע כעזשבוינעס, קעדיי צו פלעטן דעם מיניסטער מיט ציפערן, בלויז מיט הוילע ציפערן.

נאזארעוויטש איז אזוי פארכאפט געוואָרן מיט זײַנע אויסרעכענונגען, אז ער האָט ניט געלייגט קיין אכט אַף די מענטשן. זיי גייען ארײַן, באגריסן זיך, זעצן זיך צו, אייניקע ווערן אנציקט, אנדערע, פארקערט, איראָניזירן, באטראכטנדיק, וויאזוי זייער שעף קלאפט איבער די קלאַווישן פון דער מאשין. און דער אינזשעניער באָסענקאָ, א געשווירענער אונטערהעצער, מיט גראָבע געקרײַזלטע באקענבארדן, האָט א שעפטשע געטאָן וואסילי מיראָנאָוויטשן, אז דער שעף מאכט אין א גרויסער אײַלעניש אן אויסרעכענונג פון פיקטיווקײַט, וואָס האָט געזאָלט באטײַטן אַף זײַן לאָשן — אן אויסרעכענונג פון עפעקטיווקײַט. מיט דעם דאָזיקן וויץ האָט באָסענקאָ געמיינט אוועקהארגענען צוויי האָזן: דעם דירעקטאָר, וועלכן ער האָט אָפנהארציק ניט ליב געהאט, און אליין דודארן, ווען ס'איז אָפט אויסגעקומען מאכן פארשיידענע אויסרעכענונגען פארן בוי־באנק און ווייסט גוט, וויאזוי דאָס זעט אויס אַף פאפיר, און וויאזוי — אין לעבן.

ווי געוויינלעך, האָט וואסילי מיראָנאָוויטש שווײַגנדיק געענטפערט באָסענקאָן מיט א שמייכל. און יענער האָט צוגעגעבן:

— כוץ דעם, וויל ער באווײַזן דעם מיניסטער זײַן „געלערנטקײַט".

דודאר האָט זיך אָנגענומען פארן דירעקטאָר.

— האָסט, וויטאלי קירילאָוויטש, א סאַך דירעקטאָרס, וואָס קאָנען רעכענען אַף מאשינען?

באָסענקאָ האָט א טשמאָקע געטאָן מיט דער צונג. דאָס האָט נישט באטײַט ניט קיין דערווידערונג, ניט קיין באוויליקונג, גיכער פון אלץ איז דאָס געווען אן אויסדרוק פון כידעש: הער נאָר, וואסיע פארטיידיקט דעם דירעקטאָר. ער האָט געפּרוווט צוטראכטן א נײַעם וויץ, נאָר ניט באוויזן. אין דער באגלייטונג פון א גרויסער סוויטע איז ארײַנגעגאן דער מיניסטער, מיט גיכע טריט זיך דערנעענטערט צום טיש, און אויסגערופן: „זעצט זיך, כאווײרים!", כאָטש אלע זײַנען שוין געזעסן.

דער מיניסטער האָט באטראכט די שטומגעוואָרענע רעכנמאשין. נאזארעוויטש האָט זיך אופגעהויבן. דער מיניסטער האָט אים געזאָגט סאמע דאָס, אַף וואָס נאזארעוויטש האָט זיך געריכט, כאָטש ווי אין א שפּאס:

— אן עקספערימענט אַף מעכאניזירן די ארבעט פון א דירעקטאָר. ווי מיינט איר, לאורענטי־מאקסימאָוויטש? — האָט ער זיך געווענדט צו דעם גענעראל־דירעקטאָר, וועלכער איז געקומען צוזאמען מיט אים, — צי פארדינט ער ניט אונדזער אופמערקזאמקײַט?

— געוויס, — ענטפערט לוטשקאָ. — אויב עס קלעקט צײַט דערויף.

— דאָס שפּאָרט מיר אָפּ פיל צײַט, — האָט נאזארעוויטש געענטפערט קאלט און א ביסל צערייצט.

ער האָט זיך געפילט באליידיקט, מיכאיל קאָנאָנאָוויטש. שוין צוויי טעג, אז דער מיניסטער איז געקומען. מע פירט דורך באראטונגען, מע מערקט אָן מאָסמיטלען, און אים, נאזארעוויטשן, האלט מען פונדערווײַטנס. ער ווייסט אפילע ניט, צוליב וואָס איז דער מיניסטער געקומען.

מיטאמאָל איז אים געוואָרן קלאָר די עמעסע סיבע פון זײַן אופגערעגטקײַט. וואָס פאר א דענקענדיקער דירעקטאָר איז ער, מישטיינס־געזאָגט? צום טײַוול! און זײַן אײַנפאל מיט דער רעכנמאשין! ס'איז פּאָשעט נאריש!

נאָך דעם, ווי נאזארעוויטש האָט זיך אויסגעזידלט, איז ער געוואָרן א ביסל רויִקער. אָבער סײַווי האָט ער די רעדע פונעם מיניסטער געהערט מיט איין אויער. ער איז געווען פארנומען מיט זיך אליין. געפּרוווט פארענטפערן זיך.

די רעכנמאשין איז אוואדע א יעש. און ער איז צופרידן, וואָס ער האָט געפּאטערט א געוויסע צײַט אַף צו באהערשן זי. זי העלפט אים דענקען, און ער איז שוין ניט אזוי אָפּהענגיק פון די ציפערמאכערס.

סאמע דעמלט, זיצנדיק פון דער לינקער זײַט פונעם מיניסטער (לוטשקאָ איז געזעסן פון דער רעכטער זײַט), האָט נאזארעוויטש דערפילט אַף זײַן פּאָנעם צוויי בליקן: רעגינעס און דודארס. זיי זײַנען ביידע געווען אַף דער פארברייטערטער פּראָדוציר־באראטונג, נאָר זיי זײַנען געזעסן אין פארשיידענע עקן פון דעם זאל. צוויי בליקן, ביידע נײַגעריקע, נאָר איינער — אן אנציקטער, און דער צווייטער — מיט א שפּאָט־שמייכעלע אין די אויגן.

נאזארעוויטש האָט א רײַב געטאָן מיט דער דלאָניע דעם שטערן. מיט דעם האָט ער פארטריבן די בליקן און א נײַער געדאנק האָט אים אופגעמונטערט: און נאָך א מײַלע שטעקט אין דער רעכנמאשין. די סאמע אומגליקלעכסטע ברויע אַף דער וועלט איז אן אראָפּגענומענער דירעקטאָר. ווי קאָן

ער זיך אײַנאָרדענען? אַלס אַן אופּראַמער?.. אָבער איך, נאַזאַרעוויטש, וועל זיך אײַנאָרדענען, אין ערגסטן פֿאַל — אַלס אַ שעף פֿון אַן אָפּטייל פֿון מי און אַרבעטסלוין.

איצט צווינגט זיך נאַזאַרעוויטש הערן דעם מיניסטער מיט אָפֿענע אויערן. ער פֿאַרנאָטירט עפּעס אין זײַן נאָטיצביכל. וואָס? עפּשער אייניקע ציטאַטן פֿון דעם מיניסטערס רעדע. און עפּשער זײַנע אייגענע געדאַנקען וועגן זיי. און עפּשער — און דאָס איז מעגלעך — קורצע נאָטיצן פֿון זײַן אייגענער קינפֿטיקער רעדע. ער וועט זײַן מאַקסימאַל אָפֿנהאַרציק, אופֿריכטיק. ער וועט אַרויסטרעטן ניט נאָר אַלס אַ פֿאַרשטייער פֿונעם זאַוואָד, נאָר אויך, און דעריקער, אַלס אַ פֿאַרטיידיקער פֿון די זאַוואָד־אַרבעטער. פֿינף מינוט האָט דער מיניסטער קלוימערשט גערעדט וועגן דער „מעסירעסנעפּעשדיקער מי״ פֿון די אַרבעטער, און פֿינף און פֿופֿציק — וועגן די בלויזן און דעפֿעקטן און... און אומדיסציפּלינירטקייט... שיקרעס... שוין! גענוג אָפּלייגענישן! ענדלעך, איז געקומען דער מאָמענט, ווען ער דאַרף אויספֿילן זײַן צוזאָג.

דער מיניסטער איז וואַרשײַנלעך מיד געוואָרן. מיטאַמאָל האָט ער איבערגעריסן זײַן רעדע און געפֿרעגט:

— עפּשער וועלן מיר מאַכן אַן איבעררײַס?

באָסענקאָ האָט דער ערשטער אויסגערופֿן:

— אוואַדע.

## 11

ווי נאָר די באַראַטונג האָט זיך געענדיקט — און עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, — האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש גלײַך זיך אַרויסגעריסן פֿון דעם דושנעם זאַל. ניט וואַרטנדיק אויף טראָלייבוס, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים צופֿוס. אויף רעגינע וולאַדימיראָוונען האָט ער ניט געוואָלט וואַרטן. ער האָט באַמערקט, ווי זי האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן אוילעם צו דעם אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען דער מיניסטער, אַן אַרומגערינגלטער פֿון אַלע זײַטן מיט די אָנפֿירער פֿון דער פּראָדוציר־פֿאַרייניקונג. וואָס אײַלט זי זיך אַזוי צום מיניסטער? אַזוי צי אַזוי, נאָר עס איז געווען צו זען, אַז מיט וואַסילן האָט זי זיך לאַכלוטן ניט אינטערעסירט. זי איז נאָך אַלץ געווען בארויגעז אויף אים. און אויך איבער זײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיט באָסענקאָן.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט געשפּאַנט ניט געאײַלט, כאָטש ער האָט געזען, ווי אַרום אים צעעפֿענען זיך פֿילצאָליקע שירעמס, עס האָט אָנגעהויבן מראַקען אַ רעגן. ער האָט מיט פֿאַרגעניגן אונטערגעשטעלט זײַן צעהיצטן קאָפּ צו די ערשטע טראָפּנס. און ווען דער קאָפּ האָט זיך עטוואָס אָפּגעקילט, האָט ער, קימאַט אַ באַרויִקטער, אַ קלער געטאָן: ס׳אַ ליגן. באָסענקאָ איז אים קיין שום פֿרײַנט. כ׳דולד אים פּאַשעט, ווי איך דולד דיך, רעגינע. ווײַל איך בין געוווינט באַציִען זיך צו מענטשן מיט געדולד.

ס׳איז געשען אַזוי: נאָכן איבעררײַס האָט דער מיניסטער געפֿרעגט, צי עס זײַנען פֿאַראַן פֿראַגן צו אים, אָדער עפּשער וויל עמעצער אַרויסטרעטן. שמייכלענדיק, האָט ער געוואָרנט:

— רעדט, וואָס איר ווילט, נאָר ניט וועגן באַזאָרגונג מיט רויוואַרג און מאַטעריאַלן.

נאַזאַרעוויטש האָט אָנגעהויבן זײַן אַרויסטרעטונג גראָד פֿון באַזאָרגונג. ניט־ריטמישע באַזאָרגונג רופֿט אַרויס לײַדיקשטיין בײַ די אַרבעטער און פֿאַרמינערט זייער אַרבעטסלוין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע שוועלבעלע פֿון זײַן צוזאָג לעטויווּעס די זאַוואָד־אַרבעטער. און דאָס צווייטע: ער האָט אָפּאַנעם געוואָלט באַווײַזן זײַן דענקענדיקייט און אַפֿילו שרעקלאָזיקייט פֿאַר דעם מיניסטער אַליין. אין טאָך אָבער איז ער געווען גערעכט.

דער מיניסטער האָט אומצופֿרידן אים איבערגעשלאָגן:

— איך האָב אײַך דאָך געוואָרנט...

אַ באַליידיקטער, האָט מיכאיל קאַנאַנאָוויטש אַרויסגעשטאַמלט:

— אויב אַזוי, האָב איך ניט וואָס צו זאָגן.

און ער האָט זיך צוגעזעצט.

דער מיניסטער האָט אים פֿירגעוואָרפֿן:

— צו פֿרי האָט איר זיך צוגעזעצט.

נאַזאַרעוויטש איז אופֿגעשטאַנען, פֿעסט אַ רײַב געטאָן דעם שטערן מיט די פֿינגער — דאָס איז שטענדיק געווען אַ סימן פֿון זײַן אינווייניקסטער אָנגעשטרענגטקייט — און זיך צוגעגרייט אויסהערן דעם מיניסטער.

מיניסטער: אָט וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן, כאַווער נאַזאַרעוויטש. איר פֿאַרקלאָגט זיך, אַז דער מיניסטעריום העלפֿט אײַך ניט מיט גאָרניט...

נאַזאַרעוויטש: כ׳האָב דאָך אַפֿילע ניט באַוויזן זיך צו פֿאַרקלאָגן.

מיניסטער: ...איז עפּשער וואָלט איר אַ קלער געטאָן, אַז אײַך איז פֿיל גרינגער צו אַרבעטן, ווי, אַשטייגער, אַ ביזנעסמען, אויף וועמענס קאָפּ הענגט אָן אויפֿהער די גרויזאַמע קאָנקורענץ, קריזיסן, שטרײַקן... ניט ריכטיק?

לוטשקאָ: ריכטיק, ניקאָלײַ דמיטריִעוויטש.

מיניסטער: דאָס פֿרעג איך אײַך, כאַווער נאַזאַרעוויטש.

סאַמע דעמלט האָט באַסענקאָ אַ שעפּטשע געטאָן דודאַרן:

— שוין. אַ סאָף צו נאַזאַרעוויטשן. און ביפֿראַט, וואָס ביז צו דער פּענסיע איז ניט לאַנג צו וואַרטן.

— לוטשקאָ איז דאָך אָבער עלטער פֿון אים.

— נאָר דאָס איז לוטשקאָ. ער איז אַ פֿאַרדינסטפֿולער. ער האָט אַ סאַך באַלױנונגען.

וואַסיע האָט באַקומען ראַכמאָנעס אויף נאַזאַרעוויטשן. און ער האָט, ווי דאָס ערשטע מאָל, פֿאַרשעמט אויפֿגעהויבן צוויי פֿינגער, ווי אַ שילער.

לוטשקאָ האָט אַ שעפּטשע געטאָן דעם מיניסטער:

— דאָס איז וואַסילי דודאַר, וועגן וועלכן כ׳האָב אײַך דערציילט.

פֿון די ערשטע ווערטער זײַנע האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש דערפֿילט רעגינעס בליק, פֿול מיט פֿאָרוואורף. דאָס מאָל האָט זי ניט באַוויליקט נאַזאַרעוויטשעס פֿלוצעמדיקן אויפֿברויז, זי איז גיכער געווען אויף דער זײַט פֿון דעם סימפּאַטישן מיניסטער. איז וואָר בעט אים, וואַסקען, פֿאַרטיידיקן נאַזאַרעוויטשן?..

און ער אַליין... ניט וואָס ער רעדט נישט צו דער זאַך, נאָר עפּעס פֿאַרהיקעט זיך.

...אינגיכן האָט אויפֿגעהערט רעגענען. פֿון אונטער דער כמאַרע האָט לײַכט אַרויסגעקוקט די לעוואָנע און ווי אַ שמייכל געטאָן צו דער אָוונטדיקער שטאָט. צו יענער צײַט איז וואַסילי מיראָנאָוויטש שוין געווען אין צענטער פֿון דער שטאָט. ער האָט נאָך מער פֿאַרפֿאַמעלעכט זײַנע טריט. שפּאַצירנדיק, האָט ער פֿאַרקערעוועט אין עפּעס שמאָלע געסלעך, וואָס זײַנען שוין אַלט, קיין אײַנהאָרע, דרײַ הונדערט און עפּשער פֿינף הונדערט און מעגלעך אַפֿילע זיבן הונדערט יאָר. זיי האָבן זיך צעשפּרייט פֿאַר זײַנע אויגן ווי שלאָפֿנדיקע שיינהײַטן, וועלכע מ׳האָט פֿאַרגעסן איבערבאַלזאַמירן, זעען זיי אויס ווי פֿאַרטריקנטע מומיִעס. ער האָט ליבלעך אַ פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט, און באַלד האָבן זיך באַוויזן פֿאַר זײַנע אויגן היימישע געשפּענסטן. ער האָט דערזען דודאַר דעם ערשטן, דעם אור־אורזיידן זײַנעם, דעם שטאַמפֿאָטער פֿון אַלע דודארס אויף דער וועלט, וועלכער האָט ערלעך פֿאַרדינט דעם דאָזיקן פֿאַמיליע־נאָמען דערפֿאַר, וואָס ער האָט אויסגעמײַסטרעוועט אַ וווּנדער־דודע, פֿון וועלכער ער פֿלעגט אַרויסבאַקומען צויבערדיקע נגינעס, וואָס פֿלעגן פֿאַרגליווערט ווערן כוואַליעסווײַז: אָט דערהויבן ביזן הימל און אָט פֿאַרשווונדן געוואָרן צווישן די מעשונעדיקע פֿעלדזן.

די דאָזיקע פֿעלדזן רופֿט מען — „טײַוואָלאָנישע“. זומער, אין די זונטיקדיקע טעג, פֿלעגן זיי אַמאָל — ער מיטן טאַטן — קומען אַהער שפּילן פֿוטבאָל. די מאַמע איז געשטאַנען בײַ די „טויערן“ אַלס אַ גאָלקיפּער. די טויערן זײַנען געווען אָפּגעמערקט מיט צוויי פּאָר שיך פֿון בײדע זײַטן. וואָס איז שײַעך רוט, פֿלעגט זי זיך טראָגן איבער דעם פּיצל פּלאַץ, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט צעשויבערטן גראָז, ווי אַ פֿאַרדולטע, מיט אַ קלינגעוודיקן געלעכטער, און די מאַמע אירע, בליומע, איז איר אַלץ נאָכגעלאָפֿן און געקוואָקעט:

— ניטע, רוט! לויף ניט אַרום! קאָנסט נאָך, כאָלילע, אומפֿאַלן!

וואַסיע דודאַר איז געווען צאַרט פֿאַרליבט אין לוואָוו, ווי, אַשטייגער, אַ פּאַריזשער אין פּאַריזש. קיין אײפֿעל־טורעם איז דאָ, עמעס, ניט פֿאַראַן. דערפֿאַר אָבער איז פֿאַראַן אַ הויכער שלאָס. וואַסילי האָט זיך אַ קער געטאָן מיטן פּאָנעם צו מיזרעך — אָט איז ער! אַ הויכער, נאָך העכער פֿונעם טעלעוויזיע־טורעם.

פֿלוצעם פֿאַרקרימט זיך וואַסיעס פּאָנעם. ער דערמאָנט זיך פֿול גרויליקס... אַ מעשונעדיקער קרייץ! אַ שרעקלעכער קרייץ! און אַ גוואַלדאָוונע טליִע... אָ, גאָט מײַנער!

מע דאַרף ניט, וואַסיע. יאַטרעווע ניט די וווּנדן. דער פּאַשיזם איז צעקוועטשט, שוין זשע איז דאָס דיר ווייניק?

ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפֿן ברייטן לעניִן־פּראָספּעקט. ס׳איז שוין שפּעט. קיין מענטשן זעט מען ניט. שאַ־שטיל. פֿון די האַלב הוילע צווײַגן פֿאַלן אַראָפּ טראָפּנס, צעשפּריצנדיק די שטילקײַט. ווייך שורשענדיק איבער דעם נאַסן אַספֿאַלט, האָט צוגעראָלט אַ מאַשין. מ׳האָט אים אַ רוף געטאָן. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אומגעקוקט. אין דער מאַשין זײַנען געזעסן נאַזאַרעוויטש און רעגינע. מיכאַיִל קאָנאָנאָוויטש האָט אויפֿגעעפֿנט דאָס טירל:

— זעצט זיך. כ'וועל אײַך אונטערפֿירן.

וואַסילי האָט שווײַגנדיק איבערגעפֿירט דעם בליק פֿון נאַזאַרעוויטשן אַף רעגינען. זי האָט אויסגערעדט קימאַט ליבלעך:

— זעץ זיך.

ער האָט שווײַגנדיק אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ. ניין, ער וויל ניט. דאָס טירל האָט זיך פֿאַרהאַקט. די מאַשין האָט אַ יאָג געטאָן ווײַטער. אַ צײַט האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש גלײַכגילטיק איר נאָכגעקוקט. בלויז שפּעטער האָט אַ שוועב געטאָן אַ געדאַנק: ווו זשע זײַנען זיי געווען אַזוי שפּעט?

# 12

באַלד נאָך דער אַרבעט איז וואַסילי מיראָנאָוויטש אַרײַן אין טראַמוויַ נומער איינס און איז צוגעפֿאָרן צום צענטער. דאָרטן האָט ער געהאַט אין זינען זיך איבערזעצן אין טראַמוויַ נומער צוויי און צופֿאָרן אין שפּיטאָל מעוואַקער־כוילע זײַן דעם שווער.

אַרויס פֿונעם טראַמוויַ, האָט ער באַשלאָסן זיך אַרײַנכאַפּן אין אַ קוויטן־מאַגאַזין, וואָס געפֿינט זיך ניט ווײַט, און קויפֿן אַ בוקעטל פֿאַר דעם קראַנקן.

אויפֿן פּלאַץ אַנטקעגן דעם מאַגאַזין איז אַמאָל געווען ראַשיק און באַלעבאַט. ערשטנס — אַ סאַך טויבן, וואָס האָבן זיך געניסטעט אונטער דעם דאַך פֿון אַ פֿאַרלאָזטן יעזויִטן־קאָסטיאָל. ווי נאָר עס פֿלעגן זיך באַווײַזן אויפֿן פּלאַץ קינדערלעך מיט זייערע מאַמעס און באָבעס מיט שקאַרמיצלעך מיט קערנער, פֿלעגן די טויבן האַסטיק אַראָפּפֿליִען אַף דער ערד מיט אַ צעפּלאָכעטער וואָרקעניש. די קערנער האָט טאַקע דאָ אויפֿן אָרט פֿאַרקויפֿט עפּעס אַן אַלטע, האָרבאַטע פֿרוי, נאָר די קינדער האָבן זיך שוין צוגעווינט צו דער דאָזיקער אַלטיטשקער, צו דער באַנק, אַף וועלכער די פֿרוי איז געזעסן.

נאָר עס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז פֿון די דאָזיקע טײַבעלעך קאָן מען נאָך, כאָלילע, זיך אָנשטעקן. האָט מען אויפֿגעהערט צולאָזן צו זיי די קינדער, קיינער האָט זיי שוין ניט געהאָדעוועט, די טויבן זײַנען פּאַמעלעך ערגעץ פֿאַרשוווּנדן געוואָרן און אײַנייִנעם מיט זיי אויך די האָרבאַטע פֿאַרקויפֿערן, און אַף איר אָרט האָט זיך איינמאָל באַוויזן אַן אַלטיטשקער פֿידלשפּילער.

כאָטש אַט דער קוויטן־מאַגאַזין איז דער גרעסטער און דער בעסטער אין שטאָט, איז דער אײַסוואַל געווען גאָר אַ באַגרענעצטער. וואַסילי האָט געקויפֿט דרײַ ווײַסע, ניט איבעריק פֿרישע, רויזן און אײַנגעוויקלט זיי אין אַ צײַטונג. נאָכדעם האָט ער געקויפֿט נאָך איין קוויט, און, אַרויסגייענדיק פֿונעם מאַגאַזין, צוגעגאַנגען צום פֿידלער און פֿאָרזיכטיק אַנידערגעלייגט זי אין דעם צעעפֿנטן שײַדל, וואָס איז געלעגן אַף דער ערד, לעם די פֿיס פֿונעם אַלטיטשקן.

דערזען אַ מיליציאָנער, האָט דער פֿידלער אויפֿגעהערט שפּילן און גענומען אין גרויס אײַלעניש אײַנפּאַקעווען דעם פֿידל, און ניט אומיסטן צוגעקוועטשט די בלום. דער מיליציאָנער האָט אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע צוויי מאַטבייעס, זיי אַנידערגעלייגט אויפֿן שײַדל און איז אַוועק ווײַטער. וואַסיע און דער פֿידלער האָבן אים באַגלייט מיט אַן אַנציקטן בליק.

איצטער האָט וואַסילי זיך געלאָזט צום טראַמוויַ נומער צוויי, צונויפֿזאַמלענדיק אונטערוועגס גרײַפּעלעך פֿרייד פֿאַרן כוילע.

ווי געוויינלעך, האָט וואַסיע צוגעוואַרט, ביז וואַנען אַלע איבעריקע וועלן זיך אַרײַנשטופּן אין דעם וואַגאָן, און ערשט דערנאָך איז ער לײַכט אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן טרעפּל אַף אַ האַלבער סעקונדע פֿריִער איידער די טיר האָט זיך פֿאַרהאַקט.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט ליב געהאַט פֿאָרן אין אַ טראַמוויַ. אין זײַן סאַלאָן איז שטענדיק פֿאַראַן מער לופֿט און שײַן, איידער אין אַ טראָלייבוס. אָנכאַפּנדיק זיך פֿעסט פֿאַר דער גלאַטער אָפּגעפּאָלירטער פּאָרענטשע, האָט ער אַ קוק געגעבן אין פֿענצטער, נאָך אַלץ זאַמלענדיק גרײַפּעלעך פֿון אַ לעבעדיק לעבן.

אָט גייט, אַשטייגער, אַ באָכערל מיט אַ פֿוטבאָל־פּילקע אין די הענט. ניט ער גייט, נאָר ער יאָגט מיט אַ האַסטיקן שפּאַן. די פּילקע טראָגט ער ניט גלאַט אַזוי, נאָר ער גלעט זי מיט ליבע.

ער וועט טאַקע דערציילן דעם שווער וועגן דעם, וועט דאָס אים געפֿעלן ווערן.

אָט גייען צוויי סאָלדאַטן, און ניט זיי גייען, נאָר קוים וואָס זיי שלעפּן זיך, וואָרעם, ווײַזט אויס, זיי זײַנען שוין מיד פֿונעם מיליטערישן שפּאַן. נוצן זיי אויס די געלעגנהײַט און שפּאַצירן אַרום פֿרײַ, פּאַוואָלינקע...

אָבער דאָ וועט דער שווער אים איבערשלאָגן און וועט אים זאָגן מיט בענקשאַפֿט:

— כ'וויל אַהיים.

דער שפּיטאָל איז פאַרקוועטשט צווישן אַנדערע געבײַדעס. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אופֿגעהויבן אויפֿן דריטן שטאָק, אין דעם אוראָלאָגישן אָפּטייל, און אַוועק צו דער פּערטער פּאַלאַטע. ער האָט גלײַך דערהערט וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטשעס הייזעריקלעכע שטים. אַן אָנגעטאָנענער אין אַ צעקנייטשטער פּיזשאַמע, איז ער געזעסן בײַ אַ טישל אין דעם קאָרידאָר און געמישט אַ גרויסן בוך.

„שוין זשע די ביבל?“ — האָט וואַסילי אַ טראַכט געטאָן. ניין, עס קאָן ניט זײַן. דער שווער איז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס געווען אַן אויסגעהאַלטענער אַפּיקורעס. כּוץ דעם, איז דער קאָליר פֿון די טאָוולען ניט קיין שוואַרצער, ניט קיין טונקעלער, נאָר אַ העל־רויטער.

דער ניט־באַריידעוודיקער וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט, שמייכלענדיק, דערלאַנגט דעם קראַנקן דעם בוקעט רויזן.

— ווי אַזוי פֿילט איר זיך?

דער אַלטער האָט דערשפּירט דעם פֿרישן אָטעם פֿון דעם טומלדיקן דרויסנדיקן לעבן. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, הילכיק פֿאַרמאַכט דעם סייפֿער, און אויך קעמוי אַ שמייכל געטאָן, נאָר דער שמייכל האָט זיך באַקומען אַ געצוווּנגענער, אַ נעבעכדיקער.

— נישקאָשע. מע גרייט מיך צו דער אָפּעראַציע.

אויסגערעדט האָט ער דאָס אָפּגעטעמפּט, גלײַכגילטיק, ווי ניט אים, נאָר עמעצן אַנדערש גרייט מען צו דעם, וואָס האָט צו אים קיין שײַכעס ניט.

— וואָס פֿאַר אַ בוך לייענט איר?

— עט, אַ בוך פֿון אָפּרופֿן און דאַנקבאַרקײַטן. — דער אַלטער האָט אַ צוק געטאָן מיטן אַקסל. — פּוסטע שרײַבעכצן. אַלע זאָגן אַרויס זייערע „טיפֿע דאַנקען־ישן“, כּוץ יענע, וואָס זײַנען געשטאָרבן נאָך דער אָפּעראַציע.

— מיט וואָס זשע איז דאָס אַזוי שלעכט?

— שלעכטס ניט. נאָר גוטס אויך ניט.

— פֿאַרוואָס?

— זיי שרײַבן אַראָפּ איינער באַם צווייטן, ווי שילער. קאָן דען אַזוינס זײַן פֿונעם גאַנצן האַרצן?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אַ בלעטער געטאָן דעם בוך. די גרײַפּעלעך פֿון פֿרייד האָט ער דערווײַל פֿאַרבאָרגן אין זיך, עס זאָל זיך ניט באַקומען, אַז ער האָט דאָס ספּעציעל פֿאַרן אַלטיטשקן געזאַמלט. זועט ער אָפּוואַרטן מיט דעם ביז דאַן, ווען דאָס וועט זײַן צום אָרט. דערווײַל האָט וואַסילי געבלעטערט דעם בוך, געלייענט אין זיך, און בלויז אייניקע ווערטער אויסגערעדט הויך אויף אַ קאָל, אופֿהייבנדיק אַלעמאָל די אויגן אויף וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטשן, וואָס איז געזעסן אין אײַנגעקאָרטשעטער אויפֿן בענקל. די האַלב־צעשפּיליעטע פּיזשאַמע האָט קוים פֿאַרדעקט זײַן גראָווע האָריקע ברוסט.

ווירקלעך, די דאַנק־אויסדרוקן זײַנען, ווי מע זאָגט, „אויף איין מאָטיוו“. אַ קראַנקער פֿלעגט זיך מיסטאָמע צוזעצן, אַ לייען געטאָן דאָס, וואָס אַנדערע קראַנקע האָבן געשריבן, און איבערגעכאַזערט, — אַמאָל וואָרט באַ וואָרט, און אַמאָל אַ ביסל איבערגעאַנדערשט, נאָר אין טאָך דאָס זעלבע.



צומאָל קאָן מען אָנטרעפן אַף עכטע האַרץ־אויסגעשרייען. סאַמע דאָס האָט דודאַר געלייענט אינדערהויך.

„מעסירעסנפּעפּעשדיק קעמפּט איר קעגן טויט. יעדעס אָפּגעראַטעוועט לעבן איז אײַער העלדנטאַט!"

דאָס איז אַ ווענדונג צום הויפּט־כירורג וואָלינסקין. ער איז דער „הויפּט" ניט לויט זײַן שטעלע. ער איז פּאַשעט דער בעסטער כירורג אין דעם אָפּטייל, און יעדער איינער וויל טרעפן אין זײַנע הענט. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אים געזען בײַסן רונד־באַזוך. אַפן קאָפּ — אַ הויכער ווײַסער קאָלפּעק, דער כאַלאַט איז קוים ביז צו די קני, פון די ווײַסע אַרבלען שטעקן אַרויס קרעפטיקע הענט, אַף וועלכע מע קאָן זיך פאַרלאָזן.

— ניטאָ בײַ אים, וואַסיע, קיין צאַרטע געפילן. פאַרקערט, ער איז אַ ביסל גראָבלעך און צופיל זעלבסטזיכער, — קלאָגט זיך דער שווער.

— שוין זשע איז אין די אָפּרופן הוילע כניפע? — פרעגט וואַסילי מיראָנאָוויטש.

— ניין, ניט כניפע! — שרײַט אויס דער שווער.

— איז אין וואָס גייט עס דאָ?

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש טײַטלט מיט ביינערדיקע עטוואָס ציטערנדיקע פינגער אַף די ניט גלײַכע אויפגערעגטע שורעס:

— ט'האָסטו. לייען.

וואַסילי מיראָנאָוויטש נעמט לייענען אינדערהויך.

„הײַנט פאַרלאָז איך די שפּיטאָל־ווענט. אין מײַן האַרצן איז אַן אומבאַגרענעצטער גליק, פרייד, וואָס איך גיי אַרויס פונעם שפּיטאָל פולקום אַ געזונטער. און פאַר דעם דאָזיקן גליק האָב איך צו פאַרדאַנקען אײַך... אײַך... נאָר אײַך..."

וואַסיע לייענט און באַטראַכט די קרומע שורעלעך. אָט ציִען זיי זיך אַרויף און אָט לאָזן זיי זיך אַראָפּ. מע האָט קלאָר געקאָנט פאָרשטעלן זיך דאָס פּאָנעם פון דעם כוילע, אַן אומגליקלעכס און אַ גליקלעכס, וואָס האָט מיט דער הילף פון דעם כירורג וואָלינסקי אויסגעשפּילט נאָך אַ פּאָר יאָר לעבן.

וואַסילי בלעטערט די צעטלעך, די שורעס ציטערן נאָך אַלץ און שפּאַלטן זיך, און עס שווימען אַרויס פון זיי געזיכטן, מענערישע און פרויִשע. ערשט איצטער האָט וואַסיע פאַרשטאַנען, נאָך וואָס דער אַלטער שווער זײַנער לייענט מיט אַזאַ האַסמאָדע דעם דאָזיקן בוך: ער גרייט זײַן אייגענעם דאַנק, אויב די אָפּעראַציע וועט דורכגיין מיט מאַזל.

איצט איז געקומען די ווײַלע דערציילן דעם אַלטן וועגן יענץ באַכערל, וואָס האָט געטראָגן אין ביידע הענט אַ געוויינלעכע פוטבאָל־פּילקע, ווי אַן ערדקײַלעך, ער האָט געטראָגן אַף די הענט זײַן אייגענעם גליק. ווי ווינציק איז נייטיק, אַז אַ מענטש זאָל זיך דערפילן גליקלעך!

— צוליב וואָס דערציילסטו מיר דאָס? — האָט אַ פאַרכמורעטער געפרעגט וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש.

געפרעגט און אויפגעהויבן די אויגן אַפן איידעם. און גלײַך פאַרשטאַנען צוליב וואָס. פאַרשטאַנען לויט וואַסיעס טונקל־ברוינע אויגן, וואָס האָבן אויסגעשטראַלט טאַקע די זעלבע פרייד־גרײַפּעלעך, וועלכע ער האָט אַזוי זאָרגזאַם געזאַמלט אַפן וועג אַהער.

— פאַראַן בײַ אונדז אַ טעלעוויזאָר. און דערצו נאָך אַ קאָלירטער, — האָט ער געמאָלדן.

וואַסיע האָט זיך צוגעהערט. צוויי קלאַנגען־כוואַליעס פון צוויי פאַרשיידענע זײַטן, אַזעלכע פאַרשיידענע, אַזעלכע קעגנזעצלעכע. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט ניט־ווילנדיק אַ צאַפּל געטאָן, באַדויערנדיק, וואָס דער שווער האָט דאָס באַמערקט. איינע — יובלדיקע אויסגעשרייען פון „באָליעלשטשיקעס". די צווייטע — האַרצרײַסנדיקע קרעכצן.

— וואָס איז דאָס? — האָט וואַסיע געפרעגט.

רודזיוק האָט זיך געוווּנדערט: וויִאַזוי האָט וואַסיע דערהערט די קרעכצן דורך אַן אויסברוך פון ווילדע אויסגעשרייען? ער האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט.

— לאָמיר בעסער צוגיין נעענטער צום טעלעוויזאָר.

וואַסיע האָט זיך אויך אויפגעהויבן און ווידעראַמאָל געפרעגט:

— ווער קרעכצט עס אַזוי שרעקלעך?

וולאַדימיר באָגדאַנאָוויטש האָט געמוזט ענטפערן:

— דאָס איז פון דער צווייטער פּאַלאַטע. אַ פרוי שטאַרבט. פון קאַנצער.

דער טעלעוויזאָר איז געשטאַנען אין דעם צווייטן ברעג פונעם לאַנגן קאָרידאָר, איבער וועלכן עס האָבן אַרומגעבלאָנקעט קראַנקע מענטשן מיט פלעשלעך, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען פון די העלדזער און אַרויסגעבלישטשעט פון צווישן די האַלב־אויפגעפּראַלטע כאַלאַטן. די דאָזיקע פלעשער האָבן אָפּגענומען בײַ די זקיינים זייער ווירדיקײַט. זיי האָבן אויסגעזען נעבעכדיק און אומבאַהאָלפן.

אלעמאָל האָבן זיי אונטערגעצויגן די פּיזשאַמע־הויזן. ניט דערגייענדיק צו דער צווייטער פּאַלאַטע, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט, אָפּטרײַבנדיק פון זיך די קרעכצן פון דער שטאַרבנדיקער.

די מערהײַט פון די קראַנקע האָבן זיך געטאָפּטשעט באַם טעלעוויזאָר. מיטאַמאָל איז געוואָרן טויט־שטיל. א פּאַרדרײַגעטע שוועסטער האָט א שפּעטשע געטאָן א צווייטער: „געשטאָרבן!" דער אָנגעשפּיצטער געהער פון די קראַנקע האָבן אויפגעכאַפּט דאָס דאַזיקע וואָרט, וואָס האָט שוין לאַנג געשוועבט אין דער לופט. עמעצער האָט אויסגעשלאָסן דעם טעלעוויזאָר, א צווייטע האַנט האָט אים ווידער אײַנגעשלאָסן.

ניט צוניפּריידנדיק זיך, האָבן דער שווער און דער איידעם זיך אופגעהויבן און געלאָזט זיך גיין. וואָלאָדימיר באַגדאַנאָוויטש האָט שוויַגנדיק א צי געטאָן דעם איידעם פאַרן אַרבל און זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין דער פּאַלאַטע.

אין דער פּאַלאַטע שטייען פיר בעטלעך. דרײַ — ליידיקע, רודזיוקס און נאָך צוויי, וואָס זיצן מיסטאָמע באַם טעלעוויזאָר. בלויז אויף איין בעטל ליגט א מאַנצבל, פאַר וועלכן דאָס בעטל זעט אויס צו קליין. א גרויסער קאָפּ, א שוואַרצער, א צעשויבערטער, האָט צוגעקוועטשט שטאַרק דעם עק פונעם קישן.

מע האָט אים הײַנט געבראַכט צו פירן אהער גלײַך פון דעם אָפּעראַציע־טיש. רודזיוקן און נאָך צוויי, וואָס זײַנען נאָך ניט אָפּערירט, איז אויסגעקומען מיטהעלפן דער שוועסטער אַריבערלייגן דעם כוילע פון דעם וועגעלע אויפן בעטל. דער קראַנקער, נאָך אויף האַלב אונטערן נאַרקאָז, האָט הילכיק געיאָמערט, געשריגן, און עס איז געווען קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, וואָס אזא ווערגעלעך רעוועט ווי א קליין קינד. נאָר ווען דער כוילע האָט אָנגעהויבן זיך שעלטן, האָבן אַלע אָפּגעזיפצט מיט א דערלײַכטערונג, דער יונגיטשקער שוועסטער האָט דאָס אויך ניט געקימערט: דעריקער, דער קראַנקער סקאַנדאַליסט ווײַזט ארויס עכטע סימאָנים פון לעבן.

די שוועסטער פּרוּווט אים באַרויקן, נאָר דער כוילע הערט אָלציינס ניט אויף צו שרײַען, ביז די שוועסטער מאַכט אים ניט קיין אײַנשפּריצונג. דער כוילע הערט אויף צו שרײַען, נאָר דערנאָך קרעכצט ער ארויס:

— איך וויל שטאַרבן! — נאָכדעם שוין א ביסל אַנדערש: — כ׳וויל טרינקען.

טרינקען? כאַלילע. מע טאָר ניט. די שוועסטער באַנעצט אים בלויז די ליפּן, נאָר דער כוילע נעמט ווידער שרײַען:

— טרינקען! טרינקען!

בא דער יונגיטשקער שוועסטער איז דאָס געדולד נאָך ניט פאַרהאַרטעוועט. שרײַט זי אָן אויף אים.

— באַרויקט זיך סאַפּקאַלסאַף, טערעשטשוק!

וואָלאָדימיר באַגדאַנאָוויטש קומט איר צו הילף (א ראַכמאָנעס, נעבעך, אויף דער שוועסטער):

— הערט אויף, טערעשטשוק! וויפל איז דער שיר! אזא געזונטער מאַן און צעכניקעט זיך ווי א זקיינע! מיינסט, אז זי זשאַלעוועט דיר וואַסער? נאָר מע טאָר ניט! האָב געדולד!

דער כוילע קרעכצט און בורטשעט:

— מיר וועלן שוין זען, ווי איר וועט האָבן געדולד, ווען...

שלאָגט אים רודזיוק איבער:

— פאַרשטאַנען. זאָלט איר מיך דעמלט אויך אויסזידלען, כ׳זאָל זיך האַלטן ווי א מאַנצבל.

די טיר עפנט זיך און עס גייט אַרײַן א יונגער כירורג. ער גייט צו צו טערעשטשוקס בעטל.

— נו, ווי גייט עס?

— סע טוט וויי, סע טוט מעסוקן וויי, דאָקטער

דער כירורג, באַפעלעריש:

— ווישט אָפּ די ליפּן, טערעשטשוק!

דער קראַנקער הערט אויף צו קרעכצן, ווישט אויס די ליפּן. די אַנדערע קראַנקע אין דער פּאַלאַטע נעמען אויך ווישן די ליפּן. דער כירורג רעדט אויס גאַנץ שטרענג:

— ציכטיקײַט און אונטערגעצויגנקײַט באַזײַטיקן דעם ווייטיק.

נאָכדעם נעמט ער ארויס פון דער קעשענע א העל־ברוין שטיינדעלע, וואָס לויט דער גרייס און דער פאָרעם איז עס ענלעך אויף א צאָן.

— אָט דאָס־אָ האָבן מיר ארויסגעשלעפּט פון אײַער ניר. איך שענק דאָס אײַך אויף אָן אָנדענק.

דעם כוילעס פּאָנעם פאַרונצלט זיך פון ווייטיק, אָבער דורכן ווייטיק לײַכט זיך שוין דורך זײַן ערשטער, נאָך דער אָפּעראַציע, שמייכל.

— א שיינעם דאַנק אײַך, דאָקטער.

דער דאָקטער האָט נאָכלעסיק א וואָרף געטאָן דאָס שטיינדל אויפן טיש. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעבויגן צו דעם בעטל, מיט קויעך א דריי געטאָן עטלעכע מאָל דאָס הענטל באַם צופוסנס, דער צוקאָפּנס האָט א ביסל זיך אונטערגעהויבן, און דעם קראַנקן איז ווי געוואָרן גרינגער צו אָטעמען.

דער דאָקטער האָט געכאַפּט א קוק אַף דער שוועסטער, נאָר גאָרנישט ניט געזאָגט. די שוועסטער האָט זיך פאַרויטלט.

איצט, ווען רודזיוק מיטן אײדעם זײַנען אַרײַן אין דער פּאַלאַטע, האָבן זײ דערזען ווי טערע־שטשוקס גרויסער קאָפּ וואַרפט זיך אומרויִק איבער דער קישן.

— ווער האָט אַזוי שרעקלעך געקרעכצט? — האָט ער געפרעגט מיט א פּאַכעד אין די אויגן.

רודזיוק האָט גלײַכגילטיק געענטפערט:

— גאָרניט. אויך — נאָך דער אָפּעראַציע.

— מע מאַכט דען דאָ אָפּעראַציעס אָפּדערנאַכט? — האָט טערעשטשוק געפרעגט.

— אַז מע דאַרף — מאַכט מען.

קעדיי אויסמײַדן דעם ווײַטערדיקן געשפּרעך, האָט וואַסילי ווידער געפרעגט דעם שווער:

— איז פונדעסטוועגן — ווי פילט איר זיך, טאַטע?

דעם אַלטן איז געוועזן ביז גאָר צום האַרצן, וואָס דער אײדעם האָט אים געזאָגט „טאַטע". די קנייטשן אַף זײַן פּנים האָבן זיך צעשײַנט.

— נישקאָשע. עס איז צו דערלײַדן, אַזוי צו זאָגן.

— ס'איז גוט, וואָס צו דערלײַדן. די דאָקטוירים אײַצענען זיך ניט אַרײַנלאָזן טיף אין דער קראַנקהײַט, ניט אַרײַנקריכן אין איר. און דאָס העלפט וואָס גיכער אַרויסקריכן פון איר.

דער שווער האָט זיך גלײַך אָנגעצונדן, און וואַסילי האָט דערפילט, אַז ער האָט דערלאָזט א פעלער.

— ניט אַרײַנקריכן אין דער קראַנקהײַט! אַנו, פּרווו ניט אַרײַנקריכן, ווען זי, די קרענק, דער־מאָנט וועגן זיך אַף יעדן שריט און טריט!

ער האָט אָנגעוויזן מיט א פינגער אַף דעם קרעכצנדיקן טערעשטשוקן.

— און דאָס־אָ איז דען ניט קײן דערמאָנונג? און יענק־אָ איז ניט קײן דערמאָנונג?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס דער אַלטער מײנט: „דאָס־אָ" איז דאָס בלוט, וואָס טריפט נאָך אַלץ פון טערעשטשוקס ניר, און „יענק־אָ" איז די געשטאָרבענע פון קאַנצער. דער אַלטער, ווידער מיט אופגעבראַכטקײַט:

— און דאָס איז ניט קײן דערמאָנונג? — האָט ער א טיטשע געטאָן מיטן פינגער אין דעם אופגעפּראַלטן פּיזשאַמע־רעקל. — און דאָס, וואָס איך לויף אין טואַלעט צען מאָל פּאַר א נאַכט?..

נו, גוט. לאָמיר מער ניט רעדן וועגן דעם. זאָג מיר בעסער, ווי האַלטסטו מיט רעגינען?

— וואָס הייסט, ווי איך האַלט?

— מאַך זיך ניט טאַמעוואַטע, מע דאַרף ניט. עפּשער מײנסטו, אַז מיר איז אַזוי גרינג צו רײדן מיט דיר וועגן דעם?.. נאָר איך באַדויער... דו פאַרשטייסט?.. איך האָב פּאַשעט ראַכמאָנעס אַף דיר.

— וואָס דאַרפסט איר האָבן ראַכמאָנעס אַף מיר, טאַטע? אַלץ איז בא אונדז אין אָרדענונג. סײַדן עפּשער אײניקע ניט וויכטיקע באַמערקונגען, אַשטייגער, אַז איך פויל זיך פאַרבינדן דעם האַלדז־טוך, אָדער וואָס כ'האָב ביז הײַנט ניט פאַרלאָזט זיך קײן באַקענבאַרדן...

— כ'פרעג דיך ערנסט, וואַסיע.

— און כ'ענטפער ערנסט, טאַטע.

רודזיוק האָט נערוועז א צוק געטאָן מיטן רעכטן אַקסל.

— אָט וואָס, וואַסילי. אויב דו וועסט זיך ניט דורכשמועסן מיט איר, וועל איך אַלײן...

— וואַסיע האָט קינדעריש פאַרקרימט דאָס פּנים, אײַליק איבערגעשלאָגן:

— מע דאַרף ניט.

וואַלאַדימיר באָגדאַנאָוויטש האָט הויך א הײב געטאָן די צעשויבערטע ברעמען:

— וואָס הייסט, מע דאַרף ניט?

— צום אַלעם ערשטן, וועט דאָס גאָרנישט ניט געבן.

— וואָס הייסט, דאָס וועט גאָרנישט ניט געבן?

ווייך און ניט אינגאַנצן דײַטלעך האָט ער געגומען דערווידערן:

— וואָס קאָן העלפן א שמועס? גאָרניט. פאַרקערט, דאָס וועט נאָך מער... נאָך מער פאַר־קאָמפּליצירן... איך — אײן וואָרט, און זי — צוויי. און יעדעס וואָרט איז ניט פּאָשעט קײן וואָרט. אומבאַדינגט איז דאָס פול מיט אופרעגונג. די קריגערײַ ווערט ניט פאַרשטילט, נאָר, פאַרקערט, צע־פלאַקערט זיך מיט א נײַער קראַפט. און וואָס גיכער דער צוג נעמט זיך יאָגן, אַלץ שווערער איז צו האַמעווען אים.

דער אַלטער האָט זיך אָנגעכמורעט.

— דאָס אַלץ איז פילאָסאָפיע. וויִאַזוי דען קאָן מען עפּעס אויסקלאָרן? אָן א שמועס?

— אָט אַזוי. שווײַגנדיק.

— וואָס זשע פאַר א דערקלערונג איז דאָס, אויב שווײַגנדיק?

מיטאמאָל מישט זיך אַרײַן טערעשטשוק. קרעכצן האָט ער טאַקע געקרעכצט, נאָר פונדעסטוועגן זיך צוגעהערט:

— איר ווייסט, ווען מײַן פּלוינעסטע באַציט זיך צו מיר אַמבעסטן? — פרעגט ער, — ווען איך ווער קראַנק. זי ווערט ווייך און ליבלעך...

דער שווער און דער איידעם האָבן זיך איבערגעקוקט. ביידע זײַנען געווען זיכער, אַז דער כוילע איז אַזוי פאַרטיפט אין זײַן ווייטיק, אַז ער הערט גאָרנישט ניט. דערפאַר האָבן זיי גערעדט אַזוי פרײַ. טערעשטשוק, ווידער, האָט פאַרגעזעצט קימאַט מיט צאַרטקײַט:

— וואָס? איר גלייבט ניט? אָט וועט איר שוין אַליין זען. אײַנגיכן וועט זיך מײַן ווײַב באַווײַזן מיט א פול רענצל געשמאַקע מײַכאָלים.

רודזיוק האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— וואָס זשע קומט אַרויס פון די געשמאַקע מײַכאָלים, אויב אײַך איז שטרענג פאַרבאָטן צו עסן זיי?

טערעשטשוק האָט געפּרוּווט זיך אויפהייבן, נאָר זיך צעקרעכצט פון ווייטיק. נאָכדעם האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין:

— כ'וועל כאָטש א קוק טאָן אויף זיי, וועט מיר ווערן א ביסל גרינגער. נו, און א רייעך וועט זיך פאַרשפּרייטן איבער דער פּאַלאַטע, א מעכײַעדיקער.

רודזיוק האָט געוואָלט דערווידערן. נאָר וואַסילי איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— ריכטיק. זייער ריכטיק.

וואַסילי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט, צוגעגאַנגען נעענטער צו טערעשטשוקס בעטל, אָנגע־בויגן זיך איבער אים און אַרויסגערעדט גאַנץ שטיל:

— דאָס האָט איר זייער ריכטיק געזאָגט. זאָגט מיר, כ'בעט אײַך, אָט וועט קומען אײַער פרוי, נו, נאַטירלעך, וועט צווישן אײַך פאָרקומען א שמועס...

— וואָס פאַר א שמועס קאָן פאָרקומען צווישן אונדז? וואַסי, מיר קענען דען ניט איינער דעם צווייטן? זי וועט, פאַרשטייט זיך, פרעגן: „וויאַזוי פילסטו זיך, קאָסטיע?" און איך וועל איר ענטפערן: „איצטער איז שוין, דאַנקען גאָט, נישקאָשע, גאַליע, אַצינד בין איך שוין אויף דער זײַט..."

— און נאָכדעם? — האָט אַלץ אויסגעפרעגט וואַסיע. טערעשטשוק און זײַן ווײַב גאַליע האָבן זיך אים אויסגעוויזן ביז גאָר באַקאַנטע לויט זייער אַרט לעבן.

— און נאָכדעם וואָס? גאַליע, פאַרשטייט זיך, וועט אָנהייבן אַרומשמײַען, זי וועט אַרויסלייגן אויף דער טומבע קאָלערליי זאַפטן, קעפירן, יויכן, געבראָטענע עפּל, פּירעשקעס, אייער, נו, און אפילע א הינערש פליגעלע אויך...

וואַסיע שלאָגט איבער דעם כוילע:

— מע דאַרף ניט, קאָנסטאַנטין...

— אַקימאָוויטש.

— מע דאַרף ניט, קאָנסטאַנטין אַקימאָוויטש. איר טאָרט ניט ריידן צופיל. דאָס קאָן נאָך אײַך שאַטן.

און, ווי צונויפגערעדט, זײַנען זיי צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען, וואַסילי און זײַן שווער, און ווידער זיך צוגעזעצט פון ביידע זײַטן צום טישל, אויף וועלכן עס איז נאָך אַלץ געלעגן דער רויטער בוך. בא וואַסילן האָט דורכגעשוועבט א געדאַנק: עפשער וואָלט געווען א סייכל צוווארטן ביז גאַליע וועט קומען? אין דער מינוט דערהערט זיך דעם שווערס שטים, ווי ערגעץ פונדערווײַטנס.

— דיר ווײַזט זיך ניט אויס, אַז מיר האָבן זיך געביטן מיט די ראָלן?

אויף דעם ענטפערט וואַסילי מיראָנאָוויטש:

— כ'האָב אײַך נאָך ניט געענטפערט אויף יענער פראַגע.

— וועלכער פראַגע? כ'האָב שוין פאַרגעסן.

— „וואָס זשע פאַר א דערקלערונג איז דאָס, אויב שווײַגנדיק?"

— דו האָסט א שאַרפן זיקאָרן, וואַסיע. און איך האָב געמיינט, אַז ער איז א לעכערדיקער.

— ס'איז אָפּהענגיק וואָס. אויב עפּעס וויכטיקס, פאַרשליס איך דעם זיקאָרן אויף א שלאָס.

— וואָס זשע הייסט בא דיר וויכטיקס?

וואַסילי האָט אָנגעהויבן:

— וויכטיקס איז, ווען... — און אָפּגעהאַקט: — כ'ווייס אַליין נישט.

דער אַלטער האָט ניט אויסגעהאַלטן, צעלאַכט זיך, כאָטש ער האָט געהאַלטן אין איין פאַרזי־כערן אַלעמען און אויך זיך אַליין, אַז אים לאַכט זיך ניט.

וואַסילי האָט זיך ניט באַליידיקט. ער איז בלויז אַנשוויגן געוואָרן.

דער אַלטער רודזיוק האָט געמיינט, אַז דער אײדעם האָט זיך אַזוי טיף פאַרקלערט, ווײַל ער איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט איבער זײַן דײַטלעכער און קלאָרער פראַגע. האָט ער באַקומען אַף אים ראַכמאָנעס און באַשלאָסן אַרויסהעלפן אים.

— אָט וואָס, וואַסילי. דו ביסט צו אַ דעליקאַטער. רעגינען דאַרף מען נעמען אין די הענט. זי מוז וויסן איר אָרט. און דו דאַרפסט זײַן דער באַלעבאָס אין שטוב.

— ווייסט איר וואָס, טאַטע... לאָמיר בעסער... עפּשער וואָלטן מיר בעסער דורכגעקוקט די צווייטע סעריע פֿונעם פילם? לאָמיר גיין צום טעלעוויזאָר.

— גוט. זאָל זײַן טעלעוויזאָר. זאָלסט אָבער פאַרגעדענקען, וואָס כ׳האָב דיר געזאָגט. און דער טעלעוויזאָר... יאָ, ס׳איז טאַקע אַ ווילדע זאַך. ער שליסט אַוודאי אײַן אין דעם טומלדיקן לעבן. אָן אים וואָלטן מיר דאָ געווען, ווי אַף אַן אינדזל. צומאָל ווײַזט זיך מיר אויס, אַז די בעסטע רעפּועה איז דער דאָזיקער קאָלירטער עקראַן.

וואַסיע איז געווען איצטער גרויס בײַ זיך, וואָס די פּראָדוציר־פאַרייניקונג, אין וועלכער ער אַרבעט, העלפט די דאָקטוירים היילן די קראַנקע מיט די טעלעוויזאָרס, וואָס זי פּראָדוצירט.

אין דער מינוט האָט די דרויסנדיקע טיר זיך אויפגעעפנט און אַף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ פרוי מיט אַ ווײַסן כאַלאַט אַף די פּלייצעס און מיט אַ שווער רענצל אין דער האַנט. וואַסילי איז אַ דערפרייטער צוגעלאָפן צו דער פרוי, פאַרלאָזנדיק דעם פאַרכידעשטן שווער איינעם אַליין.

— איר זײַט געקומען צו טערעשטשוקן? — האָט ער געפרעגט. — ער ליגט אין דער פערטער פּאַלאַטע.

די פרוי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ניין. כ׳בין געקומען צו גאַליקאַוון.

— אַנטשולדיקט, — האָט דודאַר אַרויסגערעדט אַנטוישט, און זיך אומגעקערט צום שווער.

— אַ באַקאַנטע? — האָט דער אַלטער געפרעגט.

— ניין.

— איז וואָס זשע...

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט געשוויגן.

— דו ביסט עפּעס אַ מאָדנער מענטש, וואַסיע. — און צוגעגעבן: — אָבער כ׳האָב דיך סײַווי ליב, און עפּשער טאַקע פאַר דײַנע מאָדנע שטיק. — און אָן שום צוזאַמענהאַנג: — רעגינע האָט אַ גרישן קאָפּ, כאָטש זי מיינט, אַז זי איז קליגער פון אַלע.

— נו, כ׳וועל שוין גיין, — האָט ניט זיכער אַרויסגערעדט וואַסיע.

— גוט. גיי שוין, גיי. און איך וועל נאָך אַ ביסל זיצן בײַם טעלעוויזאָר.

— און איך וועל זיך אַרײַנכאַפּן אין דער פּאַלאַטע נאָכן געפעס.

וואַסילי האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ נעצקוישל, זיך אָנגעבויגן, אויפגעעפנט דאָס טירל פון דער טומבאָטשקע, אַרויסגענומען די פּוסטע באַנקעס און פלעשלעך און זיי אײַנגעפּאַקעוועט. בײַ מײַסע האָט ער דערזען טערעשטשוקן. זײַנע אויגן זײַנען געווען פול מיט אומויסדריקלעכן צער. לעם בעטל איז געשטאַנען אַ טראָפּן־אַפּאַראַט. אַפּאָנעם, אַז אים איז געווען שלעכט.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אים געפרעגט:

— וווּ וווינט איר, קאָנסטאַנטין אַקימאָוויטש?

דער קראַנקער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— מ׳דאַרף ניט.

וואַסילי איז אַרויסגעגאַנגען. דערזען די שוועסטער, האָט ער געפרעגט:

— איר וואָלט מיר ניט געזאָגט דעם אַדרעס פון טערעשטשוקן, וואָס ליגט אין דער פערטער פּאַלאַטע?

— נאָך וואָס דאַרפט איר אים?

וואַסילי שווײַגט.

— איר זײַט זײַנער אַ קאָרעוו? וואָס קערט איר אים אָן?

— איך קער אים אָן אַ מענטש.

איצט שווײַגט די שוועסטער. זי לויפט גלײַך אַוועק, און איבער עטלעכע מינוט קומט זי צוריק מיט אַ פּאַפּירל אין דער האַנט.

— נאַט אײַך טערעשטשוקס אַדרעס.

— אַ דאַנק, — האָט געזאָגט וואַסילי און האַסטיק אַוועק.

ווען דודאַר האָט אָנגעקלונגען, האָט די טיר אויפגעעפנט אַ פרוי, וועלכע איז לאַכלוטן ניט געווען ענלעך אַף דעם געשטאַלט, וואָס ער האָט זיך אויסגעמאָלט. אַ פאַרמאַטערטע, אָן אומצופרידענע, אַ באַרויגעזע, איז זי געבליבן שטיין אַף דער שוועל. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך פאָרגעשטעלט. ערשט דערנאָך האָט זי אים אומגערן דורכגעלאָזט.

גאַליע קוקט שווײַגנדיק אַף וואַסיען. און אַט אַזוי שווײַגנדיק, מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן, גייט זי צו צום טיש און נעמט אַרויס פון אונטער א סאַלפעטקע א פּאַפּיר און דערלאַנגט אים.

וואַסילי נעמט לייענען דאָס אָנגעשריבענע אַפן פּאַפּיר מיט א מאַנצבלשן קסאַוו: „מעלדונג וועגן געט...״ די אויסיעס זײַנען גרויסע, אָבער עפּעס שפּיצעכיקע, גלײַך זיי וואָלטן זיך ווידערגעשטעלט דער האַנט, וואָס האָט אײַנגעשפּאַרט זיי אופגעשריבן. וואַסילי האָט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט, אייגנטלעך, ניט געהאַט קיין רעכט צו טאָן: ער האָט צעריסן דאָס פּאַפּיר אַף דריבנע שטיקלעך. איבער גאַליעס פּאָנעם האָבן א רײַן געטאָן טרערן, אַראָפּוואַשנדיק פון דעם די פאַרביטערטקײַט. און וואַסיע האָט מיט ראַכמאָנעס און מיט פרייד געקוקט אַף דעם.

וואַסיע איז אוועק אין קיך, און גאַליע נאָך אים. ביידע האָבן געשוויגן, ווײַל זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן אָן ווערטער. זי האָט אופגעעפנט דאָס טירל פונעם קיל־קאַסטן, און וואַסיע האָט מיט א פריידיקער שטוינונג דערזען, אַז דאָרטן איז פאַרגרייט אַלץ, וואָס מע דאַרף: קעפיר און ווײַנטרויבן־זאַפט, מינעראַלע וואַסער, יויך, און אַפילע געבראָטענע עפּל. זיי האָבן דאָס אַלץ אײַנגעפּאַקעוועט אין א רענצל, אַרויסגעגאַנגען, פאַרמאַכט די טיר און אַראָפּגעלאָזט זיך מיט די קנאַפּ באַלויכטענע טרעפּ. ווען זיי זײַנען אַרויס אַף דער גאַס, איז זיי געוואָרן ליכטיקער. און זיי זײַנען זיך גלײַך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשיידענע זײַטן: ער — אַף רעכטס, אַהיים, און זי — אַף לינקס, אין שפּיטאָל.

פּלוצעם דערמאָנט ער זיך: ווען ער איז צוגעלאָפן צו דער שוועסטער דערוויסן זיך טערעשטשוקס אַדרעס, האָט ער באַמערקט אַפן טיש א פּאַפּירל מיט פיר גרויסע ציפערן, מיסטאַמע אַן אָפּעראַטיווע סוואָדקע. און די פיר גרויסע ציפערן האָבן באַטײַט: צוגעקומען — 5 קראַנקע, פאַרלאָזט דעם שפּי־טאָל — 3, געשטאָרבן — 1, פאַרבליבן — 64.

געשטאָרבן איינע. ער האָט געהערט אירע גסיסע־קרעכצן. ער האָט געזען, ווי מע האָט זי אַרויס־געטראָגן.

נו, איז וואָס, וואַסיע? יאָ, געשטאָרבן. אָבער בלויז איינע. דער מאַלעכהאַמאָוועס איז דאָ א זעלטענער גאַסט.

געווען אָבער צײַטן, ווען מע פלעגט בעטן דעם מאַלעכהאַמאָוועס. דאָס לעבן איז דאַן געווען גרויזאַם, אומזיניק, צווישן ברוד און עקל, דערנידעריקונגען און פּײַניקונגען. און מענטשן האָבן גע־בעטן אַף זיך דעם טויט.

(סאָף קומט)

# אין א מאָולדיקער שאָ

## האלבפאנטאסטישער רעפּאָרטאזש

אין די ערשטע צוויי טיילן פון דעם דאָזיקן ווערק, וועלכע זיַינען פארעפנטלעכט אנטשפרעכיק אין די פערטע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאנד“ פארן 1984 און 1987, דערציילט דער מעכאבער וועגן אזא עפּיזאָד. אנומלטן, ווען ער האָט צוזאמען מיט זיַינע כאוויירים באזוכט דאָס שטערן־שטעטל פון די קאָסמאָנאוטן, האָט מען אים פארבעטן אריַינגיין אין דער קאָסמאָס־שיף, ער זאָל זיך מיט איר באקאנען אינדערנאָענט. די שיף האָט פון אינווייניק געמאכט אף אים א קאָלאָסאלן איַינדרוק. ער איז געבליבן שטיין, ווי צעמישט. און אין אָט דער רעגע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז די ראקעטע האָט זיך א ריס געטאָן פון איר אָרט און פליט, און ער — אין איר, באנאנד מיט דעם גע־נעראל צימבאל, איינעם פון די שטערנשטעטלשע קאָמאנדירן, וועלכער האָט געבראכט דעם אווטאָר אהער און „גענומען איבער אים שעפטום“, העלפנדיק זיך צופּאסן צום קאָסמאָס.



וועָן דו שוועבסט איבער דער ערד
אין הימל,
פארטויבט עס ווערט איר ווײ־געווימל.
נאָר אין דער שיף עס איז צימבאל דערנעבן,
ער סטארעט זיך מיר גוטע אייצעס געבן:
„זע שווארץ — ווי שווארץ,
און וויַיס — ווי וויַיס,
כאָטש ס׳איז אווהאדע ניט קיין נײַס...“

איין מאָל פאר אלע מאָל איך זאָל פארשטיין,
באנעמען טיף איך זאָל אליין,
אז מוט — איז גוט,
יאָ, גוט איז מוט,
אָן אים ניטאָ קיין יוגנט־גלוט,
אָן גלוט — קיין גלוסט,
קיין דראנג, קיין שאפונג,
קיין ערד, קיין הימל און קיין האפן,
לעם וועלכן — לאָז אראָפּ דיַין אנקער,
און וועסט באקומען, ווי געשאנקען —

א שמייכל,
ברויט און זאלץ,
א טיר,
וואָס טאָמיד אָפן איז פאר דיר.

אין הארצן קוקט אריַין צימבאל,
פאָרשט ערנסט אויס מיַין לעבנס־קוואל.
א רעגע צווייפלט ער מיסטאם,
נאָר לאָזט מיך שווימען איינעם יאם,
ווו קויכעס דארף מען אָן א שיר,
ווו בעשום־אויפן ניט פארליר
דעם ווילן — אויסשטיין ביזן סאָף,
און ביזן לעצטן אָטעם — האָף.

עס זאָגט צימבאל:
„איצט פיר א קריג
און אומבאדינגט דערגיי צום זיג.
היַינט אָפּצוטרעטן איז שוין שפעט,
ווילסט יאָ, ווילסט ניט —

ביסט א פּאָעט,
דײַן מאזל איז —
און אויך דײַן פּײַן —
אין פינצטערניש צו טראָגן שײַן".

דאַן שטילערהייט בא זיך איך פרעג,
צי זיך פארגינען אויך איך מעג,
וואָס ס'קאָן פארגינען זיך צימבאל,
ער איז דאָך פּאָרט א גענעראל!
נאָר פּלוצעם טוט עפּעס א קנאל —
א פינקל אין די „אָקוליארן" —
אילומינאטאָרן. ס'נעמט שארן
אין זיי א העל־ראָז דינער שטראל,
ער טוט אין טהאָם ארײַן א פאל.

אין טהאָם — צי עפּשער גאָר אין טכום.
און איך דערווײַל כ'קוק זיך ארום.
און כ'זע אין בליִענדער טשערעשניע
מײַן שטעטעלע, מײַן היים — סלאָוועשניע.
מײַן יונגן טאטן זע איך דאָרט,
פון שלאכט געקומען אַף אַן אָרט,
די ביקס, וואָס ער אהיים פון פראָנט
דערטראָגן ערלעך האָט געקאָנט,
מיסטאם וועט איצטער ברענגען נוץ —
קעגן פּעטליורען זײַן א שוץ!

ס'טוט ווידער זיך א דריי דער שטראל
ארום דעם מאגישן קריסטאל:
אין קריג מיט דעם פאשיסט דעם הונט
געקראָגן כ'האָב א שווערע וווּנד.
גיי ווייס, אז כ'וועל דעם גוירל בײַטן
אין דער מילכאָמע, אין די שטרײַטן...
געוועזן איך בין נאָך היציק־יונג,
פון לעבנס־קאָס געטאָן א טרונק,
געקעמפט, געפילט, געטראכט אנטשיידן,
דערלויבט זיך דרייסט און אָפן ריידן —
וואָס אַף דער לונג, דאָס אַף דער צונג
(אצינד בא אונדז דאָס גלאסנאָסט הייסט,
נאָר ס'איז פאר מיר א קנאפּע טרייסט).
אין א שלימאזלדיקער שאָ
דערוווּסט כ'האָב זיך, אז עס איז דאָ
אין א בלינדאזש, ווי אין א הייל,
א טייל, וואָס הייסט „ספּעציעלער טייל"...

ס'האָט אומגעריכט געטאָן א שאל
פאר מיר, ווי א הארמאטן־קנאל,
דער אורטייל פונעם טריבונאל.
קיין שום פארברעכן ניט פאראן,
און דאָך — אַף יאָרנלאנג די שאנד!

אין קאָסמאָס־שיף, ווי ס'איז געשען,
כ'האָב ווידער אלץ גענוי געזען.
פארשווײַגן דאָס ניט כ'קאָן, ניט כ'וויל:
כ'האָב אָנגעשפּארט אזש ביז טאגיל.

געוואָרן מיטאמאָל איז שטיל
אין דעם אוראלער ווײַטן טיל,
ווו אַן אומענדלעכער — דער וואלד,
און ווו א הילפלאָזער — דײַן גוואלד,
און ווו דײַן קלאָג, דײַן ווייגעשריי
קוים הערט זיך, ווי א האָנען־קריי,
און קיינעם קימערט ניט דײַן פּײַן,
איינס האָט א ווערט, וועט אייביק זײַן —
פון דאָמנעס בלויז די פײַערשײַן...
דאָ יאָרנלאנג כ'וועל מוזן זײַן
און פאלן אָן א שולד, פארשעמט
אין דעם קאמיש — אין שארפן ראָר.
און ווידער ווערט דאָס הארץ פארקלעמט,
גלײַך איצט, אַן עמעס, קומט עס פאָר.

א לויב דיר, צופאל, וואָס באערט
האָסט מיך אין פרײַען קאָסמאָס שווימען
און אויסגעצאנקטע הערן שטימען,
וואָס כ'האָב נאָך יונגערהייט געהערט.
פון שווארצער טיפעניש עס רופט
מיכאָעלס אין זײַן לעצטער רײַזע,
זײַן אומקום בעט ער אונדז באווײַזן.
און צוליב דעם איז ריין די לופט.
און פון דער שיף די אָקוליארן,
צו וועלכע כ'האָב זיך צוגעדריקט,
די אימפּולסן האָבן צעשיקט,
קעדיי די פינצטערניש צעשארן.

הײַנט ווערטער איבעריקע כ'שפּאָר —
ס'דערוויסט דעם עמעס זיך מײַן דאָר.
אין אָוואר פליִען זען איך פאָר:
גלײַך אַף מײַן דלאָניע קומט עס פאָר.
נאָר דאָ צימבאל שוועבט צו צו מיר,
מיך מיט דער האנט ער טוט א ריר
און שעפּטשעט:
— וויפל איז דער שיר?
בלויז קוקן קאָנסטו אַף צוריק?
דאָס זײַנען, באָכער, פוילע שטיק.
זײַן פּאָנעם זע איך — ברעם צו ברעם.
ער זאָגט:
— באם אָקוליאר די קלעם
באוואָרנט אין די פינגער נעם,
וועט טאָן א פיר אהער, אהין
אין קאָסמאָס אָט דער ווײַזער־קלין
און דורכן מאגישן קריסטאל —
אַף דר'ערד דער הײַנטיקער א פאל.
און דעמלט וועסט געוויס דערזען,
וואָס נוצלעך זײַן ס'קאָן פאר דער פען.
נאָר נעם זיך פריִער אָן מיט מוט,
עס זאָל ניט אופזידן דײַן בלוט,
זאָלסט ניט פארלירן דעם פארשטאנד,
דער ערשטער קלאפּ זאָל דיך ניט פּלעטן,
די גוורע דײַנע זאָל דיך רעטן,
ווען זײַן וועסט מיט דעם ווײ באנאנד.


3*

ס׳באַקומט זיך ניט בײַ מיר דערווײַל:
עס שפּרינגט דער אומרויִקער ווײַזער,
ווײַל ס׳זעצט זיך פֿאַר מײַן שווערע רײַזע,
אַ מײַל עס יאָגט זיך נאָך אַ מײַל.
פֿון אונטן פֿינקלט דער באָספּאָר,
אַנטקעגן לויפֿט די שטאָט לאַכאָר
אין אינדיע, און נאָך אַ פּאָר
איך שפּיר שוין ווײַטע לענדער קלאָר,
גלײַך אויף מײַן דלאָניע קומט עס פֿאָר.
נאָר אָט פֿאַרשליסט זיך נאָך איין קרײַז —
מײַן ליבע היים זיך טוט אַ ווײַז.
פֿיל אייגענע באַשײַנטע בילדער
דער מאַכשיר צײַגט מיר אַפּדאָסנײַ,
סײַ אופֿריכטיק און סײַ געטרײַ
מײַן וועלט פֿאַרגאַנגענע ער שילדערט.
יאָ, נאָענט אַלץ איז דאָ און ליב —
מאַגניטקע, דניעפּערבוי, טורקסיב...

אָט צווישן שטיינער כ׳זע אַ טײַך
אין יענעם שיינעם קיניגרײַך,
ווו כ׳בין געווען אַ לוסטיק קינד,
ווו ס׳שטייט מײַן אַלטע שול אַצינד,
וואָס קלינגט מיט קעלעכלעך אַ סאַך
און רוישט,
נאָר אויף אַן אַנדער שפּראַך,
כאָטש זי מײַן ייִדיש גוט געדענקט
און נאָך מײַן שפּראַך ביז הײַנט זי בענקט.

אַ רעגע אויס, ניטאָ שוין מער,
ס׳שווימט אויף אַ מירמלשטיין־קאַריער,
אַ מאָדנעם קנאַל דערבײַ כ׳דערהער.
עס טוט אַ הייב אַ פֿעלדז זיך שווער,
„דער אַטאָם אַרבעט״, — כ׳טו אַ קלער...
עס האָרעוועט דער יונגער שטאַם:
די צוגן לויפֿן אויפֿן באַם,
עס קרעכצט די ערד אונטערן אַקער,
און אין טאַגיל מײַן דאָמנע פֿלאַקערט.
עס האָרעוועט אַ נײַער דאָר.
אויף מײַנע דלאָניעס קומט עס פֿאָר.

נאָר הינטער זיך כ׳דערהער אַן אָטעם,
עס רוקט זיך אָן אויף מיר אַ שאָטן —
צימבאַל איז ווידער לעבן מיר,
מיך מיט דער האַנט ער טוט אַ ריר,
און טוט אַ טײַטל אויף דער פּען:
לעטוויוועס איר כ׳מוז אַלץ דערזען!
נאָך עטלעכע רעאַלע בילדער
עס ווײַזט מיר דער מאַכשיר אַפּסנײַ,
סײַ אופֿריכטיק און סײַ געטרײַ
די וועלט צעשויבערטע ער שילדערט.
אָט ליגט „נאַכימאָוו״ אויפֿן דעק,
טשערנאָביל גייט מיט רויך אַוועק,
דאָרט, אין די הויכע קאָנצעליאַריעס,
זײַנען אַ סך פּיקסירט אוואַריעס.
ווען אָט די צאָרע איז פֿאַרלאָפֿן?
דער אומגליק, ווען האָט אונדז געטראָפֿן?

אַ קאָל פֿונוויַטנס, ווי אַ וועקער
זאָגט אָן:
— אַלץ נעמט זיך פֿונעם שעקער,
אויך הײַנט צומאָל בײַס אַ געפֿאַר,
בײַס נאָענט עס איז שוין אַ גזאַר,
מיר שווײַגן און די אויגן גלאָצן,
ווען גיפֿט־שוועמלעך אין לעבן שפּראָצן.
ווי קאָן מען זיך אַזעלכס דערלעבן,
פֿון אונטן סײַ און סײַ פֿון אויבן?!

כ׳בין ניט מיט יענע, וואָס אַנטלויפֿן
אויף דעם, אָדער אויף יענעם אויפֿן.
מיר האָבן שלעכטס איבערגענוג —
כ׳האָב קלאָר דערזען עס אינעם פֿלוג.
אַזאַ איז זי, די שטרענגע וואָר.
אַלץ אויף מײַן דלאָניע קומט עס פֿאָר.

ווען אומקערן כ׳וועל זיך אַהיים,
כ׳וועל זען: זי רייניקט זיך פֿון שליים.
עס שטייט נאָך פֿאַר אַ לאַנגע שלאַכט,
דער נעכטן עפּעס האָט פֿאַרטראַכט,
נאָר כ׳וועל ניט אָפּטרעטן קיין שפּאַן,
ווײַל קויַ׳ך און ווילן איז פֿאַראַן.



# ד. נ. מאמין־סיביריאַק
# דערציילונגען וועגן יידן

די צוויי דערציילונגען וועגן יידן „דער „זשיד" און „מאַנעטקע" פונעם באַוווּסטן שרײַבער־דעמאָקראַט דמיטרי נאַרקיסאָוויטש מאַמין־סיביריאַק (1912—1852) געהערן צו זײַן ציקל אוראַלער און סיבירער נאָוועלעס און דערציילונגען, וווּ די געשעענישן קומען פאָר אין דער אויעזדנער צי גובערנסקער שטאָט מיטן טרעפלעכן נאָמען „פּראָפאַדינסק". דאָ, אין פוסטן געווירבל פון א קליינבירגערלעך לעבן, פרירן און ווערן פאַרגליווערט טאַלאַנטפולע מענטשן, און עס קומען אויף און צעבליִען זיך זאַטע און טעמפּע טשינאָווניקעס פון דער נאָרוואָס געבוירן־געוואָרענער בורזשואַזיִע. באַנאַנד מיט אַלע אַנדערע „דערנידעריקטע און באַליידיקטע" לעבן די העלדן פון די דערציילונגען „דער „זשיד" און „מאַנעטקע", דערצו נאָך קאָרבאָנעס פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פון פינצטערע און אומגעלומפּערטע דוירעסדיקע פאָרורטיילן בענעגייע יידן מיצאַד קאָלערליי שאָוויניסטן און אָפּט אַפילע מיצאַד מענטשן גאַנץ „לײַטישע". מאַמין־סיביריאַק זעט אין דעם די איקערדיקסטע סיבע פונעם אויסגאַנגסלאָזן טראַגיזם פונעם יידישן פאָלק. מיט א גרויסער עמאָציאָנעלער קראַפט ווערט דאָס אונטערגעשטראָכן אין סאָף פון דער דערציילונג „דער „זשיד", וווּ עס קלינגט סימבאָליש.

אין די טראַדיציעס פון דער פאָרגעשריטענער רוסישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכן דענקען האָט מאַמין־סיביריאַק, נאָך אין 1880־טן יאָר, ווען ער איז אינגאַנצן געווען אומבאַוווּסט, פאָרמולירט זײַנע הומאַניסטישע און אינטערנאַציאָנאַליסטישע אידייען אינעם אַרײַנפיר צו זײַן ציקל פאַרצייכענונגען „אונדזערע פרעמדע". אין זײַנע דערציילונגען וועגן יידן האָבן די דאָזיקע אידייען געקראָגן דעם בוילעטסטן אויסדרוק. דער אווטאָר טיילט מיט, אז ער האָט פאַרטראַכט אַנצומאָלן פאַרן אונטערוואַקסנדיקן דאָר די פרעמדשפּראַכיקע פעלקער — די „פרעמדע", ווי מ'האָט זיי דעמאָלט גערופן.

דערלערנענדיק די דאָזיקע פעלקער, — שרײַבט ער, — „וועלן מיר שטענדיק זוכן בא זיי נאָר דעם מענטשן, נאָר דעם ברודער אונדזערן" (מײַן קורסיוו), מיר וועלן ווײַזן, וויאַזוי עס האָבן זיך היסטאָריש פאָרמירט בא זיי „די בעסטע מענטשלעכע מײַלעס — פּאַטריאָטיזם, אַרבעטזאַמקײַט, אומייגננוציקײַט, מישפּאָכע־ליבשאַפט. לאָמיר לייגן אַכט אַף די באַדערפענישן און אומגליקן פון די „פרעמדע", וועמען די צאַרישע זעלבסטהערשונג פאַרמישפּעט צו פיזישן און גײַסטיקן אומקום".

באַלויכטנדיק אין די דערציילונגען „דער „זשיד" און „מאַנעטקע" די נאַציאָנאַלע שטריכן



פונעם יידישן פאָלק, האָט מאַמין־סיביריאַק אין דער ערשטער ריי באַוויזן דאָס פאַנאַטישע ציִען זיך צו אַרבעט. די אומגעהײַערע אַרבעטזאַמקײַט האָט דעם פאָלק געהאָלפן אין די ערגסטע היסטאָרישע באַדינגונגען, דערציוגן לעבנסשטאַנדהאַפטיקײַט, פאַרפעסטיקט געטרײַע מישפּאָכע־געפילן, אָפּגעהיט פון פּאַסיווער באַציִונג צו דערווירקלעכקײַט. דער העלד פון דער דערציילונג „דער „זשיד", דאָקטער באָריס לעווענסאָן, רעדט וועגן דעם מענטשנס הויכער שליכעס אַף דער ערד: — „דאָס גרויסע גוטס, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן, איז — העלפן דעם נאָענטן, צוליב דעם לוינט לעבן". מיט לעווענסאָנס מויל זאָגט מאַמין־סיביריאַק אַרויס אויך אַזאַ געדאַנק: מיט זײַן אַרבעטזאַמקײַט און טאַלאַנט האָט דאָס יידישע פאָלק באַרײַכערט די וועלט־ציוויליזאַציע מיט אומשטערבלעכע ווערטן.

אפן 318־טן זײַטל פון דער זאַמלונג „ד. נ. מאַמין־סיביריאַק אין זיכרוינעס פון מיטצײַטלער", וואָס עס האָט צונויפגעשטעלט דער באַוווּסטער ליטעראַטור־פאָרשער ב. ד. אודינצעוו (סווערדלאָווסק, 1962), לייענען מיר: „אין דער דערציילונג „דער „זשיד" ווערט געשילדערט א וווּנדערלעכער יידישער דאָקטער פון יעקאַטערינבורג (היינט

סוועררדלאָווסק) באָריס אָסיפּאָוויטש קאָטעליאַנסקי". ווען מע פאַרגלײַכט די דערציילונג מיט דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך פאַרהיט, זעט מען, ווי גערעכט די דאָזיקע ווערטער זײַנען: דער שרײַבער האָט מיט אָן א שיר פּינקטלעכע דעטאַלן באַרײַכערט קאָטעליאַנסקיס לעבנס־געשיכטע.

דאָס געשטאַלט פון אָט דעם ייִדישן דאָקטער פאַרנעמט א וויכטיק אָרט אין מאַמין־סיביריאַקס ניט־פאַרעפנטלעכטע בריוו. אין מאַרץ 1891 איז דער שרײַבער איבערגעפאָרן אַף שטענדיק קיין פּעטערבורג. נאָר דאָ זײַנען בא אים פאָרגעקומען שרעקלעכע פּאַסירונגען. אין קימפּעט שטאַרבט זײַן פרוי, די טאַלאַנטפולע אַקטריסע מאַריִע הײַנריך. פון יעקאַטערינבורג איז אָנגעקומען א ידיִע, אַז בײַם ראַטעווען טיפוס־קראַנקע איז אומגעקומען קאָטעליאַנסקי. מאַמין־סיביריאַקס א בריוו צו דער שוועסטער זײַנער און צו איר מאַן פון 24־טן אַפּרעל איז פול מיט ווייטיק און טרויער:

„...נעכטן האָב איך זיך דערוווּסט וועגן קאָטעליאַנסקיס טויט. איך באַדויער אים און בין אים מעקאַנע: ער איז געשטאָרבן, ווי א סאָלדאַט אַף זײַן פּאָסטן. סאַראַ טײַערער באָריס אָסיפּאָוויטש! יאָ, גוטע מענטשן שטאַרבן, און קאָלערליי מענו־וואָלים! לעבן... איך שרײַב איצט א נעקראָלאָג נאָך באָריס אָסיפּאָוויטשן — דאָס איז מײַן הויפן ערד אַף זײַן כאָשעווען קייווער. קאָוועד דעם דאָזיקן טאַלאַנטירטן מענטשנס אָנדענק!.. דאָרט, אין דער אייביקייט, וועט ער זיך באַגעגענען מיט מאַרוסיען. ביידע זײַנען אוועק פון דער וועלט יונג, פול מיט קויעך און ווילן צו לעבן. ביידע האָבן פאַרמאָגט ריינע נעשאָמעס. ער איז פאַרברענט געוואָרן אַף זײַן אַרבעט, זי — אַף איר ער".

מאַמין־סיביריאַק האָט געהאַט א סך פרײַנט ייִדן. קאָטעליאַנסקין אָבער האָט ער פאַרגעטערט, אים אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט זײַנע לײַבלעכע נאָענטע. אין א בריוו צו דער מוטער פון 1־טן מײַ 1892 זאָגט זיך: „איך שיק איצט קאָטעליאַנסקיס נעקראָלאָג אין „נאָוואָסטי". קאָטעליאַנסקי איז פאַר מיר געווען דער אידעאַלסטער מענטש, איך בין שרעקלעך געטראָפן פון זײַן טויט. ער איז איצט דאָרט, וווּ מאַרוסיע איז, וווּ דער פּאַפּאַ איז... וווּ זשע זײַנען זיי, אָט די טײַערע און ליבע מענטשן מײַנע?.."

פרילינג 1892 איז מאַמין־סיביריאַקס נעקראָלאָג וועגן קאָטעליאַנסקין אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער פּעטערבורגער „נאָוואָסטי". דער נעקראָלאָג, אינײַנעם מיט די בריוו, האָט פאַרמאָגט אין זיך די הויפּט־אידייען און די סיוזשעטישע ליניעס פון דער קומענדיקער דערציילונג „דער „זשיד". דאָס איז אָבער געווען ניט דער איינציקער אָפּרוף וועגן קאָטעליאַנסקיס אומקום. דאָס פּראָגרעסיווע פרײַדענקענדיקע רוסלאַנד האָט ברייט רעאַגירט אַף דעם דאָזיקן טרויעריקן פאַקט. וועגן דעם וווּנדערלעכן דאָקטער האָבן געשריבן א סך פּראָווינציִעלע און צענטראַלע צײַטונגען און זשורנאַלן: „יעקאַטערינבורגער וואָך" (דרײַ אַרטיקלען), „פּערמער גובערניִאַלע וועדאָמאָסטי", „וואָלגער וועסטניק", „זאַכלעכער קאָרעספּאָנדענט", „שפּראָצלינגען" אאַוו. אין יעקאַטערינבורג זײַנען דערשינען צוויי ספּעציִעלע וויסנשאַפטלעכע זאַמלונגען, געווידמעט קאָטעליאַנסקין: „נאָטיצן פון דער אוראַלער מעדיצין־געזעלשאַפט", און „נאָטיצן פון דער אוראַלער געזעלשאַפט פאַר ליבהאָבער פון נאַטורוויסנשאַפט". קאָטעליאַנסקי איז געווען א ווירקלעכער מיטגליד פון ביידע געזעלשאַפטן.

א באַזונדערן אינטערעס רופן אַרויס די „מאַטעריאַלן צו באָריס אָסיפּאָוויטש קאָטעליאַנסקיס ביִאָגראַפיע", וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1894 אין די „נאָטיצן פון דער אוראַלער געזעלשאַפט פאַר ליבהאָבער פון נאַטורוויסנשאַפט", וואָס איר גרינדער איז געווען דער באַוווּסטער נאַטורוויסנשאַפט־געלערנטער יעגאָר אַניסימאָוויטש קלער. דער מעכאַבער פון די „מאַטעריאַלן" שעצט גאָר הויך „די פאָטאָגראַפישע ריכטיקייט", ווי ער שרײַבט, מיט וועלכער קאָטעליאַנסקי ווערט געשילדערט אין מאַמין־סיביריאַקס דערציילונג „דער „זשיד". דער געלערנטער האָט דאָרט אויך געזען „בלויזן": פאַרטיפערנדיק זיך אין קאָנפליקט צווישן לעוונסאָן־קאָטעליאַנסקין און דעם פּאַסיוו געוואָרענעם יודאָפאָב פּעטראָוון, וועלכער האָט פאַרן טויט פאַרשטאַנען די איידלקייט און נאָבלקייט פון זײַן „סוינע", האָט דער שרײַבער אויסגעפילט זײַן אידייִש־קינסטלערישע אויפגאַבע, נאָר אין שאָטן זײַנען געבליבן איקערדיקע זײַטן פונעם העלדס גײַסטיק לעבן. יע. א. קלער וואָלט געוואָלט, אַז מאַמין־סיביריאַק זאָל אָנשרײַבן וועגן זײַן העלד א דאָקומענטאַלע דערציילונג, און ער זאָל דאָס טאָן „מיט זײַן הויכער קינסטלערישקייט, וואָס איז אים אייגנטימלעך". פון זײַן זײַט, גיט יע. א. קלער א ברייט בילד, וויִאַזוי אין באַדינגונגען פון א פײַנטלעכער ווירקלעכקייט האָט זיך אַנטוויקלט דער טאַלאַנט פונעם ייִדישן דאָקטער. ניט געקוקט אַף זייער אַקאַדעמישקייט, פאַרכאַפּן די „מאַטעריאַלן" ניט ווייניקער, ווי די דערציילונג „דער „זשיד". זיי דערגאַנצן די דערציילונג, דערמעגלעכן בעסער צו פאַרשטיין איר שעפערישע געשיכטע, כּיפער באַנעמען, וויִאַזוי עס האָבן זיך אין נײַנצנטן יאָרהונדערט אַנטוויקלט די רוסיש־ייִדישע קאָנטאַקטן און באַציִונגען. פון יע. א. קלערס „מאַטעריאַלן" וויל איך דאָ ברענגען א פּאָר וניקאַלע פאַקטן און דאַטעס, וואָס קאָנען אַפילע א באַהאַוונטן לייענער ניט זײַן באַקאַנט.

באָריס אָסיפּאָוויטש קאָטעליאַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1860 אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אין א סאָכרישער מישפּאָכע. דער פאָטער זײַנער, א בוי־אונטערנעמער אַף דער אײַזנבאַן, האָט געיאַרשנט פון זײַנע עלטערן א וועלט מיט כויוועס און זיי דאָס גאַנצע לעבן זײַנס אויסגעצאָלט. ער האָט געשטאַמט פון „געלערנטע" ייִדן און האָט געשטרעבט צו געבן די קינדער זײַנע א פילזײַטיקע בילדונג. באָריס אָסיפּאָוויטש האָט געענדיקט די פּעטערבורגער גימנאַזיע און זיך געלערנט דערנאָך אַפן מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם קיִעווער אוניווערסיטעט.

[ב] קורסיוו פון דעם אווטאָר.

„זײַן אַקטיווקייט און שטאַנדהאַפטיקייט, — זאָגט זיך אין די „מאַטעריאַלן", — האָבן שוין דעמלט צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט בײַ מענטשן, וועלכע האָבן גוט געקענט זײַן שווערע לאַגע: באַטאָג פלעג ער באַזוכן די לעקציעס און די פּראַקטישע פאַרנעמונגען אינעם אוניווערסיטעט, אין די פרײַע שאָען געבן פּריוואַטע „אוראָקן", צונויפשטעלן און אַוטאָגראַפירן לימודים, דערלערנען ספּעציעלע כיבורים, און באַנאַכט איז ער געווען אַ קאָרעקטאָר און מיטאַרבעטער אין דער טיפּאָגראַפיע פון דער צײַטונג „זאַריאַ".

קעדיי זײַן נאָענט צו די אייגענע, וועלכע האָבן דעמלט געוווינט אין יעקאַטערינבורג, האָט ער זיך איבערגעפירט אין קאַזאַנער אוניווערסיטעט און אים אין 1884 געענדיקט. נאָכן פאָטערס טויט איז ער איבערגעפאָרן קיין יעקאַטערינבורג. דאָ האָט ער „מיט דער צײַט זיך פאַרשאַפט אַ גרויסע מעדיצין־פּראַקטיק, אַדאַנק זײַנע גוטע באַמיִונגען און זײַן צוגעלאָזטקײַט צו מענטשן.

אין יעקאַטערינבורג האָט קאַטעליאַנסקי געהאַט דאָס גליק צו אַרבעטן אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַוווּסטן גינעקאָלאָג, פאַרוואַלטער פונעם יעקאַטערינבורגער געבורטהויז וו. מ. אָנופריִעוו. די מאַסשטאַבן פון קאַטעליאַנסקיס טעטיקייט אויף דעם געביט זײַנען געווען גאָר גרויסע. אין דער אַקושאָרן־שול האָט ער געלייענט לעקציעס וועגן פיזיאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע, ווענערישע קרענק און שלאַפקייטן בײַ נײַ־געבוירענע, האָט אויפגענומען אַמבולאַטאָריע־קראַנקע, אין דער גינעקאָלאָגיע־אָפּטיילונג אָפט געמאַכט אָפּעראַציעס. אין צענדליקער אַרטיקלען, פאַרצייכענונגען און רעפעראַטן, וועלכע ער האָט געדרוקט אין דער אָרטיקער און צענטראַלער פּרעסע, האָט ער דערוויזן, אַז מע קאָן באַלד אין די ערשטע וואָכן פעסטשטעלן דורך מיקראָסקאָפּישע פאָרשונגען, צי די מעובערעסקייט איז אַ נאָרמאַלע אָדער ניט. ער האָט זיך באַמיט אויסצוגעפינען די סיבעס פונעם ראַק, בפרט פון אַ ראַק אויף דער געבויר־מוטער. איבער זײַן טויט האָט ער די אַרבעטן ניט פאַרענדיקט, די רעזולטאַטן פון די פאָרשונגען ניט פאַרעפנטלעכט.

קאַטעליאַנסקי איז געווען ברייט אינפאָרמירט, וואָס עס טוט זיך אין דער אייראָפּעיִשער מעדיצין, זײַנע ידיעות האָט ער גענומען פון די ערשטע קוואַלן אויף פּויליש, פראַנצויזיש, דײַטש, ענגליש און איטאַליעניש. ער האָט געקענט אויף אויסווייניק גאַנצע זײַטן פון באַרימטע מעדיקער, נאָר זיי באַהערשט קריטיש, באַזירנדיק זיך אויף אייגענער לעבנס־דערפאַרונג.

אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן, אַ ריזיקע ערודיציע, אומדערמידלעכע וויסנשאַפטלעכע זוכענישן זײַנען געווען ניט די איינציקע אייגנשאַפטן פון זײַנע דערפאָלגן.

„אַ הייסער פאַרערער פון עמעס, ערלעכקייט און אומייגננוציקייט, — זעצט פאָר יע. אַ. קלער, — איז באָריס אָסיפּאָוויטש געווען אַ סוינע פון ליגן און פאַלשקייט, און דערמיט קענען זיך אויפגעשטעלט מענטשן, וועלכע האָבן די מיִעסע אינסטינקטן זייערע באַהאַלטן אין שיינע געפּוצטע רייד. אַזעלכע מענטשן פלעג ער בכלל אויסמײַדן. נאָר אויב ער איז אַמאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן קעגן זיי פּאָנעם־על־פּאָנעם, פלעג ער זיי אומקאָמפּראָמיסלעך דעמאַסקירן..."

יע. אַ. קלער ברענגט אָן אַ שיר אײַנדרוקספולע פאַקטן וועגן קאַטעליאַנסקיס דרייסטקייט און גוטסקייט. אָט פאָרט ער אין אַ שרעקלעך־פאַרזאַווערוכעטער ווינטער־נאַכט צו אַ קראַנקער פויערטע ערגעץ ווײַט אין ווערך־איסעטסקער זאַוואָד. אָט פאַרגעסט ער, אַז אויף די אוראַלער וועגן „שליאָנדערן" אום צוריקגעקומענע פון סיביר בראָדיאַגעסמערדער און לאָזט זיך אַוועק, אָן געווער, ערגעץ אין אַ ציגײַנער־טאַבאָר ראַטעווען אַ טויט־געפערלעכע קימפעטאָרן. „וועגן די אַלע פאַלן, — זאָגט יע. אַ. קלער, — האָב איך זיך דערוווּסט ניט פון אים אַליין, נאָר פון זײַטיקע מענטשן, וועלכע זײַנען געווען דערבײַ. אויף מײַן פראַגע, פאַרוואָס ער שטעלט דאָס לעבן זײַנס אין אַ סאַקאָנע, האָט ער מיר געענטפערט: „מײַן כוויוו איז: באַלד פאָרן, וווּהין און ווען מע רופט מיך. ווײַטער — ווי גאָט וועט געבן". ניט אומזיסט זאָגט לעווענסאָן דעם טעכטערל, אַז פאַכדאָנעס איז דאָס סאַמע ערגסטע אין מענטשנס נאַטור.

קאַטעליאַנסקי שטרעבט צו באַקומען אַ סטאַביל אָרט אין עפּעס אַ יעקאַטערינבורגער שפּיטאָל, באַנוגנט זיך אָבער טאָמיד צו זײַן די צווייטע האַנט בײַ אַזעלכע, וועלכע פאַרנעמען מעדיצינישע אַמטן. דעריבער (ווי מאַמין־סיביריאַק שרײַבט אין זײַן דערציילונג „דער „זשיד") איז פאַר אים דער טיפוס־באַראַק געווען אַ גליק. קאַטעליאַנסקי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אויסגעצייכנטער מעדיצין־אָרגאַניזאַטאָר, אַ סאַך פאַרמינערט די שטערבלעכקייט צווישן די טיפוס־קראַנקע, פאַרלײַכטערט זייערע לײַדן. נאָר די איבערנאַטירלעך־אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָט אונטערגעגראָבן דאָס געזונט זײַנס.

ערעוו זײַן אומקום האָט באָריס אָסיפּאָוויטש פאַרבאָטן דער פרוי זײַנער מישטאַדל זײַן זיך אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועגן שטיצע אין פאַל פון זײַן טויט. און זי האָט זײַן אָנזאָג הייליק געהאַלטן.

קאַטעליאַנסקי האָט כאַסענע געהאַט אין 1888 מיט אַנע סאָלאָמאָנאָוונע, דער טאָכטער פונעם נאָטאַריוס לאַנדע (אין דער דערציילונג הייסט זי ינינע). „ניט געקוקט אויף די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, האָבן זיי אין זייער מישפּאָכע־לעבן געפילט דאָס גליק, וואָס פאַלט אויס אויפן גוירל פון יענע מענטשן, וועלכע פאַרייניקן זיך ניט בלויז מיטן האַרץ, נאָר אויך מיטן סייכל זייערן און מיט אידעאַלע שטרעבונגען. אַ גרויס גליק איז געווען, ווען ס'איז געבוירן געוואָרן בײַ זיי אַ קינד, און אַרום דעם האָט זיך קאָנצענטרירט אי די ליבע זייערע, אי דאָס קלוג־וויסנשאַפטלעכע דערציִען דאָס קינד", — שרײַבט יע. אַ. קלער.

דער געלערנטער באַשרײַבט אַזוי קאַטעליאַנסקיס לעווייַע: נאָך זײַן אָרון זײַנען געגאַנגען טויזנטער מענטשן פון „פאַרשיידענעם רעליגיִעזן גלויבן", און בײַ זײַן קייווער האָבן געהאַלטן העספּעד־רעדעס די באַוווּסטע יעקאַטערינבורגער דאָקטוירים וו. מ. אָנופריִעוו און אַ. אַ. מיסלאַווסקי,

אין די דאָזיקע רעדעס זײַנען „איבערגעריסן געוואָרן פון אייגענע טרערן און פון דעם אוילעמס געוויין”. די אוראלער געזעלשאפט פון נאטורוויסנשאפט־ליבהאָבער האָט געעפנט א ליסטע צווישן אירע מיטגלידער פאר א דענקמאָל אַף קאָטעליאנסקיס קייווער, מיט א באדינג, אז דאָס איבערגעבליבענע פונעם צונויפגעזאמלטן געלט זאָל זײַן א יעסאָד פון א „ספּעציעלן פאָנד אַף קאָטעליאנסקיס נאָמען צוליב שטיצן די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט בא אַן אומגליק אָדער אין א נויט אַף דער עלטער”.

מיט קאָטעליאנסקין האָט זיך געכאוורט ניט נאָר דמיטרי נארקיסאָוויטש, נאָר אויך די שוועסטער זײַנע יעליזאוועטא נארקיסאָוונא מאמינא־אודינצעווא. אין סאָף פון די אכציקער יאָרן האָבן זיי זיך באטייליקט אין א קרײַזל פון פּראָגרעסיוו־דענקענדיקע יעקאטערינבורגער. צום באדויערן, איז אין קלערס ביאָגראפישע מאטעריאלן ניטאָ וועגן דעם קיין איין וואָרט. דאָ האָבן, פארשטייט זיך, געווירקט די צענזור־באדינגונגען, האגאם קלער האָט ניט פארשוויגן אין זײַנע „מאטעריאלן”, אז קאָטעליאנסקיס עלטערער ברודער לעוו אָסיפּאָוויטש האָט געהערט צו דער באוועגונג פון די „שעסטידעסיאטניקעס” (זעכציקסטלער).

קאָטעליאנסקיס בונטארישע שטימונגען זײַנען אין דער דערציילונג „דער „זשיד” פארקערפּערט געוואָרן אין לעווענסאָנס עכטער דעמאָקראטישקייט. אפילע אין די שווערסטע מינוטן זײַנע כאנפעט ער זיך ניט צו די „שטארקע” אין דער פּראָפּאדינסקער „דערהויבענער” וועלט, איז שטאָלץ מיטן נאָמען דאָקטער פאר אָרעמע, דאָקטער פאר פארשטויסענע. אפילע דעם שלימאזלדיקן פּעטראָוון איז לעווענסאָן ניט בלויז מויכל, נאָר שעצט אים אפילע ערגעץ טיף אין זיך, מאכמעס יענער לעבט אויך האלב־אָרעם, האָרעוועט שווער, איז גרייט זיך מאקריוו זײַן פאר לײַדנדיקע מענטשן און איז בעקויעך, ניט אין פארגלײַך מיט עפּעס א בייזווייליקן אנטיסעמיט, צו פארשטיין, אז באליידיקנדיק די נאציאָנאלע געפילן בא א מענטשן, פארשאפט מען אים דערמיט גרויסן ווייטיק. מיט די דאָזיקע אידייען איז דורכגעדרונגען די דערציילונג „דער „זשיד”, אפילע ווען אייניקע דעטאלן פארלירן, אין זייער קריטישן פּאטאָס, די קאָנטורן פון רעאלקייט און גיסן זיך אויס אין פײַנלעכע האליוציִנאציעס פונעם העלד.

באם סאָף פון דער דערציילונג ענדערט דמיטרי נארקיסאָוויטש דעם נאטירלעכן גאנג פון קאָטעליאנסקיס לעבנס־געשעענישן. לעווענסאָן שטארבט אַן איינזאמער, אָן דער ארומרינגלונג פון פרײַנט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען מיטן העלדס פּראָטאָטיפּ. אזא אויסדרוקפולע פארענדערטקייט שטרײַכט מער אונטער דעם געדאנק וועגן דעם טראגישן גוירל פונעם ייִדישן פאָלק אין זעלבסטהערשערישן רוסלאנד. דער סוזשעט אין דער דערציילונג „דער „זשיד” איז גוט אויסגעבויט. דער קאָנפליקט באזירט זיך אַף דער לײַדנשאפטלעכקייט, מיט וועלכער דער ייִדישער דאָקטער וויל ראטעווען דעם רוסאָפיל, וועלכער האָט אים דערנידעריקט, ראטעווען אים אפילע מיט דער פרײַז פונעם אייגענעם לעבן.

פּעטראָוו איז, ווי געזאָגט, ניט קיין „אָרגאנישער” אנטיסעמיט. זײַן מיסוואָדע זײַן זיך פאר לעווענסאָנען איז אי גרויסמוטיק, אי באלערעוודיק. אין מאמין־סיביריאקס אויסגעצייכנטער צווייטער דערציילונג „מאָנעטקע” זײַנען עמעסע אנטיסעמיטן דער סאָלדאפּאָנישער טאָמסקער גובערנאטאָר און די נישטיקע קליינלעכע טשינאָווניקעס, לעמאָשל, דער פאנאטיש־רעליגיעזער מארק־סטאראָסטע פּראָוו סילאנטיטש. דאָס סויכערטום באציט זיך צום אָרעמען און געטריבענעם ייִדישן באלמעלאָכע שײַע לעוודיקן, אָפּהענגיק פון זײַן ווילן און זײַן קענען דינען זיי. נאָר עס פּראָטעסטירט אין אים די נאטור פון א געשיקטן אויסגעצייכנטן מײַסטער, און דער פּראָפּאדינסקער שטייענדיקער זומפּ שלינגט אים אײַן, פירט אים צו אומקום.

דער אויסגעדייוועורטער און אומעטום געדריקטער ייִדישער באלמעלאָכע שײַע לעוודיק פארשטייט טיפער די פאָלקס־נויטן, איידער די פּראָפּאדינסקער שטאָט־באלעבאטים. אין דער דערציילונג „דער „זשיד” איז פּראָפּאדינסק — יעקאטערינבורג, און אין „מאָנעטקע” — שאדרינסק, א שטאָט אַפן ברעג פונעם טײַך איסעט, א שעפּעדיק אָרט, וואָס איז, לויט מאמין־סיביריאקס ראָמאן „ברויט”, אינגאנצן פאראָרעמט געוואָרן אין רעזולטאט פון די ברויט־מאכינאציעס פון דער נײַ־אויפגעקומענער בורזשואזיע. אגעוו, וועגן די סיבירער סאָכרימלעך, מיט וועמען שײַע לעוודיק קאָנפליקטירט, אראָפּווארפנדיק מיט זײַנע ביליקע אויסארבעטונגען די פרײַזן פון זייערע סכוירעס, האָט דמיטרי נארקיסאָוויטש געשריבן אין זײַן ראָמאן „אָן א נאָמען” מיט אָפענעם ביטל.

די סיבירער סאָכרים, לעמאָשל, נעמען זיך אויסארבעטן לעדער און מאכן נאָר א טייל פונעם רוישטאָף, ווײַל זיי זײַנען געוווינט צו ארבעטן אַפן אלטן שטייגער. די סיבירער סאָכרים ברענגען אײַזן פון נאָווגאָראָד, עקיפּאזשן — פון מאָסקווע, א סאך אנדערע שטייגער־זאכן — פון פארשיידענע אנדערע ערטער, כאָטש זיי האָבן דאָס אלץ שיין געקאָנט אויסארבעטן בא זיך אינדערהיים. אָט די דאָזיקע מעשונעדיקע אָבלאָמאָוו־וועלט האָט שײַע לעוודיק געוואָלט א צעטרייסל טאָן און איז דערפון ארויס א צעפּלעטשטער.

די דערציילונגען „דער „זשיד” און „מאָנעטקע” האָבן זיך אין דער סאָוועטישער צײַט ניט געדרוקט. „מאָנעטקע” פארעפנטלעכן מיר לויט ד. נ. מאמין־סיביריאקס „פולע ווערק אין 12 בענדער”. באנד 2, פּעטראָגראד, פארלאג א. פ. מארקס, 1917, ז. 506—511. די דערציילונג „דער „זשיד” — לויטן טעקסט אינעם זשורנאל „מיר באָזשי”, 1893, נומ. 12, ז. 70—84.

מ י כ א י ל  ק י ט ײַ נ י ק,
קאנדידאט
פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן

# דער „זשיד“

## 1

זי האָט אַף אים געוואַרט מיט אַ באַזונדערער אומגעדולדיקייט. געוויינלעך קומט ער צו פֿאָרן אַרום צוועלף, צום פֿרישטיק. הײַנט האָט ער עפּעס גאָר פֿאַרשפּעטיקט. אין קליינעם עסצימערל איז שוין אַלץ געווען צוגעגרייט: צוויי טעלער, לעפֿל־גאָפּל, ברויט אין קוישעלע, אָנגעשניטענע ריפּטעלעך ווורשט. באַם טיש, אין סאַמע אויבנאָן, איז געשטאַנען אַ הויכע קינדערשטול.

— ווו איז דער פּאַפּע? — האָט אַלץ איבערגעכאַזערט אַ שוואַרצכיינעוודיק שיין מיידעלע, וואָס האָט זיך נאָך ניט גאָר פֿעסט געהאַלטן אַף די פֿיסלעך.

— דער פּאַפּע וועט באַלד קומען, מילאָטשקע... דער פּאַפּע איז מיסטאַמע צוגעפֿאָרן צו אַ קראַנקן. האָב צײַט...

מילאָטשקע האָט קאָמישלעך אויסגעשטאַרצט אירע בלויע אייגעלעך און פֿאַרשטאַנען נאָר איין זאַך: דער פּאַפּע איז פֿונדעסטוועגן נישטאָ דאָ. דאָס מיידעלע האָט געפֿילט צום פֿאָטער עפּעס אַזאַ קרענקלעכע צוגעבונדנקייט; אַזוינס טרעפֿט צומאָל גראָד מיט מיידעלעך. ענלעך איז זי אויך געווען מער אָפּן פֿאָטער — די זעלבע ווײַסגיריקע שוואַרצע אויגן, פּונקט אַזאַ טיפּישע נאָז מיט אַ האָרביקל, די זעלבע אָוואַלקייט פֿונעם פּאָנעם, דער שניט פֿונעם מויל. אין מילאָטשקען האָט מען באַלד דערקענט אַ קליינע יידישקע, און דער פֿאָטער האָט ליב געהאַט זי צו רופֿן „זשידאָוואָטשקע מײַנע“. באַ דער מוטער האָט זיך דאָס טיפּיש־יידישע ניט פֿאַרהיט — אָנהייבנדיק פֿון די גרויע אויגן אירע און ענדיקנדיק מיט איר געטאָקטער נאָז און העלע האָר. נאָר ערגעץ אין די מויל־ווינקלען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַזאַ סעמיטיש־טרויערדיקייט; אויך אין איר אויסשפּראַך האָט מען אייניקע מאָל געהערט גאָרגלדיק־קאַרטאַווע קלאַנגען.

דעם דאָקטערס דירעלע איז געווען ניט קיין גרויס, נאָר אַ ליכטיקס און אַ באַקוועמס. עמעס, ווינטער איז דאָרט געווען קילבלעך, ערגעץ־ווו האָט געפֿעלט אַ שטיקל מעבל. נאָר די אַלע קליינע מאַנגלען זײַנען געדעקט געוואָרן פֿון אַזאַ באַזונדערער אינערלעכער אויפֿגעמונטערטקייט, וואָס יונגע גליקלעכע פּאָרפֿאָלקן ברענגען אַרײַן מיט זיך אין דער סאַמע ערגסטער דירע. וואָס פֿאַר אַ באַטײַט האָט געהאַט, וויאַזוי די שטוב איז אויסגעשטאַט, ווען יונגע פֿרייד האָט געשײַנט אין יעדן בליק, אין יעדן שמייכל, און די דאָזיקע בליקן און שמייכלען האָבן קייפֿל־קיפֿליײַעמדיק אָפּגעצאָלט פֿאַר אַלע מאַנגלען אין טאָגטעגלעכן שטייגער זייערן. זייער אייינציקער ווויליטיק איז געווען אַ ניט־גרויסער קאַבינעט־קלאַוויר. די צעעפֿנטע נאָטן אַפּן קלאַוויר־פּאַסאַד האָבן דערציילט וועגן היימישע מישפּאָכע־אָפּדערנאַכטן, ווען דאָס יונגע פּאָרל זיצט און שפּילט באַליבטע מוזיקאַלישע ווערק אין פֿיר הענט.

— און אָט איז געקומען דער פּאַפּע! — האָט די יונגע מאַמע פֿריילעך אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד אַף די הענט. — דער פּאַפּע איז געקומען צו פֿאָרן אַף אַ פֿערד...

אין דרויסן האָט געשיט אַ לײַכט פֿרילינגדיק שנייעלע, ווי עס מאַכט זיך אָפּט אין כוידעש אַפּרעל. דער לעצטער שניי, וואָס האָט נאָך דערמאָנט אין אַוועקגעגאַנגענעם ווינטער. דער דאָקטער איז לעבעדיק דורכגעלאָפֿן דעם אַרײַנגאַנג אין שטוב, אָפּטרעסענדיק אַפּן וועג די נאַסע שטיקער שניי פֿונעם פּעלץ זײַנעם — אַלצדינג האָט ער געטאָן גיך, מאַכמעס ער האָט זיך אייביק געײַלט, די ענערגיע זײַנע האָט געשײַנט אין די גרויסע שוואַרצע אויגן, אין זײַן פֿאַרפֿאַליעטקייט, אינעם גוטמוטיקן איראָנישן שמייכל. אַלט געווען איז ער אינגאַנצן דרײַסיק יאָר.

— כ׳האָב אײַך לאַנג געלאָזט וואַרטן? — האָט ער פֿרײלעך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אין פֿירהויז דעם פּעלץ. — פֿאַרהאַלטן זיך אין שפּיטאָל... מילאַטשקע, ביסט באַרויִקט אַף מיר?

דאָס קינד האָט די ניט־צופֿרידנקײַט אירע באַלד פֿאַרגעסן און מיט אַ ראַשיקן פֿלאַפּלען אַרופּגעכאַפּט זיך אַפֿן פּאַטערס הענט. זײ זײַנען גלײַך אַוועק אין עסצימערל, וווּ די קעכן האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן אַפֿן טיש שטיקלעך רינדערן פֿלייש, פֿון וועלכע ס׳האָט זיך געהויבן אַ פּאַרע. דאָס ווײַב האָט געוואָרפֿן אַ בליק אַפֿן מאַן און באַלד דערזען אַף זײַן פּאָנעם יענעם באַזונדערן אויסדרוק, ווען ער וויל עפּעס באַהאַלטן פֿאַר איר. ער, פֿון זײַן זײַט, האָט אַף איר פּאָנעם אויך עפּעס דערזען. איבער די דאָזיקע קלײנע קעגנזײַטיקע כּשאָדים האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ לאַנגע שטילשווײַגנדיקע האָפּסאַקע, אין וועלכער בײדע צדאָדים האָבן געוואַרט, אײנער זאָל דעם אַנדערן עפּעס פֿרעגן. זי האָט די ערשטע ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן רעדן, זיך באַמיט, אַז דאָס קאָל אירס זאָל קלינגען וואָס גלײַכגילטיקער:

— ווייסט, ווער ס׳איז דאָ געווען? איך האָב זיך אַזוי געכידעשט...

— פּעטראָווא? כ׳האָב זיך מיט איר געזען... זי איז נעבעך אינגאַנצן פֿאַרלוירן. כ׳האָב געהערט, אַז פּעטראָוו איז קראַנק, נאָר כ׳האָב ניט געוווּסט, אַז ער איז אין אַזאַ שווערן צושטאַנד, און...

אין אירע גרויע אויגן האָט זיך אַ שטעל געטאָן אַ שטומער פֿרעגצײכן. ער האָט אַ צערודערטער פֿאַרגעזעצט עסן דעם קאָטלעט זײַנעם מיט אַן איבערגעטריבענער גיכקײַט.

— פֿאַרוואָס האָט זי זיך געווענדט גראָדע צו דיר? איך זאָג דאָס דערפֿאַר... נאָר דערפֿאַר, ווײַל איך ווייס דײַן באַציִונג צו פּעטראָוון... סאָפּקאָלסאָף זײַנען דאָך פֿאַראַן אַנדערע דאָקטוירים אויך... בּיכלאַל, האָב איך ניט ליב צו מישן זיך אין דײַנע דאָקטערשע איניאָנים, נאָר דאָ קלעקט מיר שוין אינגאַנצן דער סייכל ניט...

זי האָט אַ זוך געטאָן דאָס פּאַסיקע וואָרט, נאָר אַ קוק טוענדיק אַפֿן מאַן, איז זי מיטאַמאָל אַנשווײַגן געוואָרן. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער איז פֿאַרנומען מיטן קינד, און צום ווײַב ניט אױפֿגעהויבן די אויגן. די רעגעס זײַנען געשטאַנען אָנגעשטרענגטע, ווי ווען מע וואַרט אַפֿן פּסאַק־דין פֿון אַ ריכטער. זי האָט זיך אױפֿגעהויבן פֿונעם טיש אַ בלײך־געוואָרענע און קינדיש־אומבאַהאָלפֿן אַרויסגעמורמלט:

— דו... דו... דו...

רעדן ווײַטער האָט זי ניט געקאָנט, אין האַלדז אירן האָבן זיך אַ שטעל געטאָן קנופּן.

— נינע, טײַערע, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קלײנמוטיקײַט? נו, יאָ, כ׳האָב ענדלעך באַקומען אַן אָרט... דאָס איז דאָך אונדזער לאַנגיאָריקער טרוים. מ׳האָט מיר פֿאָרגעלײגט, האָב איך געגעבן מײַן האַסקאָמע...

— דו... דו האָסט געגעבן דײַן האַסקאָמע? נו, און מילאַטשקע?

די לעצטע פֿראַגע איז לאַכלוטן געווען אַן אומדערוואַרטע. אײן רעגע איז ער געבליבן צעמישט, אין דער דאָזיקער פֿראַגע איז געלעגן אַלצדינג — ניט וועגן זיך טראַכט דאָס ווײַב, זי טראַכט וועגן דעם קינד. אוי, טײַערע און ווילדע מײַנע... די דאָזיקע פּרוויִשע העלדישקײַט האָט אים אַנטוואָפֿנט אַף אַ צווייטער רעגע — דאָס לעבן האָט איצט געפּליסט רעגעסווײַז און הינטער יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט האָט זיך פֿאַרבאָרגן צופֿיל. אין אַ מינוט אַרום איז ער צוגעגאַנגען צום קינד, גענומען עס אַף די הענט, אָנגעהויבן קושן און געזאָגט:

— טײַערע זשידאָוואָטשקע מײַנע. דו האָסט דעם פּאַפּען ליב?

— שטאַרק ליב, — האָט דאָס מיידעלע ערנסט געענטפֿערט. — און די מאַמע האָט דיך ליב...

— און ווען דער פּאַפּע וואָלט געהאַנדלט ווי אַ פּאַכדן, וואָלט דיר געווען אַ בושע פֿאַר אים, ניין?

— זייער...

— און די מאַמע וואָלט אױפֿגעהערט ליב האָבן דעם פּאַפּען, דעם פּאַכדן... דאָס איז פּונקט אַזוי, ווי ווען אַ סאָלדאַט וואָלט אַנטלאָפֿן פֿון דעם שלאַכטפֿעלד. יעדער דאַרף טאָן זײַן כויוו הייליק, זשידאָוואָטשקע מײַנע. ווען דו וועסט אויסוואַקסן אַ גרויסע, וועסטו זאָגן: מײַן פּאַפּע האָט אויסגעפֿילט זײַנע פֿליכטן. דאָס איז אַפֿילע ניט קײן העלדישקײַט. דאָס איז אַזוי פּאָשעט, ווי פּאָשעט עס אָטעמט אַ נאָרמאַל־געזונטער מענטש. די מאַמע ערגערט זיך איצטער אומזיסט... ווען זי וועט אַ גוטן טראַכט טאָן, וועט זי זאָגן דאָס זעלבע, וואָס דער פּאַפּע זאָגט.

נינע איז געזעסן באַם טיש, דאָס פּאָנעם פֿאַרשטעלט מיט די הענט, און מיט אַ טויבקײַט אין קאָל געוויינט. זי האָט געזען די דאָזיקע פֿאַרשאָלטענע באַראַקן, וווּ עס ליגן איצט דרײַ הונדערט טיפֿוס־קראַנקע — אין שטאָט איז אומגעגאַן פֿלעק־טיפֿוס. יאָ, זי האָט געזען און געזען, ווי דער מאַן אירער זאַפּט אין זיך אײַן די אָנשטעקונג, ווי ער ליגט שוין אַ טויטער; זי האָט געזען דאָס קלײנע יעסוימעלע מילאַטשקע, געזען איר אײגענע אײנזאַמקײַט. די געדאַנקען אירע זײַנען געפֿלויגן אין קאָפּ, ווי בליצן, און האָבן ווי בליצן באַלויכטן דעם שרעקלעכן אָפּגרונט, וועלכער גרייט זיך אײַנצושלינגען

דאָס גליק, וואָס רעדט צו איר אָט איצט די אַלע גוטע־רייד. די האַרטע לעבנס־וואָר האָט אָן אַטעם געטאָן אויף איר מיט איר פּראָסטיק אָטעמען...

און ער, דער מאַן אירער, איז אַלץ אומגעגאַנגען אין עסצימערל מיטן מיידעלע אויף די הענט און גערעדט:

— דער פּאַפּע, זשידאָוואַטשקע מײַנע, האָט פאַרמאָגט אַ סוינע, וואָס האָט דעם פּאַפּען באַלייידיקט... דאָס האָט דעם פּאַפּען זייער דערצאָרנט. נאָר דער דאָזיקער סוינע האָט ניט מורא געהאַט צו גיין אויף אַ זיכערן טויט. און דער פּאַפּע וועט אים היילן. דער פּאַפּע וועט זיצן בײַ זײַן בעטל גאַנצע נעכט. דער פּאַפּע האָט ליב דריסטע מענטשן. ווען די קליינע זשידאָוואַטשקע מײַנע וועט אויסוואַקסן אַ גרויסע, וועט זי אויך זײַן אַ דרייסטע. מע דאַרף פֿאַר גאָרנישט ניט מורא האָבן, כּוץ פֿאַר פּאַקדאַנעס...

נינע האָט אַלץ געוויינט; דער קאָפּ אירער איז אַראָפּגעפּאַלן צום טיש.

— נינע, הער אויף, זײַ ניט אַזוי שוואַך... האָסט דאָך געוווּסט, אַז דו האָסט כאַסענע מיט אַ דאָקטער. אַ דאָקטער דאַרף קראַנקע היילן, ער האָט ניט קיין רעכט עמעצן ניט געבן קיין הילף. מאָל דיר, אַז אין איצטיקן פֿאַל איז קיין שום באַזונדערס ניטאָ. מיט דער צײַט וועלן נאָך זײַן קאָלערע־עפּידעמיעס... אויב איך וועל זיך אָפּזאָגן, ווער זשע וועט אויף מײַן אָרט גיין?

— פֿאַרוואָס זשע האָט מען דאָס פֿאַרגעלייגט גראָד דיר און ניט עמעצן אַנדערש? דאָקטוירים זײַנען דאָך דאָ אַ סאַך...

— אַלע זײַנען פֿאַרנומען, און איך בין פֿרײַ. מיט איין וואָרט — באַרישקײַטן...

— כ'רעד ניט וועגן זיך, באַריע. האָב ראַכמאָנעס אויף די קינדער... דו ווייסט, אַז מיר וואַרטן אויף נאָך אַ קינד... דאָס דערהאַרגעט מיך. אויף דײַן פּלאַץ אין טיפֿוס־באַראַק קוק איך ווי אויף אַ טויט־אורטייל. איך האָב אַ פֿאַרגעפֿיל...

— ווי־אַזוי זשע האָט פּעטראָוו געאַרבעט אין באַראַק? ער פֿאַרמאָגט אויך אַ ווײַב, אַ קינד, און אין פּונקט ווי מיר מיט דיר אײַנגעטונקען אין כוויועס. האַקיצער, מע דאַרף ניט זײַן אַזוי קליינמוטיק... איך בין זיכער, אַז ווען דו ווייסט דאָס גוט אַרומטראַכטן, וועסטו אַליין מיר הייסן גיין אַהין, ווו מע נייטיקט זיך אין מײַן הילף. נו, הער אויף, קינד... ווייסט דאָך, ווי איך גאָר נאָך אַרבעט. קיין אַנדער מעגלעכקײַט וועט שוין, זיכער, ניט אַזוי גיך זײַן.

זי האָט לאַנג ניט געקאָנט זיך באַרויִקן. ער האָט איר געבראַכט אַ גלאָז קאַלט וואַסער און לאַנג זי אײַנגערעדט.

— נו, זײַ אַ קלוגע, נינע... נעמסט אַליין און מאַכסט דיר אָן יעסורים. און מיר אויך אין אײַנוועגס.

— איך ווייס נאָר איינס... ס'איז ניט יושערדיק... יאָ, יאָ, ניט יושערדיק!..

אַרומגענומענע, האָבן זיי ביידע אומגעשפּאַנט איבערן צימער. מילאַטשקע האָט זיך געפּאַרעט אַפּן דיל מיט אירע שפּילכלעך. זי האָט שוין באַוויזן אוועקצושטעלן פֿון אירע טעקלעך אַ גאַנצן לאַזאַרעט, די קראַנקע געהיילט מיט שטיקלעך געבעקס — דעם דאָקטערס טעכטערל האָט אין מיניאַטיור איבערגעכאַזערט דעם פֿאָטערס פּראָפֿעסיע.

— נאַ, גיב אַ קוק אויף איר, — האָט דער דאָקטער געזאָגט. — מע דאַרף זיך אַמאָל לערנען בײַ די אייגענע קינדער. נו, טײַערע, כ'דאַרף שוין גיין... כ'בין צוגעלאָפֿן אַהיים אויף איין מינוט.

נינעס גרויע אויגן האָבן מיט שרעק אַ פֿרעג געטאָן: שוין אַהין? אַזוי גיך? ער האָט איר שווײַגנדיק געענטפֿערט מיט אַ הוילן שמייכל. זי האָט אומבאַהאָלפֿן צוגעדריקט זיך צו אים מיטן גאַנצן לײַב אירן — דאָס איז געווען די לעצטע באַקאַשע אירע.

— כ'וועל זיך אומקערן אַרום אָנבײַסנצײַט, נינע...

זי האָט מער ניט געוויינט און מער זיך ניט געקלאָגט. ווען ער האָט אין פּירהויז אָנגעטאָן דעם פּעלץ, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אים אויפֿן האַלדז, לאַנג געקושט, דערנאָך אַוועקגעלאָפֿן אין קינדער־צימער און דאָס פּנים אירס אײַנגעגראָבן אין די דלאָניעס — זאָל ער מער ניט זען אירע טרערן.

2

אין קינדער־צימער זײַנען צוויי פֿענצטער אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס, און נינע האָט געזען, ווי ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ בריטשקע. ער האָט זיך, ווי געוויינלעך, געאײַלט; ניט פֿאַרגעסן אָבער אַ קוק טאָן צו די פֿענצטער פֿונעם קינדער־צימער און צו נינען אַ ליבלעכן שמייכל טאָן.

— געשיקט זיך, אַז אַלץ איז געענדיקט? — האָט נינע זיך געבראָכן די הענט. — און אַזוי פּראָסט?.. אַלצדינג איז געווען, און ס'איז גאָרנישט ניט געבליבן. ניין, געבליבן איז אַ שרעקלעכע סאַקאָנע, אַן אומפאַרמײַדלעכער אומגליק... אין דעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם באַראַק איז שוין איין דאָקטער אַוועק פון דער וועלט, אַ צווייטער האַלט באַם שטאַרבן, און דער דריטער גייט אויף אַ זיכערן טויט.

און פונדעסטוועגן איז ער געערעכט... יאָ, גערעכט, ווי גערעכט זײַנען נאָר גוטע, נאָר ערלעכע מענטשן. האָט ער דען געקאָנט טאָן אַנדערש? אַוודאי, ניט... און זי האָט אים מיט די טרערן אירע אַזוי געערגערט, אַזוי ווײ געטאָן. ניין, מער וועט אַזוינס ניט געשען... דו האָסט דײַן נינען ניט אומזיסט ליב באַקומען: זי וועט, ווי תּמיד, ווידער שמייכלען צו דיר.

אין איר מויעך האָבן אַ בליץ געטאָן צענדליקער בילדער פון זייער קורץ און גליקלעך צוזאַמענלעבן. כאַסענע געהאַט האָבן זיי ערשט מיט דרײַ יאָר צוריק. אין פּראָפּאַדינסק האָט ער געוווינט אַ יאָר זיבן, און אַן אָרט אין אַ שפּיטאָל ניט געקאָנט קריגן, מאַכמעס אַלע ערטער זײַנען געווען פאַרנומען. ס'האָבן זיך דאַפקע אַ פּאָר מאָל באַוויזן פרײַע ערטער, נאָר אויפגענומען האָט מען אַנדערע דאָקטוירים, ניט אים. ער איז אין פּראָפּאַדינסק געווען אַ פרעמדער מענטש, קיין שום פּראָטעקציע ניט געהאַט, אויסזוכן זיך אַ שטיקל פּראָטעקציע ערגעץ אויבן אין דער פּראָפּאַדינסקער אַדלוועלט האָט ער ניט געקאָנט. ס'איז אים איבערגעבליבן בלויז פּריוואַטע פּראַקטיק, וואָס האָט געגעבן פּונקט אַזויפיל, ניט צו שטאַרבן פאַר הונגער. אַ דאָקטער פאַר אָרעמעלײַט — ניט מער. אײַנאָרדענען זיך ערגעץ אין אַ לײַטישן שפּיטאָל, וווּ ער זאָל קאָנען אַרבעטן קעסיידער, איז געווען אַן אייביקער כאָלעם זײַנער. און אָט איז דער כאָלעם פאַרווירקלעכט געוואָרן אויף אַזאַ שרעקלעכן אויפן... דער ייִדישער אָפּשטאַם האָט שטאַרק געשטערט דער קאַריערע פון אַ פּראָווינציעלן דאָקטער. אַפילו פּריוואַט האָבן זיך צו אים געווענדט נאָר אָרעמע מענטשן, צו וועמען אַנדערע דאָקטוירים האָבן ניט געוואָלט גיין. עמעס, ער האָט זיך אויף זײַן לאַגע ניט באַקלאָגט, אויף דער צוקונפט געקוקט העל און מונטער. די צוקונפט זײַנע האָט ער געזען אין די מעדיציניש ארטיקלען, וואָס ער שרײַבט אין די אָפּדערנאַכטן. ער האָט אַ סאַך באַאַרבעט פאַרשיידענע מעדיצינישע פּראָבלעמען, וואָס ער האָט באַגעגנט אין זײַן מעדיצין־פּראַקטיק. אַנדערע דאָקטוירים זײַנען אין די אָוונטן געזעסן בײַ זייערע קאָרטנשפּיל־טישלעך, אין קלוב, צי ערגעץ צוגאַסט. ער האָט זיך אייביק אומגעטראָגן מיטן מיקראָסקאָפּ און מיט די אַרטיקלען זײַנע.

— נינאָטשקע, איך הייב פּאַשעט אָן מוירע האָבן, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן וועל איך ווערן אַ באַרימטקײַט, — האָט ער זיך וועגן זײַנע אַרבעטן געוויצלט. — אָדער, נאָך ערגערס: אַ באַוווּסטער פּראָווינציעלער מאָדע־דאָקטער... כ'וועל אַרויספאָרן מיט אַן אייגענעם געשפּאַן, וועל ביכלאַל ווערן אַ בורזשוי.

דער ייִדישער אָפּשטאַם איז געווען די סיבע פון דער גאָר ניט שיינער געשיכטע מיטן דאָקטער פּעטראָוו. ס'איז פאָרגעקומען אַ כאַוועריִשער מיטיק. מ'האָט אַ סאַך געטרונקען, אַ סאַך זיך געשפּאַרט איינער מיטן אַנדערן. באַם סאַמע סוף האָט זיך געטאָן אַ שפּיל אויף אַזאַ טרויעריקע מײַסע, וועגן וועלכער „די גאַנצע שטאָט" האָט דערנאָך געהאַט, וואָס צו רעדן. דער דאָקטער פּעטראָוו האָט אין ברען פון זייער שפּאַרן זיך אַ זאָג געטאָן:

— איר, לעווענסאָן, קאָנט, פאַרשטייט זיך, מיט מיר ניט מאַסקים זײַן. איר ווייסט פאַרוואָס? ווײַל איר זענט אַ זשיד... יאָ, יאָ, אַ זשיד!

דער דאָזיקער אָפּגרעפּץ פון אַ מענטשן אַ ביסל אָן אונטערגעטרונקענעם האָט צווישן דעם אוילעם אַרויסגערופן אַ סענסאַציע. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכער טומל. די מערהײַט איז, פאַרשטייט זיך, געווען אויף דער זײַט פונעם באַליידיקט געוואָרענעם. מ'האָט געפאָדערט, פּעטראָוו זאָל דאָס וואָרט זײַנס נעמען צוריק, זאָל זיך פאַר לעווענסאָנען אַנטשולדיקן. פּעטראָוו אָבער האָט עס אויף דער הייסער מינוט בעשום־אויפן ניט געוואָלט טאָן.

— ליבער אוילעם, אין וואָרט „זשיד" זע איך פאַר זיך קיין שום באַליידיקונג ניט, — האָט לעווענסאָן גאַנץ רויִק געזאָגט. — איך שטאָלציר אַפילע דערמיט, וואָס איך געהער צו אַ נאַציע, וועלכע האָט געגעבן דער וועלט אַזויפיל באַדײַטנדיקע פאָרשטייער אין דער וויסנשאַפט, אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור. ס'טוט מיר נאָר וויי, וואָס מיט דעם דאָזיקן וואָרט האָט מיך געוואָלט באַליידיקן אַן אינטעליגענטער מענטש אין אַן אינטעליגענטער געזעלשאַפט... עס טוט מיך מאַמעש פיזיש וויי, וואָס אַזעלכע פאַלן קאָנען נאָך פאָרקומען.

דער „זשיד" האָט זיך מיטן אוילעם געזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

אויפן אַנדערן טאָג האָבן זיך צו אים אַרײַנגעיאָוועט פּאַרלאַמענטאַרן, געבראַכט פון פּעטראָוון אַן אַנטשולדיקונג־בריוו. וואָס זשע איז דאָ געווען צו טאָן? דער „זשיד" האָט די אַנטשולדיקונג אָנגענומען, כאָטש אין אַ בריוו האָט זי שוין ניט געהאַט די ווערט, ווי ווען זי וואָלט געווען געמאַכט געוואָרן אָפן, פאַר יעדן. דער דאָזיקער נאַרישער פאַל האָט געבראַכט דערצו, אַז צווישן פּעטראָוון און לע־

ווענסאָנען זאָלן זיך אוועקשטעלן ניט־באַקוועמע און פּריקרע באַציִונגען. זיי האָבן אויסגעמיטן באַגע־גענישן, באַגעגענענדיק זיך אױף דער גאַס, ניט באַגריסט זיך, אאַוו. איצט איז דער דאָזיקער פּאַל ווידער ארופגעשוומען, און נינע האָט א טראַכט געטאָן, אז אַט דער פּעטראָוו איז פאַר זיי א מין בייזער גויר\ל. עס טרעפן זיך אזעלכע מענטשן... פון דער אַנדערער זײַט, האָט זי נישט געקאָנט ניט מאַסקים זײַן מיטן מאַן, אז אַט דער פּעטראָוו איז א געוואַגטער מענטש, שרעקט זיך ניט פאַר קיין שום סאַקאַנעס, וועלכע ער האָט גאַנץ גרינג געקאָנט אויסמײַדן. כּוץ דעם, האָט דאָס וועגדן זיך זײַנס נאָך הילף צו א סוינע זײַנעם, קאָן מען זאָגן, אין א געוויסער מאָס שאָלעם געמאַכט צווישן זיי. די מאַדאַם פּעטראָווא האָט אפילע א זאָג געטאָן, אז דער קראַנקער מאַן אירער גלייבט ניט קיין צווייטן דאָקטער...

די אומגליקלעכע פרוי האָט ביטער געוויינט פאַרנט אין פּירהויז, און נינע האָט איר זייער מיטגעפילט. געשיקט זיך, אז דאָס איז א מין פאַרגעפיל? געשיקט זיך, אז זי אליין וועט אינגיכן זײַן אין אזא לאַגע? נינע האָט פון זיך אָפּגעטריבן די שווארצע געדאַנקען... באַריע איז גערעכט, ווײַל ער איז זייער א גוטער, און דער נעשאָמע זײַנער זייער א גוטער...

אַנבײַסנצײַט האָט זיך לעווענסאָן אַרײַנגעיאָוועט אין שטוב גאָר אָן אופגעײַטערטער. ער האָט באַוויזן צו זײַן אי בא פּעטראָוון, אי אין טיפוס־באַראַק.

— מיט מײַן קאָלעגע האַלט שלעכט, — האָט ער א זאָג געטאָן, צוזעצנדיק זיך צום טיש. — די קרענק איז פאַרלאָזט. שרעקלעכע פאַנטאַזיעס באַפאַלן אזעלכע קראַנקע: ברעג צו אים נאָר מיך און בלויז מיך. ווי ער האָט זיך עס דערפרייט, ווען ער האָט מיך דערזען! ער האָט מיך אָנגענומען



בא דער האַנט און אַ מאַך געטאָן: „איך בין געווען זיכער, אַז איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן...״ זײַ לעבן אָרעמלעך, נינע, ווי מיר מיט דיר. אַ קינד האָבן זיי אויך.

— געשיקט זיך, אַז ער איז פֿאַרפֿאַלן?

— ניין, דערווײַל קאָן מען דאָס ניט זאָגן. ס'איז אָבער אַזאַ פּאַסקודנע קרענק, אַז זיכער זײַן קאָן מען אויך ניט. ס'קאָנען זיך אונטערוואַרפֿן קאָמפּליקאַציעס. די לונגען זײַנע זײַנען, ווי מיר דאַכט זיך, אויך ניט אין אָרדענונג. אײַ, וואָס אין באַראַק טוט זיך! מע מוז דאָס זען מיט די אייגענע אויגן. נאָר דעמלט קאָן מען פֿאַרשטיין, וואָס עס איז אַזוינס די הייליקע וויסנשאַפֿט, וואָס קעמפּט אפֿילע מיט סטיכייִשער רישעס... אין צוויי הונדערט בעטלעך ליגן פּאָשעטע פֿאָלקסמענטשן, וואָס דערנערן זיך געמיין, וווינען אין שלעכטע דירעס, פֿאַרקילן זיך אָפּט, שיקערן. כ'בין נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געווען אַזוי גליקלעך, ווי אַצינד.

דעם מאַנס גוטע שטימונג האָט נינען באַרויִקט. זי האָט שוין ניט געפֿילט די שרעק, וואָס איז זי גאַנצפֿרי באַפֿאַלן. אײַנאַנעמעסן: וואָס איז דאָ אַזוינס באַזונדערס? צו יעדער געפֿערלעכקײַט קאָן מען זיך סאָפּקאָלסאָף צוגעוווינען. צו גוטן האָט נאָך מיטגעווירקט מילאַטשקע, וואָס האָט אַזוי ליב געפּלאַפּלט אירע קינדעריש־כּײַנעוודיקע רייד. —

— כ'בין איצט פֿרײַ אַ גאַנצע שאָ, — האָט לעווענסאָן געזאָגט. — פֿאַרשטייסט, טײַערע: אַ גאַנצע שאָ. מיר קאָנען אפֿילע שפּילן עפּעס אַפֿן קלאַוויר. מוזיק באַרויִקט. לאָמיר שפּילן עפּעס שומאַנס...

זיי האָבן געשפּילט אַ גאַנצע שאָ, ווי פֿריִער טאָמיד אין די אָפּדערנאַכטן. פֿון הײַנט אָן וועט ער מער אינדערהיים ניט זײַן. דאָס וועט זיך אַזוי אָוועקציִען גאַנצע וואָכן, און עפּשער טאַקע כאָדאָשים. ס'איז איר אָוואַדע ניט גוט, נאָר מע דאַרף דערמיט שאָלעם מאַכן...

— ווען דו וואָלסט געוווּסט, ווי גליקלעך איך בין! — האָט ער איבערגעכאַזערט באַם אָוועקגיין אַף דער „סלוזשבע״. — ס'איז די גרעסטע האַנאָע, וואָס אַ מענטש קאָן האָבן נאָר ווען ער העלפֿט לײַדנדיקע... וועגן דעם לוינט זיך צו לעבן! איך הייב, דאַכט זיך, אָן פֿילאָסאָפֿירן, און דו האָסט רעכט מיך אָפּצושטעלן, מאַכמעס די דאָזיקע „היימישע״ פֿילאָסאָפֿיע טוט אַ ברענג אָן אומעטיקײַט.

ער האָט זי אַרומגענומען און געשעפּטשעט:

— מיר וועלן זײַן קלוג, האַ? מירן ניט צופֿיל בענקען? אַז ס'וועט אַף דיר אָנפֿאַלן אַ מאַרעש־כוירע, טו זיך אַ שטעל פֿאַר אַ שרעקלעכע מילכאָמע, די פֿראַנצויזיש־פּרײַסישע, לעמאָשל, אָדער אונדזער מיזרעכדיקע. דרײַ מיליאָן מאַנצבלען אונטער דער ביקס, און אין די היימען — מיליאָנען מוטערס און פֿרויען, וואָס פּײַניקן זיך און לײַדן די גאַנצע צײַט ווען זיי... ס'איז אָוואַדע אַ קליינע טרייסט, ווען דו מוזט זיך טרייסטן מיט אַ צווייטנס אומגליק, נאָר אַ טרייסט איז עס...

— גיי, גיי, באַריע... מע וואַרט דאָרטן אַף דיר.

— טײַערע, ליבע מײַנע...

— איך וועל זײַן קלוג.

ער איז אָוועקגעגאַנגען, און זי איז געבליבן מיטן געדאַנק וועגן די פֿרויען און מוטערס, וועלכע מוזן לײַדן פֿאַר די לײַבלעכע זייערע. אַזוי איז שוין דער פֿרויס דאָליע, אומעטום איז זי איינע און די זעלבע... נינע האָט איצט גוט פֿאַרשטאַנען דעם אומגליק, וואָס דערוואַרט זי, די ניט־פֿאַרווירקלעכטע האָפֿענונגען, די פֿאַרלוירענע ליבע... יאָ, דאָס לעבן מאָנט קאָרבאָנעס, און דער מערסטער טייל קאָר־באָנעס פֿאַלט אויס אַפֿן גוירל פֿון דער פֿרוי. אַרויסווײַזן העלדישקײַט ערגעץ אַפֿן שלאַכטפֿעלד איז אַ סאַך גרינגער, איידער זיצן אינדערהיים און אָן אויפֿהער פּײַניקן זיך. מעגלעך, דער ייִדישער פֿרוי האָט די געשיכטע אונטערגעטראָגן אַ ביסל מער פּײַנען, איידער די שוועסטער אירע פֿון אַנדערע נאַציעס...

3

לעווענסאָן האָט קימאַט אַ גאַנצן טאָג זיך פֿאַרזאַמט אין זײַן טיפֿוס־באַראַק, אַהיים געקומען איז ער נאָר אָפּעסן מיטיק. פֿאַרנאַכט פֿלעג ער אָוועק צו פּעטראָוון און איז דאָרט אייניקע מאָל פֿאַרבליבן ביז פֿאַרטאָג. דעם קראַנקן איז געווען זייער שווער, עפּעס באַשטימטס וועגן זײַן לאַגע האָט מען דערווײַל נאָך ניט געקאָנט זאָגן. אויפֿגעלעבט האָט ער נאָר דעמלט, ווען ער האָט דערזען לעבן זיך לעווענסאָנען.

— נו, וויִאַזוי, קאָלעגע? — האָט לעווענסאָן געפֿרעגט.

— גאָרניט. ביטער... — האָט דער קראַנקער באַמיט זיך אַ שמייכל צו טאָן. — באַנאַכט איז מיר שטאַרק שווער, באַריס גריגאָריטש. האַלוצינאַציעס מוטשען מיך. אין קאָפּ קריכט מיר דער רויך ווייסט וואָס... דער מויער מײַנער זעט אויס אַפּאָנעם איצטער אויס, ווי אַ פֿאַרפּלאָנטערטער קנויל בײַוויל... הוילער פּלוידער און אומזין...

— אַ סאַך רעדן דאַרף מען ניט, איוואַן איוואַנאָוויטש...

— כ'ל מער ניט...

פֿון דער נאַטור איז פּעטראָוו געווען אַ ווײַצלער, אַפֿילו קראַנקערהייט האָט ער ניט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פֿון אַ קאָמישן טאָן. ביכלאַל איז דאָס געווען אַן אויסטערלישער ריין רוסישער כאַראַקטער, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אין זיך אי גוטס, אי שלעכטס; אי אָפֿנהאַרציקייט, אי כיטרעקייט; אי קליינלעכקייט, אי גרייטקייט זיך מאַקריוו זײַן. לעווענסאָן האָט געשטוינט, וואָס דער אָרגאַניזם פּעטראָווס ווײַזט אויך אַרויס אַזעלכע־אָ אומדערוואַרטקייטן און סיורפּריזן. די פֿיזיאָלאָגיע און די פּאַטאָלאָגיע בוצקען זיך צווישן זיך. ווײַל אַזאַ אָרגאַניזם האָט מען געדאַרפֿט אויסאַרבעטן אַ באַזונדער מין מאָס.

— אַ געמיין כאַראַקטערל — כיטרעוועט, — האָט פּעטראָוו, ווי פֿאַרענטפֿערט זיך, ווען עפּעס אַ נײַ רעפֿוע־מיטל האָט אויף אים לאַכלוטן ניט געווירקט. — אַ פֿיזיאָלאָגיע פֿון סיורפּריזן...

לעווענסאָנען האָט מער באַאומרויִקט דעם קראַנקנס גײַסטיקער צושטאַנד. מונטערקייט איז גיך איבערגעגאַנגען צו אָפּגעלאָזטקייט, האָפֿענונג — צו פֿאַרצווייפֿלטקייט, ענערגיע — צו אַפּאַטיע. ערעוו דעם קריזיס איז געווען זייער אַ שווערע נאַכט. לעווענסאָן איז די גאַנצע נאַכט געזעסן לעבן דעם קראַנקן. די רעגעס און די שאָען האָבן זיך געצויגן. דער כוילע האָט זיך געוואָרפֿן, געקרעכצט, גערעדט פֿון היץ. לעווענסאָנען האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער אַליין קרעכצט און רעדט ניט־געשטויגנס. אַרום צוויי באַנאַכט איז פּלוצעם, אַן אַ פֿאַרוואָס, געקומען אַן ענדערונג. דער קראַנקער האָט צעעפֿנט די אויגן און זיי אָנגעשטעלט אויף לעווענסאָנען לעבן טיש.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך? כ'בין אַרײַנגעקומען צופֿעליק...

— יאָ, יאָ, איך דערמאָן זיך: כ'בין קראַנק... ניט קיין קלוגער אײַנפֿאַל אײַערער. וויפֿל איז איצט דער זייגער?

— דאַכט זיך, נאָך צוויי...

— אַהאַ... ס'האַלט שוין מיט מיר, הייסט עס, זייער גוט, אויב איר מוזט לעבן מיר באַנאַכט דעזשורען. דער קריזיס וועט זײַן אינגיכן?

— די טעג וועט זיך אַלץ אויסקלאָרן...

דער קראַנקער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן, אַ רעגע געשוויגן און אָנגעהויבן דערנאָך רעדן מיט אַן אַנדער טאָן:

— איך ווייסט... איר פֿאַרלירט לעבן מיר אומזיסט צײַט... כ'וועל סײַווי שטאַרבן... איך פֿיל עס... כ'וויל, איר זאָלט וויסן, אַז, שטאַרבנדיק, טוט מיר באַנק איין זאַך... כ'פֿאַרליר די מעגלעכקייט כאָטש מיט עפּעס־וואָס אָפּדאַנקען אײַך... לאָזט מיך אויסרעדן... דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס איז איין גרײַז... כ'האָב אַ סאַך געטראַכט דערפֿון... ווען איך וואָלט געזונט געוואָרן... וואָס וואָלט איך געטאָן, מיינט איר? כ'וואָלט אַרום אײַך אַרומגעגאַנגען, ווי אַ ווײַב אײַערס, ניין — ווי אַ הינטל אײַערס...

— מע דאַרף ניט רעדן אַזויפֿיל...

— סײַוויסײַ שטאַרב איך... יאָ... דאָס איז אי ניט־יושרדיק, אי יושרדיק, ווי אַלצדינג אויף דער וועלט. ניין, ניט דאָס... איר געדענקט, ווי כ'האָב אײַך דעמלט באַליידיקט? פֿונדעסטוועגן אָבער בין איך פֿון דער נאַטור גאָר ניט קיין שלעכטער מענטש... כ'האָב געהאַנדלט זייער מיִעס... ניט אויף מוחל צו זײַן...

— לאָמיר דערפֿון ניט רעדן. מ'האָט עס שוין לאַנג פֿאַרגעסן.

— ניין, ניט דאָס... אײַער גרויסמוטיקייט האַרגעט מיך אינגאַנצן אוועק... וואָס איז דאָס אַזוינס „זשיד"? שולדיק איז דען דער, וואָס ווערט געבוירן אין איין נאַציע אָדער אין אַ צווייטער נאַציע?.. שולדיק זײַנען יענע, וואָס שטעלן אוועק אָפּצוימונגען, וועגטלעך צווישן נאַציעס... יענע, וועלכע איזדיעקעווען זיך איבער מענטשלעכער ווירדע... וועלכע זײַנען אָנגעזאַפּט מיט אַנטיסאָציאַלער רישעס... מיר פֿאַרמאָגן ניט די סאַמע פּאַשעטע מענטשלעכקייט, קאָכן מיר זיך אין אונדזער אייגענער בייזוויליקייט...

— נו, גענוג... הערט אויף.

— ניין, לאָזט מיך אַלצדינג אַרויסזאָגן... ס'איז געבליבן ווייניק צײַט, שאָען, עפּשער נאָר מינוטן... כ'האָב זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן. נאָר וויאַזוי האָב איך געלעבט... וואָס פֿאַר אַן אינטערעסן האָבן איך געהאַט... דאָס הייסט נאָך ניט, אַז איר זענט אינגאַנצן פֿולקום, נאָר אַ פֿלאָם־פֿײַערל אײַערס פֿאַרמאָגט איר...

דאָס איז געווען א מוירעדיקע נאכט. דער קראנקער האָט גערעדט און גערעדט פון היץ, אָפּשטעלן אים האָט מען ניט געקאָנט. ער האָט ווי געוואָלט אינגאנצן אויסגיסן פון זיך... לעווענסאָן האָט דערפילט, אז ער אליין הייבט אָן האלוצינירן — הייבט אָן פארלירן דאָס געפיל פון רעאלקייט. זעקס פארטאָג האָט ער זיך אומגעקערט אהיים א מידער און אויסגעמוטשעטער.

— הער מיך אויס, אזוי קאָן מען דאָך ניט, — האָט נינע געזאָגט. — טו א קוק אַף זיך אין שפּיגל, אַף וועמען ביסטו ענלעך? ברענגסט זיך אליין אום.

ער האָט א קוק געטאָן אפן ווײַב מיט א מעשונעדיקן בליק, אראָפּגעלאָזט זיך אפן בענקל און מיטאמאָל זיך צעוויינט...

— באַריע, גאָלובטשיק, וואָס איז מיט דיר? ביסט, כאָלילע, קראנק?

— ניין, ניין... ער שטארבט. פּעטראָוו שטארבט... די וויסנשאפט איז אָנמעכטיק, פארשטייסט? וואָס פאר א ווונדערלעכער מענטש דאָס איז, נינע... כ׳האָב אים ליב באקומען, ווי אן אייגענעם ברודער... ניין, ניין, דאָס איז ניט יוישערדיק...

— די נערוון דײַנע זײַנען פּאָשעט צעשרויפט, פון מידקײַט...

זי האָט גערעדט צו אים מיט אן ערנסטן טאָן, אפילע שטרענגלעך, ווי מע רעדט מיט א קינד, נאָר אין דער נעשאָמע אירער האָט זיך עפּעס ווי אופגעריסן. זי האָט געזען פאר זיך גאָר אן אנדער מענטשן — אן אויסגעמוטשעטן, א דערשלאָגענעם, א דערדריקטן. דער טרויעריקער סאָף פון פּעטראָווס קרענק איז, זעט אויס, נאָר א מין אויסרייד, ער גיט זיך אליין אפילע ניט אָפּ קיין כעזשבן, וואָס עס קומט אין אים פאָר, זי פילט עס גוט. זי פילט עס, נאָר וועט עס ניט ארויסזאָגן — דאָס סאמע ערגסטע איז זי שוין דורכגעגאנגען, איצט וועט זי גיין ווײַטער אפן זעלבן וועג. אזוי מוז עס זײַן. אנדערש קאָן עס ניט זײַן.

פּעטראָוו איז אין צוויי טעג ארום געשטאָרבן, האלטנדיק דעם „זשיד" בא דער האנט. זײַן טויט איז פאר לעווענסאָנען געווען א שרעקלעכער קלאַפּ. ער האָט זיך אינגאנצן אָפּגעלאָזט און מיט א טעמפּן בליק געקוקט אַף דעם דאָזיקן העל־האָריקן קאָפּ, וואָס וועט שוין פונעם מויל קיין איין וואָרט ניט ארויסזאָגן, וועט זיך שוין קיין איין ריר ניט טאָן און וועט באלד אינגאנצן ניט זײַן. ווי א דאָקטער איז אים ניט איין מאָל אויסגעקומען צו זען שטארבנדיקע און טויטע, נאָר דאָ איז געווען גאָר אנדערש. ס׳האָט געמאכט דעם אײַנדרוק, אז ניט נאָר איין פּעטראָוו שטארבט, ער נעמט מיט זיך מיט אויך א טיילכל פון אן אנדערנס לעבן. וואָס איז אזוינס לעבן? וואָס איז אזוינס טויט? די בודיסטן זאָגן, אז דאָס לעבן איז א טיפער שלאָף, און דער טויט איז אָן אופכאפּן זיך פונעם שלאָף... די אלע געדאנקען זײַנען צו לעווענסאָנען אָנגעפלויגן אומדערווארט, ווי נאכט־פייגל, און פונקט מיט אזא אומדערווארטקײַט אָפּגעפלויגן. אָט איז א מענטש געווען — און אָט איז ער נישטאָ. וואָס קאָן, דאכט זיך, זײַן פּאָשעטער? פונדעסטוועגן האָט גראָד דער איצטיקער פאַל געווירקט אַף לעווענסאָנען שוידערלעך.

אַף פּעטראָווס לעווײַע איז געקומען א גרויסער אוילעם. ס׳האָט אויסגעזען, ווי א מין דעמאָנסטראציע. אויך לעווענסאָן האָט דעם קאָלעגע זײַנעם באגלייט אין דער אייביקײַט. אגעוו, האָט ער געהאט דאָס פארגעניגן צו הערן, אז „דעם דאָזיקן גוטן מענטשן האָט א זשיד געהיילט". דאָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרן אזוי אומגעלומפּערט, אז ער האָט אפילע ניט געקאָנט זיך באליידיקן. נאָר ארויסגעזאָגט געוואָרן איז עס, דאָס דאָזיקע פארשאָלטענע וואָרט. ס׳האָט זיך אים אָנגעהויבן דאכטן, אז אפילע זײַנע כאוויירים־דאָקטוירים זאָגן אויך אזוי, ס׳הייסט, זאָגן עס ניט אָפן, — אזוי, פאר זיך, בא דער זײַט. זיי האָבן דאָך פריִער געטײַנעט, אז ער היילט אָרעמע קראנקע אָן געלט, נאָר צוליב דעם, ער זאָל אַף אזא אויפן זיך מאכן א קאריערע. איצט וועט אוועקגיין אן אנדער שמועס: דער ביטערער זשיד איז גאנצע נעכט אָפּגעזעסן באם בעטל פון זײַן שטארבנדיקן סוינע נאָר צוליב דעם, מע זאָל זען, ווי גרויסמוטיק ער איז. דאָס ארבעטן זײַנס אין טיפוס־באראק וועט מען אויך אויסטײַטשן מיטן זעלבן וואָרט: דער זשיד ניצט אויס דעם מאָמענט, קעדיי דערנאָך א רוק טאָן זיך ווײַטער.

— קאָן זײַן, עס דאכט זיך מיר פּאָשעט אויס, — האָט לעווענסאָן געזאָגט דעם ווײַב, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון דער לעווײַע, — נאָר איך הייב זיך שוין אָן פילן, ווי א ניט־נאָרמאלער מענטש. די קאָלעגן מײַנע זײַנען ליבע לײַט, איך שעץ זיי, נאָר איך פיל, אז אין זייער סוויווע זע איך אויס ווי א פרעמדער. דאָס איז א קרענקלעך ניט־גערעכט געפיל, נאָר עס מוטשעט מיך, ווי א שווערער קאָשמאר.

נינע האָט וואָס א טאָג אָנגעהויבן באמערקן גרויסע ענדערונגען אין דעם מאנס כאראקטער. ס׳האָבן זיך אין אים ארויסגעוויזן אינגאנצן ניט־פארשטענדלעכע אויסטערלישקײַטן. פריִער, אשטייגער, פלעג ער קיינמאָל ניט טרינקען. איצט האָט ער אָנגעהויבן אויסטרינקען אַף איין מאָל עטלעכע גלעזלעך קאָניאק. און דאָס, האָט מען געזען, ווירקט אַף אים זייער שלעכט.

— פארוואָס טוסטו עס? — האָט זי אים געפרעגט.

— אזוי זיך... מע דארף א ביסל אײַנשטילן די נערוון. איבעריקנס, ס׳איז אינגאנצן פּוסטע מײַסעס, נינע...

— פילסט זיך ניט גוט?

— אַזוי, עפּעס אומעטיקלעך... פּעטראָ גייט מיר ניט אַרויס פונעם קאָפּ. איך טראַכט וועגן אים די גאַנצע צײַט. כ׳זע אים אַפילו אין שלאָף... אייסעך, נאַרישקײַטן.

אינדערעמעסן אָבער האָט לעוועַנסאָן אויסבאַהאַלטן פונעם ווײַב די ערשטע סימאָנים פון דער שרעקלעכער קרענק. ער האָט שוין געטראָגן אין זיך די אָנשטעקונג, נאָר אַלץ גענומען זיך אין די הענט אַרײַן, זיך אַליין געפּרוּווט גוויוער צו זײַן.

4

דער גאַנצפּרי איז געווען אַ גרויער, האַגאַם — אַ וואַרעמער. לעוועַנסאָן האָט געהייסן, מע זאָל אים אויפוועקן פריִער אַ ביסל. ווען די קעכן האָט זיבן אַזייגער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָט ער איר, ווי געוויינלעך, געזאָגט „אַדאַנק“, איז גיך אַראָפּ פונעם געלעגער און אָנגעהויבן זיך אָנטאָן. צוגייענדיק צו דער טיר, האָט ער זיך פּלוצעם צעשאָקלט, ווי ס׳וואָלט אים אַ שטויס געטאָן אַ ניט־געזעענע האַנט. דער קאָפּ איז אים געוואָרן שווער.

„ס׳האָט זיך אָנגעהויבן... — האָט ער רויִק געטראַכט. — נו, וואָס זשע, אַלצייַנס...“

אין עסצימערל האָט אויף אים געוואַרט אַ זודיקער סאַמאָוואַר. נינע איז נאָך געשלאָפן, און ער האָט די טיי אַליין געדאַרפט אָנגיסן זיך. וואָס קאָן זײַן בעסער פון אַ הייסער שמעקנדיקער גלאָז טיי, ווען אויפן גאַנצן לײַב דײַנעם רוט נאָך אַ מאַטע פאַרשלאָפנקייַט און די אויגן קלעפּן זיך נאָך! נאָר די טיי האָט עפּעס הײַנט געהאַט דעם טאַם פון אַ ביטערן רעצעפּט. גאָר ניט קיין גוטער סימען. טרינקען האָט זיך עפּעס אויך ניט געוואָלט. פונדעסטוועגן האָט ער די גלאָז טיי אויסגעטרונקען, גיך זיך אָנגעטאָן און איז אוועק צו דער אַרבעט. ווען ער איז אַרויס פונעם הויף־טירל, האָט עס מיט אים ווידער אַ וואַקל געטאָן. פאַר די אויגן זײַנע האָבן אָנגעהויבן פינקלען שוואַרצע פינטעלעך, ווי ס׳וואָלט זיך ערגעץ פון אויבן אַ שיט געטאָן אויף אים אַש.

„ס׳איז גאָרניט, אויף דער לופט וועל איך זיך אָפּפרישן...“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַרײַנזעצנדיק זיך אין אַ פאַעטאָן.

ער איז צוגעפאָרן ביז צום סאַמע באַראַק, גיך אַרײַן אין אויפנאַם־צימער, וווּ עס האָבן שוין געוואַרט אויף אים דרײַ פעלדשערס. ער האָט געוואָלט אויסטאָן דעם מאַנטל און מיטאַמאָל זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן נאָענטן בענקל. די פעלדשערס האָבן זיך איבערגעקוקט.

— גיט מיר אַ ביסל וואַסער...

די קאַלטע וואַסער האָט אים אָפּגעפרישט; ער איז אוועק אין די פּאַלאַטעס מאַכן די קראַנקע דעם געוויינלעכן גאַנצפריִיקן באַזוך.

— זיבן נײַע קראַנקע האָט מען באַנאַכט געבראַכט, — האָט אים אויפן וועג דערציילט דער עלטערער פעלדשער.

ענדיקן דעם באַזוך בײַ די קראַנקע האָט ער ניט געקאָנט: ס׳האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ.

— הער דאָקטער, עפּשער... אָפּפירן אײַך אַהיים? — האָט געפרעגט דער פעלדשער, אונטערהאַלטנדיק אים בײַם אָרעם.

— יאָ, יאָ, אַהיים...

ער האָט אַפילו ניט געדענקט, וויִאַזוי ער איז אַהיים געקומען. נינע איז שוין געהאַט אויפגעשטאַנען. זי איז געבליבן איבעראַשט, ווען זי האָט אים דערזען.

— באַזאָרגן זיך ניט... כ׳בין גלאַט זיך ניט אויסגעשלאָפן... אין קאָפּ טומלט אַ ביסל...

זי האָט שווײַגנדיק אַ קוק געטאָן אויף אים און אַלץ פאַרשטאַנען. ער איז קראַנק... דעם צאַרן האָט זי מיט גאָרנישט ניט אַרויסגעוויזן, בלויז אַ זאָג געטאָן, אַז אין די לעצטע צוויי וואָכן איז ער אינגאַנצן געשלאָפן עפּשער פינף טעג, און געייצעט אים גיין זיך צולייגן.

— יאָ, יאָ, אַוודע...

באַטאָג־צו האָט ער זיך שוין פונעם בעט ניט געקאָנט אויפהייבן. ס׳איז אים באַפאַלן אַ מוירעדיקע אַפּאַטיע. ס׳האָט זיך וועגן גאָרנישט ניט געוואָלט טראַכטן. ליגן בלויז מיט פאַרמאַכטע אויגן און הערן, ווי עס טיקטאַקעוועט דער אומרו פונעם זייגער אויף דער וואַנט. נינע איז אַלע פּערטל שאָ אַרײַנגעקומען צו אים, ער האָט אויפגעמאַכט די אויגן, און דאָס פּאָנעם זײַנס האָט אויסגעדריקט פאַרצאַרנטקײַט.

— לאָז מיך אַ ביסל שלאָפן...

ער האָט געוווּסט, אַז זי פּײַניקט זיך, נאָר ניט געפּילט דעם מיטגעפיל, מיט וועלכן ער פלעגט זיך שטענדיק באַציִען צו אירער אַ קלענסטער איבערלעבונג. דערנאָך האָט ער זיך אויף איר אַ בייזער

געטאָן, ווען אין קאַבינעט זײַנעם איז אַרײַנגעקומען אַ גראָווער אַלטיטשקער, אַ דאָקטער פֿון די רוּ־
סישע דײַטשן — צוליב וואָס האָט מען געדאַרפֿט אָנמאַכן אַן אומזיסטיקע פּאַניק? צום דאָקטער האָט
ער זיך באַצויגן טרוקן.

— ניט מעסוקן, ניט מעסוקן, אַ ביסעלע זיך דערהיצט... פֿון איבערגעמאַטערטקײַט... — האָט
דער אַלטיטשקער געטאַפּט אים דעם פּולס.

סאַראַ מיִעסע טעווע האָט די דאָזיקע אײדעלע מעדיצין אויסצובאַהאַלטן דעם עמעס, זיסלעך
באַרויִקן. נו, ער איז קראַנק. נו, טיפֿוס — וואָס זשע איז דאָ אַזױנס שרעקלעכס? און אָט וועט מען
דיר, פֿאַרשטייט זיך, באַלד דערלאַנגען אַ רעצעפּטל מיט דער אַלט־אײַביקער מיקסטורקע, די קרענק
צו פֿאַרווישן...

דער קראַנקער האָט זיך פֿאַרלאָזט אויף דער נאַכט: ער וועט זיך גוט אויסשלאָפֿן, און אַלץ וועט
זיך ענדיקן. נאָר דאָס איז ניט געשען. אָפֿן אָרט פֿון שלאָף איז געווען אַ שווערע פֿאַרטײַעטקײַט.
אין קאָפּ האָט געברענט, די געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט, אַ פֿאַרשאָלטענע האַמעטנעקײַט איבערן
גאַנצן לײַב. ער איז ערשט אַנשלאָפֿן געוואָרן פֿאַרטאָג און האָט זיך באַלד צוריק אופֿגעכאַפּט — אַן
אומגעלומפּערטער כאָלעם האָט אים געמוטשעט. אין קאַבינעט האָט ער דערזען דעם טויטן פּעטראָוון,
און דער מעס האָט מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט אַ טויט קאָל געשעפּטשעט: „זשיד... זשיד...‟
לעווענסאָן האָט זיך אופֿגעזעצט אָפֿן געלעגער און לאַנג ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים.
„מיר רוקן זיך גיך פֿאָרויס...‟ — האָט ער מיט אַ טעמפּער האַכנאָעדיקײַט אַ טראַכט געטאָן.
די קרענק איז אַוועק מיט איר נאָרמאַלן גאַנג — שלאָפֿקײַטן, פּונקט ווי אומגליקן, האָבן זיך
זייער לאָגיק.

ווײַטער האָט זיך אַלצדינג איבערגעמישט. אופֿפּענענדיק די אויגן, האָט ער לאַנג ניט געוווּסט,
וואָס אויף דער וועלט איז איצט — טאָג צי נאַכט. דער צערודערטער מויעך זײַנער האָט אַפֿילע אַזאַ
קלייניקײַט ניט געקאָנט באַנעמען. דאָס ווײַב איז פֿונעם בעט זײַנעם ניט אָפּגעטראָטן, און דאָס האָט
אים אויך אופֿגערעגט:

— הער אויס, ניִנע, וועסט זיך נאָך אָנשטעקן...

זי האָט זיך מיט אים ניט געאַמפּערט, אַוועקגעגאַנגען, און ער האָט געפֿילט, ווי זי שטייט הינ־
טער דער טיר און היט אים. נײן, דאָס איז פּאָשעט אומדערטרעגלעך.

ערגער פֿון אַלצדינג זײַנען געווען די האַלוציִנאַציִעס, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דעם קראַנקן
מויעך זײַנעם, באַלד ווי ער האָט נאָר צוגעמאַכט די אויגן. דאָס זײַנען געווען טײלן פֿון דעם אַלעמען,
וואָס ער האָט אַמאָל דורכגעטראַכט, דורכגעלעבט און דורכגעפֿילט. נאָר די דאָזיקע וויזיִעס האָבן
זיך צו אים באַוויזן אין אַזאַ מיִעסן אויסזען, ווי אַלטע בינטלעך שמאַטעס, וואָס וואַלגערן זיך ערגעץ
אויף אַ בוידעם. און אינדערמיט האָט זיך געדרייט דאָס מיִעסע וואָרט: „זשיד‟. יאָ, „זשיד‟... עס האָט
אים געפּלעטשט און געדריקט, ווי אַ שווערער שטיין. דער קראַנקער האָט איצט דורכגעמאַכט די
גאַנצע געשיכטע פֿון זײַן פּילגעליטענעם שטאַם. ער איז געלאָפֿן קײן מיצראַיִם פֿון דעם אויסגעהונ־
גערטן מידבער, געטראָגן אויף די פּלייצעס שטיינער באַם בויען די פּיראַמידעס. ער איז אַנטלאָפֿן פֿון
מיצראַיִם, ווידער אומגעבלאָנדזשעט אין דעם פּוסטן מידבער — די ברענענדיקע זון, דער שרעקלעכער
דאָרשט אויף די אָנגעהיצטע זאַמדן איז געווען ניט אויף איבערצוטראָגן. ער האָט געשפּאַנט קײן באָוול
אין געפֿאַנגענשאַפֿט — די געוויינען פֿון די קינדער און די פּרויען האָבן זיך געהויבן ביז צום הימל
אַרויף. ער איז געפּײַניקט געוואָרן פֿון דער הייליקער אינקוויזיציע, לעבעדיקערהייט געפֿוילט אין די
ייִדישע קוואַרטאַלן פֿון די מיטלאַלטערלעכע קויטיקע געטאָס. ער האָט געברענט אויף די שײַטערס.
ער האָט מוירע געהאַט פֿאַרן אײגענעם שאָטן. ער האָט אַפֿילע ניט געוווּסט, ווּהין צו לויפֿן... נײן,
דאָס איז שוידערלעך, שוידערלעך, שוידערלעך...

אין צוויי וואָכן אַרום איז לעווענסאָן געשטאָרבן.

# מאָנעטקע

## 1

אין פּראָפּאדינסק האָט מען ניט געוווּסט, פונוואנען ער האָט זיך אראָפּגעיאָוועט, ווי גלייַך ער וואָלט אראָפּגעפאלן פונעם הימל. דערצו האָט ער זיך אויסגעקליבן א ווייל שטיקל צייַט — די לעצטע טעג ערעוו ווייַנאכט, ווען אין דרויסן איז געשטאנען דער עמעסער ברענענדיקער פראָסט. דער ער־שטער האָט אים דערזען דער מארק־סטאראָסטע פּראָוו סילאנטיטש איקאָוו, וואָס באקוקט אפן שווארצן מארק, לויט די פליכטן פון זייַן סלוזשבע, אלע קאיאָר, איידער עס הייבט נאָך אָן טאָגן, די פויערשע פורלעך מיט די דאָרפישע פּראָדוקטן. ער טוט א בליק, פּראָוו סילאנטיטש, דערזעט ער, ווי צווישן די פורלעך דרייט זיך עפּעס אום אן אומבאקאנטער מענטש מיט אזא הילצערן קעסטעלע איבערן אקסל אָף א ברייטן לעדערנעם רימען. גאָרניט פארשטענדלעך איז, וואָס, ניט קוקנדיק אפן שרעקלעכן פראָסט, גייט דער אומבאקאנטער מענטש אָנגעטאָן אין א הויל צעריסן פּאלטאָכל, דער קאָפּ זייַנער — קאָמיש ארומגעוויקלט מיט א ווייַבערש שאלכל.

פּראָוו סילאנטיטש האָט זיך גערעכנט פאר א שטיק נאטשאלניק און האָט שטרענג א פרעג געטאָן:

— וואָס איז דאָס פאר א מין מענטש, און מיט וואָס פאר א געדאנקען קריכט ער אום צווישן די פורלעך?

— איך בין ערשט הייַנט געקומען צו פאָרן... ערשט הייַנט־אָ... כ׳זאָל אזוי לעבן! — האָט דער אומבאקאנטער מענטש געענטפערט, אומשפּרינגענדיק אָט אָף איין פוס, אָט אפן אנדערן, קעדיי צו דערוואַרעמען זיך א ביסל. — אוי, וואָס פאר א מעסוקענע קעלט דאָס איז...

— פאר מיר איז עס אלצייַנס, צי דו ביסט געקומען צו פאָרן, צי דו ביסט געקומען צו גיין. און עפּשער ביסטו גאָר, זאָג נאָר, א גאנעוו?

— גאָט באהיט... וואָס רעדט איר?.. וואָס עס קאָן אייַנפאלן א קופּעץ, א הויכגעשעצטן רו־סישן קופּעץ!..

— א פּאספּאָרט פארמאָגסטו?

— אָ, אן עמעסן פּאספּאָרט... אי די מארקעס, אי די שטעמפּלען זייַנען עמעסע...

פּראָוו סילאנטיטש האָט א קוק געטאָן אפן אומבאקאנטן, א הייב געטאָן די ברעמען און געפרעגט:

— מיט וואָס זשע פאר א געדאנקען פּלאָנטערסטו זיך אום צווישן די פורלעך?

— אוי, איך פארקויף דאָך סכוירע די מוזשיקעס פארקויף איך... קאָלערליי סכוירעס. וואָס מע וויל נאָר. כ׳פארקויף וועלוועלער, איידער יעדער איינער אין דער וועלט... אזוי וואָלוול, אז וועלוועלער קאָן שוין גאָר ניט זייַן... כוץ דעם, בין איך א מייַסטער פון מעש־ארבעט...

— עפּשער מאכסטו גאָר פאלשע מאטבייעס, הא?

— אוי, ווי קאָן מען גאָר אזוינס ארויסברענגען פונעם מויל?.. אויב ס׳איז בא אייַך דאָ אן אלטער סאמאָוואר, מאך איך אים באלד נייַ. מיר פאריכטן קאסטרוליעס, לעמפּ, זייגערס, אלטע בגאָדים קויפן מיר, מיר קענען אָפּשפּילן מוזיק אָף א סימכע... אלצדינג קאָן איך, און איר וועט טאָמיד זייַן צופרידן און וועט שטענדיק זאָגן: אָט א מאָלאָדיעץ!

— אזוי, אזוי, הייסט עס. מע זעט באלד, אז א מאָלאָדיעץ ביסטו ארום און ארום. אנו, קום נאָר אין אוטשאסטאָק, דאָרט וועט מען שוין אלצדינג גוט זען...

באם וואָרט „אוטשאסטאָק" האָט זיך דער אומבאקאנטער אזש צונויפגעקאָרטשעט און באלד א פּרווו געטאָן שטעלן פיס. נאָר פּראָוו סילאנטיטש האָט אים אָנגעכאפּט באם קאָלנער.

— א, אזא פארשוין, הייסט עס, ביסטו... יענער סויכער. נישקאָשע, נישקאָשע, אין אוטשאסטאָק, ברודער, וועט מען שוין גוט א קוק טאָן.

די פּאָליציי־פארוואלטונג איז געווען צוויי שפּאן פונדאנען, באלד לעבן דעם פייַערלעשער־טורעמל. באם אריַינגיין אהין האָט דער אומבאקאנטער ווידער געפּרווט אנטלויפן, נאָר פּראָוו סילאנטיטש האָט אים פעסט צוגעהאלטן.

— גיי, גיי, פרייַנטל, דאָרט וועט מען דיר שוין ווייַזן.

אין אוטשאסטאָק האָט דעזשורעט איוואַן מיטריטש, קאָנטראָלירט דעם באַנאַכטיקן גאַב. צוויי פּאַרכאַלעשטע האָט מען געפונען ליגן אויף דער גאַס; מ'האָט געכאַפּט אַ גאַנעוו; אויף דער טיר פונעם צווינטער־קלויסטערל האָט מען געטראָפן אויפגעבראָכן די צדאָקע־פּושקע; באַ אַן איזוואָזטשיק האָט מען ארויסגעפירט אַ פערד פון דער שטאַל, אאַוו.

— ווארט צו, מ'איז פארנומען מיט בילכערס, — האָט איוואַן מיטריטש אַ וואָרטשע געטאָן, ווען איקאָוו האָט אים פאָרגעשטעלט דעם אומבאַוווסטן, פאַרדעכטיקן פּאַרשוין, וועלכער האָט שוין באַוויזן אָפּצווויקלען פונעם קאָפּ דאָס שאַלכל און איז שטיין געבליבן אין זײַן גאַנצער פּראַכט. דאָס איז געווען אַן אויסגעדייוועוערטער אַלטער ייִד, אָן איין צאָן אין מויל, אַ גרײַז־גראָוועד, מיט טרערנ־דיקע אויגן. צוויי גרויסע אויערן האָבן ארויסגעשטארצט אין ביידע זײַטן פונעם קאָפּ זיינעם, ווי באַ אַ פלעדערמויז.

— דעם פּאַספּאָרט... — האָט קורץ אַ זאָג געטאָן איוואַן מיטריטש.

לייענענדיק דאָס ערשטע זײַטעלע, האָט ער אַלעמאָל באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס דעם באַ־לעבאָס פונעם פּאַספּאָרט, אויפּאַנעם פאַרגלײַכט די פּאַרצייכנטע סימאָנים זײַנע.

— נו, וואָס? דער פּאַספּאָרט איז, קאָן מען זאָגן, אַ ריכטיקער. איסיי לעוודיק, האַ?

— דאָס בין איך עס אַליין, אײַער הויכגעשעצטקײַט...

— באַטראַכט דעם פּאַספּאָרט בעסער, — איז פראָוו סילאַנטיטש צוגעשטאַנען, — עפּשער אַ גאַנעוו...

— דאָס שרײַבט זיך ניט אין פּאַספּאָרט, דאָ שטייט „אַ מײַסטער"...

— יאָ, יאָ, אַלצדינג קאָן איך! — האָט לעוודיק אַזש זיך צעשריגן. — טוט נאָר איין זאָג: „פּאַריכט אַ זייגער, שײַקע!" אָדער: „שײַקע, קריג אונדז אַזוינס, וואָס... מע זעט עס גאָרניט".

— אָט, הערסט? — האָט איוואַן מיטריטש לאַכנדיק אַ זאָג געטאָן פראָוו סילאַנטיטשן. — ער קאָן גיין אויף די הענט און קאָן קריכן אויף די ווענט... ווי־אַזוי ביסטו אַהער אַראָפּגעפאַלן, אַדלער?

— איך האָב זיך אין טאָמסק צעקריגט מיטן גובערנאַטאָר. ער טאַקע האָט מיר באַפוילן: „וואָן פונדאַנען!.." ניט מער... איי, אַ שטרענגער גובערנאַטאָר. „איך וועל דיר, זאָגט ער, ווײַזן, ווו דער טכום־האַמוישעוו איז. וואָן!.." גאָר ערנסט עס געזאָגט.

אין פראָפּאַדינסק, אינעם קליינעם אויעזד־שטעטל, האָט ביז דעמלט קיין איין ייִד ניט געוווינט, און דאָס האָט איגנאַנצן צעמישט דעם הויכגעשעצטן פראָוו סילאַנטיטשן. ס'האָבן געוווינט דײַטשן, טאָטערן, אפילע אַ פאַרשיקטער טשערקעס, פון ייִדן אָבער האָט גאָט אָפּגעהיט. דער פּאַספּאָרט איז אַ ריכטיקער — איז ער, הייסט עס, אַ נאָכגעמאַכטער. דער דאָזיקער ייִד מאַכט, זיכער, פאַלשע מאַטבייעס.

— אָט דאָס איז עס. מע קאָן גאָרניט טאָן, — האָט געזאָגט איוואַן מיטריטש, ווען לעוודיק איז אַוועקגעגאַנגען.

— פאַרוואָס זשע האָט ער געוואָלט אַנטלויפן, אויב אַלצדינג איז באַ אים ווי ס'קער צו זײַן? אַן ערלעכער מענטש אַנטלויפט ניט...

— ווער ווייסט אים דאָרט? ביסטעך אין קאָפּ באַ אים ניט געווען. דער פּאַספּאָרט אָבער איז אַ ריכטיקער. אַ באַלמעלאָכע, מעג ער, הייסט עס, וווינען דאָ.

## 2

פראָפּאַדינסק האָט פאַרמאָגט באַ די צוויי טויזנט אײַנוווינער, וועלכע האָבן געלעבט אבי־ווי, פּינקטלעך ניט באַוווסט אפילע, ווי־אַזוי די הענדלער זײַנען געזעסן אין זייערע קלייטלעך, אָנגעשטעלטע האָבן געדינט אויף זייערע סלוזשבעס, די איבעריקע בירגער האָבן געטאָן אַלדאָס איבעריקע, וואָס דער גאָר ניט געהויבענער לעבנשטייגער פונעם שטעטל האָט געפאָדערט. אויפגעלעבט האָט די שטאָט בלויז ווינטער, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ טוויע־האַנדל. בכלל, קאָן מען זאָגן, האָט מען דאָ געלעבט ניט שלעכט, אַזוי זיך — ניט אַהער, און ניט אַהין, און ניט אינדערמיט. אַזאַ נישטיקע פּאַסי־רונג — אַראָפּגעיאָוועט זיך אַהער דער ערשטער ייִד — איז געוואָרן קימאַט די סאַמע וויכטיקסטע טאָג־נײַס.

און לעוודיק האָט זיך דערווײַל באַזעצט אין עק שטאָט, ארויסגעהאַנגען אַ וויוועסקעלע: „מײַסטער פון מעש־ארבעט". ארבעט איז די ערשטע צײַט ניט געווען, איז ער אַלע גאַנצפרי, ווי אויף אַ סלוזשבע, אַוועק אין מאַרק, אומגעדרייט זיך צווישן די פורלעך טוווע, אויסגעפרעגט די פרייזן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אוי, צוליב וואָס דאַרף גאָר דער אָרעמאַן עסן אַ ביסן ברויט...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער שוין לאַכלוטן אַלע פּרײַזן געוווּסט, און אין מויער זײַנעם עפּעס איבערגעבעזשבנט. מיסכער האָט אים געצויגן צו זיך, ווי אַ מאַגנעט, שאָעוויײַז איז ער געשטאַנען און זיך צוגעהערט, ווי שטאָטישע אופקויפער קלאַפּן אַלץ אַראָפּ די פּרײַזן בא די מוזשיקעס.

לעוודיק איז דערוף געווען אַ גוטער מיווון. ער איז דערנאָך אומגעגאַן אין די קלייטלעך און אין די קלייטן, ווו מע האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף עפּעס אַ זעלטן קאָמיש כײַלע.

— נו, וואָס שטייסטו און קוקסט מיט די בעלעכער דײַנע? — האָבן זיך צו אים אַ טשעפּע געטאָן די פּריקאַזטשיקעס.

— כ'שטיי... עפּשער דאַרף עמעצער פון אײַך עפּעס אַ מעש־אַרבעט. אויף אַ פּידל שפּיל איך אויך, אויב מע דאַרף...

די סאָכרימלעך האָבן נאָר געשאָקלט מיט די קעפּ. ט'האָסטו דיר אַ מײַסטער, איינער אין דער וועלט. פאַר לאַנגוויילַ האָבן זיי אָפּגעטאָן קאַלערליי וויציקע שפּיצלעך, און אים אין איינוועגס געקרוינט מיט אַ צונאָמען: מאַנעטקע. שײַקע־מאַנעטקע. און די דאָזיקע צונעמעניש איז אוועק אַ גאַנג.

מיט איקאָווס גרינגער האַנט, וואָס ער האָט צו דעם צוגעלייגט, האָט דער גאַנצער אוילעם כוישעד געווען לעוודיקן, אַז ער מאַכט פאַלשע מאַטבייעס — „מאַנעטקעס".

קיין באַווײַזן זײַנען ניט געווען; נאָר דאָס באַטײַט נאָך גאָרניט — מאַכט ער ניט, וועט ער מאַכן. דערנאָך האָט יעדן געאַרט די „רעליגיע" לעוודיקס. פון פּאַסכעס און פון טראָציצעס האַלט ער ניט, גאָרנישט יאָמטעווט ער ניט — מיט איין וואָרט: ערגער פון יעדן טאַטער.

— אַ טאַטער דינט כאַטש דעם אַלאַך זײַנעם, — האָבן געטײַנעט די קרעמערלעך. — דו, מאַנעטקע, ביסט ניט צוויי און ניט אַנדערהאַלבן, ניט מילכיק און ניט פליישיק.

באַזונדער איז מען לעוודיקן דערגאַנגען די יאָרן אין די שאַבאָסים. מע שיקט אים אומיסטן עמעצן אונטער מיט עפּעס אַן אַרבעט און מע לאָזט אים ניט גיין זײַן „שיידים־טאַנץ".

שאַבעס זיצט לעוודיק מאַמעש ווי אַ גערירטער, איז ניט אויף דעם אוילעם. זיצט, שעפּטשעט עפּעס און נעמט אין די הענט אַרײַן גאָרנישט ניט. די סאָכרים, וואָס גיבן אים אַרבעט, האָבן אים אומיסטן געשיקט דאָס געצאָלטס שאַבעס — ער'ט נעמען, צי ער'ט ניט נעמען. ער האָט ניט גענומען. און דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס אופגעהויבן אים אין דעם אוילעמס אויגן.

— הייסט עס, ער האָט אויך זײַן געזעץ. וויפל מאָל מ'האָט אים דאָס געלט אַרײַנגעשטופּט מאַמעש אין די הענט אַרײַן — ניין און ניין, ער נעמט עס ניט... וואָס־וואָס, געלט זײַנען זיי, דאַכט זיך, אַלע מעסוקן זשעדנע.

אַדאַנק דער אַקשאָנעס און דער ענערגיע זײַנער האָט זיך לעוודיק גיך אײַנגעאָרדנט. אַי ער האָט מיט זײַן פּידעלע געשפּילט אויף אונטערהאַלטן, אַי ער האָט אויסגעפּילט קאַלערליי שעליכעסן, אַי ער האָט דאָס אַלצדינג געטאָן וועלוועלער, ווי אַנדערע. דער פּאָליצמייסטער איוואַן מיטריטש האָט טאָמיד געשיקט נאָך אים, ווען ער האָט עפּעס געדאַרפט האָבן וואָס גיכער.

— האָב איך זינען, מאַנעטקע, — איין פוס דאָ, דער צווייטער דאָרטן, הערסט?

— איך? פון דער הויט וועל איך אַרויסקריכן צוליב אײַער הויכגעשעצטקײַט. צוליב וואָס דאַרף אַ זשיד די הויט זײַנע? אַבי נאַטשאַלסטווע זאָל זײַן צופרידן...

— מײַלע, מײַלע... גיב נאָר גוט אַכטונג. קיין פאַלשע מאַטבייעס וועל איך ניט דערלאָזן.

אין איין האַלב יאָר האָט מען זיך צו מאַנעטקען אַזוי צוגעוווינט, גלײַך ער וואָלט פון אייביק אָן געלעבט אין פּראָפּאַדינסק. אַן אויסנאַם איז נאָר געווען איקאָוו, דער בעקאָוועדיקער און גאַטספּאָרכטיקער אַלטיטשקער. ער פלעג טאָמיד אויסשפּײַען, ווען מאַנעטקע איז דורכגעגאַנגען די גאַס.

— קריסטוסן פאַרקויפט, דער מענוווּל! — האָט דער אַלטער געוואָרטשעט.

צו לעוודיקן האָבן זיך אַפילע גוטוויליקע באַצויגן ניט מענטשלעך. ס'וועט אים גאָרניט שאַטן, דעם ייִדן. אָט גייט ער אַ גאַנצן ווינטער אָן אַ פּעלץ. אַ צווייטער וואָלט שוין לאַנג געפּייגערט. ער שפּרינגט אויף איין פוס, און ס'איז אים וואַרעם. וויאַזוי דער דאָזיקער לעוודיק לעבט, וואָס עס טוט זיך בא אים אין האַרצן — קיינעם איז עס ניט אָנגעגאַנגען. אַלע האָבן געוווּסט איינס: דער זשיד דרייט זיך יאַקאָס. אונדזערע מעש־מײַסטערס שיקערן, פאַרטרינקען פרעמדע זאַכן, וואָס מע גיט זיי פאַריכטן, גיי דערנאָך און פאָל ערשט פאַר אַזעלכע מײַסטערס אויף די קני. מאַנעטקע, ווידער, קומט אַליין צו דיר נעמען די אַרבעט, און ברענגט זי דיר אַליין אָפּ גלײַך אין שטוב אַרײַן. און אַרבעט ריין. קאָנסט צו אים קיין שום טײַנעס ניט האָבן.

— וואָס איז דאָ צו רעדן... אַ זשיד... — האָבן עס אַלע פאַרטײַטשט. — קיין בראַנפן זשליאָקעט ער ניט, וויאַזוי זשע זאָל אים ניט גיין גוט...

אַלעמענס כידעש האָט דערגרייכט די העכסטע הייך, ווען מאַנעטקע איז פּרילינגצײַט געקומען אָפן מאַרק מיט אַ יונג ייִדיקל, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר רויטע אָנגעשוואָלענע אויגן און גרויסע אוועקשטאַרצנדיקע אויערן.



— וואָס איז שוין דאָס פאר א מין כײַע? — האָבן קרעמערלעך געשמועסט אין די וואָנצעס.

— א זון...

— וועמעס זון?

— מײַנער... אז איך האָב אים געמאכט, איז ער, הייסט עס, נאָר מײַנער.

— נאָך די אויערן זעט מען, אז ער איז נאָר דײַנער... נו, איז דאָס א מאָנעטקע... א פײַער.

ס'האָט, דאכט זיך, קיין שום כידעש ניט געדארפט זײַן, וואָס א מענטש פארמאָגט א זון, נאָר אלע האָבן געהאלטן אין איין כידעשן זיך. דער אלטיטשקער איקאָוו האָט זיך אזש געבייזערט:

— ט'האָט איר אײַך א צווייטן מאטבייעס־מאכער. יאָ, יאָ... אָט ווי ס'איז אוועקגעשטעלט.

— יאנקל שפּילט בא מיר אי מוזיק, אי אין שנײַדערײַ טויג ער זיך אויס, — האָט דער גליקלעכער מאָנעטקע געזאָגט. — אוי, אלע מײַלעס פארמאָגט ער, מײַן זון...

פון טאָמסק איז מיטן ערשטן דאמפער געקומען צו פאָרן לעוודיקס גאנצע מישפּאָכע. אכט נעפאשעס: ס'ווײַב, דרײַ זין און פיר טעכטער. זיי זײַנען שוין געקומען צו אלעם גרייטן, געוווינט אלע אינײינעם אין איין צימער. ערשט איצט האָבן די סאָכרימלעך אָנגעהויבן טראכטן, אז מאָנעטקע איז ניט גלאט קיין דרייקאָפּ, ער איז א גאָר א גאנצער אוישער. אזא מישפּאָכעלע דארף מען דאָך אָנהאָדעווען. נאָר שטיוועלער דארף מען קויפן גאנצע אכט פּאָר, דאָס קאָסט דאָך עפּעס אָפּ א פּוייטעקע. ווען מ'האָט עס געפרעגט לעוודיקן, האָט ער מיט אזא צערטלעכקייט, ווי פארענטפערט זיך:

— גאָט וועט נאָר געבן יאָרן, וועט זײַן ברויט אויך... אוי, דאָס ווײַב מײַנס איז א גרויסע כאכאָמע... קען אויך אלצדינג טאָן.

— זי האָט זיך אויך צעקריגט מיטן גובערנאַטאָר?

— ניין, דער גובערנאַטאָר האָט נאָר מיך פּאַרטריבן... „איך... מאַכט ער, בין א מענטש אָן ערנסטער, און דו, וואָס? א זשיד". ער האָט ניט געוווּסט, אַז מיר וואָלטן אַלע געווען געפּייגערט פון הונגער, ווען מײַן יאַנקל וואָלט ניט געקאָנט שפּילן אַפן פידעלע שענער נאָך, ווי איך...

3

לעוודיקס ווײַב איז טאַקע געווען א כאַכאַמע. באַם אָנהייב איז זי געזעסן לײדיק, דערנאָך אָבער האָט זי אָנגעהויבן אומגיין אין די הײַזער אײַנקויפן אַלטוואַרג, אָפּגעטראָגענע מאַלבושים. זי האָט דאָס געטאָן אָן ראַש, פּאַוואָליעטשקע. די באַלעבאָסטעס זײַנען אַפילע געווען צופרידן פון די דאָזיקע רעוואָכים זייערע. מאַכמעס אין יעדער שטוב זאַמלען זיך מיט דער צײַט אָן קאַלערלײ שמאַטעס, און א רובל איז אויך געלט. סאַכרימס ווײַבער האָבן זיך אויך ניט געמיִעסט און שטילערהייט גערן פּאַר־טער געוואָרן פון זייער אַלטוואַרג.

— צו וואָס דאַרפסטו דאָס דאָזיקע פּאַסקודסטווע, לייע? — האָבן די פאַרקויפערנס געפרעגט. — וואַרף עס אַרויס אַף דער גאַס, וועט עס גאָר קיינער ניט אופהייבן...

— באַ אונדז וועט עס גיין, — האָט לייע געענטפערט. — און נאָך גוט גיין...

אונטערן שילדל „מײַסטער פון מעש־אַרבעט" האָט זיך צעוויקלט אַן עמסע שנײַדערײַ. די גאַנצע מישפּאָכע האָט געהאַט וואָס צו טאָן. יאַנקל האָט צוגעשניטן, און דער איבעריקער אוילעם האָט גענייט און געשטעפּט. די האַרעוואַניע האָט זיך אָנגעהויבן פרי פאַרטאָג און זיך געענדיקט שפּעט באַנאַכט.

— כיטרע צוגעטראַכט, — האָבן גערעדט די שכיינים. — אין וואָס פאַר א צײַט דו זאָלסט ניט אַרײַנקומען, זיצט מען און מע אַרבעט. זשעדנע מענטשן, און אָן עק.

ד בעסערע זאַכן האָט מען איבערגענייט און ערגעץ אוועקגעשיקט. די געמיינערע זײַנען גע־גאַנגען אַף היטלען און קאַרטוזן. די סכוירע האָט געהאַט א גוטן אָפּגאַנג, ביפראַט צווישן די פּויערים. שטאָטישע היטל־הענדלער זײַנען אַפילע אוועק זיך קלאָגן פאַרן פּאָליצמייסטער, ער זאָל די „ראַזבאָי־ניקעס" א ביסל אײַנהאַלטן די הענט.

— פאַרקויפט אויך איר וואָלוול. אין דעם שטעקט דער גאַנצער סאָד... — האָט זיי דער פּאָ־ליצמייסטער געייצעט.

— דאָס איז אומעגלעך צו טאָן, אײַער וווילגעשעצטקײַט. ס'קאָסט אונדז אַליין טײַערער. ניט אונדערש, אַז זיי מעלאָכעווען אויס די היטלען פון געגאַנווועטן שטאָף...

— די מעש־מײַסטערס זײַנען אויך געקומען צו מיר זיך קלאָגן. טײַנען אויך, אַז מאַנעטקע אַרבעט מיט געגאַנווועטן מעש. איר האָט, זעט אויס, פאַרגעסן דאָס ווערטל: אַז מע כאַפּט אים ניט, איז ער קיין גאַנעוו ניט...

אַזוי זײַנען זיי אוועק פונעם פּאָליצמייסטער מיט גאָרניט.

צעבייזערטע קרעמערלעך האָבן איצטער לעוודיקן ניט געלאָזט דורכגיין:

— הער נאָר, דו. וואָס זשע טוסטו, האַ?

— וואָס הייסט, וואָס? איך אַרבעט... — האָט לעוודיק ניט פאַרשטאַנען, וואָס זיי מיינען.

— א שיין מין אַרבעטן?.. וועסט דערמיט ווײַט ניט אוועקגיין... אַף יענער־וועלט דאַרף מען אָפּשיקן אַזעלכע אַרבעטאָרער... פון אַלע סכוירעס אַראָפּגעקלאַפּט די פּרײַזן...

מער פון אַלצדינג האָט דעם אוילעם געאַרט, וואָס דאָס דאָזיקע יידישע געזינדל וווינט אין איין צימער, צאָלט ווייניק דירע־געלט, עסט גאָט ווייסט וואָס — א הויל שטיקל ברויט מיט א ציבעלע. אַזוי קאָן דאָך יעדער איינער רײַך ווערן. און מע אַרבעט נאָך זונטיק אויך. ווען לײַטישע מענטשן בוקן זיך צום ריבוינעשעלוילעם.

— מיר אַרבעטן ניט שאַבעס, — האָט לעוודיק געטײַנעט.

— דאָס איז אײַער אייסעק. אָבער זונטיק!..

אַפילע בעקאָוועדיקע סאָכרים האָבן אויך אָנגעהויבן קוקן אַף מאַנעטקעס קאָסע. וואָס זשע איז עס טאַקע אײַנאַנעמעסן: הײַנט — א מײַסטער פון מעש־אַרבעט, מאָרגן — א קלעזמער, איבער־מאָרגן — א שנײַדער, און ווער ווייסט, וואָס נאָך. ניט אומזיסט, אַפּאַנעם, דרייט זיך דער דאָזיקער מאַנעטקע אום אַפן מאַרק און דערוויסט זיך אַלע פּרײַזן. אין א שיינעם גאַנצפרי וועט ער אָנהייבן האַנדלען מיט טוווּע, צי ער וועט זיך אופעפענען א שענק. פון אַזא מענטשן קאָן מען אַלצדינג דער־

וואַרטן. אַרבעטן, פֿאַרשטייט זיך, אַרבעט ער. וווינען וווינט ער אין אַן ענגשאַפֿט, הונגערט צוביסלעך צו. פֿונדעסטוועגן, אָבער, ווער ווייסט אים דאָרטן, וואָס עס טוט זיך אין קאָפּ בײַ אים.

מער ווי אַלע האָט געראַשט איקאָוו:

— איך האָב געזאָגט, אַז דאָ איז עפּעס ניט קיין ריינס. אָט... קומט עס אַרויס אויף מײַנעם...

די צײַט איז דערווײַל געגאַנגען. צו דער ייִדישער מישפּאָכע האָט מען זיך פּאַוואָלינקע צוגעוווינט. אַלקאַלפּאַנעם, האָט עס קיינעם מער ניט געכידעשט, ווען מ'האָט לעוודיקן באַגעגנט אײַביק אײַלן זיך ערגעץ. גאַרניט, אַ זשיד אײַלט זיך. אַזוי איז עס אים באַשערט. נאָר מיטאַמאָל איז געשען אַזוינס, וואָס האָט ווידער אָוועקגעשטעלט לעוודיקן אין דער סאַמע מיט. דאָס איז פֿאָרגעקומען וועסנע־צײַט, ווען אין פּראָפּאַדינסק האָט זיך צעשפּילט אַן עפּידעמיע פֿון סקאַרלאַטין און דיפֿטעריט. לייע האָט בײַ אַ פֿרוי אָפּגעקויפֿט אַלע קליידעלעך פֿון איר אַ פֿאַרשטאָרבן מיידעלע, די זאַכן געבראַכט אַהיים און מיט דער קרענק אָנגעשטעקט די גאַנצע מישפּאָכע. אין איין וואָך זײַנען אַוועק פֿון דער וועלט דרײַ קליינע לעוודיקלעך, און אין דער צווייטער וואָך — זי אַליין, לייע. ניט די פֿרוי, וואָס האָט די זאַכן פֿאַרקויפֿט, ניט לייע, וואָס האָט זיי געקויפֿט בײַ איר, האָבן, פֿאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן וויסן, וואָס זיי טוען דאָ אָפּ.

— סײַוויסײַ, ניט בײַ מיר, וואָלט זי בײַ עמעצן אַנדערש געווען אָפּגעקויפֿט קליידער פֿון פֿאַרשטאָרבענע, — האָט די פֿרוי זיך פֿאַרענטפֿערט, ווען דער דאָקטער האָט איר דערקלערט וואָס און ווען. — כאָץ דעם, ווער האָט געקאָנט טראַכטן, אַז אַ ייִדן וועלן שאַטן אַזעלכע קליינײַקײַטן...

דער דאָקטער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. גיי גיב עס צו פֿאַרשטיין אַ פּראָפּאַדינסקער אײַנוווינער, וואָס איז געוווינט, די קינדער זײַנע זאָלן פֿאַלן, ווי פֿליגן, וועסנע — פֿון סקאַרלאַטין און דיפֿטעריט, זומער — פֿון דיזענטעריע, און ווינטער — פֿון אַ גאַנצער קאָלעקציע טיפֿוסן. די הייליקע וויסנשאַפֿט האָט די פּראָפּאַדינסקער אַמעראַצישע טיפּענישן קוים באַלויכטן מיט אַ שוואַך טונקל בלאָטע־פֿײַערל.

לעוודיק האָט אַ גאַנצן כוידעש זיך ניט באַוויזן אין מאַרק. די קרעמער האָבן שוין באַלד פֿאַרגעסן, צי איז אַזוינער אויף דער וועלט דאָ. אין אַן אינדערפֿרי האָט ער זיך פּלוצעם אַרויסגעוויזן. מ'האָט אים ניט באַגעגנט מיט די שטענדיקע ווערטלעך — מ'האָט געוואַרט, ער אַליין זאָל עפּעס זאָגן. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס דאָס פּנים לעוודיקס איז גאָרניט קיין טרויעריקס, פֿאַרקערט: עס שמייכלט גאָר צו.

— נו, וואָס, מאָנעטקע, וויאַזוי לעבט זיך עס?

— מע לעבט... דאַנקען גאָט...

— אײַ, אַ שאָד, אַזאַ ווײַב!

— ווײַב? וואָס פֿאַר אַ ווײַב?

— און אַזעלכע קינדער, דרײַ קינדער...

— וואָס פֿאַר אַ קינדער? — האָט לעוודיק אויסגעשטרעקט אַ פּאָר גרויסע אויגן. — איך פֿאַרמאָג נאָר אַ פֿידעלע... כ'בין אַ מוזיקאַנט פֿון מעש־אַרבעט... שײַקע שפּילט אויף אַ פֿריילעכס... טענץ שפּילט ער... יאָ, יאָ... איך שפּיל, און אַנדערע טאַנצן... שפּיל, שײַקע! העכער, שטאַרקער, פֿריילעכער...

דער אָרעמער לעוודיק איז אַראָפּ פֿון זינען. ער האָט די גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט זײַנע פֿאַרגעסן. פֿונעם פֿריִערדיקן איז אים איבערגעבליבן איין זאַך: קומען אַלע גאַנצפֿרי אויפֿן מאַרק.

— טו נאָר אַ קוק. ער פֿילט, הייסט עס, אויך... — האָט זיך פּראָוו סילאַנטיטש אַלץ געכידעשט, ווען דער צעמישטער מאָנעטקע איז דורכגעגאַנגען די גאַס.

ייִדיש — י ע כ י ע ל  ש ר ײַ ב מ א ן



# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## אווראָם קירזשניץ

(1940—1887)

## שיקע דריז

(1971—1908)

## הירש בעריאָזקין

(1982—1918)

אווראָם קירזשניץ *

# די ערשטע 10 יאָר יִידקאָמפּרעסע אין אוקראַיִנע

(היסטאָריש־ביבליאָגראַפישע שטריכן)

אין אוקראַיִנע האָט דער אָנהייב פון דער יִידקאָמפּרעסע, ווי באַוווּסט, באַדײַטנדיק פאַרשפּעטיקט — אין פאַרגלײַך מיט רספסר אַף א גאַנץ יאָר, און אין פאַרגלײַך מיט ווססר, וועלכע איז א לענגערע צײַט געווען אָקופּירט, קימאַט אַף א האַלב יאָר.

די סיבעס דערפון זײַנען גוט באַוווּסט. נאָך דער העטמאַנשטשינע און דער דײַטשישער אָקופּאַציע האָט אין אוקראַיִנע א געוויסע צײַט געהערשט די פּעטליורישע דירעקטאָריע, און די ראַטנמאַכט איז דאָרט אופגעשטעלט געוואָרן פיל שפּעטער, איידער אין ווײַסרוסלאַנד.

איבער אָט דער פאַרשפּעטיקונג איז דער יִידקאָמפּרעסע פון אוקראַיִנע ניט אויסגעקומען דורכצומאַכן א ריי ספּעציפישע שוועריקײַטן, וועלכע עס האָבן געמוזט גיוווער זײַן די פּיאָנערן פון דער יִידקאָמפּרעסע. זי האָט זיך געקאָנט באַנוצן מיט זייער דערפאַרונג. פון דער צווייטער זײַט אָבער, האָט די יִידקאָמפּרעסע פון אוקראַיִנע געמוזט אירע סאַמע ערשטע טריט מאַכן אין פײַער פונעם פאַרשאַרפטן בירגערקריג, און דאָס האָט, נאַטירלעך, פון סאַמע אָנהייב אוועקגעשטעלט זי אין באַזונדערס שווערע באַדינגונגען.

די ערשטע יִידישע קאָמוניסטישע צײַטשריפט אין אוקראַיִנע איז געווען „דער אידישער קאָמוניסט”, אָרגאַן פון דער אוקר. קאָמונ. פאַרטיי (באָלשעוויקעס) — יִידסעקציע; דער ערשטער נומער איז

דערשינען דעם 5־טן מאַרט 1919; ביז מײַ איז די צײַטשריפט אַרויסגעגאַנגען 2 מאָל אין וואָך, און דערנאָך — טעגלעך, אַלס אָרגאַן פון דער יִדישער סעקציע באַם כאַרקאָווער גובערניאַלן און שטאָטישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אוקראַיִנע.

דעם 29־טן מײַ האָט דער „קאָמפאַרבאַנד" אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין קיִעוו, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. לעוויטאַנען (באַ דער מיטרעדאַקציע פון י. נאָוואַקאָווסקין, י. פרענקעלן און מ. ראַפּעסן), א טעגלעכע צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן". נאָכן אַרײַנגיסן זיך פונעם „קאָמפאַרבאַנד" אין דער קאָמפּאַרטיי פון אוקראַיִנע, מיט עטלעכע טעג פאַר דעם, ווי די דעניקינצעס האָבן פאַרנומען קיִעוו, ווערט די „קאָמפאָן" אַן אָרגאַן פונעם צק קפּ(ב)או. דער פּערסאָנעלער באַשטאַנד פון דער רעדאַקציע בלײַבט דער זעלבער. נאָכן אומקערן זיך פון דער ראַטנמאַכט קיין קיִעוו (דעקאַבער 1919), איז די „קאָמפאָן" געוואָרן אַן אָרגאַן פון דער הויפּט־ביוראָ און פון דער קיִעווער גוב־ביוראָ פון די יִדישע סעקציעס באַ דער קפּ(ב)או. זי איז דערשינען די ערשטע צײַט אונטער דער רעדאַקציע פון א. מערעזשינען, ב. אָרשאַנסקין און ה. מיראָנערן. פון דער מיט פון יאַנוואַר 1920, ביז די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען קיִעוו, דערשײַנט די „קאָמפאָן" אונטער דער רעדאַקציע פון מ. לעוויטאַנען. נאָכן אומקערן זיך פון דער ראַטנמאַכט קיין קיִעוו דערשײַנט זי אונטער דער רעדאַקציע פון ש. שטשופּאַקן; שפּעטער — פון ווײַסבערגן און, אָנהייבנדיק פונעם 1922, — פון ה. קאַזאַקעוויטשן.

מיט אייניקע האַפּסאַקעס איז די „קאָמפאָן" דערשינען (איין צײַט דרײַ מאָל א וואָך) ביז דעם 24 מאַרט 1924.

פונעם 18 יוני 1919 האָט די „קאָמפאָן" אָנגעהויבן אַרויסגעבן א וועכנטלעכע בײַלאַגע „די רויטע אַרמיי" — אָרגאַן פון דער יִדישער סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטער־איניאָנים (יעווו־וואָיענסעק); ביזן 20־טן פעברואַל 1920 זײַנען דערשינען 8 נומערן; די לעצטע צוויי זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער הויפּט־ביוראָ און קיִעווער גוב־ביוראָ פון די יִדסעקציעס באַ דער קפּ(ב)או.

קימאַט גלײַכצײַטיק (פונעם 21־טן יוני) האָט באַ דער „קאָמפאָן" אָנגעהויבן אַרויסגיין א צווייטע בײַלאַגע — „ידיעס פון אַלוקראַיִנישן צענטראַל־אויספּירקאָם פון די ראַטן פון אַרבעטער־, פּויערים־ און רויטאַרמייער־דעפּוטאַטן", וועלכע איז דערשינען צוויי מאָל אין וואָך. דער נומ. 13 איז אַרויס דעם 14־טן אויגוסט 1919.

אין דעם זעלבן כוידעש זײַנען אין קיִעוו דערשינען א ליטעראַרישער כוידעש־זשורנאַל „באַגינען", וועלכן עס האָט אַרויסגעגעבן די יִדישע סעקציע פונעם אַלוקראַיִנישן ליטעראַרישן קאָמיטעט, און א קינדער־זשורנאַל „שרעטעלעך", אויסגאַבע פונעם אַלוקראַיִנישן פאַרלאַג באַם צענטראַלן אויספּיר־קאָמיטעט פון די ראַטן פון אַרבעטער־, פּויערים־ און רויטאַרמייער־דעפּוטאַטן. פון ביידע זשורנאַלן זײַנען דערשינען בלויז צו איין נומער. דער צווייטער נומער „שרעטעלעך" איז שוין געווען אויסגעזעצט, נאָר איבער דער עוואַקואַציע פון קיִעוו האָט מען ניט באַוויזן אים אָפּצודרוקן.

אין יולי 1919 האָט זאַרעך גרינבערג אַרויסגעגעבן אין קיִעוו א ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע זאַמלונג „קאַמף און לעבן" (דער נומ. 1—2 איז דערשינען אין אַפּרעל אין פּעטראָגראַד ווי א צוויי־וואָכן־זשורנאַל).

זומער 1919 האָט דער אָדעסער קאָמיטעט פונעם „קאָמפאַרבאַנד" אָנגעהויבן אַרויסגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון שאַכנע עפּשטיינען, א טעגלעכע צײַטונג „קאָמוניסטישע שטים"; נאָכן אומקערן זיך פון דער ראַטנמאַכט אין 1920 יאָר איז די צײַטונג דערשינען אַלס אָרגאַן פון דער אָדעסער ביוראָ פון דער יִדסעקציע באַם שטאָטישן און גובערניאַלן קאָמיטעט פון דער קפּ(ב)או; ביז אויגוסט 1920 איז זי דערשינען וועכנטלעך, דערנאָך טעגלעך, געדרוקט זיך אויף דער צווייטער זײַט פון טאַבעק־באַנדעראָלן; פון יוני 1921 — ווידער דערשינען וועכנטלעך ווי א זשורנאַל.

פון יוני ביז אויגוסט 1919 האָט דער זשיטאָמירער קאָמיטעט פונעם „קאָמפאַרבאַנד" אַרויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. קיפּערן, א וועכנטלעכע צײַטונג „קאָמוניסטישע שטים". פונעם 19־טן נאָיאַבער 1919 האָט די „קאָמוניסטישע שטים" ווידער אָנגעהויבן דערשײַנען שוין אַלס אָרגאַן פון דער גוב־ביוראָ פון די יִדישע סעקציעס באַם וואָלינער גובקאָם פון קפּ(ב)או; די צײַטונג האָט עטלעכע מאָל געביטן איר פאָרמאַט, זי איז דערשינען ביזן אָנהייב 1922.

אין דער צײַט פון דער דעניקיניש־פּראַנצויזישער הערשאַפט אין אָדעס האָט א. טשעמעריסקי אומלעגאַל אַרויסגעגעבן דאָרט עטלעכע נומערן פון א קאָמוניסטישער צײַטשריפט אין יִדיש; דעם נאָמען אירן געדענקט ער ניט; קיין שפּורן פון איר האָט זיך אויך ניט אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן.

אין 1919 זײַנען אין אוקראַיִנע נאָך דערשינען: א נומער „דער זיג", אין זשיטאָמיר, און אַן אומפּאַרטיִיִשע אויסגאַבע „ביולעטען פון דעם כאַרקאָווער רעווקאָם".

אין מעשעך פון די ערשטע צען כאַדאָשים זײַנען אין אוקראַיִנע, אויף אַזאַ אופן, דערשינען 11 קאָמוניסטישע צײַטשריפטן אין יִדיש, פון וועלכע 4 האָבן פאָרגעזעצט אַרויסצוגיין אויך אין 1920.

די פּאָליטישע באַדינגונגען אין אוקראַיִנע זײַנען אין 1920 געוואָרן נאָך מער קאָמפּליצירט, דער בירגערקריג האָט זיך פאַרשאַרפט, אַכוץ דעם קאַמף מיט דער ווײַסגוואַרדייִשער און פּעטליוריִשער קאָנטער־רעוואָליוציע, איז צוגעקומען די מילכאָמע מיט ווײַספּוילן, וועלכע האָט אָקופּירט די גאַנצע רעכטברעגיקע אוקראַיִנע.

אין אָט די באַדינגונגען פון אַן אויסערסט פאַרשאַרפטן באַוואָפנטן קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, צום אַקטיוון אָנטייל אין וועלכן ס'זײַנען צוגעצויגן געוואָרן אויך די ברייטסטע ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, האָט די ראָליע פון דער ייִדקאָמפּרעסע, נאַטירלעך, נאָך מער זיך פאַרשטאַרקט. מאַכמעס דעם, ווי אויך מאַכמעס אַ רײ אַנדערע סיבעס — די פאַרברייטערונג פון דער קאָמוניסטישער אַרבעט אין דער ייִדישער סוויווע, די אָפּוועזנהײַט פון רעגולערע פאַרבינדונגען מיט דער פּעריפעריע אאַ. — איז די ייִדקאָמפּרעסע אין אָט דעם יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן אין צאָל און פאַרצווײַגט זיך טעריטאָריִעל.

קאָמוניסטישע צײַטשריפטן אין ייִדיש האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען אין אַ רײ פּראָווינציִעלע שטעט, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין אייגענע פּרעסע ניט געהאַט. אין 1920 איז אַנטשטאַנען אַ היפּשע צאָל קאָמיוגישע אויסגאַבעס. דאָס האָט באַצייכנט אַ קאָלאָסאַלן אויפשטײַג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צווישן דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער יוגנט און די פולשטענדיקע צעפאַלונג פון די קלייןבירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אָנהייב יאָר זײַנען דערשינען צוויי קאָמיוגישע צײַטשריפטן: אין קיִעוו — „דער יונגער קעמפער", אָרגאַן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם ייִדישן קאָמוניסטישן יוגנטלעכן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין אוקראַיִנע, און אין זשיטאָמיר — „דער רויטער שליאַך", אָרגאַן פון דער וואָלינער גוב־ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס באַם גוב. קאָמיטעט פונעם קאָמיוגנט־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע.

אויך אָדעס האָט באַקומען אַן אייגענע קאָמיוגיסטישע צײַטשריפט אַף ייִדיש. דעם 26 מאַרט איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער צײַטונג „דער יונגער אַרבעטער" — אָרגאַן פון דער אָדעסער ביוראָ פון דער ייִדסעקציע באַם קאָמיוגנט־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע. ביזן 12 יוני זײַנען אַרויס 6 נומערן. אין אַפּרעל און אין מײַ זײַנען אין אָדעס דערשינען 2 נומערן „דער יונגער קאָמוניסט" — אויסגאַבע פון דער ייִדאָפּטיילונג באַם גובקאָם פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד אין אוקראַיִנע.

---



## עטלעכע ווערטער וועגן מײַן פאָטער

די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט מערקט אָפּ דעם 100־טן געבורטסטאָג פונעם אָנגעזעענעם ייִדישן היסטאָריקער, ביבליאָגראַף און זשורנאַליסט אווראָם קירזשניץ, וועלכער האָט אַרײַנגעטראָגן אַ היפּשן צושטײַער אין דער פאָרשונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג און אין צונויפשטעלן די ביבליאָגראַפיע פון דער דעמאָקראַטישער און אַרבעטער־פּרעסע אין פאַר־אָקטיאַבערישן פּעריאָד און אין ערשטן יאָרצענדליק נאָך דער רעוואָליוציע.

אווראָם קירזשניץ איז געבוירן געוואָרן אין באָברויסק, ווײַסרוסלאַנד. די מישפּאָכע פון באַלמעלאָכעס איז געווען ניט קיין אָרעמע, נאָר קיין באַזונדערע קולטור־טראַדיציעס האָט זי ניט געהאַט. דערפאַר אָבער האָט זי געהאַט אַ שעם פון הויכן מאָראַלישן גײַסט, און דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען הויפּטזאַכלעך דער מוטער, וועלכע האָט אײַנגעפלאַנצט אין די קינדער מענטשלעכע מײַלעס.

די סיסטעמאַטישע בילדונג האָט באַ קירזשניצן זיך באַגרענעצט מיט אַ שטאָטישער שול. הויכע געבילדעטקײַט און הומאַניטאַרישע קולטור

דעם 5 אפרעל איז אין כארקאָוו דערשינען א נומער „דער יונגער קעמפער״ — אָרגאַן פון צק פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד אין אוקראַינע.

אין מײַ 1920 האָט זיך אָפיציעל ליקווידירט דער ייִדישער קאָמוניסטישער יוגנט־פארבאנד אין אוקראַינע, וועלכער האָט זיך ארײַנגעגאָסן אין קאָמיוג. אין צוזאמענהאנג מיט דעם האָט די ייִדסעקציע באַם כארקאָווער גובקאָם קפּ(ב)או, אינײנעם מיט דער ליקווידיר־קאָמיסיע פונעם פארבאנד, ארויסגעגעבן דעם 22 מײַ אַן איינמאָליקע אויסגאבע: „דער איינהײַטלעכער קאָמוניסטישער יוגנט־פראָנט״.

סאָף מײַ איז דערשינען אַן איינטאָגיקע קאָמיוגישע צײַטשריפט „אפן דריטן פראָנט!״, וועלכע עס האָט ארויסגעגעבן די הויפּט־ביוראָ פון די ייִדסעקצעס באַם צק פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד אין אוקראַינע.

אין מײַ 1920 האָט אין כארקאָוו אָנגעהויבן דערשײַנען א זשורנאל „דער קאָמוניסט״ — אָרגאַן פון צק קפּ(ב)או.

קאָמיוגישע צײַטשריפטן זײַנען נאָך דערשינען: אין כארקאָוו — „די פּראָלעטארישע יוגנט״, אָרגאַן פון צק פון קאָמיוגנט־פארבאנד אין אוקראַינע; אין דניעפּראָפּעטראָווסק — „די קאָמוניסטישע יוגנט־באוועגונג״; אין קיִעוו — „די פרײַע יוגנט״ (נומ. 1 איז דערשינען דעם 3 נאָיאבער 1920, נומ. 2 — דעם 11 סענטיאבער 1921 אונטער דער רעד. פון כ. דאָבינען); „קאָמוניסטישע יוגנט״ (ארויסגעגאַן ביזן 1923, אמאָל ווי א זעלבשטענדיקע אויסגאבע, אמאָל ווי א זײַטל אין „קאָמפאָן״).

אכוץ די אָנגערופענע צײַטשריפטן, זײַנען קאָמיוגישע זײַטלעך פעריאָדיש דערשינען קימאט אין אלע אלגעמיינע ייִדישע קאָמוניסטישע צײַטשריפטן.

דעם 15 פעווראל 1920 האָט די הויפּט־ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס בא דער קאָמפּארטיי פון אוקראַינע אָנגעהויבן ארויסגעבן א ספּעציעלע צײַטשריפט פאר די פראגן פון פארטיי־ארבעט „פארטיי־יעדיעס״, פון וועלכער עס זײַנען דערשינען 2 נומערן; די „פארטיי־יעדיעס״ זײַנען דערשינען אין קיִעוו ווי א בײַלאגע צו דער „קאָמפאָן״.

אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר האָט כארקאָוו ניט געהאט קיין רעגולערע קאָמוניסטישע אויסגאבע אין ייִדיש. דאָ זײַנען אין אָט דער צײַט דערשינען אונטער פארשיידענע נעמען א ריי איינ־

---

(ער האָט, לעמאָשל, באהערשט, אכוץ ייִדיש, העברעיִש און רוסיש, אויך דײַטש, פראנצויזיש און פּויליש) האָט ער דעראָבערט דורך זעלבסטבילדונג. אין די אנקעטעס פלעגט ער שרײַבן אין דער רובריק „בילדונג״ — „טפיסע־בילדונג״. דאָס איז געווען א געזעצלעכער טערמין אין די פאררעוואָליוציאָנערע יאָרן — ניט ווייניק מענטשן האָבן זייער הויכן קולטורעלן ניוואָ דעראָבערט אין טורמע־קאזעמאט אָדער אין פארשיקונג.

די ערשטע פּראָפּעסיע זײַנע איז געווען א הויז־לערער. נאָר שוין אין 1903, אין זעכצניאָריקן עלטער, פארעפנטלעכט ער אין דער אָרטיקער פּרעסע די ערשטע זשורנאליסטישע פּרוּוון. אין 1912 מאכט ער דורך א רײַזע איבער די שטעט און שטעטלעך פונעם טכום־האמוישעוו און שרײַבט א סעריע ארטיקלען וועגן דעם ייִדישן לייענער און וועגן די ייִדישע ביבליאָטעקן. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע רעדאגירט ער א ריי זאמלביכער („באָברויסקער וואָכנבלאט״, „יונגאטש״, „לעקאָוועד יאָמטעוו״ און אנד.), ווי אויך דעם „יאָרבוך פאר ייִדישע ביבליאָטעקן״ (קלעצקין־פארלאג) און דעם פערטליאָר־זשורנאל „דער ייִדישער ביבליאָטעקער״.

נאָך אין דער פריִער יוגנט שליסט זיך א. קירזשניץ אָן אין דער אקטיווער רעוואָליוציאָנערער ארבעט. ער איז נאָך ניט אלט געווען קיין פולע צוואנציק יאָר, ווען ער טרעט ארײַן אין די רייען פון רסדאפּ, ווערט א מיטגליד פונעם אלגעמיינעם ארבעטער־פארבאנד פון ליטע, פּוילן און רוסלאנד. שפּעטער טרעט ער שארף ארויס קעגן די ציִעניסטישע טענדענצן אין דער דאָזיקער אָרגאניזאציע. עטלעכע מאָל ארעסטירט אים די צארישע רעגירונג, און אין 1915 פארשיקט מען אים קיין סיביר. אָבער אויך דאָרט זעצט ער פאָר די רעוואָליוציאָנערע טעטיקײַט: ארבעט מיט אין דער אירקוטסקער מארקסיסטישער צײַטונג „סיביר״, ווערט אַן אָרגאניזאטאָר פון דער הילף־קאמפּאניע פאר די מילכאָמע־קאָרבאָנעס.

בײַס דעם קאָלטשאקישן אופשאטנד פאָרט קירזשניץ ארויס פון אירקוטסק קיין כארבין. דעם דאָזיקן פעריאָד שפּיגלט ער אָפּ אין זײַנע דאָקומענטאלע פארצייכענונגען „בא דער שוועל פון כינע״ (צוערשט געדרוקט אין זשורנאל „סיבירסקיִע אָגני״, 1923, נומ. 4, דערנאָך אין א בוך, וועלכער איז דערשינען אין מאָסקווע אין 1924), „אינעם אָפּפרעמדונג־פּאס פון דער מיזרעד־כינעזישער אײַזנבאַן״ („סיבירסקיִע אָגני״, 1924, נומ. 3). אָנהייבנדיק פונעם 1923, ארבעט ער אין נאָוואָניקאָלײַעווסק (נאָוואָסיבירסק) אין דער סיסטעם פון קאָאָפּעראציע, שרײַבט ארטיקלען פאר דער אָרטיקער פּרעסע.

מיט סיביר איז געווען פארבונדן א היפּשער פעריאָד אין א. קירזשניצעס טעטיקײַט. אכוץ די

מאָליקע ביולעטענען פון דער ייִדישער סעקציע באַם גובקאָם פון קפּ(ב)או, וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אַף די ברענענדיקע פראַגן פונעם טאָג.

דעם 7 מאַרט איז דערשינען דער נומ. 3 (פון די ערשטע צוויי און פונעם פערטן נומער האָבן מיר ניט געקאָנט אַפזוכן קיין שפורן) אונטער דעם נאָמען „די וואַלן אין ראַט"; דעם 8 אַפּרעל — דער נומ. 5 „די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אַף דער ייִדישער גאַס"; דעם 1 מײַ — נומ. 6 „דער ערשטער מײַ", מיט א בײַלאַגע „די וואָך פון אַרבעט־פראָנט"; דעם 5 יוני — דער נומ. 7 „דער קאַמף מיט דער פּוילישער שליאַכטע", דעם 1 סעפּטעמבער — „דער קאַמף מיט וורانגעלן" און דעם 23 אָקטיאַבער — דער נומ. 8 „ביולעטען פון כאַרקאָווער גובקאָם קפּ(ב)או" מיט א זײַטל „דער יונגער אַרבעטער".

אין מעשעך פונעם יאָר האָבן אין אוקראַיִנע אָנגעהויבן דערשײַנען אויך עטלעכע רעגולערע צײַטשריפטן. אין מאַרט 1920 איז אין דניעפּראָפּעטראָווסק (קאַטערינאָסלאַוו) אַרויס, אונטער דער רעדאַקציע פון פּ. אַנאַטאָליעוון, א וועכנטלעכער אָרגאַן פון דער ייִדאָפּטײלונג באַם גובקאָם פון צק קפּ(ב)או „דער קאָמוניסט"; פון יאַנוואַר 1921 — רעדאַקטאָר ה. שוב און פון 28 מײַ דערשינען 3 מאָל אין וואָך. דעם 20 יוני האָט די ייִדאָפּטײלונג באַם צק קפּ(ב)או אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין כאַרקאָוו א זשורנאַל „דער קאָמוניסט", וועלכער איז דערשינען רעגולער ביז פעברואַר 1922 מיט אַן אינערלעכער בײַלאַגע „די פּראָלעטאַרישע יוגנט". א רעגולערע וועכנטלעכע (אין איין צײַט האַלבוועכנטלעכע) צײַטונג האָט דעם 1 אָקטיאַבער אָנגעהויבן דערשײַנען אויך אין קרעמענטשוג — „דאָס קאָמוניסטישע וואָרט" (אַרויסגעגאַן מיט האַפּסאָקעס ביזן אָנהייב 1922 מיט א זײַטל „די רויטע יוגנט").

עס דאַרפן אויך פאַרצייכנט ווערן די צוויי נומערן „דער פלאַם", וועכנטלעכער אָרגאַן פון אויעזדקאָמיטעט קפּ(ב)או, וועלכע זײַנען אין אויגוסט — סעפּטעמבער דערשינען אין פּערוואָמײַסק.

אַכוץ די אָנגערופענע, זײַנען אין מעשעך פונעם 1920 יאָר דערשינען נאָך א ריי איינמאָליקע און ניט־פּעריאָדישע אויסגאַבעס: אין קיִעוו — דעם 11 מאַרט, אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „צום יאָרצײַט פון טאַראַס שעוטשענקאָ" (אונטער דער רעד. פון ב. אָרשאַנסקין); אין זשיטאָמיר, אין לעצטן טאָג פאַר דער עוואַקואַציע פון דער שטאָט (אין אַפּרעל), א נומער „דער ייִדישער קאָמונאַר" (אונטער דער רעד. פון י. ליבערבערגן); אין מאָלעוו־פּאָדאָלסק זײַנען ביז יולי דערשינען 3 נומערן „פּעריאָדישער ביולעטען", אַרויסגעגעבן פונעם ראַיאָן־קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון דער איבערגאַנג־צײַט (רעד. מ. סא־

---

אָנגערופענע אַרבעטן, האָט ער צונויפגעשטעלט א ביבליאָגראַפישע רעשימע „די פּאַרטײיִש־סאָוועטישע פּרעסע פון סיביר אין די יאָרן פון דער רעוואָליוציע (1917—1923)", אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „דאָס בוד־וועזן און די פּעריאָדישע פּרעסע אין סיביר" (געדרוקט אין דער זאַמלונג „סיבירסקיִע זאַפּיסקי", 1916, נומ. 4), אַרויסגעלאָזט די ביכער „לענין אין דער פאַרשיקונג" (1924) און „די לענער בלוטבאָד" (1927), אַרויסגעטראָטן מיט א ריי אַרטיקלען אין דער „סיבירער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע".

אָנהייבנדיק פונעם יאָר 1924, לעבט א. קירזשניץ אין מאָסקווע. אין האַרבסט 1925 ווערט ער א שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער צײַטונג „דער עמעס". איינצײַטיק באַטייליקט ער זיך אינעם זשורנאַל „קאַטאָרגאַ אי סילקאַ". לויטן פאָרשלאָג פונעם אינסטיטוט פון פּאַרטיי־געשיכטע („איסטפּאַרט") באַם צענטראַל־קאָמיטעט פון רקפּ(ב) טרעט ער צו צו שאַפן די געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס באַווײַזט זיך א גאַנצע סעריע זײַנע ביכער: „די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָליוציע" (1926), די פירבענדיקע אויסגאַבע „דער ייִדישער אַרבעטער". כרעסטאָמאַטיע צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־רעוואָליוציאָנערער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד" (1925—1928).

אין 1928 דערשײַנט א. קירזשניצעס אַרבעט „די ייִדישע פּרעסע אין סאָוועטנפאַרבאַנד (1917—1927)", אין א יאָר אַרום — „די ייִדישע פּרעסע אין ווײַסרוסלאַנד", אין 1930 — „די ייִדישע פּרעסע אין דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע".

ווען אין סאָף פון די צוואַנציקער יאָרן הייבט זיך אָן די מאַסן־איבערוואַנדערונג פון ייִדן אַף ערד, ווערט א. קירזשניץ אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פונעם „געזערד". עטלעכע מאָל פאָרט ער קיין ביראָבידזשאַן, און זײַנע אַרטיקלען, פאַרצייכענונגען און רעפּאָרטאַזשן, געווידמעט דער אַנטשטייונג פון דער ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט, באַווײַזן זיך אָפט אין די צײַטונגען „דער עמעס" און „ביראָבידזשאַנער שטערן", אין דער אויסלענדישער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע. אַפן סמאָך פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן גיט ער אַרויס דעם בוך „די ייִדישע אַווטאָנאָמע געגנט אין אופשטײַג" (1936). אין סאָף פון די דרײַסיקער יאָרן גרייט ער די עקספּאָזיציע פון דער ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט אַף דער אַלפאַרבאַנדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג.

אין 1938 איז א. קירזשניץ לויט א פאַלשער באַשולדיקונג רעפּרעסירט געוואָרן, נאָר אין אָנהייב 1940 ווערט ער באַפרײַט און רעאַבּיליטירט.

ריקאָוו); אין אומאַן — 3 נומערן „ביולעטען פון אומאַנער פּראָפּראַט" (אין ייִדיש, אוקראַיִניש און רוסיש); אין פּאָלטאַווע — א פלוגבלאַט „די וואַלן אין ראַט", דעם 22 נאָיאַבער; אין כאַרקאָוו — עטלעכע נומערן „די ייִדישע אַרעמקײַט", אָרגאַן פון „סעטמאַס" („פאַרבאַנד פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן"), מיט א צײַטל „דער יונגער האָרעפּאַשניק"; אין זשיטאָמיר — אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „אין אַרבעטער־ראַט ווילט אויס קאָמוניסטן!".

בעסאַכאַקל זײַנען אין מעשעך פונעם 1920 יאָר דערשינען 34 פאַרשיידענע אויסגאַבעס, פון וועלכע אינעם קומענדיקן יאָר זײַנען פאַרגעזעצט געוואָרן 8.

די טעכנישע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פּרעסע זײַנען געווען אויסערגעוויינלעך שווערע. עס האָט געפעלט פּאַפּיר, דרוק־פאַרב, דער שריפט איז געווען אַלט און צעבראָכן. די אַלע אויסגאַבעס האָבן דעריבער געהאַט ניט קיין געוויינלעכן אויסזען: זייער אָפט געמוזט בײַטן דעם פאָרמאַט, געדרוקט זיך אַף קאָלירט פּאַפּיר, דיקן קאַרטאָן, פּאַקפּאַפּיר, אַף דער ריינער זײַט פון אַקציזבאַנדעראָלן אָדער קאָנדיטערײַ־עטיקעטקעס. דער דרוק איז געווען א „בלינדער", אָפט ניט צו לייענען.

דאָס אַלץ האָט אָבער קאָמפּענסירט דער בלוטפולער אינהאַלט, די רעוואָליוציאָנערע קאַמף־לאָזונגען, די פלאַמיקע רופן, וועלכע האָבן געוועקט און געמונטערט, אַגיטירט און אָרגאַניזירט טויזנטער און טויזנטער ייִדישע פּראָלעטאַריער אונטער די רומפולע פאָנען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין 1921, נאָכן פאַרענדיקן דעם קאַמף אַף די פראָנטן, און איבערהויפּט — ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער „נעפּ", וועלכער האָט אַרײַנגעטראָגן א גרינטלעכע ענדערונג אין דער אַלגעמיינערווירטשאַפטלעכער לאַגע פון דער ראַטן־מעלוכע, איז פאָרגעקומען א טיפער איבערבראָך אויך אין דער קאָמפּרעסע, אַרײַנגערעכנט, פאַרשטייט זיך, די ייִדישע. די פּרעסע, אַזוי ווי די ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, האָט געמוזט אַריבערגעפירט ווערן אַפן אייגענעם אויסהאַלט. דאָס אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן צײַטונגען מיט מעלוכישער דאָטאַציע האָט מען בעהאַדראָגעדיק געמוזט אָפּשטעלן. באַ אַזעלכע באַדינגונגען האָט געקאָנט איבערבלײַבן בלויז אין די גרעסערע צענטערס א באַגרענעצטע

---

געשטאָרבן איז ער דעם 15 אַפּרעל 1940. מאָסקווע האָט מיט ווירדע אים באַגלייט אין לעצטן וועג.

מיט עטלעכע וואָכן פאַרן טויט האָט אַווראָם קירזשניץ אָנגעהויבן צונויפשטעלן א ביבליאָגראַפיע פון זײַנע אַרבעטן, אָבער ער האָט באַוויזן אָנשרײַבן בלויז דאָס אַרײַנפיר־וואָרט. עס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„איך בין, אַפּאָנעם, איינער פון די געציילטע ליטעראַטאָרן, וועלכע האָבן נאָך א 35־יאָריקער ליטעראַרישער אַרבעט ניט פאַרהיט (אין די יאָרן 1938—1939 — איבער אומשטאַנדן, וועלכע זײַנען ניט געווען אָפּהענגיק פון מיר) קימאַט גאָרניט פון דעם, וואָס איך האָב אָפּגעדרוקט פאַרן דאָזיקן פּעריאָד. דאָס דערקלערט זיך הויפּטזאַכלעך מיטן נאַווענאַד־לעבן, וואָס איך האָב געפירט ביז דער רעוואָליוציע, און מיט דער אומעגלעכקײַט צו פאַרהיטן באַ זיך פון דעם, וואָס איך האָב געדרוקט אין אָט דער צײַט, דערונטער אַלץ, וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט אין די אַרבעטער־צײַטונגען. פון דעם, וואָס איך האָב אָפּגעדרוקט נאָך דער רעוואָליוציע, האָב איך פאַרהיט ניט ווייניק. נאָר בײַסן אַרעסט און נאָך מאַרט 1938 איז אַלץ פאַרניכטעט געוואָרן, און אַצינד האָב איך, אַכוץ עטלעכע ביכער און בראָשורן, גאָרניט פון דער קאָלאָסאַלער מאַסע צײַטונגס־ און זשורנאַל־אַרטיקלען, וועלכע כ'האָב פאַרעפנטלעכט פאַר 35 יאָר..."

ס'איז דעריבער טאַקע זייער שווער צונויפצושטעלן א וועלכע־ניט־איז גענויע ביבליאָגראַפיע פון א. קירזשניצעס ווערק. אַף וויפל ס'איז געווען מעגלעך, האָב איך דאָ דערמאָנט בלויז די איקערדיקע גרעסערע אַרבעטן פון מײַן פאָטער, נאָר זיי גיבן ווײַט ניט קיין פולע פאָרשטעלונג וועגן זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט.

אַוואַדע וואָלט געווען א יושער זיך טיילן מיט פּערזענלעכע דערינערונגען וועגן אים. צום באַדויערן, האָב איך ניט געהאַט קיין ערנסטע קאָנטאַקטן מיטן טאַטן, און אַזעלכע קאָנטאַקטן זײַנען פּאָשעט ניט געווען מעגלעך — ער איז אַוועק פונעם לעבן, ווען איך בין אַלט געווען אינגאַנצן עלף יאָר. דער איקער, וואָס עס איז פאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן, איז דאָס, וואָס דער פאָטער איז געווען א גרויסער האָרעפּאַשניק. זײַן פיגור, אַן אײַנגעבויגענע איבערן שרײַבטיש, פלעג איך שטענדיק זען בייס איך האָב זיך געלייגט שלאָפן און בייס איך בין אופגעשטאַנען. ביז הײַנט קאָן איך זיך ניט באַפרײַען פונעם געדאַנק, אַז ער האָט געאײַלט צו פאַרווירקלעכן די שעפערישע פאַרטראַכטן, האָבנדיק דעם פאָרגעפיל, אַז גאָר אײַנגיכן וועט קומען א סאָף סײַ צו זײַן אַרבעט, סײַ צו זײַן לעבן.

ד אַ ו י ד  ק י ר ז ש נ י ץ,
דאָקטאָר
פון פיזיק־מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן

צאָל צײַטשריפֿטן, מיטן טנײַ, זיי זאָלן באַדינען אויך די פּראָווינץ. דאָס האָט, נאַטירלעך, באַדײַטנדיק פֿאַרקלענערט די סטיכייִש־אויסגעוואַקסענע און פֿאַרצווײַגטע פּרעסע־נעץ אין ייִדיש. און ווירקלעך, צום סאַך 1921 האָט זי זיך פֿאַרקלענערט אין עטלעכע מאָל.

די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן אָבער אָנגעהויבן ווירקן ערשט אינמיטן יאָר, ס'האָט אַ געוויסע צײַט אויך געדויערט דער גערנגאַנג פֿאַר עקזיסטענץ און אַזוי אַרום זײַנען נאָך אין מעשך פֿונעם יאָר דערשינען נײַע צײַטשריפֿטן, פֿון וועלכע עס זײַנען אַרויס צו איינעם אַדער עטלעכע נומערן.

די גרעסטע צאָל נײַע צײַטשריפֿטן האָט אויך אין 1921 געהאַט דער קאָמיוג. צום 2־טן יאָרטאָג פֿונעם וואָלינער קאָמיוג האָט די ייִדסעקציע באַם גובקאָם אַרויסגעגעבן דעם 29 אַפּרעל אַן איינמאָליקע „יובֿליי־אויסגאַבע”; אין אַפּרעל — יול איז אין כאַרקאָוו דערשינען אַ זשורנאַל „אַרבעטער־יוגנט” — אָרגאַן פֿון דער הויפּט־ביוראָ פֿון די ייִדסעקציעס באַם צק פֿון קאָמיוג פֿון אוקראַיִנע; אין אויגוסט האָט דער בעלאַצערקאָווער אויעזדישער קאָמיטעט פֿון קאָמיוג אַרויסגעגעבן אַ נומער „יוגנט־שטים”; די ייִדסעקציע פֿונעם פּאָלאָנער קאָמיוגישן אויקאָם האָט דעם 20 אָקטיאַבער אַרויסגעלאָזט אַ נומער פֿון אַ צוויי־וועכנטלעכן זשורנאַל „דער יונגער קאָמונאַר”; אין אומאַן זײַנען דערשינען 2 נומערן „דער נײַער דאָר”; אין קרעמענטשוג, אונטער דער רעדאַקציע פֿון א. ירושלמי — „די רויטע יוגנט” און אין כאַרקאָוו — אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „קאַמפּס־קלאַנגען”.

אײנײנעם מיט די פּערִיאָדישע צײַטלעך אין די אַלגעמיינע אויסגאַבעס, וועלכע זײַנען אָפֿט געווען גרעסער און אינהאַלטרײַכער פֿון די זעלבשטענדיקע צײַטשריפֿטן, האָט דער קאָמיוג אין אוקראַיִנע אויך אין 1921 געהאַט אַ ביז גאָר פֿאַרצווײַגטע פּרעסע־נעץ.

נײַע אַלגעמיינע פּעריִאָדישע אויסגאַבעס האָבן אין מעשך פֿונעם יאָר אָנגעהויבן דערשײַנען אַ סאַך ווייניקער: וואָכנבלעטער — אין בערדיטשעוו „דער פּראָלעטאַריער”, מיט אַ צײַטל „דער יוגנט גלאָק”, דערשינען 2 נומערן אין יוני; אין פּאָלטאַווע — „דער קאָמוניסטישער גדאַנק”, 2 נומערן אין נאָיאַבער — דעקאַבער; אין יעליסאַוועטגראַד — „דער קאָמוניסט”. „די אַרבעטער־שטימע” אין בערדיטשעוו, פֿון אויגוסט 1921, ווי אַ בײַלאַגע צו דער רוסישער וועכנטלעכער אַרבעטער־צײַטונג, איז דערשינען ביזן סאָף 1924; ניט־פּעריִאָדישע אויסגאַבעס זײַנען אַרויס צוויי — „די רויטע פֿאָן” אין בעלאַצערקאָוו (אָנהייב יאָר) און „קאָמוניסטישער וועג” אין בערדיטשעוו.

אונטער דער ווירקונג פֿון די נײַע באַדינגונגען זײַנען פֿון די צענדליקער צײַטשריפֿטן פֿאַרבליבן אין 1922 ניט מער פֿון 4: אין כאַרקאָוו, קיִעוו, זשיטאָמיר און קרעמענטשוג.

דערפֿאַר אָבער האָבן אין 1922, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿאַרברייטערונג און פֿאַרטיפֿערונג פֿון דער בילדונגס־ און דערציִונגס־אַרבעט, אָנגעהויבן דערשײַנען צוויי כוידעש־זשורנאַלן: פֿאַר לערער — „פּעדאַגאָגישער ביולעטען” און פֿאַר קינדער — „פֿרייד”: דער ערשטער איז דערשינען ביז דעקאַבער 1923 (6 נומערן), און דער צווייטער — ביז יול 1925 (20 נומערן).

כּ'ין דעם, האָט אין סענטיאַבער אָנגעהויבן דערשײַנען אין וויניצע „דער יונגער דרוקער”, וועלכער איז פֿונעם נומ. 2 געוואָרן דער אָרגאַן פֿון דעם פּאָליגראַף־קאַמערל אין גובקאָם פֿונעם אוקראַיִנישן קאָמיוג און אָפּגעשטעלט זיך אַפֿן 6־טן נומער אין יאַנוואַר 1923; צום פֿינפֿטן אָקטיאַבער־יאָרטאָג האָט די „קאַמפֿאַן” אין קיִעוו אַרויסגעגעבן אַ באַזונדערע יובֿליי־בײַלאַגע „אָקטיאַבער”.

אָנהייב 1923 האָט די ייִדסעקציע באַם פֿאַרלאַג „יונגער אַרבעטער” אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן איליוסטרירטן פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכן, ליטעראַריש־קינסטלערישן און פּאָליטיש־פּובליציסטישן זשורנאַל „ליבקנעכטס דאָר”, אָבער מער פֿון איין נומער איז ניט אַרויס. דעם 25 מײַ איז אין כאַרקאָוו געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו שאַפֿן אַ צענטראַלע קאָמיוגישע צײַטונג „דער יונגער אַרבעטער”; נאָכן ערשטן נומער איז זי איבערגעטראָגן געוואָרן קיין קיִעוו און ביז דעם 25 נאָיאַבער זײַנען אַרויס נאָך 5 נומערן.

אין מעשך פֿונעם יאָר, צו די פּייסער־טעג און צו די ייִדישע האַרבסט־יאָמטויוים, זײַנען דערשינען צוויי ספּעציעלע אַנטירעליגיִעזע אויסגאַבעס: אין יוזאָווקע, אונטער דער רעדאַקציע פֿון ר. וואָלמאַנען, אַ בלעטל „אַנטירעליגיִעזער פּייסער־ביולעטען” און אין קיִעוו — אַן איליוסטרירטע זאַמלונג „אַפּיקוירעס” (די רעדאַקטאָרן זײַנען געווען ה. קאַזאַקעוויטש, ע. פֿאַרטנאָי און ל. בראַוואַרניק).

אין 1924 האָט די ייִדישע פּרעסע אין אוקראַיִנע געליטן אַ גרויסן פֿאַרלוסט: עס האָט אופֿגעהערט צו דערשײַנען די איינציקע טעגלעכע צײַטונג „די קאָמוניסטישע פֿאָן”, וועלכע איז אין דער לעצטער צײַט אַרויסגעגאַן מיט האַפּסאַקעס.

דער קלאַפּ איז געווען נאָך פֿילבאַרער מאַכמעס דעם, וואָס גראַד דעמלט זײַנען די פּערספּעקטיוון פֿון דער קאָמוניסטישער טעטיקײַט אין דער ייִדישער אַן אַרבעט צווישן די קוסטאַרן, אַפֿן טאָג־סיידער איז געשטאַנען די פֿראַגע וועגן אַריבערפֿירן די דעקלאַסירטע מאַסן אַף ערד, וועגן שאַפֿן שטעטלדיקע ראַטן אַדג. ס'איז קלאָר געווען, אַז באַ אַזאַ פֿאַרברייטערונג און פֿאַרצווײַגונג פֿון דער אַרבעט אין דער ייִדישער סוויווע וועט מען זיך ניט באַגיין אָן דעם מעכטיקן געוועהר אַף צו באַווירקן און אָרגאַניזירן די ברייטע מאַסן, וואָס עס איז די קאָמוניסטישע פּרעסע.

א קאַנקרעטן אויסדרוק האָט דער פאַרגעקומענער איבערבראָך און די אופלעבונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן, באקומען נאָך אין זעלביקן יאָר. די פרעסע־נעץ איז באריי־כערט געוואָרן מיט צוויי וויכטיקע צײַטשריפטן. דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און ליטעראריש־קינסטלערישער זשורנאַל „די רויטע וועלט" האָט לעכאטכילע געזאָלט זײַן א צווייוועכנטלעכער, נאָר איז געוואָרן א כוידעשלעכער. די ערשטע רעדאקטאָרן פון דער „רויטער וועלט" זײַנען געווען ה. קאזאקעוויטש און מ. ראַוויטש־טשערקאַסקי; דער נומ. 1 איז דערשינען דעם 1 סענטיאבער 1924; פונעם נומ. 10—11 ביזן נומ. 3 (18) פארן 1926 ווערט ער רעדאקטירט דורך „א קאָלעגיע", שפּעטער — דורך מ. לעוויטאנען, ע. פיניבערגן, ד. פעלדמאנען, ל. קוויטקאָן און פ. שפּראכן, אונטער דער רעדאקציע פונעם כ' פעלדמאַן, און אָנהייבנדיק פון יאנוואר 1927 — אונטער דער רעדאקציע פון מ. לעוויטאנען; פונעם נומ. 7—8 (22—23) איז אין דער רעדקאָלעגיע ארײַנגעטראָטן אויך ה. קאזאקעוויטש, און פונעם נומ. 27 — אָנשטאָט ע. פינינבערגן און ד. פעלדמאנען — מ. קיפּער. פון א דין, מאָגער העפטל (45 ז.) איז „די רויטע וועלט" אויסגעוואקסן אין אן ערנסטן „דיקן זשורנאַל".

מיט עטלעכע כאדאָשים שפּעטער — דעם 1 נאָיאבער — האָט אָנגעהויבן דערשײַנען די „יונגע גווארדיע" — א קאָמיוגישע וואָכנשריפט, וועלכע איז געוואָרן פּאָפּולער און פארשפּרייט איבער גאַנץ אוקראַיִנע. מיטגלידער פון דער ערשטער רעדקאָלעגיע פון דער צײַטונג זײַנען געווען מ. אלטשולער, מ. טאראסאָוו, א. לאנדוי, ע. פאַרטנאָי און מ. פוטילאָוו.

צום יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז אין באלטע (מאָלדאוויע), אין דער אויסגאבע פון דער יידסעקציע באם פארטיי־קאָמיטעט, דערשינען אן איינמאָליקע בלאט „אָקטיאבער".

די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון דער יידקאָמפרעסע אין אוקראַיִנע גייט שוין דורכויס אונטערן צייכן פון ווּקס און פון אינערלעכער באפעסטיקונג.

אין 1925 באקומט אוקראַיִנע ווידער, נאָך א האפסאָקע אין מעשעך פון א יאָר, א טעגלעכע צײַטונג אין יידיש. דעם 17 מײַ הייבט אָן דערשײַנען אין כארקאָוו, אלס אָרגאן פון צק קפּ(ב)או און פונעם אלוקראַיִנישן פּראָפּראט, די צײַטונג „דער שטערן", וועלכע באקומט א ברייטע פארשפּרייטונג און וואקסט ארום מיט א פארצווײַגטער נעץ ארבדאָרפקאָרן אין אלע שטעט, שטעטלעך און דערפער פון אוקראַיִנע. „דער שטערן" איז דערשינען צום אָנהייב אין א גרויסן פאָרמאט, פון אָקטיאבער 1926 ביז סאָף 1927 — אין א פארקלענערטן, און פון אָנהייב 1928 — ווידער אין א גרויסן פאָרמאט. אין אָנהייב איז די צײַטונג ארויס אונטער דער רעדאקציע פון מ. לעוויטאנען, א געוויסע צײַט — אונטער דער רעדאקציע פון ה. קאזאקעוויטשן, אָנהייבנדיק פון הארבסט 1925 ביזן סאָף יאנוואר 1928 — אונטער דער רעדאקציע פון פ. שפּראכן, און דערנאָך רעדאקטירט זי ווידער מ. לעוויטאַן.

סאָף 1925 האָט דער אָפּטייל צו ליקווידירן דעם אנאלפאבעטיזם באם הויפּט־פּאָליטבילד, צוזאמען מיט דער צענטראלער יידישער בילדונגס־ביוראָ, אָנגעהויבן ארויסגעבן פון צײַט צו צײַט, הויפּטזאכלעך צו די רעוואָליוציאָנערע יאָמטויווים, איינטאָגיקע בלעטער פאר די ווייניק־איווערדיקע לייענער. די ערשטע אויסגאבע איז דערשינען אין דעקאבער 1925 און איז געווען געווידמעט דעם 20־יאָריקן יובילײ פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע אין 1905.

אין 1926 האָט זיך דער טעמפּ, מיט וועלכן עס איז געוואקסן די פּרעסע, ווי די גאנצע סאָציאַליסטישע בויונג אין דער יידישער סוויווע, באדײַטנדיק פארשטארקט.

דער ברייטער פארנעם פון דער איבערוואנדערונג, די אופלעבונג פון די אלטע יידישע קאָלאָניעס און די אנטשטייונג פון א באדײַטנדיקער צאָל בײַשטעטלדיקע קאָלווירטן, — דאָס אלץ האָט ארויסגערופן א באדערפעניש אין א ספּעציעלער אויסגאבע פאר פויערים אין יידיש, וואָס זאָל רעגולער, פּלאַנמעסיק און אלזײַטיק באלײַכטן די אלגעמיינע און ספּעציפישע פראגן, וועלכע עס אינטערעסירן דאָס אלטע און נײַע יידישע דאָרף.

קעדיי באפרידיקן די דאָזיקע באדערפעניש, האָט דער צק קפּ(ב)או באשטימט ארויסגעבן א וועכנטלעכן זשורנאַל „דער יידישער פויער". דער פּראָבע־נומער איז ארויס דעם 3 פעווראַל, און די צײַטשריפט האָט רעגולער אָנגעהויבן דערשײַנען, אָנהייבנדיק פונעם 3 נאָיאבער 1926.

איינצײַטיק מיט דער ערד־אײַנאָרדענונג האָט זיך פארשטארקט און פארצווײַגט אויך די סאָוועטישע בויונג אין דער יידישער סוויווע. עס זײַנען אנטשטאנען ספּעציעלע מעלוכע־אָרגאנען אָף צו באדינען די יידישע מאסן אין זייער מוטער־שפּראך (ראטן, געריכט־קאמערן, מיליציע־באצירקן), ס'האָט זיך פארברייטערט און פארטיפערט די קולטור־ארבעט, עס איז געשאפן געוואָרן א גאנצע נעץ עקאָנאָמישע און געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אָף צו באדינען די קוסטארישע מאסן. דאָס אלץ האָט ארויסגערופן אן אופשטײַג פון דער פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכער אקטיווקײַט בא די יידשע פּראָלעטארישע און ארבעטנדיקע מאסן.

נאָכפאָלגן טאָגטעגלעך נאָך די אלע פּראָצעסן, אָנפירן און באלײַכטן די וואקסנדיקע אין דער

ברייט און אין דער טיף פֿאַרצווייַגטע אַרבעט איז פֿונעם צענטער געוואָרן שווערער. צו הילף דער צענטראַלער פּרעסע האָט געמוזט אָנקומען אַן אַרטיקל.

אין בערדיטשעוו האָט דעם 27 מאַרט 1926 אָנגעהויבן דערשײַנען אַ וועכנטלעכע צײַטונג „די וואָך", צוערשט ווי אַ בײַלאַגע צו דער אָרטיקער אוקראַיִנישער „ראַדיאַנסקי שליאַך", און דערנאָך — ווי אַ זעלבשטענדיקע אויסגאַבע. מיט דער צײַט האָט די צײַטונג געענדערט איר נאָמען אויף „דער אַרבעטער".

אין משך פֿונעם יאָר זײַנען דערשינען צוויי איינמאָליקע אויסגאַבעס: אַ געדרוקטע וואַנטצײַטונג „צום נײַעם לערנִיאָר" און אַ צײַטשריפֿט „אויס אַמעראַצעס!".

סוף יאָר איז קיין אוקראַיִנע אַריבערגעטראָגן געוואָרן די אויסגאַבע פֿונעם איינציקן אין ראַטנפֿאַרבאַנד פּראָפֿאַריינישן אָרגאַן אין ייִדיש „די רויטע נאָדל".

אין פֿאָלגנדיקן, 1927־טן יאָר, האָט די ייִדישע פּרעסע־נעץ אין אוקראַיִנע אָפּערירט מיט אַ טעגלעכער פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער צײַטונג, אַ וועכנטלעכער קאָמיוגישער, אַ פּויערישער און מיט אַ פּראָפֿעסיִאָנעלן און ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכן זשורנאַל. פֿאַרן יאָר האָט די נעץ זיך פֿאַרברייטערט און פֿאַרצווײַגט.

דעם 29 יאַנואַר האָט אין אָדעס אָנגעהויבן דערשײַנען אַן אָרטיקער קרײַז־אָרגאַן „דער אָדעסער אַרבעטער", צוערשט ווי אַ צײַטונג, דערנאָך ווי אַ צווייוועכנטלעכער פּאָליטיש־ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכער זשורנאַל, און צום סוף ווי אַ וועכנטלעכע מאַסן־צײַטונג. די צײַטונג האָבן רעדאַקטירט ל. אַבראַם, ב. מעלאַמעד, א. וואָראָבייטשיק, סעמיאַנאָוו און ש. גאָלוביצקי.

אָנהייבנדיק פֿון מאַרט—אַפּרעל, האָט די פֿילאָלאָגישע סעקציע בא דער קאַפֿעדרע פֿאַר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע גענומען אַרויסגעבן אין קיִעוו, אונטער דער רעדאַקציע פֿון נ. שטיף, אַ צווייכוידעשלעכן זשורנאַל פֿאַר פּראַקטיש ייִדיש שפּראַכוויסן „די ייִדישע שפּראַך"— די ערשטע ייִדישע פֿעריִאָדישע וויסנשאַפֿטלעכע אויסגאַבע אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

צום 10־טן יאָרטאָג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן אויך די ייִדישע קוסטאַרישע מאַסן פֿון אוקראַיִנע באַקומען אַ שטענדיקע ספּעציִעלע אויסגאַבע, אַ צווייוועכנטלעכן זשורנאַל „דער קוסטאַר". פֿון די ערשטע נומערן האָט דער זשורנאַל באַקומען אַ ברייטע פֿאַרשפּרייטונג צווישן די שטאָטישע און שטעטלדיקע קוסטאַרישע מאַסן; זײַן טיראַזש האָט אין געוויסע מאָמענטן דערגרייכט 20 טויזנט.

סוף יאָר איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ רעקלאַמע־נומער פֿון אַ מאַסן־צײַטונג פֿאַר ייִדישע קינדער „זײַ גרייט!" — אויסגאַבע פֿון דער צענטראַל־ביוראָ פֿון דער קאָמוניסטישער קינדער־באַוועגונג און פֿונעם פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַיִנע. אָנהייבנדיק פֿונעם 1 יאַנואַר 1928, איז די צײַטונג דערשינען רעגולער 3 מאָל אין כוידעש, אונטער דער רעדאַקציע פֿון ע. פֿאָרטונאַי, יאַנקל לעווין, מ. רוזין, א. מאַקאַגאָן, זאַנד און גאַמפּילעוויטש. „זײַ גרייט!" האָט פֿון אירע ערשטע טריט באַקומען אַ ברייטע פּאָפּולערקייט אין דער ייִדישער שול און אין דער פּיִאָנערן־אָרגאַניזאַציע, געהאַט אַ טיראַזש פֿון העכער 20 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

כּמעט אַט די נײַע רעגולערע פּעריִאָדישע אויסגאַבעס, וועלכע זײַנען אָרגאַניש אַרײַן אין דער פּרעסע־נעץ, פֿאַרברייטערנדיק איר ווירקונג אויף צענדליקער טויזנטער לייענער, זײַנען אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿון אוקראַיִנע אין משך פֿונעם יאָר, בא פֿאַרשיידענע געלעגנהײַטן, דערשינען אַ ריי ניט־פּעריִאָדישע און איינמאָליקע צײַטשריפֿטן.

ניט־פּעריִאָדיש זײַנען אין משך פֿונעם יאָר דערשינען 4 נומערן „אויס אַמעראַצעס!" און דרײַ נומערן פֿון דער ליטעראַרישער בײַלאַגע צו דער „יונגער גוואַרדיע" — „יונגער בויקלאַנג".

צום 50־יאָריקן יובילײַ פֿונעם ייִדישן טעאַטער איז אין ווינִיצע אָנהייב יאָר דערשינען, אונטער דער רעדאַקציע פֿון ש. בראַנסקין, א. כיטערמאַנען און ב. פֿאַרבערן, אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „50 יאָר ייִדישער טעאַטער"; צו די גאַסטראָלן פֿונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכישן טעאַטער אין זשיטאָמיר האָט די אָרטיקע ייִדסעקציע באַם קרײַז־פֿאָלקאָמבילד אין יון אַרויסגעגעבן אַ ספּעציִעלן „ביולעטען"; בײַם דער לאַנדשוץ־וואָך, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאַמפּאַניע פֿון זאַמלען מיטלען פֿאַרן אַעראָפּלאַן „דער ייִדישער האַרעפּאַשניק", האָבן די קיִעווער ייִדישע שרײַבער, וויסנשאַפֿטלער און קולטור־טוער דעם 25 יול אַרויסגעלאָזט אַ גרויסע איינטאָגיקע צײַטונג „אויף דער וואַך".

פֿיר איינמאָליקע אויסגאַבעס זײַנען אין אוקראַיִנע דערשינען צום 10־טן יאָרטאָג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע: אין דניעפּראָפּעטראָווסק — אַ קינדער־זשורנאַל „אָקטיאַבער — אונדזער יאָמטעוו", אַרויסגעגעבן מיצאַד דער קרײַזישער בילדונג־אינספּעקטור (רעדאַקטאָרן — מ. גלאַנץ, מ. נאַבוטאָווסקי, ש. קאַמענעצקי, א. קלאַס, כ. שוב און ה. שוב); אין אומאַן — „אָקטיאַבער־קלאַנגען", אויסגאַבע פֿון דער אָרטיקער אוקראַיִנישער „סעליאַנסקאַ פּראַוודאַ"; אין קיִעוו — „יובילײַ־צײַטונג", אַרויסגעגעבן מיצאַד די ייִדישע אַרבקאָרן; אין פּרילוק — „פּרילוקער עמעס".

צוזאַמען מיט די איינמאָליקע אויסגאַבעס זײַנען אין משך פֿונעם יאָר דערשינען 22 ייִדישע צײַטשריפֿטן.

אין 1928, אין צענטן יאָר פון איר עקזיסטענץ, האָט זיך די ייִדישע סאָוועטישע פּרעסע באַרײַכערט מיט נאָך אייניקע אויסגאַבעס, וועלכע האָבן פאַרפולט די בלויזן, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט בײַ דער שײַן פון דעם ווײַטערדיקן אופשטײַג פון דער אַרבעט אין דער ייִדישער סוויווע.

אין פעווראַל 1928 האָט דער פאָלקאָמבילד פון אוססר אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ פּעדאַגאָגישן כוידעש־זשורנאַל „ראַטנבילדונג". די רעדאַקטאָרן פונעם זשורנאַל זײַנען געווען מ. לעוויטאַן, א. מאַקאַגאָן, ל. מישקאָווסקי, א. ספּיוואַק, י. קאַנטאָר און י. רעזניק.

פונעם 1 מאַרט איז אין קיִעוו דערשינען אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַריש־קינסטלערישער צווייוועכנטלעכער זשורנאַל „פּראָלעטאַרישע פאָן", וועלכער האָט זיך אין פעווראַל 1929 פאַרוואַנדלט אין אַ וועכנטלעכער מאַסן־צײַטונג.

אין אַפּרעל האָט די אַלוקראַיִנישע אַסאָציִאַציע פון פּראָלעטאַרישע שרײַבער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין כאַרקאָוו אַ כוידעשלעכן ליטעראַריש־קינסטלערישן און קריטיש־ביבליִאָגראַפישן זשורנאַל „פּראָליט" (רעדקאָלעגיע — א. אַבטשוק, ד. האָפשטיין, מ. לעוויטאַן, אי. פּעפּער).

באַזונדערס דאַרף פאַרצייכנט ווערן די ערשטע אין אוקראַיִנע פאַבריק־צײַטונג אין ייִדיש „די שטאָלענע נאָדל", אָרגאַן פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון דער כאַרקאָווער ניי־פאַבריק אויף טיניאַקאָווס נאָמען. העכער צוויי יאָר איז די צײַטונג דערשינען ווי אַ געשריבענע וואַנטצײַטונג, און פון זומער 1928 האָט זי זיך אָנגעהויבן דרוקן און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין 600 עקזעמפּלאַרן.

אויך אין 1929 זײַנען דערשינען עטלעכע ניט־פּעריִאָדישע און איינמאָליקע אויסגאַבעס: 2 נומערן „יונגער בויקלאַנג", 2 נומערן „אויס אַמעראַצעס!"; צו דער צווייוואָכיקער קאַמפּאַניע פונעם „געזערד" זײַנען דערשינען איינטאָגיקע צײַטונגען: אין קיִעוו, דעם 20 מאַרט, „צו דער אַרבעט", און אין אָדעס, דעם 1 אַפּרעל, „די געזערד־שטים".

די פּרעסע אין ייִדיש האָט באַדינט אַלע וויכטיקסטע געביטן פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג אין דער ייִדישער סוויווע און איז געווען צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער צײַט.

שיקע דריז



# ניט קיין פאַרעפנטלעכטע לידער

## וויִאַזוי גיטעלע האָט געכאַפּט איר היטעלע

טראָגט אַרום אַ ווינטעלע
בלעטעלעך אַ בינטעלע,
גלוסט זיך אים בײַ גיטעלען
אויסכאַפּן דאָס היטעלע.

האָט אַ שוואַרצינק הינטל
זיך געלאָזט צום ווינטל:
— ווינטל, ווינטל, האַוו־האַוו, האַוו!
גיטעלע דאָס היטל דאַרף!
גיכער, ס'איז ניטאָ קיין צײַט,
גיין אין שול אַרײַן איז ווײַט!
זאָגט דאָס ווינטל: „פּרוּווט דעריאָגן!
כ'וויל אַליין דאָס היטל טראָגן!" —
טוט דאָס היטעלע אַ נעם
און פליט אַוועק מיט דעם.

גייט זיך דאָרט אַ מיליציִאָנער,
גייט פּאַמעלעך הין און הער,
הייבט זיך גיטל אָן צו קלאָגן:
— כ'קאָן מײַן היטל ניט דעריאָגן!
מענטשן קאָנען עס אויף גאַסן
נאָך צעטרעטן מיט אָפּצאַסן.
זאָגט ער גיטלען: „זייער פײַן,
באַלד וועט דיר דײַן היטל זײַן!"

אויף די גאַסן אויף די גראַמע,
ראַמען זיבן אַלטע ראַמער —
דרײַ מיט וואָנצעס, פיר מיט בערד —
און מע רייניקט און מע קערט...
— שוין זאָלט איר מיר גיטעלען
כאַפּן ס'רויטע היטעלע!
נעמט די בעזעמער געשווינד
און לויפט אים נאָך, דעם ווינט!

פליט דאָס ווינטעלע אַפגיך,
טראָגט דאָס היטעלע אויף זיך,
שיט זיי אָן מיט שטויב די אויגן
און ווי אַ ווינט אַוועקגעפלויגן.



פונעם צירק צום גאסטראָנאָם,
און פון דאָרט צום אויספּירקאָם,
און ס׳געדויערט ניט קיין סאך
זיצט דאָס היטל אפן דאך.

דער מי׳ליציאָנער, באַם טעלעפאָן,
קלינגט שוין צו די לעשער אָן:
— פײַערלעשער, קומט צו פאָרן —
טשעכאָוו, 19, אכטער גאָרן.
קישקעס וועט מען ניט באַדארפן,
ברענגט א האטשיק נאָר א שארפן!
— וויפל לייטערס?
— נאָר וואָס לענגער!

קומען פײַערלעשער אָן,
פרעגן זיי, וואָס דארף מען טאָן.
קלאָגט פאר זיי זיך גיטעלע:
— נעמט אראָפּ מײַן היטעלע!
האָבן זיי זיך שטארק צעלאכט
און מע קריכט שוין אפן דאך...
שטייען פײַערלעשער אויבן —
צעפּלאָכעט אלע טויבן, —
לויפן אום, די בלעכן קלאַפּן —
שווער דאָס היטעלע צו כאַפּן.
אָט איז עס דאָ, אָט איז עס דאָרט —
ס׳וויל ניט אײַנשטיין אף קיין אָרט.

פונעם קוימען צום קארניז,
פון קארניז צו דער אנטענע:
— איצטער פאקט, אויב איר וועט
קענען!..

רייצט דאָס ווינטל זיך: — בא וועמען?
איר ווילט בא מיר דאָס היטל נעמען?
איך בין איינער, איר זײַט צען,
כ׳וועל אײַך ווײַזן, וואָס איך קען! —
און דאָס היטלעלע א ריס,

גיסט מיט טרערן גיטעלע:
— פארפאלן שוין מײַן היטעלע!
בלײַבט דאָס ווינטל פלוצעם שטיין,
ס׳קאָן ניט לײַדן קיין געוויין,
און לאָזט דאָס היטעלע אראָפּ
גלײַך צו גיטלען אפן קאָפּ.

## נײַס אין א קלומעקל

איינמאָל
האָט א טשערעפּאכע
זיך געוואַרעמט
אף א שטיין.
אירע אייוורים
עפּעס ברעכן,
עפּעס נאָיעט
יעדער ביין.

פלוצעם הערט זי —
כליופּ־כליופּ־כליופּ!..
זיצט זי און זי קלערט:
קיינמאָל, קיינמאָל
נאָך אזעלעכס
האָט זי ניט געהערט.

עפשער פליעסקעט
בלאַט אין בלאַט,
עפשער גאָר די הינער,
עפשער גאָר
דער רויטער האָן
צי דער מער
דער גרינער?
וועמען פרעגט מען
גאָר דערפון?

טוט זי אָן די ברילן
און דערזעט פון ווײַט,
ניטאָ קיין ווערטער פאסיקע,
און ניטאָ קיין צײַט...
קליינע ענטלעך,

לאָזט זיך אויס,
פֿליִסקען דאָרטן
טאַסינקע.

— אַט־אָ וועל איך,
אַט־אָ לויף איך, —
זאָגט זי אַף אַ קאָל, —
אַט די נײַס אוועקטראָגן
דער קאַטשקע אינעם טאָל.
כ׳וועל נאָר אין אַ קניפּל
צונויפֿבינדן די נײַס
און דער קאַטשקע ברענגען זי,
ברענג איך אַ באַווײַז.

ווי די זון
האָט זיך באַוויזן
אַפֿן שפּיץ פֿון קליאָן,
האָט די פֿלינקע טשערעפּאַכע
די ברילן אָנגעטאָן
און געלאָזט זיך אינעם וועג
מיט דער נײַס דער שיינער,
מיט אַ קלומעק אַף דער פּלייצע
איבער גריבער, שטיינער.
ביז די אַלטע מאַכט אַ טראָט —
שוין די זון פֿאַרגאַנגען,
ביז זי מאַכט אַ צווייטן —
ווידער אופֿגעגאַנגען.
נאָר אָט איז עס שוין,
דאָס טײַכל —
ס׳איז באַדעקט מיט שטיפּל,
— אַ גוט־מאָרגן דיר, מײַן קאַטשקע,
כ׳האָב אַ נײַס געבראַכט דיר
אין מײַן קניפּל!

אַך, ווי פֿריילעך
ווערט די קאַטשקע:
— נו, מײַן טײַערע, באַווײַז!
אַט־אָ כאַפּט זי
באַלד אַ טענצל,
לאָזט זיך אין אַ קרײַז.
נאָר וואָס הייסט עס,
וואָס באַטײַט עס?
אינעם קניפּל
שפּינוועבס,
בלעטלעך,
גרעזלעך־שמעזלעך...
— וווּ זשע איז די נײַס?!
און באַרויגעז ווערט די קאַטשקע —
ס׳שטיקט זי אַ פֿאַרדראָס,
נאָר אומזיסט די צײַט געפּאַטערט,
און אַ פּישל אָפּגעלאָזט.

שטייט פֿאַרשעמט די טשערעפּאַכע:
אַך און אָך,
און אַך און אָך.

ווײַזט אויס, אין וועג
די נײַס פֿאַרלאָרן —
ס׳טרעפֿט אַזאַ מין זאַך.

ווידער גייט אַהיים די אַלטע,
קוקט און זעט —
באַם וואַלד
עמעץ גראָבט דאָרט אין אַ בערגל
פֿרישן, געלן
זאַמד.

עפּשער גראָבן עס די טכוירן,
עפּשער שטעכלערלעך די ערד?
עפּשער בויען זיי דאָרט מויערן,
אָדער גאָר פֿאַרקערט,
זיי צעוואָרפֿן גאָר די ערד?

ניין, אַזוינס קאָן גאָר ניט זײַן
דאָ אין ווינקעלע דעם שטילן.
מע דאַרף זיך בעסער צוקוקן,
אַ קוק טאָן דורך די ברילן.
טוט זי אָן די ברילן
און דערזעט פֿון ווײַט —
ניטאָ קיין ווערטער פּאַסיקע
און ניטאָ קיין צײַט...
ס׳גראָבן דאָרטן,
לאָזט זיך אויס,
קינדער־הענטלעך
פֿלײַסיקע.

— מאָרגן לויף איך
צו דעם שטעכלער
מיט דער נײַס אוועק,
כ׳דאַרף די נײַס
— נאָר גוט פֿאַרבינדן —
ניט פֿאַרלירן זי
אין וועג.

ס׳זײַנען אַלע נאָך געשלאָפֿן
אַפֿן ברייטן טראַקט,
האָט די אַלטע טשערעפּאַכע
דאָס קלומעקל געפּאַקט,
זיך געלאָזט אין ווײַטן וועג,
צו דעם שטעכלער
גיך אוועק.

ביז די אַלטע מאַכט אַ טראָט —
שוין די זון פֿאַרגאַנגען,
ביז זי מאַכט אַ צווייטן —
ווידער אופֿגעגאַנגען.

נאָר אָט איז,
דער ריוו פֿון לײַם,
און דער שטעכלער

איז אינדר׳היים
און קלײַבט זיך קאָכן
וועטשערע.

אך, ווי פּריילעך
ווערט דער שטעכלער:
— נו, מײַן טײַערע, באַווײַז!
אַט־אַ כאַפּט ער
באַלד א טענצל —
לאָזט זיך אין א קרײַז.
נאָר וואָס הייסט עס,
וואָס באַטײַט עס?
אינעם קניפּל
שפּינוועבס,
בלעטלעך,
גרעזלעך־שמעזלעך...
— וווּ זשע איז די נײַס?!

שטייט פאַרשעמט די טשערעפּאַכע:
אַך און אַך,
און אַך און אַך,
ווײַזט אויס, אין וועג
די נײַס פאַרלאָרן —
ס׳טרעפט אזא מין זאַך.

פאַרשעמט, פאַרזאָרגט,
דורך וועגן קרומע
די אַלטע איז
אַהיים געקומען.

און פאַרטאָג
נאָך אינעם שלאָף,
געעפנט קוים די אויגן,
הערט די אַלטע
עמעץ קלאַפּט:
טוק־טוק־טוק!

ווער, אשטייגער,
קלאַפּט עס דאָרט?
עפּשער גאָר דער פּיקהאָלץ,
עפּשער גאָר דער גרויער האָז
פּויקט און פּויקט זיך
אין א פּניאָק
צווישן גרינעם גראָז?

לאָזט זיך אויס,
ס׳איז ניט קיין האָז,
ס׳בויען מענטשן
זיך א שטוב
אינעם גרינעם גראָז!

כאַפּט אַפּגיך די טשערעפּאַכע,
כאַפּט די נײַס און אײַלט
צו דעם פּיקהאָלץ,
וועלכער וווינט דאָ
פערצן שפּאַן די ווײַט.

ווי נאָר זי האָט דעם קנופּ צעבונדן —
אַך און אַך,
אַך און אַך,
איז די נײַס אַוועק
איבער וועלדער,
איבער פעלדער,
וווּ די וועלט
האָט נאָר אַן עק.
איבער בערג
און איבער טאָלן,
צו דעם טײַכעלע
דעם שמאָלן...
— שטייט אויף!
— שטייט אויף!
— דערוואַרט!
א מענטש א שטוב
האָט זיך געמאַכט!

## קורצע נאָטיצן

# וועגן מײַנעם א נאָענטן כאַווער

דעם עלפטן אָקטיאַבער 1942 איז אומגעקומען דער שלאַכטמאַן פון א קוילנוואַרפער־ראָטע, דער יונגער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעט, דער קאָמוניסט הענעך שוועדיק.

„ער איז געווען א גוטער כאַווער, א פּאָשעטער, קיין איין מאָל ניט בראַווירט מיט זײַן הויכער בילדונג. מיר האָבן נאָענט זיך באַפרײַנדעט: א ייִדישער שרײַבער מיט א געוועזענעם דאָרפישן, פּאַסטעך. שוועדיק איז געבראַכט געוואָרן צו קוורע לעבן דעם דאָרף דוואָיעשקי, סמאָלענסקער געגנט".

אזא בריוו האָט באַקומען שוועדיקס פרוי פונעם ראָטע־קאָמאַנדיר, דעם עלטערן לייטענאַנט טאָלסטאָוו.

איך בין אויך שטאַרק באַפרײַנדעט געווען מיט שוועדיקן. ס'דוכט, אָט ערשט איז עס געווען (פיל צענדליק יאָר זײַנען פון דאַן פאַרשוווּמען!).

מינסק. פון דעם ווײַסרוסישן רעגירונגס־הויז האָט מען נאָרוואָס אַראָפּגענומען די לעצטע רישטעוואַניעס. איבער דער הויפּט־גאַס האָבן קורסירט קליינע טראַמוויײַען און דין געקלונגען, ווי זיי וואָלטן די גאַנצע צײַט געקײַקלט פאַר זיך פריילעכע רייפן.

איבער דער שטאָט האָט זיך אַרומגעטראָגן א וווּנדערלעך שיינער יונג, א קוטשעראַווער, מיט בלאַקיטנע אויגן, אין א געניצעוועטן לעדערנעם רעקל. דער יונג האָט שטענדיק געײַלט און, צושטופּנדיק צו דער וואַנט יעדן באַקאַנטן, וועלכער פלעגט זיך אים טרעפן, מעכאַבעד זײַן מיט פּאָעזיע: מיט עדוואַרד באַגריצקיס פּאָעמע „די ליד וועגן אָפּאַנאַסן", מיט היינעס ליריק, מיטן אַרײַנפיר צו דער פּאָעמע „אַטאַנאַל" פונעם ווײַסרוסישן דיכטער אַרקאַדי קולעשאָוו, מיט איזי כאַריקס „מינסקער בלאָטעס" און מיט פינינבערגס לידער. אין יענער צײַט איז מײַן כאַווער אַלט געווען אכצן יאָר. ער האָט אָקאָרשט אָפּגעגעבן אין דרוק דאָס ערשטע ביכל „סטאַרט": לידער וועגן יוגנט, וועגן ליבע, וועגן ביראָבידזשאַן, ווו ער האָט געלעבט און געאַרבעט אַלס קאָמונאַר. זײַנע דערינערונגען וועגן דעם ווײַטן קאַנט זײַנען געווען היספּײַלעסדיקע: „אַך, סאַרא פרעסט! אַך, סאַרא זון־אויפגאַנגען!"—און אויך אומעטיקע — דאָרט איז פאַרבליבן דער קייווער פון זײַן ברודער.



שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן, זײַענדיק אין דער אַאודיטאָריע פונעם אינסטיטוט, ווו ער האָט זיך געלערנט, אין מיליטערישן לאַגער, ווו ער איז געווען צוזאַמען מיט די ווײַסרוסישע שרײַבער סערגיי גראַכאָווסקי און איוואַן גראַמאָוויטש, איז ער פול געווען מיט נײַע ראַיוינעס און פלעג שאַפן נײַע לידער: א פּאָעמע וועגן א נעגעריש ייִנגעלע דזשים, א ציקל לידער וועגן ביראָבידזשאַן, לידער, געווידמעט א וווּנדערלעך מיידל, א סטודענטקע פונעם כימפאַק, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זײַן פרוי און אין א קורצער צײַט אַרום איז איר באַשערט געווען צו פאַרבלײַבן א סאָלדאַטישע אַלמאָנע.

פונעם מיליטערישן עשעלאָן, וואָס האָט זיך דערנעענטערט צום פראָנט, האָט שוועדיק אין אײַ־

נעם פון זײַנע בריוו געשריבן צו דעם ווײַב: „הײַנט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ס'איז געשטאָרבן יאַנקאַ קופּאַלאַ. דאָס איז געווען פאַר מיר פּונקט אַזוי, ווי איך וואָלט זיך דערוווּסט, אַז איך וועל שוין מער קײנמאָל ניט זען דעם מוילעד אין הימל. באַ אונדז איז אַזוי אײַנגעבאַקן אין האַרצן, אַז ער עקזיסטירט, אַז ער איז דאָ, אָט דער נאָענטער האַרציקער מענטש! ווי לאַנג האָבן מיר מיט אים געטרונקען ווײַן אין טשעבאָקסאַרי!..״

שוועדיקס שפּעטערישער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין 1928. ער האָט באַוויזן אַרויסלאָזן דרײַ ביכער: „סטאַרט״, „לידער״, „אונדזער דושים״. זײַנע לעצטע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אפן פראָנט, זײַנען דאַטירט מיט אויגוסט—סענטיאַבער 1942.

ער האָט געלעבט ווי אַ דיכטער און איז אומגעקומען ווי אַ דיכטער און שלאַכטמאַן, וועמענס פלאַמיקע אופריכטיקע ווערטער זײַנען זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער ווירקלעכקייט און מיטן טאַט.

אײביקער רום אים, דעם סאָלדאַט פון דער סאָוועטישער פּאָעזיע און פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע, מײַן ליבהאַרציקן כאַווער, וועמענס בײנער רוען אין קיווער לעבן דעם דאָרף דוואָיעשקי אָף סמאָלענשטשינע!

# מיט יוגנטלעכער שטים

אָט איז פאַר מײַנע אויגן אַ קלײן ביכל, וואָס איז אַרויס פון דרוק אין 1963 אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״: זעליק אַקסעלראָד „אינדערפרי-קע שײַן״, איבערגעזעצט אָף רוסיש.

איך האָב גוט געקענט און געווען באַפרײַנדעט מיטן אווטאָר פון דעם דאָזיקן ביכל.

ער איז געווען אַ ביז גאָר ערלעכער, ווײלער און טאַלאַנטפולער מענטש. אין זעלבן יאָר, ווען ס'איז אַרויס די זאַמלונג, אין סאָף דעקאַבער, וואָלט דער אווטאָר אַלט געוואָרן זעכציק יאָר. און ס'איז זײַער שווער, נו, פּאַשעט אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן אים אין אַזאַ עלטער. וואָרעם זעליק אַקסעלראָד איז געווען די פאַרקערפּערונג פון יוגנטלעכקייט, ניט קײן אומגעצוימט-בראַוזנדע און דינאַמישע, נאָר אַזאַ מין קאָנצענטרירטע און אינערלעכער באַלויכטענע מיט אַ שטילער און קלאָרער בענקשאַפט.

ווײַסרוסלאַנד איז געווען זײַן היימלאַנד, זײַן פאָטערלאַנד. דאָ איז ער אויסגעוואַקסן, דאָ האָט ער אויסגעדיכטעט די ערשטע שורעס, וואָס זײַנען אַרײַן אין דער ערשטער זאַמלונג „צאַפּל״ (1922).

ווײַסרוסלאַנד האָט ער ליב געהאַט מיט אַן איבערגעגעבענער און שטאַנדהאַפטיקער ליבע. אויך אַזוי האָט ער זיך באַצויגן צו מאָסקווע.

צוזאַמען מיטן ווײַסרוסישן דיכטער וולאַדימיר דובאָווקאַ, מיטן רוסישן פּראָזאַיקער ג. בעריאָזקאָ און מיט זײַן נאָענטן פרײַנט איזי כאַריק האָט זעליק אַקסעלראָד זיך געלערנט אין ליטעראַרישן אינסטיטוט אָפּן נאָמען פון וואַלערי בריוסאָוו. די דעמאָלטיקע מאָסקווע — ליטעראַרישע דיספּוטן און אָוונטן, אַרויסטרעטונגען פון מאַיאַקאָווסקין און יעסענינען, ספּעקטאַקלען פון מײַערכאָלדן און וואַכטאַנגאָוון האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן שפּור אין זעליקס פּאָעטישער נעשאָמע. דערינערונגען וועגן די יאָרן, איבערגעלעבטע אין מאָסקווע, האָבן דערוואַרעמט דאָס פּאָעטישע האַרץ ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן:

קוק זיך אום אַזוי אַהינטער,
וועסטו גלײַך פאַר זיך דערזען:
מאָסקווע-שטאָט, אַ ווײַסן ווינטער
און דײַן יוגנטלעכן ברען.

און דו יאָגסט איבער די סקווערן,
און די שײַן דײַן טראָט פאַרפלײצט,
און דו ווילסט פון גאַרניט הערן,
נאָר פון יוגנטלעכן רײַץ...

...מאַיאַקאָווסקי האָט געשריִען,
און יעסענינן האָט געוויינט,
דו פלעגסט אויכעט אונטערצײַען
שטילערהייט אַ ליד אַליין...

אַזוי האָט ער געשריבן אין 1940. אין די דאָזיקע שורעס ווענדט אָף זיך די אויפמערקזאַמקייט אַ ניט-געוויינלעכע לויטן אויסזען דערנעענטערונג פון אײגנשאַפטן, וואָס, ווי עס דוכט, פּאַסטן ניט אײנע צו דער צווייטער. „יוגנטלעכער ברען״, „יוגנטלעכער רײַץ״, „דו פלעגסט אויכעט אונטערצײַען שטילערהייט אַ ליד אַליין״, — אַגעוו, גראָד אין דעם פילט זיך בולעט אַקסעלראָד דער דיכטער.

ער האָט טאַקע אינדערעמעסן געזונגען שטיל, מיט יוגנטלעכן ברען. שטיל, — ווײַל פאַר אים איז זײַער ניט ניכע געווען דער פּוסטער פּאַטאָס, וואָס דרינגט ניט אַרויס פון די דיכטערישע געפילן און געדאַנקען. מיט יוגנטלעכן ברען — אָף וויפל אָט די ניט-הילכיקייט האָט געטראָגן אין זיך אַ גרויסע אָנלאָדונג פון סאָציאַל-ווײַכטיקע איבערלעבונגען און לעבנס-דערפאַרונג פון די, וועלכע זײַנען דערהויבן געוואָרן דורך דער רעוואָליוציע צו דער העלער

פּאַרפֿאָלקומטער מיט ווירדע און ריינקייט מענטש־לעכער עקזיסטענץ.

איך האָב מער ליב אַקסעלראָדס לידער, וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין מאָסקווע אין סאָף פֿון די צוואַנציקער יאָרן. זיי זײַנען אַזוי דורכזיכטיק, אַזוי ניט פֿאַרנעפּלט פֿריש אין זייער אינערלעכן „גײַסטיקן" געמעל און אין זיי איז אַזויפֿיל יוגנט־לעכע אופגעלייגטקייט צו דער וועלט, צו מענטשן:

פֿאַלט א שניי — איז ליכטיקער אין דרויסן.
ריר זיך אָן — און נעם ארום די ערד, —
נעכט אזעלכע זײַנען שטיל פֿון רוישן,
ווי אויף שליטוועג פֿליִענדיקע פֿערד...
כ'קען מײַן אויג פֿון ווײַטקייט ניט באהאלטן,
ווען דער שניי דער ציטערדיקער פֿאַלט...
העלע לופֿט קושט אויס אין קאַלטן
מײַן פֿרישן, לויטערן געשטאַלט...

זײַענדיק א ליריקער לויט דער אייגנשאַפֿט פֿון זײַן טאַלאַנט, האָט זעליק אַקסעלראָד אומאופֿ־הערלעך געשטרעבט צו באַרײַכערן זײַן פּאָעזיע, זײַנע „קורצע לידער" מיט אומרו, שטורעם און פֿרייד פֿון זײַן עפּאָכע. אין דער דיכטערישער שטילער שטים האָט אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער זיך געלאָזט הערן א פֿײַערלעכער קופּער־קלאַנג פֿון בירגערלעכן געפֿיל, נאָטן פֿון פֿיבערדיקער נידערטרעכטקייט דאָרט, ווו דער פּאָעט האָט גערעדט וועגן פֿאַשיזם, וועגן די מילכאָמע־אונטערצינדער, וועגן די סאָנים פֿון קולטור.

אַפּלייקענענדיק דעם פֿאַלשן צעבלאָזענעם פּאַ־טאָס, איז דעם דיכטער איינצײַטיק אויסגעקומען צו באַזײַטיקן דעם באַמערקטן אין זײַנע לידער ציטער פֿון פּאַטאָס ביכלאַל — און אָט האָבן זיך שוין צע־הילכט די פֿאַנאַנדערגעפּענטעטע שטימונגספּולע, מונטערע לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, וועמענס לעבן און שטייגער ער, דער קאָמאַנדיר־אַרטילעריסט, האָט געוווּסט ניט לויט די דערציילונגען פֿון אַנ־דערע מענטשן. און אָט ער, דער זאָרגזאַמער און פּאָרזיכטיקער שעצער און היטער פֿונעם וואָרט, „אָפּ־געוועגט אויף דער וואָג פֿון אייגענעם געוויסן" (ווי טרעפֿלעך עס האָט זיך אויסגעדריקט ריווקע רובינע אין איר אײַנדרוקספֿולן פֿאָרוואָרט צו דער זאַמלונג „אינדערפֿרײַקע שײַן"), דערהערנדיק וועגן דער טויט־געפֿאַר, וואָס איז געהאַנגען איבער שפּאַניע, פֿאַרגלײַכט זײַן פּאָעטיש וואָרט צום געווער, וואָס קעמפֿט פֿאַר פֿרײַהײַט:

אַן אעראָפּלאַן וואָלט זײַן מײַן ליד,
צי א האַרמאַט וואָלט זײַן מײַן ליד,
וואָלט זי געוויס באַשיצט מאַדריד,
וואָלט זי געוויס פֿאַרהיט מאַדריד,
טאָ פֿלי, טאָ פֿלי, מײַן ליד!

דאָס „לירישע" און „סאָציִאַלע" האָבן זיך צו־זאַמענגעגאָסן ניט אויף פּאַפּיר, נאָר אין הילכיק פֿול־סירנדיקן, לעבעדיקן, באַוואַשענעם מיט בלוט האַרץ פֿונעם פּאָעט, בירגער און פּאַטריִאָט.

ער איז געווען א געטרײַער זון פֿון זײַן היימ־לאַנד. ווען עס וואָלט זיך געפֿאָדערט, וואָלט ער אָן וואַקלעניש אָפּגעגעבן דאָס לעבן פֿאַרן זיג איבערן היטלעריזם, פֿאַר פֿרײַהײַט און שאָלעם, נאָר דער טראַגישער און אומגערעכטער גוירל האָט אים אויף אַן אַנדער אויפֿן צעשיידט מיטן לעבן: ער איז גע־פֿאַלן א קאָרבן פֿונעם סטאַלין־קולט...

וואָס קאָן מען נאָך זאָגן וועגן מײַן עלטערן כאַווער? ער האָט איבערגעזעצט אויף ייִדיש א זאַמ־לונג לידער פֿונעם ווײַסרוסישן פֿאָלקס־פּאָעט יאַנקאַ קופּאַלאַ. ער האָט געאַרבעט פֿאַרן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד. ער איז שטאַרק באַפֿרײַנ־דעט געווען מיט פֿיל ווײַסרוסישע, רוסישע און ייִדישע שרײַבער. זײַנע נאָענטסטע כאַווײרים זײַנען געווען אַרקאַדי קולעשאָוו, מיכאַס לינקאָוו, מיכאַיל גאָלאָדני, איזי כאַריק, עליע קאַהאַן, דאָוויד האָפּ־שטיין, שמועל האַלקין, פּערעץ מאַרקיש און פֿיל אַנדערע. די כאַווײרים האָבן אים זייער ליב געהאַט, ווײַל, איך כאַזער איבער, ער האָט געהאַט א רײַ־נעם געוויסן, געווען א קלוגער און ביז גאָר ווילער מענטש.



דאַוויד גאַי

# וואָס איז געשען מיט דעם „איניען פון די דאָקטוירים"

אין אָנהייב פון די פופציקער יאָרן האָט דאָס סאָוועטנלאַנד זיך אופגעהויבן און אויסגעגלײַכט די פּלייצע נאָך דער מילכאָמע. דאָס איז געווען א צײַט, ווען ס׳איז באהערשט געוואָרן דער אטאָם, ווען מיר האָבן אויסגעבויט גיגאַנטישע הידראָעלעקטראָסטאַנציעס און קאַנאַלן.

דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע ווי א זיגער, האָט געהאַט דאָס רעכט אויסצורעכענען אף א נײַ לעבן — אן אָפּנס און פרײַס, עס איז גרייט געווען צו אזא לעבן, אויסגעליטן עס.

מ. ס. גאָרבאַטשאָוו האָט אין זײַן פאָרטראָג אין צוזאמענהאנג מיטן 70־טן יאָרטאָג פונעם גרויסן אָקטיאבער געזאָגט וועגן די נאָכמילכאָמע־יאָרן: „...אלץ מער פילבאר האָט געגעבן וועגן זיך צו וויסן דער ווידערשפּרוך צווישן אונדזער געזעלשאפט און די פריִערדיקע מעטאָדן פון אָנפירונג. עס האָט געדויערט דאָס מיסברויכן מיט דער מאכט, דאָס אויווער זײַן אף דער סאָציִאַליסטישער געזעצגעבונג. עס זײַנען פאבריצירט געוואָרן „דער לענינגראדער איניען", „דער איניען פון די דאָקטוירים".

דער אזויגערופענער „איניען פון די דאָקטוירים" איז געווען אן אקציע מיט ווײַט גייענדיקע פאָלגן, וועלכע איז, צום גליק, ניט באשערט געווען צו פארווירקלעכט ווערן מאכמעס סטאלינס קראנקהײַט און טויט. די ארעסטירטע דאָקטוירים זײַנען געזעסן אין טורמע בא פינף כאדאָשים און זײַנען ארויס אף דער פרײַ פולקום רעאביליטירטע. די גערעכטיקײַט האָט אזויארום טריִומפירט מיט 35 יאָר צוריק. זינט דעמלט אָבער האָט מען וועגן דעם „איניען פון די דאָקטוירים" אין אונדזער לאַנד עפנטלעך פראקטיש ניט גערעדט. בלויז ניט לאַנג צוריק האָט די וואָכנשריפט „מאָסקאָווסקיִע נאָוואָסטי" אופגעעפנט דעם פאָרהאנג איבער אים.

לאָמיר אויך דערציילן וועגן דעם „איניען פון די דאָקטוירים", אויסניצנדיק א ריי ניט־באקאנטע מאטעריאלן.

דעם 13 יאנוואר 1953 האָט די טעלעגראַף־אגענטור פון סאָוועטנפארבאנד (טאסס) מיטגעטיילט וועגן דעם ארעסט פון דער גרופּע דאָקטוירים־שעדיקער. ווי ס׳איז געמאָלדן געוואָרן, האָט די טעראָריסטישע גרופּע מעדיקער געשטעלט פאר זיך א ציל — מיטן וועג פון שאָדן־היילונג פארקירצן דאָס לעבן בא די אקטיווע טוער פון דער סאָוועטן־מעלוכע. „אלס קאָרבאָנעס פון אָט דער באנדע מענטשן־ענלעכע כײַעס זײַנען געפאלן די כאווײרים א. א. זשדאנאָוו און א. ס. שטשערבאקאָוו". און ווײַטער: „ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז אלע אָנטיילנעמער פון דער טעראָריסטישער גרופּע דאָקטוירים זײַנען געווען אף דינסט בא אויסלענדישע אויסשפּירונגען, פארקויפט זיי די נעשאָמע און דעם גוף, געווען זייערע געדונגענע באצאָלטע אגענטן. די מערהײַט אָנטיילנעמער פון דער טעראָריסטישער גרופּע — וואָווסי, ב. קאָגאן, פעלדמאן, גרינשטיין, עטינגער און אנדערע — האָט געקויפט די אמעריקאנער אויסשפּירונג. עס האָט זיי פארווערבירט דער פיליִאַל פון דער אמעריקאנער אויסשפּירונג — ד׳ צווישנפעלקערלעכע יִדישע בורזשואַז־נאציִאָנאליסטישע אָרגאניזאציע „דזשאָינט"... די אנדערע אָנטיילנעמער פון דער טעראָריסטישער גרופּע (ווינאָגראדאָוו, מ. קאָגאן, יעגאָראָוו) זײַנען... אלטע אגענטן פון דער ענגלישער אויסשפּירונג..."

די מיטיילונג האָט אָפּגעהילכט ווי א דונער אין לויטערן הימל. קאָריפייען פון דער מעדיצינישער וויסנשאפט און פראקטיק, קאָנסולטאנטן פון דעם קרעמל־שפּיטאָל זײַנען שפּיאָנען און מערדער? מענטשן האָבן צוערשט זיך אָפּגעזאָגט צו גלייבן. פיל אָבער האָבן געגלייבט — אין רעזולטאט זײַנען פוסט געוואָרן די פּאָליקליניקעס, פּאציִענטן אין די שפּיטאָלן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון רעפּועס. ווײַסע כאלאטן האָבן אָנגעוואָרפן א פּאכעד.

מע דארף אנערקענען, אז א געוויסער טייל פון דער געזעלשאפט איז פּסיכאָלאָגיש געווען צוגעגרייט צו אזא גאנג פון די געשעענישן.

ס׳איז ניט דורכגעגאנגען אָן א שפּור סײַ דער קאמף מיט די „קאָסמאָפּאָליטן", סײַ דער ארעסט פון די אָנפירער פונעם אנטיפאשיסטישן יִדישן קאָמיטעט. אין דעם „איניען פון די דאָקטוירים" האָט מען שלוימע מיכאָעלסעס שוועסטערקינד וואָווסין אינקרימינירט, אז ער האָט באקומען פון מיכאָעלסן דירעקטיוון וועגן אויסראָטן די פירנדיקע קאדרען אין פססר. די קינסטלעך אויסגעכאָוועטע און קולטיווירטע שפּיאָנאָמאניע האָט אף אזא פרוכטבארן באָדן זיך פראכטפול צעבליט.

פון וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דער „איניען פון די דאָקטוירים"? ווו שטעקן זײַנע יעסוידעס? א גע־

וויסע שײַן וואַרפט אױף דעם יעפים סמירנאָוו — דער אַקאַדעמיקער פון דער מעדיציניִשער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, העלד פון סאָציאַליסטישער מי, נאָך דער מילכאָמע — מיניסטער פון געזונט־פאַרהיטונג פון פּסםר. אין זײַנעם אַן אינטערוויו דערמאָנט ער זיך:

— קורץ פאַר דעם 13 יאַנוואַר 1953 בין איך געווען צוגאַסט בײַ סטאַלינען אױף דער דאַטשע, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון סאָטשי. מיר האָבן שפּאַצירט איבערן סאָד, געשמועסט. אָנווײַזנדיק אױף די ביימער, אױף וועלכע עס זײַנען געוואַקסן לימענעס, מאַראַנצן, האָט סטאַלין דערציילט, וואָס פאַר אַן אױפֿזיכט זיי פאָדערן. און פּלוצעם האָט ער, אָן שום איבערגאַנג, געפרעגט:

— כאַווער סמירנאָוו, איר ווייסט ניט, וועלכער דאָקטער האָט געהיילט דימיטראָוון און זשדאַנאָוון?

— איך ווייס, — האָב איך געענטפערט און אָנגערופן די פאַמיליע.

— מאָדנע. איין און דער זעלבער דאָקטער האָט זיי געהיילט, און ביידע זײַנען געשטאָרבן.

— כאַווער סטאַלין, דער דאָקטער איז דאָך דאָ ניט שולדיק...

— וואָס הייסט „ניט שולדיק"?

— איך האָב זיך אינטערעסירט מיט דימיטראָווס געשיכטע פון דער קראַנקהײַט, מיט דעם פּאַטאָלאָגאַנאַטאָמישן אויספיר. איך קאָן אײַך פאַרזיכערן, אַז מע האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן. אגעוו, ווייס איך, אַז אַליין דימיטראָוו האָט רעקאָמענדירט זשדאַנאָוון אָט דעם דאָקטער, געהאַלטן אים פאַר אַ געבילדעטן און טאַקטישן מענטשן, פאַר אַ קוואַליפיצירטן ספּעציאַליסט.

סטאַלין האָט געשוויגן. אָבער איך האָב דערפילט, אַז ס'איז סאָפּעק, צי איך האָב אים איבערצײַגט. ער האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט זײַנע פאַרדאַכטן, נאָר צום סאָף פונעם לעבן איז דער דאָזיקער שטריך געוואָרן פּאָשעט אַ פּאַטאָלאָגישער.

רעדנדיק וועגן דעם דאָקטער, וואָס האָט געהיילט דימיטראָוון, האָט סטאַלין, גאַנץ נאַטירלעך, געטראַכט אויך וועגן זײַן אייגענעם היילונג־דאָקטער — פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו. ביפראַט נאָך, אַז דאָס געזונט איז בײַ סטאַלינען אין יענער צײַט געווען ווײַט ניט קיין נאָרמאַלס — עס האָבן געגעבן וועגן זיך צו וויסן די היפּערטאָנישע קרענק, אַטעראָסקלעראָז פונעם מאַרך.

אָט וואָס עס דערמאָנט זיך דער פּראָפעסאָר יאַקאָוו ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין שײַכעס מיטן „איניען פון די דאָקטוירים":

— בייס זײַן לעצטן וויזיט צו סטאַלינען האָט דער פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו פעסטגעשטעלט, אַז דער געזונט־צושטאַנד פון זײַן פּאַציענט האָט זיך שאַרף פאַרערגערט, און ער האָט פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער קראַנקהײַט, אַז ס'איז נייטיק אַ שטרענגער רעזשים, פולקום אָפּשטעלן יעטווידע טע־

ПОДЛЫЕ ШПИОНЫ И УБИЙЦЫ
ПОД МАСКОЙ ПРОФЕССОРОВ-ВРАЧЕЙ

ПОКОНЧИТЬ С РОТОЗЕЙСТВОМ В НАШИХ РЯДАХ!

Почта Лидии Тимашук

СУББОТА, 4 АПРЕЛЯ 1953 г. № 80

СООБЩЕНИЕ
Министерства внутренних дел СССР

В ВЕРХОВНОМ СУДЕ СССР



טיקייט. מע דאַרף זאָגן, אַז נאָך סטאַלינס טויט האָט ווינאָגראַדאָווס דיאַגנאָז פולשטענדיק זיך באַשטעטיקט, אָבער באַם לעבן פונעם „פירער פון די פעלקער" האָט דער פּראָפעסיאָנאַליזם פונעם גלענצנדיקן דאָקטער, געקייפּלט אויף זיין פּאָליטישער נאַיווקייט, אים געקאָסט די פרייהייט און האָט געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן; זיין רעקאָמענדאַציע איז אָפּגעשאַצט געוואָרן ווי א פּרווו צו באַזייטיקן סטאַלינען פון יעטווידער אַקטיווער טעטיקייט, דערונטער, פאַרשטייט זיך, פון פּאָליטישער...

ווען בעריאַ, וועלכער האָט קורירט די מעדיצינישע באַאָבאַכטונג איבער סטאַלינען, האָט אים מיטגעטיילט וועגן ווינאָגראַדאָווס אַרעסט, איז יענער געוואָרן שטאַרק אין כּעס, שרייענדיק: „אין קייטן אים שמידן! אין קייטן!"

דער אויפברויז פון צאַרן איז, ווי ס'איז צו זען, געווען לאַכלוטן ניט קיין צופעליקער. גאַנץ מעגלעך, אַז סטאַלין האָט זיך דערמאָנט אין דער צייט פון לענינס קראַנקהייט און וועגן זיין, כּסטאַלינס, ראָל אין איזאָלירן דעם פירער פון דער רעוואָלוציע פון די פּאַרטיי־איניאָנים, זאָרגנדיק קלוימערשט וועגן זיין געזונט. און אָט באַקומט זיך, אַז ער פאַלט אַליין אַריין אין אַן ענלעכער לאַגע און זיין אייגענער הייל־לונג־דאָקטער פאָדערט פולקומע רו און אָפּשטעלן יעטווידע טעטיקייט.

דער פּראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו איז אינגיכן אַרעסטירט געוואָרן.

די אַרעסטן פון דער ערשטער, אַמערסטן אוּטאָריטעטער גרופּע דאָקטוירים, זיינען פאָרגעקומען אין נאָיאַבער 1952, באַלד נאָך דעם יאָמטעוו פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

דער אַרכיטעקטאָר לעאָניד קאָגאַן, דער זון פונעם פּראָפעסאָר באָריס קאָגאַן, דערציילט:

— איך האָב זיך געלערנט אינעם אַרכיטעקטור־אינסטיטוט. אַנומלטן בין איך געקומען אַהיים שפּעט און פלוצעם דערהערט הויכע שטימען אין דער קוואַרטיר. בא אונדז איז געווען אַן אונטערזוכונג. דעם פאָטער, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, האָט מען שוין אַוועקגעפירט. די אונטערזוכונג האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט: מע האָט געקלאַפּט אין די ווענט, געזוכט געווער, סאַם אַאַוו. מיין טאַטע, א פּאַרטיי־מיטגליד פון פעווראַל 1917, איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט אויף וואָלין. ווידמענדיק זיך שפּעטער דער מעדיצין, איז ער געוואָרן א פירנדיקער טעראַפּעווט אין מאָסקווע. ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געזונט פון אָנגעזעענע טוער פונעם קאָמינטערן, צווישן אַנדערע געהיילט דימיטראָוון (גראָד ב. קאָגאַנען האָט געהאַט אין זינען סטאַלין אינעם אויבנדערמאָנטן שמועס מיטן דעמלטיקן מיניסטער פון געזונט־פאַרהיטונג יע. סמירנאָוו. — ד. ג.). דער פאָטער און דימיטראָוו זיינען געווען באַפריינדעט. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי ווילד עס איז אים געווען צו הערן אויפן ערשטן פאַרהער די באַשולדיקונג, אַז ער איז אַן אויסלענדישער אַגענט!

דער דאָקטער וואַלענטינע גאָטליב, די טאָכטער פונעם פּראָפעסאָר יאַקאָוו גאָטליב, וועלכער איז געשטאָרבן נאָך ביז די דאָזיקע טרויעריקע געשעענישן, דערציילט:

— מיין טאַטן איז אויסגעקומען צו היילן באַגיראָוון — דעם ערשטן סעקרעטאַר פון צק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אַזערביידזשאַן, וועלכן מע האָט שפּעטער דערשאָסן. זייענדיק אין באַקו, האָט ער דורכגעפירט באַגיראָוון די פּראָצעדור, וואָס הייסט כראָמאָציסטאָסקאָפּיע. צוליב דעם האָט מען אין דער ווענע אַריינגעפירט א ספּעציעלע פליסיקייט. איז אָט, צוערשט האָט מען אָט די פליסיקייט אַריינגעפירט אין דער ווענע דעם טאַטן, און דערנאָך — זיין פּאַציענט... איך וועל זיך אָבער אומקערן צו יענע שוידערלעכע טעג פונעם 1952־טן יאָר. אונדזער מישפּאָכע איז געווען באַפריינדעט מיט דער מישפּאָכע וואָווסי. דעם 7־טן נאָיאַבער האָבן מיר אָפּגעמערקט דעם יאָמטעוו בא זיי אין שטוב, און אינגיכן דערוויסן מיר זיך, אַז מיראָן סעמיאָנאָוויטש איז אַרעסטירט. איבער וועלכער סיבע? קיינער ווייסט ניט, ס'גייען בלויז אַרום קלאַנגען... בייס דער מילכאָמע איז וואָווסי געווען דער הויפּט־טעראַפּעווט פון דער רויטער אַרמיי. א מערקווירדיקער קליניציסט. וואָס זשע איז געשען?

דער אינזשעניער ליובאָוו וואָווסי דערציילט:

— ווען איך האָב פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, האָב איך כאַסענע געהאַט און אַריבערגעפאָרן קיין לענינגראַד. דעם אָקטיאַבער־יאָמטעוו האָב איך פאַרבראַכט מיטן דריי־יאָריקן זון בא די עלטערן אין מאָסקווע. דער פאָטער איז געגאַנגען מיט מיר זיך דורכשפּאַצירן. לעבן דעם קרעמל־שפּיטאָל האָט ער אומגעריכט געזאָגט: „די טעג האָט מען אָפּגעמערקט ווינאָגראַדאָווס 70־טן געבורטסטאָג. מע האָט אים עפּעס אַזוי מאָדנע באַערט, פּונקט ווי מיט א האַלב קאָל. אויך בא יעגאָראָוון זיינען אומאָנגענעמלעכקייטן..." לויטן טאָן, מיט וועלכן ער האָט עס אַרויסגעזאָגט, האָב איך פאַרשטאַנען: דער פאָטער האָט מיך געוואָלט צוגרייטן צו די וויטערדיקע געשעענישן. מיסטאָמע האָט ער שוין דעמלט וועגן א סאַך זאַכן זיך אָנגעשטויסן. מיט אומרו בין איך אַוועקגעפאָרן אַהיים, און אין דער נאַכט אויפן 11 נאָיאַבער האָט מען דעם טאַטן אַרעסטירט.

די ווילדע באַשולדיקונגען אויף אַדרעס פון די נאָך ניט לאַנג צוריק כאָשעווע מענטשן האָבן איבערראַשט. בא עמעצן האָבן אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אויפגעלעבט די אַלטע פאָרורטיילן. עס ווערט באַוווסט דער נאָמען פונעם פּאָשעטן דאָקטער פון דעם קרעמל־שפּיטאָל לידיע טימאַשוק — איר, לאָזט זיך אויס, געהערט די הויפּט־ראָל אינעם דעמאַסקירן די „באַנדע פאַרברעכער". לויטן אוקאַז פונעם פּרעזידיום פון אויבער־סאָוועט פון פססר ווערט זי באַ־

לוינט מיטן לענין־אָרדען. אין די צייַטונגען פון יענער צייַט לייענען מיר: „ערשט ניט לאנג צוריק האָבן מיר ניט געקענט די דאָזיקע פרוי, און אצינד איז דער נאָמען פונעם דאָקטער לידיִע טימאשוק געוואָרן א סימבאָל פון סאָוועטישן פאטריאָטיזם, פון הויכער וואכזאמקייַט, פון א קאָמפּראָמיסלאָזן, מוטיקן קאמף מיט די סאָנים פון אונדזער היימלאנד. זי האָט געהאָלפן אראָפּרייַסן די מאסקע פון די אמעריקאנער אגענטן, פון די אויסוואורפן, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם ווייַסן כאלאט פון א דאָקטער, קעדיי טייטן סאָוועטישע מענטשן...״

א טשיקאווע עפּיזאָד האָט מיר דערציילט ליובאָוו וואָווסי, די טאָכטער פון איינעם פון די ארעסטירטע.

געשען איז עס אין סאמע סאָף פון דער מילכאָמע. מייַנע א כאווערטע לויטן פיזישן פאקולטעט פון דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט מיר אנומלטן דערציילט: „מייַן קאָרעוו, א יונגער פליִער, איז ארויסגעשפּרונגען פון אן אונטערגעקלאפּטן מיצאד די פאשיסטן אעראָפּלאן און איז שטארק אָפּגעברענט געוואָרן. מע האָט אים געבראכט קיין מאָסקווע און אריינגעלייגט אין א מיליטערישן האָספּיטאל. צי וואָלסטו ניט געקאָנט בעטן דייַן פאָטער, ער זאָל אים באטראכטן און העלפן מיט דער היילונג? עפשער וועט זיך אייַנגעבן ראטעווען דעם באָכער...״

איך האָב איבערגעגעבן די באקאָשע דעם פאָטער. מיראָן סעמיאָנאָוויטש האָט באזוכט דעם האָספּיטאל, געגעבן רעקאָמענדאציעס, וויִאזוי צו היילן דעם פליִער. ער האָט פאָרגעזעצט צו באאָבאכטן דעם שווער קראנקן אין משך פון עטלעכע כאָדאָשים. טראָץ אלע מאָרעשכוירעדיקע פּראָגנאָזן איז דער באָכער געזונט געוואָרן.

אינטערעסאנט, אז דאָס איז געווען לידיִע טימאשוקס איין־און־איינציקער זון! אָט וויִאזוי זי האָט שפּעטער „אָפּגעדאנקט״ מיראָן סעמיאָנאָוויטשן...

אין דער מיט פון יאנואר 1953 ווערן ארעסטירט די פרויען פון די „סאָנים פונעם פאָלק״, זייערע קינדער נעמט מען אראָפּ פון דער ארבעט, מע שליסט זיי אויס פון דער פארטיי און פונעם קאָמיונג.

לעאָניד קאָגאן דערציילט:

— דעם 13 יאנואר האָט מען מיך אויסגעשלאָסן פונעם קאָמיונג פאר דעם, „וואָס איך האָב פארלוירן די פּאָליטישע וואכזאמקייַט״. אינגיכן איז מיר אויסגעקומען זיך צעשיידן מיטן אינסטיטוט. פונקט דאָס זעלבע האָבן איבערגעלעבט די קינדער פון אנדערע ארעסטירטע. דעריבער איז געווען זייער ווערטפול דאָס מיטגעפיל פון די פרייַנט, וועלכע האָבן זיך ניט אָפּגעקערט אין אזא שווערן מאָמענט.

קיין איינער פון די, וועלכע האָבן פיגורירט אין דעם הויפּט־צעטל פון די אָנטיילנעמער פון דער „טעראָריסטישער גרופּע״, איז שוין הייַנט ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. דער לעצטער, וואָס איז ניט לאנג צוריק אוועק אין דער אייביקייַט, איז געווען וולאדימיר וואסילענקאָ, א העלד פון סאָציאַליסטישער מי, אן אקאדעמיקער פון מעדיצין. ביז גאָר קארג האָבן אָט די מענטשן זיך געטיילט מיט דערינערונגען וועגן דעם איבערגעלעבטן אין טורמע. זיי האָבן ניט ליב געהאט, ווען עמעצער האָט צעיאטרעט די אלטע וווּנדן מיט אויספרעגענישן. דעריבער מיסטאמע האָבן אינעם זיקאָרן פון זייערע נאָענטע זיך פארהיט ניט קיין סאך עפּיזאָדן, וועלכע זייַנען געווען פארבונדן מיטן טורמע־פּעריִאָד.

באווייַזן בא די דאָקטוירים האָט מען אָפּגענומען מיט פארבאָטענע מעטאָדן. די פארהערן זייַנען געגאנגען אין די נעכט. דאָס שווערסטע איז געווען — ניט שלאָפן מעסלעסנווייַז. בייס די פארהערן האָט מען מיט שטארקע עלעקטרישע לעמפּ באלויכטן דאָס פּאָנעם.

פון וואָווסין האָט זיך געפאָדערט, ער זאָל זיך מוידע זייַן, אז ער איז געווען פארבונדן מיט דער אויסשפּירונג פון היטלער־דייַטשלאנד. מיראָן סעמיאָנאָוויטש האָט א וואָרף געטאָן דעם אויספאָרשער: „איר האָט מיך געמאכט פאר אן אגענט פון צוויי אויסשפּירונגען, שרייַבט מיר ניט צו כאָטש די דייַטשישע — מייַן טאטן און מייַן ברודערס מישפּאָכע האָבן די פאשיסטן בייס דער מילכאָמע פארפּייַניקט אין דווינסק״. „ספּעקולירט ניט מיט דעם בלוט פון אייַערע אייגענע״, — האָט געענטפערט דער אויספאָרשער. פארן „איניען פון די דאָקטוירים״ איז פּערזענלעך געווען פאראנטוואָרטלעך דער שעף פון דעם אויספאָרשונג־טייל איבער באזונדערס וויכטיקע איניאָנים פונעם מיניסטעריום פון מעלוכישער זיכערהייַט ריומין. אן אבסאָליוט אמאָראלישער, ציניִשער אוואנטיוריסט, וועלכער האָט געלעכצט נאָך מאכט און קאריערע, האָט ריומין באוווּסטזיניק פאלסיפיצירט די אויספאָרשונגס־מאטעריאלן. „גראָבן״ אונטער די דאָקטוירים האָט ער אָנגעהויבן א סאך פריִער ביז זייער ארעסט. א סאך פריִער, איידער עס האָבן זיך באוויזן אין דער פּרעסע מיטיילונגען וועגן דער „טעראָריסטישער גרופּע״, זייַנען זייַנע קאָרבאָנעס געוואָרן דער פארוואלטער פונעם קאבינעט פון עלעקטראָקארדיִאָגראפיע פון דעם קרעמלשפּיטאָל סאָפיע קארפּאי און דער קאָנסולטאנט פון דעם זעלבן שפּיטאָל פּראָפעסאָר יאקאָוו עטינגער. מע האָט זיי באשולדיקט, אז זיי האָבן פאלש, ניט ריכטיק פאנאנדערשיפרירט א. א. זשדאנאָווס עלעקטראָקארדיִאָגראמע. עטינגער האָט ניט איבערגעטראָגן דעם טורמע־רעזשים און איז געשטאָרבן.

ריומין האָט זיך געניטיקט אין א „שפּיִאָנישער אָרגאניזאציע״. און ער האָט זי געשאפן. צוליב א פול בילד האָט ער אייַנגעשלאָסן אינעם צעטל אויך דעם געשטאָרבענעם נאָך אין 1951 יאָר פון סארקאָמע פּראָפעסאָר מ. קאָגאן — ב. קאָגאנס ברודער. טויטע זייַנען ריומינען אויך צוניץ געקומען. מע קאָן זיי צושרייַבן אלץ וואָס עס לאָזט זיך...

דער קרײַז פון די אַרעסטן האָבן זיך געברייטערט. ריומין האָט פאָרויסגעזען אַ היפּשן געריכט־פּראָצעס, אַ העכערונג אינעם ראַנג, באַלוינונגען... און דאָ איז פלוצעם געשטאָרבן סטאַלין. די אַרעסטירטע מעדיקער האָט מען וועגן דעם ניט מיטגעטיילט. די פאַרהערן האָבן געדויערט, האָגאַם שוין מיט אַ קלענערער אַקטיווקײַט, אַזוי ווי לויט דער אינערציע.

בא אַ סאַך פון יענע, וואָס זײַנען געווען אַף דער פרײַ — קינדער און קרויווים פון די אַרעסטירטע — איז די רעאַקציע געווען אַזאַ: „אַצינד וועט אונדזערע נאָענטע קיינער ניט העלפן". אין סטאַלינען האָבן זיי געזען אַ רעטער און פאַרטיידיקער.

נאָר אָט איז געקומען די נאַכט פונעם 3־טן אַפן 4־טן אַפרעל. אַלע אַרעסטירטע און זייערע פרויען האָט מען פלוצעם אַרויסגעפירט פון דער טורמע, אַוועקגעזעצט אין אַווטאָמאָבילן און צעפירט זיי איבער די הײַזער. בלויז איצט, אַף דער פרײַ, האָבן די דאָקטוירים זיך דערוווּסט וועגן סטאַלינס טויט און וועגן דעם, וואָס מע האָט געשריבן וועגן זיי אין די צײַטונגען.

„גאַנצפרי איז אין מײַן צימער אַרײַן אַ שכיינע. מיט אַ פריידיק געוויין איז זי מיר אַרופגעפאַלן אַפן האַלדז: „מע האָט באַפרײַט די דאָקטוירים, איך באַגריס אײַך!" — דערמאָנט זיך ליובאָוו וואָווסי. — איך האָב שוין געוווּסט וועגן דעם, באַגינען האָט מען מיר געקלונגען פון מאָסקווע. אָבער אַלצײַנס איז די רעאַקציע פון דער שכיינע געווען באַזונדער רירנדיק. אין די ווײַטערדיקע טעג האָבן מיט די סאַמע וואַרעמע ווערטער זיך געווענדט צו מיר הונדערטער מענטשן, און דאָס האָט נישט געקאָנט ניט רעגן".

אינדערפרי האָבן די צײַטונגען פאַרעפנטלעכט אַ מיטיילונג, אין וועלכער ס'איז, צווישן אַנדערס, געזאָגט געוואָרן: „די קאָנטראָלירונג האָט באַוויזן, אַז די באַשולדיקונגען... זײַנען פאַלשע און די דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן, אַף וועלכע ס'האָבן זיך געשטיצט די מיטאַרבעטער פון דער אויספאָרשונג, זײַנען אומבאַגרינדעטע. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די באַווײַזן פון די אַרעסטירטע, וועלכע האָבן קלוימערשט באַשטעטיקט די אַרויסגערוקטע קעגן זיי באַשולדיקונגען, האָבן די מיטאַרבעטער פונעם אויספאָרשונגס־טייל פון דעם געוועזענעם מיניסטעריום פון מעלוכישער זיכערקײַט אַרויסבאַקומען, אָנווענדנדיק אומדערלאָזבאַרע און שטרענג פאַרבאָטענע מיצאַד די סאָוועטישע געזעצן מעטאָדן פון אויספאָרשונג".

אונטן איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער טעקסט וועגן אָפּשאַפן דעם אוקאַז צו באַלוינען טימאַשוק מיטן לענין־אָרדען. דאָס איז אופגענומען געוואָרן, ווי אַן אַקט פון גערעכטיקײַט. זי האָט נאָך ניט ווייניק צײַט געאַרבעט אין קרעמל־שפּיטאָל, און שפּעטער איז זי אַרויס אַף פּענסיע. וועגן דעם דאָרף, מיסטאָמע, געזאָגט ווערן דערפאַר, ווײַל ביז איצט גלייבט נאָך עמעץ־ווער די קלאַנגען, אַז טימאַשוק איז קלוימערשט אין דער מיט פון די פופציקער יאָרן אומגעקומען אין אַן אַווטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע, און זי איז אַ קאָרבן פון עמעצנס הינטערגעדאַנק. ניין, זי האָט דערלעבט ביז דער טיפער עלטער...

דערוואָרבנדיק ווידער זייער אָרנטלעכן, ניט־פאַרפלעקטן נאָמען, האָבן געקאָנט פאָרזעצן פרוכטבאַר צו אַרבעטן אין געביט פון מעדיצין די דאָקטוירים וואָווסי, ווינאָגראַדאָוו, קאָגאַן, יעגאָראָוו, פעלדמאַן, וואַסילענקאָ, גרינשטיין, זעלענין, פּרעאָבראַזשענסקי, פּאָפּאָוו, זאַקוסאָוו, שערעשעווסקי, מאַיאָראָוו און אַנדערע.

וואָס איז שייך ריומינען, האָט די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון ססר, ווי ס'איז אָנגעשריבן אין דער רעגירונגס־מיטיילונג, נעמענדיק אין אַכט די באַזונדערע געפאַר פון זײַן טעטיקײַט און די שווערע פאָלגן פון זײַנע באַגאַנגענע פאַרברעכנס, פאַרמישפּעט ריומינען צו דער העכסטער מאָס פון שטראָף — דערשיסן. אַ האַרבע שטראָף האָבן באַקומען אויך אַנדערע מיטאַרבעטער פונעם געוועזענעם מיניסטעריום פון מעלוכישער זיכערהײַט.

אַזוי איז געשטעלט געוואָרן דער לעצטער פונקט אין דעם „עניען פון די דאָקטוירים".

ג ע נ ר י ק א ס   ז י מ א נ א ס

# מענטשן קעגן צעיושעטע ראָצכים

עס דערמאָנט זיך די צײַט, ווען די דײַטשישע פֿאַרכאַפּער האָבן זיך אַרײַנגעריסן קיין ליטע. זייערע ערשטע טריט זײַנען געווען אײַנגעטונקט אין בלוט פֿון טויזנטער פֿרידלעכע מענטשן. זיי האָבן אַכזאָריעסדיק און אָן איבערקלײַב געטויט אַלט און יונג. אָנגעהויבן האָבן זיי פֿון די ייִדן, נאָר געהאַט אין זינען אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

די ראָצכים זײַנען מאַמעש מעשוגע געוואָרן פֿונעם רייעך פֿון דעם בלוט. זיי האָבן געשאָסן, געוואָרגן, געהאַנגען, געשלאָגן אױף טויט, פֿאַרטיליקט אין די דושעגובקעס. מע פֿאַרגלײַכט זיי צו כײַעס, אָבער ס'איז ניטאָ אַזאַ מין כײַע, וואָס זאָל אַרויסווײַזן די זעלבע אַכזאָריעסן. פֿאַרגלײַכן די נאַציסטן צו וועלף — הייסט באַליידיקן די וועלף.

אין רעוואָליוציע־מוזיי פֿון דער ליטווישער ססר און באַ וו. קוטאָרגע ווערט אָפּגעהיט אַ פֿולגעפּאַקטער פּאָרטפֿעל מיטן טאָגבוך פֿון זײַן מוטער, דעם דאָקטער יעלענע קוטאָרגענע. דאָס איז אַ פֿײַנקע, וואָס דערציילט וועגן די יאָרן פֿון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, און ווען מע לייענט אים, ווערט פֿאַרגליווערט דאָס בלוט, נאָר צוזאַמען דערמיט רופֿט אָט דער טאָגבוך אַרויס אַנציקונג מיטן הומאַניזם, אויסגעהאַלטנקײַט און דרייסטקײַט פֿון דעם אַוטאָר.

...אױף דער טיר הענגט אַ שילדל: „אויגן־דאָקטער יע. בויווידײַטע־קוטאָרגענע". אױף די טרעפּ הייבט זיך אַ פֿרוי. בלויז מיט אַ שאָ צוריק האָט זי אַראָפּגענומען די געלע לאַטעס (אין די יאָרן פֿון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָבן ייִדן געדאַרפֿט טראָגן אױף דער ברוסט און אױף דער פּלייצע געלע שטערן... זי איז אויפֿגערודערט. דער פּאָדערצימער איז פֿול מיט מענטשן. דאָס זײַנען אױף אָן אופֿנאַם געקומען קראַנקע. נאָר די פֿרוי ווייסט, אַז דער דאָקטער קוטאָרגענע און איר זון זײַנען אַקטיווע טוער פֿון דער אונטערערד, זיי האַלטן אַ פֿאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער, העלפֿן די אַנטלאָפֿענע פֿון דער געטאָ.

די פֿרוי איז פֿריִער אויך געווען אַ דאָקטער. באַ קוטאָרגענע קאָן מען ניט ווינען — דער הויזקערער איז אַ שפּיאָן, וואָס האָט זיך פֿאַרקויפֿט די היטלעריסטן, נאָר קוטאָרגענע פֿאַלט ניט אַרײַן אין ייִעש. זי זוכט אָפּ פֿאַר דער באַזוכערן אַ מאָקעם־מעגוכע, העלפֿט איר צו שאַפֿן דעם נייטיקן דאָקומענט. ס'איז זייער קאָמפּליצירט מיט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, אָבער דער דאָקטער געפֿינט אַן אויסוועג.

אַזוי — טאָג נאָך טאָג. פֿאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייִדן — טויט, פֿאַר העלפֿן אַ ייִדן אַנטלויפֿן פֿון דער געטאָ — טויט. נאָר דער כויוו פֿון אַ דאָקטער איז ראַטעווען און פֿאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן, ביפֿראַט נאָך אין אַזאַ אומגעבונג...

וואָס האָט באַגײַסטערט אָט די איידעלע פֿרוי אױף אַזאַ מין קאַמף? דעם ענטפֿער גיט איר ביִאָגראַפֿיע. נאָך אין דער מיטלשול איז זי אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט, מע האָט זי פֿאַרשפּאַרט אין וואַרשעווער ציטאַדעל. פֿון דעמלט אָן איז קאַמף געוואָרן איר באַרוף. דערנאָך האָט זי יאָרנלאַנג געאַרבעט אַלס דאָקטער. נאָך פֿאַר דער מילכאָמע האָט די רעגירונג זי באַלוינט מיט אַ לעגיון־אָרדען.

נאָר קוטאָרגענע איז געווען ניט די איינציקע, וואָס האָט בייס דער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע אַרויסגעוויזן נאָבלקײַט און דרייסטקײַט. אױפֿן זעלבן וועג איז געגאַנגען דער דאָקטער אַנאַ לאַנדסבערגענע. איינמאָל איז צו איר אַרײַנגעקומען אַ קאָלעגע, אויך אַ דאָקטער, נאָך אַן אייצע. לאַנדסבערגענע האָט

פֿון דער פּובליציסטישער ירושע.

פארטונקלט דעם קאַבינעט, ווי עס טוען געוויינלעך די אַקוליסטן, און אויסגעהערט איר געשיכטע. די ייִנגערע טאָכטער האָט די מוטער שוין אײַנגעאָרדנט: דער דאָקטער זוברענע און איר מאַן האָבן דאָס מיידל אָפגעפירט אין א דאָרף. ס׳איז געבליבן די עלטערע טאָכטער. מיט דער דאָזיקער ביטע האָט זי זיך געווענדט צו לאנדסבערגענע. און לאנדסבערגענע האָט געהאָלפן. זי האָט אופגענומען אויך אַנדערע אסירים פון דער געטאָ. ס׳איז געווען געפערלעך זיי צו האלטן, נאָר סײַ דער מאַן אירער, דער אַרכיטעקטאָר, סײַ די קינדער האָבן מיט פארשטאַנד און מיטגעפיל זיך באַצויגן דערצו.

די געסטאַפּאָ האָט אַרעסטירט דעם זון פונעם דאָקטער לאנדסבערגענע, דאָס הויז האָט מען אונטערזוכט, און ס׳איז געווען א געפאַר, אַז דאָס וועט זיך איבערכאַזערן נאָכאַמאָל. און דעמלט איז געקומען צו הילף דער פראָפעסאָר פראַנאַס מאַזשילִיס. אין די יונגע יאָרן האָט ער אָנטיילגענומען אין דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. ווען ליטע איז געוואָרן א סאָוועטישע, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין שטאָטראַט. ער האָט זיך פולשטענדיק געווידמעט דער וויסנשאַפט, איז געוואָרן א פראָפעסאָר. בעשאַס דער היטלערישער אָקופּאַציע האָט מען אים אַראָפגענומען פון אַלע שטעלעס, און ער האָט געאַרבעט אין דער קליניק אַלס א פּשוטער דאָקטער. נאָכן פאַרטרײַבן די היטלעריסטן ווערט ער אַן אַקאַדעמיקער פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון דער ליטווישער ססר. איז אָט, פראַנאַס מאַזשילִיס האָט גענומען צו זיך דעם דאָקטער און איר טאָכטער. שפּעטער האָט זי זיך באַגעגנט מיט בראָניוס גאָטאָוטאַסן, דעם העלדישן מענטשן, וועלכער האָט אויך געראַטעוועט א סאַך ייִדן.

א נאָבעלע ראָליע האָבן געשפּילט סאָפּיע בינקענע, איר מאַן, דער דיכטער קאַזיס בינקיס. דער דיכטער גופא איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער ליטווישער פּאָעזיע. ביכלאַל איז ער געווען א גאָר קראַנקער מענטש, צוגעשמידט צום בעט. די ליטווישע שרײַבער און דיכטער, זײַנע קאָלעגן, האָבן אים אָפט באַזוכט. ס׳איז אויך געקומען דער שרײַבער ל. דאָווידענאַס. און פּלוצעם האָבן די מישפּאָכע־מיטגלידער דערזען, אַז דאָווידענאַס, א רויטער, א צעשויבערטער, איז אַרויסגעפלויגן פון בינקיסעס קאַבינעט און נאָך אים איז אַרויסגעפלויגן אויך זײַן שטעקן.

שפּעטער האָט בינקיס דערציילט, אין וואָס גייט עס. דאָווידענאַס איז געווען א שרײַבער שוין אין די יאָרן פון דער בורזשואַזער מאַכט. נאָכן אופשטעלן די סאָוועטנמאַכט אין ליטע האָט ער געפּרוּווט שפּילן א ראָליע פון א פּראָגרעסיוון מענטשן. ער איז געגאַנגען איבער די רעדאַקציעס און האָט פאַרגעלייגט זײַנע אַרטיקלען, אַרויסגעטראָטן אויף מיטינגען. נאָר אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע האָט ער זיך אַריבערגעוואָרפן צו די פאַשיסטן און געטריבן רעכילעס אויף דער סאָוועטנמאַכט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געקומען איז ער צו בינקיסן מיט א פאָרשלאָג, ער זאָל אַרויסטרעטן אין דער היטלערישער פּרעסע. ער האָט צוגעזאָגט, אַז מע וועט אים פאַרבעסערן די דערנערונג און וועט זײַן באַזאָרגט מיט רעפּועס.

זינט די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע האָט בינקיסעס מישפּאָכע אָנגעהויבן העלפן די גערוידעפטע ייִדן. געפינענדיק זיך אַליין אין א שווערער מאַטעריעלער לאַגע, האָט בינקיס מאַטעריעל אונטערגעהאַלטן די קאָרבאָנעס פונעם פאַשיזם. שוין אין אָנהייב פונעם 1942־טן יאָר האָט אין בינקיסעס מישפּאָכע געלעבט א ייִדישקע, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער געטאָ. מע האָט זי באַזאָרגט מיט דאָקומענטן, נאָר מע האָט געדאַרפט זײַן באַזונדערס געהיט, וואָרעם אַפן צווייטן שטאָק האָט געוווינט איינער א דײַטש. אין בינקיסעס מישפּאָכע האָט מען רעגולער געהערט טראַנסלירונגען פון מאָסקווער ראַדיאָ. בינקיס האָט די היטלעריסטן גערופן ניט אַנדערש, ווי די „קרייצטרעגער פונעם 20־טן יאָרהונדערט“. ער האָט געגלייבט אין דעם ניצאָכן פון דער רויטער אַרמיי, זיך געפרייט מיט אירע דערפאָלגן, מיט די מאַפּאַלעס פון די דײַטשן. סאָפּיע בינקענעס שוועסטער קרעסטיאַנאָווענע האָט געשטאַמט פון א דאָרף. אין יענעם זומער האָט זי פאַרבראַכט אינדערהיים, דאָרט פלעג זיך איר אײַנגעבן אופצוקלײַבן סאָוועטישע פלוגבלעטלעך, וואָס מע פלעגט אַראָפוואַרפן פון אַעראָפּלאַנען. דאָס איז געווען זייער א גרויסע מאָטאַנע, ווײַל זיי האָבן אַנטהאַלטן אין זיך ריכטיקע ידיעס וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן.

סאָפּיע בינקענע האָט א סאַך אסירים פון דער געטאָ אַליין געהאָלפן, אַנדערע האָט זי באַשטאַט בא ערלעכע מענטשן. זי האָט אַרײַנגעצויגן אין אָט דער זאַך איר שוועסטער וו. קרעסטיאַנאָווענע, דעם בּיאָלאָג נאַטאַליע ליקיאַוויטשענע, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער וועטערינאַר־אַקאַדעמיע פון קאָוונע און געהאַט א מעגלעכקײַט אויסצובאַהאַלטן די אַנטלאָפענע. דאָס זעלבע האָבן געטאָן אויך איר מאַן וויטאַוטאַס ליקיאַוויטשוס און דער איידעם — דער פידלער וולאַדאַס וואַרטשיקאַס.

העלדישקײַט האָט אַרויסגעוויזן דער קסיאָנדז פּאָווילאַס יאַקאַס. איינמאָל איז צו זײַן שכיינע, ווו ער האָט אײַנגעאָרדנט א ייִדיש מיידל, געקומען אַן אַנדער שכיינע און האָט אָנגעהויבן זידלען די ייִדן, טײַנענדיק, אַז מע טוט ריכטיק, וואָס מע הארגעט זיי, וואָרעם זיי האָבן דאָך געקרייציקט יעזוסן. נאָר די באַלעבאָסטע האָט זי איבערגעריסן, זאָגנדיק: „איך וויל ניט, די קינדער מײַנע זאָלן הערן אַזעלכע ריידן!“ דאָס איז געווען אויך א נאָבעלע פרוי — עלזאַ מינקאָטענע.

עס האָבן געהאָלפן די אַרבעטער. איינער א לאָנדאָנער נעגאָציאַנט, א ייִד, פלעג קומען אַלע יאָר קיין קאָוונע, נאָר ס׳האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, און ער האָט זיך ניט געקאָנט אומקערן אַהיים. די

אַרבעטער האָבן אים אויסבאַהאַלטן און אין מעשעך פון פיר יאָר אים אויסגעהאַלטן. דערנאָך איז ער געוואָרן אַ לאָרד, איז געקומען קיין קאָוונע, ביכדיי אָפּצודאַנקען זײַנע רעטער.

אין פאָרשטאָט פון קאָוונע האָט געוווינט די אַרבעטער־פאַמיליע פון יאָזאַס טשיזשינאַוסקאַס. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געהאָרעוועט אויף די אונטערנעמונגען און צוזאַמען מיט אים אויך זײַנע קינדער — וויטאַוסטאַס און בירוטע. דער ראָש פון דער פאַמיליע האָט ניט איין מאָל זיך באַטייליקט אין שטרײַקן, און די קינדער האָבן נאָך אין דער בורזשואַזער צײַט אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די טאָכטער בירוטע — כאָטש אַלט איז זי געווען בלויז 18 יאָר — איז אין די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט געווען אַ מיטגליד פונעם נאַציאָנאַליטעטן־קאָמיטעט פון דעם זאַוואָד. אָט די מישפּאָכע האָט געהאָלפן ייִדישע קינדער זיך ראַטעווען. ווען ס׳זײַנען אַוועק קלאַנגען, אַז זי האַלט בײַ זיך אַ ייִדיש מיידל, האָט יאָזאַס זי אַוועקגעפירט אין דאָרף — קלוימערשט אַ קרויווע האָט דאָס מיידל גענומען צו זיך אויף אַ צײַט צוגאַסט און איצט פירט ער זי אָפּ צוריק.

באַזונדערס דאַרף מען זאָגן וועגן דער העלדישער טאָכטער פונעם ליטווישן פאָלק אָנע שימײַטע. זי האָט געאַרבעט אַלס אַן איבערזעצערן אין דער אַמבאַסאַדע פון פּסטר אין קאָוונע, נאָכדעם האָט זיך איר אײַנגעגעבן צו באַקומען אַ געוויסע בילדונג. אין די יאָרן פון דער בורזשואַזער מאַכט האָט זי געזאָרגט פאַר פּאָליטישע אַסירים, און בעשאַס דער היטלערישער אָקופּאַציע האָט זי געאַרבעט אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און פיל געהאָלפן די אַסירים פון דער געטאָ, געמאַכט פאַר זיי פאַלשע דאָקומענטן. די היטלעריסטן האָבן דערשמעקט וועגן אירע פאַרבינדונגען מיט דער געטאָ, זי אַרעסטירט, געפּײַניקט און דערנאָך אַרויסגעפירט קיין דאַכאַו, פונוואַנען עס האָבן זי, קוים אַ לעבעדיקע, באַפרײַט די פאַרבינדעטע.

פיל האָט אופגעטאָן בראַניוס גאַטאַוטאַס, וועלכן איך האָב שוין פריִער דערמאָנט. ער האָט געהאַט אַ סאַך באַקאַנטע, פלעג באַקומען רעפּועס, וועלכע ער האָט אויסגעביטן אין דאָרף אויף שפּײַז־פּראָדוקטן און דערנאָך פאַר די פּראָדוקטן ווידער באַקומען רעפּועס, בלאַנקען פון דאָקומענטן, מיט וועלכע ער האָט שפּעטער באַזאָרגט די פאַרפאָלגטע. אַ סאַך האָט ער געהאָלפן צו אַנטלויפן פון דער געטאָ, זיך אײַנפונדעווען, לעבן און אַרבעטן.

ער איז געווען אַ סאָוועטישער מענטש, אַ פּאַטריאָט. נאָך בײַ דער בורזשואַזער מאַכט האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן פאַרבאָטענע ליטעראַטור, און דערנאָך האָט ער עס פאָרגעזעצט צו טאָן אויך אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע. ער האָט אַפילע ניט געהאַט קיין דירע און געוואַנדערט ווו ס׳האָט זיך געמאַכט. מע האָט אים גערופן „דאָס ברודערל“, אַ סאַך פון די, וועמען ער האָט געהאָלפן, האָבן אַפילע ניט געוווּסט זײַן נאָמען. אין אַלגעמיין גענומען האָט ער געהאָלפן קימאַט צוויי הונדערט מענטשן, נאָר אויך אָט די צאָל איז זייער אַ בעערעכדיקע.

מיר ווייסן אַפילע ניט גענוי זײַן ביאָגראַפיע. ס׳איז בלויז באַוווּסט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1901 אין טאַוראַגער אויעזד, שילאַלער וואָלאַסט, אין דעם דאָרף אַנדריאַיטשיאַי. בראַניוס האָט ניט באַקומען קיין שום בילדונג, איז געווען אַ האַלבגראַמאָטנער. אין די באַדינגונגען פון דער היטלערישער אָקופּאַציע איז ער געוואָרן אַן עכטער העלד, אַ מעסירעסנעפעשדיקער, וועלכער האָט גאָרנישט ניט געוואָלט האָבן פון זײַנטוועגן, אַלצדינג אָפּגעגעבן די מענטשן.

דער טאַליען יעגער, דער שעף פון דער היטלערישער זיכערהײַטס־פּאָליציי, האָט שוין אין 1941 זיך באַרימט, אַז אין ליטע איז פאַרבליבן בלויז אַ קליינע צאָל ייִדן און אַז ער, קלוימערשט, האָט זיך באַמיט צו פאַרניכטן אויך די פאַרבליבענע, נאָר „זיי האָט מען איבערגעלאָזט צוליב נייטיקע אַרבעטן“. ער האָט געפאָדערט סטעריליזירן די ייִדישע מאַנצבלען און אײַנפירן אַזאַ מין פּראַקטיק, אַז יעטווידע ייִדישקע, וואָס וואַרט אויף אַ קינד, זאָל פאַרניכטעט ווערן. אַ סאַך רומפולע זין און טעכטער פונעם ליטווישן פאָלק האָבן געשטרעבט צו ראַטעווען די ייִדן און זייערע קינדער פון די היטלעריסטן.

לאָמיר דערמאָנען דעם דאָקטער פּיאַטראַס באַובלוס. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1914, בילדונג באַקומען אין קאָוונער אוניווערסיטעט און געאַרבעט אויף דער קאַפעדרע פאַר קינדער־קראַנקהײַטן. אין 1942 איז ער געוואָרן דירעקטאָר פונעם קאָוונער קינדערהיים. און דער דאָזיקער אַמט האָט אים געגעבן די מעגלעכקײַט צו העלפן ייִדישע קינדער, וועלכע ס׳האָט געדראָט די טויט־געפאַר, פאַרשרײַבנדיק זיי פאַר ליטווישע.

פיל פויערים האָבן אויך געהאָלפן די ייִדן. זיי איז געווען לײַכטער, איידער די שטאָט־לײַט. זיי האָבן געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן פון די אויגן פון די היטלעריסטן און זייערע מעשאָרסים. נאָר פאַר אַלעמען איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען אַ שווערע אַרבעט. אָט וואָס עס דערציילט די פויערטע איוואַנאַוסקענע:

געלעבט האָט זי אָרעם, געהאַט בלויז עטלעכע העקטאַר שלעכטע ערד. איינמאָל האָט אַ באַקאַנטע צו איר געבראַכט אַ טויט־דערשראָקן ייִדיש מיידל, אַ שיינהײַט. אירע אויגן האָבן מיט אַ שטומען געבעט געקוקט אויף איר.

— איך בין אַנטלאָפן פון דער קאָוונער געטאָ, — האָט זי געזאָגט.

איוואַנאַוסקענע האָט גלײַך אַלץ פֿאַרשטאַנען, נאָר עס איז איר באַפֿאַלן אַ שרעק: די היטלעריסטן באַשטראָפֿן דאָך אַכזאָריעסדיק פֿאַר העלפֿן די אַנטלאָפֿענע פֿון געטאָ. „איך האָב מורע, — דערציילט זי, — נאָר אויף מיר קוקן שוואַרצע אויגן, אין זיי שטייען טרערן". און זי האָט זי ניט פֿאַרטריבן. איינמאָל האָט איוואַנאַוסקענע זי געפֿרעגט, פֿאַרוואָס איז זי אַזוי אומעטיק, און דאָס מיידל האָט איר געזאָגט, אַז צוזאַמען מיט איר האָט פֿון דער געטאָ זיך אַרויסגעגאַנוועט איר באַכער. אויסבאַהאַלטן צוויי מענטשן? דאָס איז דאָך אַלצײַנס ווי דער טויט. נאָר זי טראַכט — צי קאָן מען זיי לאָזן איינע אַליין? און דאָס מיידל וויינט. און איוואַנאַוסקענע זאָגט: „זאָל ער קומען". זי האָט אויסבאַהאַלטן ניט נאָר יידן. בא איר פֿלעג זיך אָפּט אויסבאַהאַלטן איר ברודער, אַן אַקטיווער קאָמוניסט. די געוואַגטע פֿרוי האָט געראַטעוועט אַ גרופּע מענטשן. עס פֿלעגן איר העלפֿן די קינדער.

אויך די געלערנטע פֿון דער רעפּובליק זײַנען ניט געשטאַנען אין אַ זײַט. אַכוץ דעם שוין דערמאָנטן פּראָפֿעסאָר מאַזשיליס, דאַרף מען אָנרופֿן די פּראָפֿעסאָרן פּאַולס סלאַווענאַס, יורגיס ווידמאַנטאַס, זיגמאַס זשיאַמײַטיס, דעם דאָצענט סטאַטיס וואַבאַליאַוויטשוס, אַ סאַך אַנדערע. ס'ווערט צומאָל פֿאַרדריסלעך, וואָס גראַדע אָט די פֿאַקטן, וועלכע העלפֿן טיפֿער צו פֿאַרשטיין דעם עמעסן הומאַניזם פֿון די דאָזיקע מענטשן, ווערט דורכגעלאָזט זייער אָפּט אין זייערע אָפֿיציעלע ביאָגראַפֿיעס.

ס'האָבן געהאָלפֿן שרײַבער, קינסטלער, טוער פֿון קונסט. מע טאָר ניט פֿאַרגעסן דעם זינגער קיפּראַס פּעטראַוסקאַס, זײַן ווײַב יעלענע זשאַלינקיאַוויטשוטע-פּעטראַוסקענע, דעם שרײַבער וויטאַוטאַס מאָנטווילע און אַ סאַך אַנדערע.

עס רופֿט צומאָל בא אייניקע אַרויס פֿאַרוווּנדערונג דער פֿאַקט, וואָס צווישן די, וואָס פֿלעגן העלפֿן גערוידעפּטע דורך די היטלעריסטן יידן, זײַנען געווען ניט ווייניק קאַטוילישע קסיאָנדזן. די האַנט פֿון די הענקער פֿלעגט דאָך אָפּט בענטשן גראַדע דער רעאַקציאָנערער קלער, וועלכער האָט באַגריסט די היטלערישע באָמבעס, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף זייער היימלאַנד.

ניט אַלע אָבער זײַנען געווען אַזעלכע, און דאָס דאַרף ניט אַרויסרופֿן בא אונדז קיין וווּנדער. די רעליגיעזע וועלט-אָנשויונג קאָן געוויס פֿירן צו אַ קאָנפֿליקט מיט דער מאָראַל, וואָרעם זי לעגאַליזירט קלוימערשט דאָס צוויִעס, אָבער פֿון דעם טאָר מען ניט מאַכן קיין אויספֿיר, אַז אַלע רעליגיעזע מענטשן זײַנען אַמאָראַליש. דאָס איז די אײַנשטעלונג ניט פֿון די מאַרקסיסטן, ווײַל זיי זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין אָנהענגער פֿון איר און שטענדיק אַרויסגעטראָטן קעגן איר. דאָס איז די אײַנשטעלונג פֿון קליינבירגערלעכע פֿרײַדענקער, וועלכע האָבן דעם מענטשלעכן באַוווּסטזײַן און זײַן אַנטוויקלונג באַטראַכט מעטאַפֿיזיש.

ווי דאָס זאָל ניט זײַן, האָבן ניט ווייניק קסיאָנדזן אַרײַנגעשריבן אַ העל זײַטל אין דער געשיכטע פֿון דעם קאַמף פֿונעם ליטווישן פֿאָלק קעגן דעם היטלערישן טעראָר.

מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם קסיאָנדז פּאַווילאַס יאַקאַס. מוטיק האָט געהאָלפֿן די יידן דער קסיאָנדז יואָזאַס סטאַסקאַוסקאַס. די מילכאָמע האָט אים געטראָפֿן אויפֿן פּאָסט פֿונעם דירעקטאָר פֿון דעם ווילנער מעלוכע-אַרכיוו. צו דער אַרבעט אינעם אַרכיוו האָט מען אויסגעטיילט מענטשן פֿון דער געטאָ — אַ מענטשן דרײַסיק. קיין ווילנע פֿלעגט מען דעמאָלט צונויפֿפֿירן אַרכיוון פֿון וויטעבסק, סמאָלענסק, מינסק. צוליב דעם האָט מען געדאַרפֿט האָבן נײַע לאָקאַלן, און פֿאַרן אַרכיוו האָט מען אויסגעטיילט די געבײַדע פֿונעם געוועזענעם פֿרויען-מאָנאַסטיר. דאָס איז געווען אַן אַלטער בנין מיט אַ סאַך קאָרידאָרן, הילפֿס-לאָקאַלן, מאַגאַזין-קאַמערלעך. די היטלעריסטן האָבן געפֿאָדערט פֿונעם דירעקטאָר, ער זאָל זיי פֿאָרשטעלן דעם פּלאַן פֿון דער געבײַדע. דער דירעקטאָר האָט געגעבן די שליכעס אײנעם פֿון די יידן, אָבער האָט אים געוואָרנט, אַז איינער פֿון די צימערן אין סאָף פֿונעם קאָרידאָר אויפֿן ערשטן שטאָק טאָר ניט פֿיגורירן אינעם פּלאַן.

די יידן האָט עס אַ ביסל געכידעשט, זיי האָבן אָבער שוין געוווּסט, אַז דער דירעקטאָר וועט ניט טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ברענגען שאָדן די אַסירים פֿון דער געטאָ. ער האָט גערעדט מיט זיי פֿרײַנטלעך און מענטשלעך, וואָס פֿון דעם האָבן זיי זיך שוין פֿון לאַנג אָפּגעוווינט, און האָבן אָנגענעם געשטוינט פֿון זײַן נאָרמאַלער באַציִונג. בעקאָרעוו האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז אינעם צימער, וואָס איז ניט אָנגעוויזן אויפֿן פּלאַן, האָט זשיאַמײַטיס, סטאַסקאַוסקאַסעס פֿרײַנט, וועלכער האָט זיך דערשלאָגן, מע זאָל אים איבערפֿירן אין אַרכיוו, געמאַכט אַ ווענטל, וואָס דאַרף אָפּטיילן דעם צימער פֿונעם גאַנצן קאָרידאָר. די אַרבעטנדיקע געטאָ-אַסירים האָט סטאַסקאַוסקאַס דערציילט, אַז ער האָט באַשלאָסן איבערלאָזן און אויסבאַהאַלטן כאָטשבי אַ טייל פֿון זיי.

די מענטשן פֿון דער געטאָ האָבן געשטוינט. דורכגייענדיק איבערן קאַטעדראַל-פּלאַץ, האָבן זיי געזען אַ טליִע, אויף וועלכער בעמעשעך פֿון אַ לאַנגער צײַט האָבן זיך געוויגט די טויטע קערפּערס פֿון נײַע קאָרבאָנעס מיט אַן אויפֿשריפֿט: „פֿאַר העלפֿן די יידן". זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, ווי גרויס איז די ריזיקע, אויף וועלכער עס גייען זייערע רעטער. סטאַסקאַוסקאַס אָבער האָט געמיינט אַנדערש. טויזנטער מענטשן האָבן געזען, ווי מע פֿירט טאָג-אויס, טאָג-אײַן אָפּגעריסענע, אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע יידן אין אַ באַגלייטונג פֿון הינט צו דער אַרבעט. אייניקע האָבן אויף דעם געקוקט גאַנץ גלײַכגילטיק, אַנ-

דערע האָבן מיטגעפילט, נאָר א סאך האָבן געטראכט: „ס'איז ניט מײַן אײַסעק. מיט וואָס קאָן איך זיי העלפן?"

סטאסקאוסקאס פלעגט אלעמאָל שווער איבערלעבן די דאָזיקע פּראָצעסיע. „איך, — האָט ער דער־ציילט אין דער פּרעסע שוין נאָכן קריג, — האָב געקוקט אויף אָט די מענטשן, וואָס האָבן שווער איבער־געשטעלט די פּיס און געפאלן פון שוואכקייט. איך האָב געקוקט און געטראכט: „פארוואָס, זעענדיק דאָס אלץ, טו איך גאָרנישט... פארוואָס העלף איך זיי נישט... כאָטשבי איינעם מוז איך ראטעווען!"

דער דאָזיקער געדאנק האָט אים צורו ניט געלאָזט. ער איז אָבער געווען א מענטש ניט קיין פּראַק־טישער — האָט קיין זאך ניט געקענט טאָן. פּלוצעם איז אים געקומען אפן געדאנק זײַן כאַווער פון דער קינדהייט וולאדאס זשיאמייטיס. יענער האָט געקערט וועלטן, מע זאָל אים איבערפירן ארבעטן אין ארכיוו. ווען וולאדאס איז שוין געווען אריבערגעפירט אין ארכיוו, האָבן זיי אָנגעהויבן ארבעטן. ווי נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן באזעצן די וווינונג, איז פּלוצעם געשטאָרבן איינע א זקיינע. זי האָט ניט געקרענקט, אָבער דער אָרגאניזם איר, אן אונטערגעריסענער דורך א צו שווערער ארבעט און הונגער, האָט ניט אויסגעהאלטן. וואָס זאָל מען טאָן? נאָך גוט, וואָס א סאך זײַנען ניט געווען דערבײַ. א גאנצע נאכט האָט וולאדאס געמאכט אין דער באהעלטעניש א טרונע, דערנאָך האָט ער צענומען די פּליטקעס פונעם דיל, אויסגעגראָבן א גרוב און געבראכט די פּרוי צו קווורע. קיין אנדער ברירע איז ניט געווען.

קיינער האָט אָבער פון דעם פאל זיך ניט דערוווסט. מע האָט געדארפט בלויז מוירע האָבן פאר די סטראזשן, וועלכע סטאסקאוסקאס האָט קעסיידער געביטן. די באהעלטעניש איז גרייט, און מע דארף זי בעהאדראָגעדיק פארפולן. מע האָט געפונען 13 מענטשן, זיי אײַנקווארטירט. נאָר ס'איז אופגעקומען די פראגע, וויאזוי זיי צו האָדעווען. דאָס איז געווען עפּשער דאָס סאמע קאָמפּליצירטע. סטאסקאוסקאס האָט געהאט פיל באקאנטע, צווישן זיי א סטודענט, וועלכער האָט געארבעט אין א שפּײַז־קראָם. פלעג יענער העלפן סטאסקאוסקאסן געפינען פּראָדוקטן פאר זײַנע אָפּעקירטע. דאָס עסן האָבן זיי זיך געגרייט אליין, געשלאָפן אויף די דאָקומענטן און ביכער. איינמאָל איז געקומען אין ארכיוו דער שעף, געגאנגען איבער אלע ווינקעלעך, דערגאנגען ביז דער וואנט, הינטער וועלכער עס זײַנען געזעסן די אנטלאָפענע.

— דאָ איז דער עק? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, — האָט געענטפערט סטאסקאוסקאס, — ווײַטער הייבט זיך שוין אָן דאָס אייגנטום פון דער קירך, — פילנדיק, ווי א קאלטער שווייס באגיסט אים. די צאָרע איז אָבער אדורך.

נאָר דאָ איז געקומען א נײַע צאָרע: וויאזוי צו הייצן? אינעם צימער איז קאלט. „עס האָט מיר געשענקט, — דערציילט ער, — א באקאנטער דאָקטער א קאָלנער פון א טײַערן פוטער. זאָל ער באַ־ווארעמען, אָט דער קאָלנער, — האָב איך א טראכט געטאָן און אים פארקויפט. פארן געלט האָב איך געקויפט קוילן. די באהאלטענע אליין פלעגן מיר געבן צו פארקויפן וועלכע־ניט־איז בגאָדים. איך גופע האָב מוירע געהאט זיך דערמיט צו פארנעמען, נאָר ס'האָט זיך געפונען איינער א באקאנטער, יענער האָט פארקויפט, און איך האָב געקויפט פאר זיי שפּײַז־פּראָדוקטן".

א סאך גרעאטעוועטע האָבן פארגעדענקט דעם קסיאָנדז פּאָליקארדאס מאציײַאוסקאס. ער האָט זיך אנטפלעקט שוין אינעם ערשטן טאָג פון דער אָקופּאציע. זײַן שאָכן, דער קיורע פון דער אוזשווענטער קירך, שאנטאראס האָט אָרגאניזירט א גרופּע מערדער, וועלכע האָבן פארניכטעט ייִדן. מאציײַאוסקאס האָט געפּאָדערט פונעם שאָכן, ער זאָל זיך ניט באטייליקן אין די מאסן־הארעגעס. שאנטאראס אָבער האָט אים ארויסגעטריבן פון דער שטוב.

דעמלט האָט מאציײַאוסקאס אליין זיך גענומען פאר דער ארבעט. ער פלעג העלפן א סאך זיך צו ראטעווען. די גאנצע ציווילע רעגיסטראציע איז געווען אין די הענט פון דעם קסיאָנדז, און ער פלעג העלפן מיט בלאנקן און דאָקומענטן, און ניט נאָר ייִדן. איינמאָל זײַנען צו אים ארײַן דרײַ אָפיצערן פון דער סאָוועטישער ארמיי (א פּאָלקאָווניק, א קאפּיטאן און א לייטענאנט). ער האָט זיי אויסבאהאלטן אין זײַן שטוב, פארזאָרגט מיט ציווילע בגאָדים און געהאָלפן אוועקגיין אויף מיזרעך. אין שאולײַ האָט דער קיורע וו. בילא אויסבאהאלטן בא זיך ייִדן. אזוי האָט זיך אופגעפירט אויך אן אנדערער קיורע — קלייבא. „איך האָב ניט מוירע. אויב שטארבן, וועלן מיר שטארבן אלע אינאיינעם, און אויב איר וועט בלײַבן לעבן, וועל איך וויסן, אז כ'האָב געמאכט אין לעבן א טײַערע זאך", — פלעג ער זאָגן. דער קאנאָניק פון דער פּאכוואליער פּאראפיע קריקטשיונאס האָט באהאלטן בא זיך א גרופּע פארפאָלגטע ייִדן, און געהאָלפן האָט אים דער קסיאָנדזן בומשא. אינעם שטעטל, ווו בומשא איז געווען דער קסיאָנדז, איז ניט געווען קיין טפיסע. ווען די ייִדן האָט מען צונויפגענומען צום דערשיסן, האָט מען זיי פאר־שפּארט אין דער קירך. באנאכט האָט בומשא אלע ייִדן ארויסגעלאָזט און געראטעוועט פון א זיכערן טויט. דער קסיאָנדז אנטאנאס גאָביס פלעג אויך ראטעווען א סאך מענטשן.

...א ליכטיקער הארבסטיקער טאָג, מיר זײַנען אין פּאָנאר: דאָ זײַנען די גריבער. אהער האָבן די היטלעריסטן און זייערע מעשאָרסים אין 1943 אָנגעהויבן ארויפוארפן דאָס געביין פון די דערהארגעטע. זיי האָט זיך געוואָלט פארווישן די שפּורן, און זיי האָבן ארויסגענומען די קערפּערס פון די דערהאר־

געטע, זיי פאַרברענט און די ביינער צעמאָלט אָף שטאָלענע פּליטעס. די גריבער שטייען ווי א דערמאָנונג וועגן די פאַרברעכנס, וואָס מע איז דאָ באַגאַנגען. און אָט איז נאָך איין גרוב. דאָ האָבן געלעבט די, וועלכע מע האָט געצווונגען צו פאַרברענען די קערפּערס, צו פאַרניכטן די שפּורן. נאָר אַלץ איז באַוווּסט.

איינס נאָך אַן אַנדערן פאַלן די בלעטער, טוען זיך א דריי אָפן ווינט און לייגן זיך שטיל אָף דער ערד. אַזוי פלעגן אַמאָל פאַלן די מאַרטירער. דערנעבן שטייען גרינע סאָסנעס און יעלן. א סאַך האָבן זיי געזען. דער ווינט בייגט זייערע קרוינען, און עס דוכט זיך, אַז זיי מורמלען אָן א סאָף זייער אומענדלעכע ליד. און עפּשער דערציילן זיי וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען, נאָר מיר פאַרשטייען ניט.

איינמאָל האָט לעבן א וועג עמעץ געפונען א בריוו, געשריבן אָף פּויליש:

„זייט אונדז מוחל, טייערע ברידער, פאַר אַלדאָס שלעכטע, וואָס מיר האָבן אייך געטאָן. מיר גייען צום טויט, נאָר מיר ווייסן ניט, פאַר וואָס שטראָפט מען אונדז. מע וועט אונדז ניט נאָר הארגענען, זיי האָבן אונדז און אונדזערע קינדער אַכזאָריעסדיק געפּייניקט. אַכטיאָריקע מיידעלעך האָבן זיי פאַרגוואַלטיקט און דערנעבן האָבן געדאַרפט שטיין די מוטערס און אַכטונג געבן אָף די מיידעלעך, זיי זאָלן ניט שרייען. זיי האָבן צוגעבונדן די אויסגעטאָנענע מוטערס צו דער וואַנט, אַרויסגעריסן בא זיי די האָר. אונדז האָבן זיי געשטאָכן די צינגער מיט שפּילקעס, געשמירט די אויגן מיט קויט, די מאַנצבלען האָבן זיי אַרייַנגעשטאָכן אין די געשלעכטס־אָרגאַנען א צעגליטן דראָט.

בעמעשעך פון פיר טעג האָבן זיי אונדז געמוטשעט, און איצט טרייַבן זיי אונדז קיין פּאָנאַר. מיר זייַנען 112 מאַן, קינד־און־קייט...

26 יון 1944 יאָר".

איך האָב דורכגעלייענט דאָס נאָרוואָס אָנגעשריבענע און א טראַכט געטאָן: צי דאַרף מען טאַקע דערמאָנען וועגן אָט די אַלע אומגעזעענע אַכזאָריעסן און רעציכעס? מע דאַרף, אומבאַדינגט דאַרף מען! מע טאָר ניט דערלאָזן, די מענטשהייַט זאָל פאַרגעסן וועגן אָט די פאַרברעכנס. פאַרגעסן איז אָף זייַן שטייגער מוחל זייַן, און אַזעלכע פאַרברעכנס טאָר מען ניט מוחל זייַן.

די ריוון אין פּאָנאַר, די גריבער, וואָס זייַנען געווען פול מיט די קערפּערס פון דערהאַרגעטע, טאָרן ניט שווייַגן.



מאַניע קאַטליאַראָווע

# מיכאָעלס פונדערנאָענט

דאָס איז ניט קיין ביאָגראַפיע, ניט קיין מעמוארן, און געוויס ניט קיין ארטיקל וועגן שלוימע מיכאָעלסן — איך וואָלט ניט געוואגט צו נעמען אף זיך אזא פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

וועגן מיכאָעלסן, דעם קינסטלערישן אָנפירער און הויפּט־רעזשיסער פונעם מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאטער, דעם לאורעאט פון דער מעלוכע־פּרעמיע, פאָלקס־ארטיסט פון פססר איז שוין אָנגעשריבן ניט ווייניק. אָבער אָפטמאָל, ווען שווערע געדאנקען לאָזן ניט אײַנשלאָפן, באמי איך זיך זיי איבערשליסן אין די דרײַסיקער יאָרן, אין דער יוגנט, וועלכע איז, טראָץ דער אומגעהײַערער אָנלאָדונג אפן הארצן, שווערקייטן און נויט, פאָרט געווען פול מיט פרייד און האָפענונג, און עפשער טאקע דערפאר, וואָס אין מײַן לעבן האָט שלוימע מיכאָעלס אָפּגעשפּילט א וועזנטלעכע ראָל.

מײַן ערשטער צוריר צו דער יידישער קולטור איז פאָרגעקומען אומדערוואַרט, ווען איך בין אלט געווען 14 יאָר. איך האָב דאַן געווינט אין דעם מאָסקווער באָגאָראָדסק־סאָקאָלניקער ראיאָן, גאנץ ווײַט פונעם צענטער פון דער שטאָט. אײנמאָל האָב איך זיך דערוווּסט, אז אנטקעגן דעם פּאָליטעכנישן מוזיי געפינט זיך די יידישע ביבליאָטעק. איך האָב זיך ארײַנגעכאַפּט אינעם טראמווײַנומער פיר, וואָס האָט, אומפהערלעך קלינגענדיק און הוידענדיק זיך, מיך דערפירט דורך דער מיאסניצקע־גאס ביז צו דער סאמע טיר פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק.

איך בין געוואָרן דאָרט אן אָפטער גאסט.

אײנמאָל האָט זיך מיר דאָרט א וואָרף געטאָן אין די אויגן א מעלדונג: „דעם 24־טן אָקטיאבער לאדן מיר אײַן אונדזערע לייענער אף א גלעזל טיי. עס וועט פאָרקומען א באגעגעניש מיט יעכעזקל דאָברושינען און פּערעץ מארקישן”.

די ביבליאָטעקערן האָט מיר געזאָגט:

— עס וואָלט געווען זייער גוט, ווען איר קומט.

— אוואדע וועל איך זײַן, — האָב איך זיך דערפרייט. — א גרויסן דאנק אײַך.

טרינקען טיי האָב איך זיך געשעמט: אפן אָוונט זײַנען בײַגעווען מערסטנטייל דערוואקסענע און עלטערע מענטשן. אף מיר האָט מען געקוקט מיט כידעש, ווי איינער רעדט:

„פונוואנען האָסטו זיך גענומען?”

די ארויסטרעטונגען פון די צוויי באוווּסטע שרײַבער, וועלכע איך האָב דאַן געזען צום ערשטן מאָל, האָבן געמאכט אף מיר א קאָלאָסאלן אײַנדרוק. איך בין אוועקגעפאָרן אין מײַן באָגאָראָדסק א דערהויבענע, ווי אף פליגל.

אפן צווייטן טאָג האָב איך א ביסל פארשפּעטיקט אין שול, כאָטש געווינט האָב איך ניט ווײַט פון איר. אין עטלעכע טעג ארום האָב איך אָנגעטראָפן אף א יאָמטעוו אפן שאריקאָפּאָדשיפּניק־זאוואָד. דאָרט האָט געארבעט מײַן עלטערע שוועסטער פאניע, און זי האָט מיך גענומען מיט זיך אפן אָוונט. בעשאס דעם קאָנצערט האָט מען נאָך דער ארויסטרעטונג פון דער „בלויער בלוזע” געמאָלדן:

— די ארטיסטקע פונעם מעלוכישן יידישן טעאטער ליע ראָזינע!

איך האָב דערהערט יידישע לידער אין זאַוואָדישן קלוב, ווו די מערהײַט צושויער זײַנען געווען רוסן, און ניט געגלייבט, אז דאָס אלץ קומט פאָר אין דער ווירקלעכקײַט. צווישן אנדערע האָט ראָזינע געזונגען א ליד, וועלכע איז מיר געווען גוט באקאנט:

דאָרט, ווו גראָזן זײַנען נאסע,
שטייט א קרענעצע פארטראכט...

דער עולם האָט געפּאטשט „בראוואָ”, און איך — שטארקער פון אלעמען. איך האָב באַשלאָסן — כ'וועל אויך זײַן א יידישע אקטריסע. מײַן שוועסטערס כאווערטע האָט מיר געגעבן דעם



די רעדאקציע און די רעדקאלעגיע פון „סאוועטיש היימלאנד" באגריסן הארציק די שוישפילערן מאניע קאטליאראווע מיט איר יוביליי־דאטע און ווינטשן איר געזונט, אריכאס־יאמים און נייע שעפע־רישע דערפאלגן.

אדרעס פונעם יידישן טעאטראלן טעכניקום אף סטאלעשניקאוו־געסל, 8. אין 1934, ווען איך האב פארענדיקט די שול, בין איך גלייך אוועקגעלאפן מיט די דאקומענטן אהין.

האלטן עקזאמען איז געקומען יוגנט פון פארשיידענע שטעט און פארשיידענעם עלטער. אזעלכע, ווי איך, זעכצניאריקע מיידלעך, זיינען געווען נאך צוויי, די איבעריקע — פון 19 ביז 32 יאר. די, וועלכע זיינען שוין געווען סטודענטן פון אט דער בארימטער שול, זיינען ארומגעגאנ־גען אינעם קארידאר זיכערע, ווי מע זאגט „פעסט אף די פיס". אונדז, „די גרינע", האבן זיי איינגע־רוימט א סאד: „אט באלד וועט קומען מיכאעלס, וועט מען אנהייבן..."

## די „באקאנטשאפט"

אנקומען אין טעכניקום האבן געוואלט זייער א סאך. דער אפקלייב איז געווען א גאנץ שטרענ־גער. דער אביטוריענט האט געדארפט עפעס לייע־נען פון פאעזיע אדער פראזע, זינגען, טאנצן.

דער הויפט־עקזאמענאטאר איז געווען מי־כאעלס. ווען עמעצער איז אים געפעלן געווארן, פלעגט ער זיך ווענדן צו אלעקסאנדרע אזארך און עפראים לויטערן, צי זיי האבן ניט קיין פראגעס צו דעם, וואס האלט עקזאמען. אלע אביטוריענטן זיינען געווען אופגערעגט, איך, ווי מיר האט זיך געדוכט, האב געציטערט מער פון אלעמען.

אין צוויי טעג ארום האב איך שוין אליין אנגעהויבן פארשטיין, ווער עס האט א שאנס אנ־קומען זיך לערנען און ווער ניט: אויב די קאמיסיע האט גיך זיך אפגעפארטיקט מיטן עקזאמענירטן, הייסט עס, אז ס'ניטא וואס צו פאטערן אף אים קיין צייט.

אין באגאראדסק פלעג איך דערציילן מיינע שוועסטער און כאווערטעס, וואס פאר א כידושים עס קומען פאר אינעם סטאלעשניקאוו־געסל. אלע זיינען מיר מעקאנע געווען. מיכאעלסעס נאמען פלעג מען ארויסברענגען מיט טיפן אפשיי. סאפ־קאלסאף האב איך אנגעהויבן פארשטיין, מיט וואס פאר א מענטשן עס פירט אונדז צונויף דער גוירל. איך בין געגאנגען אף די עקזאמענעס מיט א צע־בויטעט הארצקלאפעניש. כ'פלעג צו זיך אליין טייענען: אזא שנעקל, ווי איך, דארף מען דערווייל אין דער טעאטער־שול בלויז אף קאפארעס, נאר דאך האב איך געהאפט אף עפעס א נעס.

די עקזאמענעס זיינען שוין געגאנגען דעם פינפטן טאג. „היינט וועט מען מיך ארויסרופן", — האב איך א קלער געטאן. איך האב זיך שטארק געערגערט. עמעצער פון די סטודענטן, וועלכע האבן מיך שוין געקענט, האט מיר געהייסן טיפער אטעמען, קעדיי זיך בארויקן.

און אט שטיי איך שוין אף דער בינע. מי־כאעלס הייסט עפעס פארלייענען.

איך לייען אף אוקראיניש איוואן פראנקאס „קאמעניארי" — „מויערער". מיכאעלס הערט מיך אויס שווייגנדיק. דערנאך הייסט ער, איך זאל זינגען. איך זינג א ליד, וועלכע איך האב גע־יארשנט בא מיין מאמען. כ'האב ניט געוווסט, אז דאס איז מירעלעס ליד פון גאלדפאדענס „קאל־דוניע".

עלנט, פון אלע ביימעלעך ווייט,
אף א בערגעלע, גאנץ קליין —
שטייט נאך גאר א יונג ביימעלע
איך ווילדן וואלד אליין.

איך האָב, אַפּאַנעם, געזונגען זייער טראַגיש, ווײַל מיכאָעלס האָט מיך געפֿרעגט, צי קאָן איך אויסזינגען אַ פֿרײלעכע ליד. „וואָדען? אוודאי קאָן איך!” און איך ברענג אַרויס:

*Смело, друзья, не теряйте*
*Бодрость и смелость в бою.*
*Родину-мать вы спасайте...*

איך זע און הער, ווי אַלעקסאַנדרע אזאַרך רוימט אײַן אין אויער מיכאָעלסן: „זייער אַ פֿרײלעכע ליד”... ביידע שמייכלען זיי. איך בין צעטומלט.

— איצט, — זאָגט סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטש, — לאָמיר זיך אַ ביסל באַוועגן.

דער פּיאַניסט־ווירטואָז אַלעקסאַנדער בודייסקי שפּילט פֿאַרשיידענע לויטן כאַראַקטער און טעמפּ מוזיק, און די דאַרפֿסט זיך באַוועגן אין אײַנקלאַנג מיט דער מוזיק. בודייסקי שפּילט אַ וואַלס.

איך מאַך אַ באַוועגונג צום טישל, וואָס שטייט אין אַ זײַט אויף דער בינע, — איך לייג קלוימערשט אַוועק אַ קלייד, פֿאַריכט עס מיט די הענט, גלײַך איך וואָלט עס גרייטן צום פּרעסן. דערנאָך נעם איך אין דער רעכטער האַנט דאָס „פּרעסל”, כ'טו אַ שפּײַ אויפֿן פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט, פּרוּוונדיק, צי דאָס „פּרעסל” איז ניט צו הייס, און הייב אָן פּרעסן. אַלץ טו איך אין טאַקט מיט דער מוזיק. „אויסגעפּרעסט” דאָס קלייד, נעם איך עס פֿאַרזיכטיק אין די הענט און לאָז זיך אַוועק מיט דעם אין אַ וואַלס...

פֿונוואַנען איז מיר אַרײַן אין קאָפּ דער געדאַנק צו באַווײַזן אַזאַ עטיוד? נאָר איך פֿיל, אַז ער איז געפֿעלן געוואָרן. מיכאָעלס ווענדט זיך צו אזאַרך און צו לויטערן, צי זיי ווילן מיך עפּעס פֿרעגן. לויטער זאָגט:

— איך גיב אײַך צוויי ווערטער: „זיי גייען”. איר דאַרפֿט אַרויס אויף דער בינע פֿיר מאָל און זאָגן אָט אָ־די ווערטער: צוערשט — אַ דערשראָקענע; דערנאָך — „עס גייען אומגעבעטענע געסט”; און נאָכדעם — „מע גייט צונעמען אַ טויטן”; און צום סוף — מיט פֿרייד...

ווען איך האָב פֿריידיק אַרויסגעשריגן דעם לעצטן וואַריאַנט און מיכאָעלס האָט אַ זאָג געטאָן: „זעץ זיך”, האָב איך פֿאַרשטאַנען — דעם עקזאַמען האָב איך אויסגעהאַלטן!

## די ערשטע טריט אויף דער בינע

אין די מאַסן־סצענעס פֿון די פֿאַרשטעלונגען, וועלכע זײַנען געגאַנגען אין טעאַטער, זײַנען, אַלס כּלל, געווען פֿאַרנומען סטודענטן פֿונעם צווייטן און דריטן קורס. פֿונעם ערשטן פֿלעגט מען ניט נעמען, נאָר מיר האָט אָפּגעגליקט — אַ סטודענטקע פֿונעם דריטן קורס, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער פֿאַרשטעלונג „קויסל מאַאַראַווי”, איז אַוועקגעפֿאָרן אַהיים אויף ווינטערדיקע קאַניקולן, און מע האָט מיך אַרויסגערופֿן אָנשטאָט איר.

פֿיר יונגע מיידלעך האָבן געדאַרפֿט אַרויסגיין אויף דער בינע מיט איין באַוועגונג. פֿאַרן אַרויסגאַנג האָט מיר כאַנע בלושטשינסקע באַוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף דאָס טאָן. כאַנע איז שוין געווען אויפֿן דריטן קורס. זי האָט מיך אַרומגענומען, ווי אַ קינד, און געזאָגט, אַז איך מעג זײַן רויִק: מיר גייען אַרויס צוזאַמען. זי האָט מיך אַ נעם געטאָן מיט אירע שטײַפֿע הענט, און מיר זײַנען אַרויס אויף דער בינע מיט געזאַנג און באַוועגונגען, ווי עס האָט זיך געפֿאָדערט פֿאַר די סטעפּ־מיידלעך, וואָס גייען אַרויס אין פֿעלד אויף דער אַרבעט. דאָס איז געווען מײַן סאַמע ערשטער אויפֿטריט אויף אַן עמעסער בינע. דערנאָך האָט מען מיך שוין פֿאַרנומען אין קולבאַקס „בויטרע”. איך האָב זייער ליב געהאַט אָט די פֿאַרשטעלונג, וועלכע עס האָט געשטעלט מיכאָעלס.

אין 1935 האָט דער מאָסקווער גאָסעט באַוויזן זײַן וועלט־באַרימטן „קיניג ליר”. אין דער פֿאַרשטעלונג האָט מען באַדאַרפֿט האָבן אַ סך יונגע יאַטן קריגסלײַט. און אַזוי ווי דער פֿערטער קורס איז שוין אַן אַרויסלאָז־קורס, האָט מען אין „קיניג ליר”, כּוח די יאַטן פֿונעם צווייטן קורס און פֿונעם דריטן, אויך אײַנגעלאַדן פֿיר סטודענטן פֿון אונדזער ערשטן קורס: קאַרשענבוים, וואַסערצײַד, קרעסטינעצקי און סאַנדאָמירסקי. אָך, ווי מיר זײַנען זיי געווען מקנא!

„קיניג ליר” האָט געהאַט אַזאַ קאָלאָסאַלן דערפֿאָלג, אַז בילעטן איז געווען אוממעגלעך צו קריגן. די גאַנצע רוסישע אינטעליגענץ — קריטיקער, אַקטיאָרן, רעזשיסערן, האָבן מיט וווּנדער געקוקט די פֿאַרשטעלונג. מיר, סטודענטן, האָבן בכלל געהאַט דאָס רעכט דורכגיין פֿרײַ אויף אַלע ספּעקטאַקלען. אָבער אויף „קיניג ליר” האָט מען אַלעמאָל געמאָלדן: „הײַנט זאָל קיינער פֿון די סטודענטן, וועלכע זײַנען ניט פֿאַרנומען אין דער פֿאַרשטעלונג, ניט קומען — ס'וועט זײַן איבערפֿולט און מע וועט קיינעם ניט אַרײַנלאָזן”.

## אַן אָוונט אין צענטראַלן קונסט־הויז

אין דעם זעלבן פֿינף־און־דרײַסיקסטן יאָר האָט דאָס צענטראַלע הויז פֿאַר קונסט־טוער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין אַ האַלבקעלער־געבײַדע אין סטאַראָפּימענאָווסקער געסל, געמאָלדן אַן אָוונט פֿון טעאַטראַלע מאָנאָלאָגן. עס האָבן געדאַרפֿט אַרויסטרעטן אַזעלכע באַוווּסטע בינע־מײַסטערס, ווי פּאַפּאַזיאַן, טאַראַסאָוואַ, מיכאָעלס.

לעבן דעם הויז פון די קונסט־טוער איז זיך צונויפגעקומען געוויס די גאנצע מאָסקווער טעאַטראַלע געזעלשאַפטלעכקייט — די גאַס איז געווען פולגעפּאַקט מיט מענטשן.

אונדז, עטלעכע יונגע אַקטיאָרן פונעם גאָסעט און סטודענטן, האָט שטאַרק אָפּגעגליקט — מיר זײַנען אַרײַן אין זאַל און אַפילע באַוויזן פאַרנעמען ערטער. איך פיל שוין פאָרויס דעם פאַרגעניגן, וואָס כ׳וועל באַקומען. פּלוצעם דערזע איך לעם דער ערשטער ריי די סעקרעטאַרשע פון אונדזער טעאַטראַלער סטודיע פ. רובינשטיין. זי זוכט עמעצן מיט די אויגן. באַמערקנדיק מיך, טוט זי פרײדיק א מאַך מיט דער האַנט: „לויף גיכער הינטער די קוליסן, סאָלאָמאָן מיכאָײלאָוויטש רופט דיך״.

דער פאָרהאַנג איז נאָך געווען פאַרמאַכט, ווען מיכאָעלס איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט: „אַז כ׳וועל זיך צו דיר אָנבייגן, זאָלסטו אונטערשפּרינגען״. מיר איז ניט געווען קלאָר, וואָס איך וועל דאַרפן ווײַטער טאָן, נאָר איבערפרעגן האָב איך ניט געוואַגט.

עס האָט זיך פאַנאַנדערגעעפנט דער פאָרהאַנג — מע האָט געמאָלדן מיכאָעלסעס אויפטריט.

ער האָט זיך גלײַך צו מיר אָנגעבויגן, איך בין אונטערגעשפּרונגען, און מיכאָעלס האָט מיך אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל אַזוי לײַכט, ווי מע וואַרפט אַריבער א מאַנטל. איך האָב זיך פאַרלוירן. נאָר מיט מיכאָעלסעס ערשטן טראָט אויף דער באַלויכטענער בינע האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז איך דאַרף אויסשפּילן די ראָל פון דער טויטער קאָרדעליאַ אין „קיניג ליר״ — איך טאָר זיך ניט באַוועגן...

מיכאָעלס האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך, ער איז דערגאַנגען ביז דער מיט פון דער בינע, פאַרזיכטיק אַראָפּגענומען מיך פונעם אַקסל, אַוועקגעלייגט אויפן דיל און אָנגעהויבן זײַן מאָנאָלאָג. ווענדנדיק זיך די גאַנצע צײַט צו דער „טויטער״ קאָרדעליאַ, האָט ער מיך געטאָרקעט, אונטערהייבנדיק, געטרייסלט פאַר די אַקסלען, ווי געוואָלט אופרופן קאָרדעליען צום לעבן:

„א הונט, א קאַץ, א מויז — זיי לעבן, און דו — אָטעמסט ניט, דו באַוועגסט זיך ניט...״

איך בין געלעגן — ניט טויט, ניט לעבעדיק.

מיכאָעלס פאַרענדיקט דעם מאָנאָלאָג, בלײַבט א „טויטער״ ליגן לעבן זײַן ליבלינג — קאָרדעליאַ.

א פּאָר מינוט איז געווען אַזוי שטיל, אַז איך האָב געמיינט — כ׳בין געבליבן איינע אַליין מיט פאַרמאַכטע אויגן, און מער איז קיינער נישטאָ ניט אין זאַל, ניט אויף דער גאָרער וועלט.

מיטאַמאָל האָט א שקוואַל פון אַפּלאָדיסמענטן אופגעריסן די שטילקייט פונעם זאַל.

סאָלאָמאָן מיכאָײלאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן און מיר געגעבן די האַנט — איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מעג שוין ווערן „לעבעדיק״. ער האָט מיר שעפּטשענדיק אײַנגערוימט: „א דאַנק״. איך בין אונטערגעשפּרונגען ביזן זיבעטן הימל: מײַן לערער, מײַן קומיר האָב איך ניט אונטערגעפירט! איך, די שטיפערקע, דאָס קעסיידערדיקע דריידל, וואָס האָט שטענדיק געלאַכט, בין געלעגן ווי א טויטע. ביז איצט איז מיר שווער זיך פאָרצושטעלן, וויאַזוי איז דאָס אַלץ געשען.

## מײַן „ראָל״ אין „קיניג ליר״

א צווייטער עפּיזאָד, וואָס איז אויך פאַרבונדן מיט דער פאָרשטעלונג „קיניג ליר״, איז שוין גאָר אַן אַנדערער, נאָר אויך אַן אומפאַרגעסלעכער. ווען איך בין געווען שוין אויפן צווייטן קורס, האָט מען מיך, די איינציקע פון די מיידלעך, אַרײַנגעפירט אָנשטאָט אַן אַנדער סטודענט אין „קיניג ליר״ אַלס איינעם פון די קריגסלײַט, וועלכע האָבן „געהאַלטן מילכאָמע״ קימאַט צום סאָף פונעם פערטן אַקט. ס׳קאָן זײַן, אַז מיך האָט מען גענומען דערפאַר, ווײַל לויט דער מיזאַנסצענע האָט מען מיך, א „פאַרווונדעטן״, אַרויסגעטראָגן פון דער בינע אויפן אַקסל, און דאָס איז, אַפּאָנעם, געווען לײַכטער, איידער טראָגן א מאַנצבל. איך האָב גוט געפירט דעם „געפעכט״, אָבער מע האָט מיך „דורכגעשטאָכן״ און א צווייטער קריגסמאַן האָט מיך אַוועקגעטראָגן פון דער בינע. איך האָב דאָס שטענדיק לײַכט אויסגעפילט — א גאַנצן ווינטערסעזאָן פונעם זעקס־און־דרײַסיקסטן יאָר.

איינמאָל, אין דעם טאָג, ווען עס איז געגאַנגען „קיניג ליר״, האָט מיך מײַן כאַווערטע אײַנגערעדט גיין מיט איר אין וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער אויף דער פּרעמיערע „אַן שולד שולדיקע״.

— איך בין הײַנט פאַרנומען אין „קיניג ליר״, — האָב איך געזאָגט.

— דו וועסט באַווײַזן, דו גייסט דאָך אַרויס צום סאָף פונעם פערטן אַקט.

און זי האָט מיך אײַנגערעדט.

צוויי פרײַע ערטער אינמיטן דער צווייטער ריי — ניט שטענדיק טרעפט אַזאַ גליק. מיר קוקן פאַרגאַפט. די אַקטריסע אָראָטשקאָ שפּילט אויסערגעוויינלעך — אַן עכטע קרוטשינינאַ! און ביכלאַל געפעלט אונדז שטאַרק די פאָרשטעלונג — ס׳איז אוממעגלעך זיך אָפּצורײַסן און אַוועקגיין פאַרן סאָף. איך מוז אָבער לויפן אין מײַן טעאַטער.

איך בין אַרײַן אין גרימיר־צימער, כ׳האָב קוים־קוים באַוויזן אַרופציִען אויף זיך דעם קאָסטיום פונעם קריגסמאַן, אָנמאָלן א „בלוטיקן שראַם״ אויף מײַן באַק און אַרויס אויף דער בינע.

איך האָב זיך „געשלאָגן״, ווי שטענדיק. ווי אַלעמאָל האָט מען מיך אַרויסגעטראָגן אויפן אַקסל, אָבער אַראָפּגיין האָב איך שוין ניט געקאָנט, דערפילט א שטאַרקע מידקײַט פונעם אַרומלויפן אַהין־אַהער. דאָס האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט, אַז כ׳האָב

זיך געמוזט צולייגן אױפֿן דיװאַן. אינגיכן האָט זיך געענדיקט דער ספּעקטאַקל, עס זײַנען אַרײַן צו מיר ס. ראָטבאַום, לוקאָװסקי, קרייטשמאַן, נאָך אַקטיאָרן — מע פֿרעגט, װאָס איז מיט מיר?

מיטאַמאָל גייט אַרײַן מיכאָעלס — גלײַך פֿון דער בינע, אינעם מאַלבעש פֿון קיניג ליר. אים האָבן פֿאַרהאַלטן די לאַנגדױערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. ער זעצט זיך אַװעק אױפֿן דיװאַן, באַרויִקט מיך און הייסט רופֿן אַ דאָקטער. פֿאַר בושע איז מיר געװאָרן ערגער, נאָר כ׳האָב געזאָגט, אַז איך פֿיל זיך שוין גוט. סאָלאָמאָן מיכײַלאָװיטש איז אַװעק אַראָפּנעמען דעם גרים, זיך איבערטאָן.

ער האָט אַװדאי געמיינט, אַז מיר איז שװער צו „פֿירן אַ מילכאָמע" און געהייסן, מע זאָל מיך פֿון די קריגסלײַט באַפֿרײַען.

אױפֿן דריטן קורס האָט מען עטלעכע סטודענטן פֿאַרבעטן אָנטיילצונעמען אין דער פֿאָרשטעלונג „שולאַמיס". די פּיעסע האָט שמועל האַלקין אָנגעשריבן אױפֿן סמאַך פֿון גאָלדפֿאַדענס פּרעכטיקער פּאָעזיע, די מוזיק צו איר האָט פֿאַרפֿאַסט לייב פּולװער, אױך אױסניצנדיק גאָלדפֿאַדענס מאָטיװן, דער קינסטלער איז געװען רינדין, די טענץ האָט געשטעלט עמיל מיי. דאָס איז געװען אַ װוּנדערלעכער געשמעלץ פֿון גרױסע טאַלאַנטן, װעלכע מיכאָעלס האָט פֿאַרייניקט און פֿאַרגאַנצט. די דעקאָראַציעס, די דועטן, דער װוּנדערלעכער טאַנץ פֿון די פּאַסטעכער פֿלעגן שטענדיק אַרױסרופֿן אַן אַפּלאָדיסמענטן־שטורעם. כ׳האָב שטאַרק שטאָלצירט מיט דעם, װאָס איך, איינע פֿון די מיידלעך, האָב געטאַנצט מיט די סטודענטן אַלס פּאַסטעכל.

טראָץ די מאַטעריעלע שװעריקייטן, זײַנען די סטודענטישע פֿיר יאָר אַדורך װי אַ גרױסער, שײנער כאָלעם. אױף אונדזערע אינטערעסאַנטע אָװנטן, מיט װעלכע מיר, סטודענטן, האָבן אָפּגעמערקט יעדן יאָמטעװ פֿונעם לאַנד, פֿלעגן שטענדיק קומען אין דער סטודיע אַקטיאָרן, שרײַבער, פּאָעטן, אָפּטער פֿון אַלעמען — שמועל האַלקין, נאָכעם לעװין, פּערעץ מאַרקיש, יעכעזקל דאָברושין — זיי פֿלעגן ניט דורכלאָזן קיין איין אָװנט. אָפּטמאָל פֿלעג דאָברושין בלײַבן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאַן האָבן מיר שוין געװוּסט, אַז מיר קאָנען בעטן בײַ אים, ער זאָל אונדז דערציילן אַ „מײַסעלע" און מיר װעלן זינגען אַ מעלאָדיע, װעלכע ער האָט אונדז אױסגעלערנט. און דאָברושין פֿלעג דערציילן, צוטראַכטנדיק אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, און צופֿירן אַזױ צו דער מעלאָדיע, אַז זי זאָל זיך יעדעס מאָל אָרגאַניש אײַנשליסן אין דער דערציילונג. די מעלאָדיע איז באַשטאַנען פֿון צװיי טיילן: די ערשטע — אַ ביסל אַ צעצױגענע, אַ לירישע, די צװייטע — אַן אינטענסיװע און העראָאִישע.

מיר, סטודענטן, האָבן מיט אומגעדולד געװאַרט, דאָברושין זאָל זיך אַװעקזעצן, אַװעקשטעלן לעבן זיך זײַן שטעקל. אַלע רינגלען אים דאָ אַרום — װער עס זיצט, װער עס שטייט, און ער הייבט אָן דערציילן...

מיר װאַרטן אױף זײַן בעני־מעסדיקן שמייכל און קאַרגן זשעסט מיט דער האַנט: דאָס הייסט, מיר דאַרפֿן אַרײַנטרעטן מיט דער מעלאָדיע לױט דער ריי — װען מיטן ערשטן טייל און װען מיטן צװייטן, אָפּהענגיק פֿונעם כאַראַקטער פֿון דער דערציילונג. פֿאַר אַזעלכע אָװנטן פֿלעג אַלעקסאַנדרע אַזאַרך צוגרייטן מיט די סטודענטן אינטערעסאַנטע, שאַרפֿזיניקע קאַפּוסטניקעס. מיכאָעלסן זײַנען אַזעלכע אָװנטן געװען זייער צום האַרצן — אױף זיי פֿלעג ער זיך אַ ביסל אָפּרוען. איך געדענק, װי פּערעץ מאַרקיש האָט געקײַכט פֿון געלעכטער, װען איך האָב פּאַראָדירט אױף דער בינע אונדזער סטודענטקע פּעטערבורגסקע, ריידנדיק מיט איר „לעקסיקאָן". איר איז דאָס אױך געװען זייער געפֿעלן.

אױף אַזעלכע אָװנטן זײַנען מיר, סטודענטן, געװען די באַלעבאַטים און אָט די אַלע באַרימטע מענטשן — אונדזערע געסט.

װאָס אָבער פֿלעג זיך טאָן אין דער סטודיע און איבערהױפּט אין דעם קורס, צו װעלכן מיכאָעלס האָט געדאַרפֿט קומען קוקן די אַרבעט! עפּעס אַ קלייניקייט — שפּילן פֿאַר מיכאָעלסן! דאָס האַרץ איז פֿול געװען מיט פֿרייד און מיט שרעק. אַזעלכס האָט געטראָפֿן מיט מיר פּערזענלעך. אױפֿן דריטן קורס האָט יעדערער פֿון אונדז געשפּילט, װאָס ער האָט געװאָלט: עדגאַרן, קאַסיִאָן, סיוזאַנען, דעזדעמאָנען — װאָס דײַן האַרץ גלוסט. איך האָב, כּוץ דזשוליעטען, װעלכע די לערערן אַזאַרך האָט מיר „געגעבן", געגרייט אַ פֿראַגמענט פֿונעם „קלײנבירגער אין אַדלטום". מיר פֿלעגן שטענדיק צוגעבן אייניקע דעטאַלן צו אונדזערע טאָגטעגלעכע געװײנלעכע קליידער. װען מיר האָבן זיך דערװוּסט, אַז ס׳װעט קומען מיכאָעלס, האָב איך באַשטימט קױפֿן װאָלװעלע סכױרע און אױפֿנייען אַ פֿאַרטעכל מיט אַ טשיפּעק פֿאַר מײַן „ניקאָל". איך האָב דאָס אַלץ אָנגעקראָכמאַליעט, אױסגעפּרעסט און אױפֿגעהאַנגען, קעדיי עס זאָל זיך ביז אינדערפֿרי ניט צעקנייטשן.

אױף מאָרגן איז אין זינען געװען בלױז איינס: װיִאַזױ װעט מיכאָעלס אונדז אָפּשאַצן? כ׳האָב זיך שטאַרק געאײַלט און פֿאַרגעסן מיטנעמען מיט זיך דעם נײַ־צוגעגרייטן אָנצוג...

## די אױפֿנאַם־עקזאַמענעס אױפֿן ערשטן קורס

מער פֿון אַלץ האָב איך ליב באַקומען די עקזאַמענעס, װעלכע פֿלעגן פֿאָרקומען יעדן זומער אין סטאָלעשניקאָװ־געסל, נומער אַכט, װי אױך אין

יענע שטעט, וווּהין דער טעאַטער פלעג אַרויספאָרן אַף גאַסטראָלן.

איצט דוכט זיך מיר, אַז בא מיכאָעלסן זייַנען דאָס געווען קימאַט די איינציקע שאָען, ווען ער האָט געקאָנט ניט טראַכטן וועגן זייַן גרויסער אָנלאָדונג און זיך אָטכאַיען די נעשאָמע צווישן די שילער. כאָטש ער פלעג זייַן קלוימערשט שטאַרק שטרענג בייס די עקזאַמענעס, דאָך פלעג ער אָפט שמייכלען און צומאָל זיך ניט אייַנהאַלטן און לאַכן מיט אַלעמען צוזאַמען.

ווען איך בין שוין געווען אַ גליקלעכע סטודענטקע פונעם דריטן קורס, איז, ווי שטענדיק, פאָרגעקומען אַן אופנאַם אַפן ערשטן. די קאָמיסיע איז געזעסן אין פולן באַשטאַנד, און מיר, סטודענטן, האָבן אויך, פאַרשטייט זיך, ניט דורכגעלאָזט די מעגלעכקייַט צו זען די נייַ־אָנקומענדיקע. אוואַדע איז זיצן אין זאַל און קוקן אַ סאַך גרינגער, איידער שטיין אַף דער בינע און ציטערן.

אין יענע יאָרן פלעג קומען יוגנט פון פאַרשיידענע שטעט און איבערהויפּט פון די שטעטלעך — נישט בלויז ניט קיין צוגעגרייטע, נאָר בכלל אַפן פּראָווינציעלן אויפן נאַיִווע. דערפאַר איז אָפטמאָל געווען זייער קאָמיש צו זייַן אַ באַאָבאַכטער.

אָט גייט אַרוף אַ שיינער באָכער אַף דער בינע, און מיכאָעלס הייסט אים עפּעס „זאָגן". דער באָכער שטעלט צונויף עטלעכע שטולן אין אַ באַנק, זאָגט צוויי ווערטער און טוט זיך מיט קאַס אַ וואַלגער אַף די שטולן... עס גייט דורך אַ מינוט, צוויי, אַלע קוקן זיך איבער — בא מיכאָעלסן פּלאַצט דאָס געדולד, און ער שרייַט אויס: „און לאַנג וועסטו אַזוי אָפּרוען?" דער באָכער ענטפערט גלייַכגילטיק: „איר פאַרשטייט דען ניט? איצט רעדט מייַן פּאַרטניאָר — בא אים איז אַ גרויסער מאָנאָלאָג".

מיר האָבן אויסגעשאָסן אַזאַ געלעכטער, אַז מיכאָעלס האָט אונדז אַלעמען אַרויסגעטריבן פונעם זאַל. נאָר ווער קאָן דאָס שטיין רויִק אין קאָרידאָר, ווען עס גייען די עקזאַמענעס? צוערשט האָב איך געמאַכט אַ קליין שפּאַרונקעלע אין דער טיר, זי צוגעהאַלטן, זי זאָל זיך ניט עפענען, ניט סקריפּען. דערנאָך זייַנען צוגעגאַנגען נאָך און נאָך ווייַסעכעווורעניקעס. דער באַרג פון סטודענטן איז געוואַקסן, דער דרוק אַף דער טיר אויך — אופהאַלטן זי האָט ניט געקלעקט קיין קויעך, און כ'האָב זי אָפּגעלאָזט. אַלע האָבן זיך אַרייַנגעוואַלגערט אין זאַל און זיך צעלאָפן. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, אין דער ערשטער רעגע אַפילע מוירע געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן.

אָבער מיכאָעלס און די קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן זיך צעלאַכט. דאָס איז, אַפּאָנעם, געווען שטאַרק קאָמיש. קיינער האָט אונדז קיין מוסער ניט געזאָגט. האָבן מיר זיך אַלע ווידער אוועקגעזעצט אַף די ערטער און שוין געזעסן שטיל, ווי די טייַבעלעך.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די עקזאַמענעס אין זשיטאָמיר. נאָכן פאַרענדיקן דעם דריטן קורס האָט מען מיך מיט נאָך עטלעכע סטודענטן גענומען מיטן טעאַטער אַף גאַסטראָלן. אַרויספאָרן מיט אַזאַ טעאַטער, אַף וועלכן עס וואַרטן מיט אומגעדולד אַזויפיל צושויער, איז אַ קאָוועד. דער רעפּערטואַר איז אַ גרויסער און אַן אינטערעסאַנטער. זשיטאָמיר, וויניצע און ראָסטאָוו — איך בין קימאַט אין אַלע ספּעקטאַקלען פאַרנומען — איך בין גליקלעך.

אין זשיטאָמיר איז געמאָלדן געוואָרן, אַז אין אַזאַ און אַזאַ טאָג וועט פאָרקומען אַן אופנאַם אין דער ייִדישער טעאַטראַלער סטודיע.

אַלע ווילן ווערן אַרטיסטן. צווישן אַנדערע זייַנען געקומען צוויי מיידלעך — זיי האָבן אַליין צוגעטראַכט „אַ פּיעסע אין דרייַ טיילן". די גאַנצע פּיעסע גייט דרייַ־פיר מינוט. מיכאָעלס פרעגט בא זיי די פאַמיליעס, און זיי ענטפערן: „כייַקע פאַרשיוואַיאַ און לייע קלאָפּנמאַכער". מיכאָעלס באַמערקט שטיל: „זייער פּאַסיקע פאַמיליעס פאַר אַקטריסעס".

איך וועל ניט פאַרנעמען די צייַט אַף צו דערציילן דעם אינהאַלט פון די „דרייַ אַקטן", נאָר דער „ספּעקטאַקל" האָט זיך פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „אָט, איצט זעיען מיר, אַז אַדאַנק דעם כאָווער סטאַלין איז פון לייע דער פּוילאַטשקע געוואָרן אַ שלוגלערן". און ביידע זינגען מיט פּאַטאָס די מעלאָדיע „שיראָקאַ סטראַנאַ מאָיאַ ראָדנאַיאַ".

די מיידלעך האָט מען ניט אָנגענומען, נאָר איך האָב באַקומען פאַר מייַן פּאַראָדיע־רעפּערטואַר אַ קרויןנומער, וועלכן איך האָב אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן דערנאָך געדאַרפט באַווייַזן אין טעאַטער און אין דער סטודיע לויט דער ביטע פון די אַקטיאָרן.

נאָך זשיטאָמיר איז געווען וויניצע. דער אופנאַם האָט זיך איבערגעכאַזערט. דאָ האָט מען אָנגענומען דרייַ פּעיִקע מיידלעך און זייער אַ טאַלאַנטפולן באָכער — מאַרמאָ, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען אין דער מילכאָמע.

פון וויניצע איז דער טעאַטער געפאָרן קיין ראָסטאָוו. אַ נייַע שטאָט, נייַע אייַנדרוקן, אינטערעסאַנטע באַגעגענישן.

## אַף אַן אופנאַם באַם פאָלקס־אַרטיסט

### פון פּסר יורי זאַוואַדסקי

אין ראָסטאָוו האָט אַפן טעאַטער אומגעדולדיק געוואַרט מיכאָעלסעס גרויסער פרייַנט יורי אַלעקסאַנדראָוויטש זאַוואַדסקי. אין יענער צייַט

האָט מען דעם טעאטער אפן נאָמען פון דעם מאָסקווער סאָוועט אונטער דער אָנפירונג פון זאוואדסקין אריבערגעפירט אין פולן באשטאנד אין דער שטאָט ראָסטאָוו. ס'איז אפילע געווען פאר אים אויסגעבויט א געביידע אין דער פאָרם פון א טראקטאָר, וועגן וועלכער מע האָט דעמלט א סאך געשריבן. זאוואדסקי פלעגט אָפט קומען צו אונדז אף די פאָרשטעלונגען. ווען אונדזערע גאסטראָלן זיינען שוין געגאנגען צום סאָף, האָט ער מיט זיין קאָלעקטיוו איינגעלאדן אונדזער טרופּע אף א באגעגעניש. אין זעלבן אָוונט איז בא זיי אין טעאטער ארויסגעטראָטן די באוווּסטע אוזבעקישע עסטראדע־ארטיסטקע טאמארע כאנום. אין איר רעפּערטואר זיינען געווען עטלעכע יידישע פאָלקסלידער, וועלכע זי האָט אויך אין יענעם אָוונט געזונגען, דעמאָנסטרירנדיק א גוטע יידישע שפּראך. אָפּוועגנדיק זיך א ביסל אין א זייט, וויל איך זאָגן וועגן איר נאָך א פּאָר ווערטער.

אין פופציק יאָר ארום נאָך דער באגעגעניש אין ראָסטאָוו איז אונדזער יידישער מוזיקאלישער קאמער־טעאטער געווען אף גאסטראָלן אין טאשקענט. די גאסט־אָלן זיינען דורכגעגאנגען מיט גרויס דערפאָלג אינעם „פּאלאץ פון פעלקער־פריינטשאפט", וועלכער נעמט אריין 4.000 צושויער. יעדן אָוונט איז דער טעאטער געווען איבערפולט. און אָט איז די לעצטע פאָרשטעלונג. אף דער בינע הייבט זיך אויף א דעלעגאציע בעראָש מיט טאמארע כאנום. זי באגריסט דעם בירא־בידזשאנער קאָלעקטיוו מיטן גרויסן דערפאָלג און דערציילט, וויאזוי אדאנק איר אמאָליקער באגעגעניש מיט שלוימע מיכאָעלסן אין פיר־און־דרייסיקסטן יאָר איז זי געוואָרן אן אויספירערן פון יידישע לידער. דערנאָך האָט זי אויסגעזונגען די יידישע פאָלקסליד „קינדער, מיר האָבן היינט סימכעסטוירע".

די דעלעגאציע האָט אונטערגעטראָגן די יידישע ארטיסטן בלומען און א גרויסן פאָלומעסעק מיט אוזבעקישע פלעצלעך, פרוכטן, אנגעטאָן יעדן אקטיאָר א טראדיציאָנעלע טיובעטייקע.

...מיכאָעלס איז אף יענעם אָוונט אין ראָסטאָוו געזעסן באם טיש מיט זיין פרוי אנאסטאסיע פאָוולאָוונע, מיט יורי זאוואדסקין, ווערע מארעצקאיאן, טאמארע כאנום. די יונגע אקטיאָרן, ווי אויך מיר, סטודענטן, האָבן די גאנצע צייט פארוויילט דעם אוילעם, געטאנצט אונטער דער מוזיק פונעם אָרקעסטער, וועלכן זאוואדסקי האָט ספּעציעל איינגעלאדן. די טענץ זיינען אין יענע יאָרן געווען זייער שיינע און פלאסטישע — טאנגאָ, וואלס באָסטאָן, פאָקסטראָט. מיר האָט מיכאָעלס געזאָגט:

— באלד וועט מען שפילן א לעזגינקע, אזוי אז...

מיט דער האנט האָט ער באוויזן, וויאזוי די גרוזינער טאנצן. אף אָוונטן אין טעאטער אָדער אין דער סטודיע פלעג איך אמאָל ארויס מיט א לעזגינקע, צומאָל אפילע אף באצאָלטע קאָנצערטן. דער אָרקעסטער האָט א שפּיל געטאָן די מעלאָדיע — איך האָב גלייך אראָפּגעוואָרפן פון זיך די שיכלעך אף הויכע אָפּצאסן און אף די שפּיץ פינגער, ווי עס טוען עכטע קאווקאזער, זיך אוועקגעלאָזט אין א טאנץ...

דער אָוונט איז געווען אזא הארציקער, אז איך געדענק אלץ גענוי ביז איצט.

## מ י ל כ אָ מ ע!

נאָכן פאַרענדיקן די סטודיע בין איך און צוויי מיינע כאווערטעס אָנגענומען געוואָרן אין טעאטער. מיר האָבן באקומען ראָלן אינעם רעפּערטואר, אוועקגעפאָרן מיטן טעאטער אף גאסטראָלן.

אין מיי איין־און־פערציקסטן זיינען מיר געווען אין לענינגראד, ווו מע האָט שטענדיק אופגענומען דעם מאָסקווער גאָסעט מיט באגייסטערונג. אלע אָוונטן האָט דער טעאטער געשפּילט פאר פולע זאלן, און אין די אינדערפריען האָט מיכאָעלס געפירט די לעצטע רעפּעטיציעס פון דער קומענדיקער פּרעמיערע „בלאָנדזנדע שטערן".

די פּרעמיערע איז באוויזן געוואָרן טאקע אין לענינגראד, און זי האָט געהאט א קאָלאָסאלן דערפאָלג.

אין לענינגראד זיינען מיר געווען ביז סאמע סאָף מיי. דעם 2־טן יוני האָבן זיך אָנגעהויבן די גאסטראָלן אין כארקאָוו. דער לעצטער טאָג פון אָט די גאסטראָלן איז געווען דער ערשטער טאָג פון דער מילכאָמע, און ער איז פארבליבן אין זיקאָרן אפן גאנצן לעבן.

זונטיק, דעם צוויי־און־צוואנציקסטן יוני, האָט אין כארקאָווער אָפּיצערן־הויז, צוועלף אזייגער באטאָג, געדארפט גיין די פאָרשטעלונג „צוויי קונילעמלעך". די אקטיאָרן זיינען שוין גרייט געווען ארויסצוגיין אף דער בינע, ווען מע האָט איבערגעגעבן, אז באלד וועט דורך דער ראדיאָ ארויסטרעטן מאָלאָטאָוו.

אלע מיליטערלייט האָבן גלייך פארלאָזט דעם זאל. פארן פאָרהאנג האָט זיך באוויזן מיכאָעלס. ער האָט געהאלטן א רעדע פארן צושויער־זאל. זעלבסטפארשטענדלעך, אז די רעדע איז געווען ניט קיין צוגעגרייטע — ער האָט דאָך אליין נאָר וואָס זיך דערוווּסט וועגן דעם פאשיסטישן אָנפאל. נאָר וויאזוי האָט ער גערעדט!

אלע זיינען געבליבן זיצן אף די ערטער, געקוקט די פאָרשטעלונג ביזן סאָף. שווער איבערגעבן מיט ווערטער, אין וואָס פאר א צושטאנד עס האָבן געשפּילט די אקטיאָרן — געטאנצט, געזונגען — „צוויי קונילעמלעך" איז דאָך א קאָמעדיע...



י. דאָברושין, ב. זוסקין, ש. מיכאָעלס. 1922

ש. מיכאָעלס באַוויזט, וויאַזוי מע דאַרף זיך גרימירן





ש. מיכאָעלס. 1923

א סצענע פונעם ספעקטאקל „פריילעכס”. פון רעכטס אױף לינקס: פאַרדינסטפולער ארטיסט פון רספסר מ. שטײמאַן, ס. פאַבריקאַנט, ע. טײַבלינע, מ. קאַטליאַראָווע, ד. רויט־קאָפּ, מ. לייענזאָן



אין אָוונט גייט די פּרעמיערע „בלאָנדזשנדע שטערן". צי וועט זײַן פֿאַר וועמען צו שפּילן?

מיר אַלע וואָלטן שוין אַליין וואָס גיכער אָפּגעפֿלויגן קיין מאָסקווע, צו אונדזערע קינדער, מישפּאָכעס. און שטעלט זיך פֿאָר — אין אָוונט איז דער טעאַטער אָפּן נאָמען פֿון ט. ג. שעווטשענקאָ געווען איבערפֿולט. דער צושויער האָט אופֿגענומען די פֿאָרשטעלונג אַזוי, פּונקט ווי עס איז גאָרניט געשען. ווען מיר זײַנען נאָכן ספּעקטאַקל אַרויס אָף דער גאַס, איז געווען אַזאַ פֿינצטערניש, אַז מיר האָבן איינער דעם אַנדערן ניט געזען. מיר האָבן זיך אַלע גענומען בײַ די הענט און אין אַ לאַנגער שערענגע, בעראָש מיט זוסקינען, פּאַמעלעך געגאַנגען צום האָטעל, וואָרענענדיק די מענטשן, וואָס זײַנען זעלטן געגאַנגען אַנטקעגן: „פּאָרזיכטיק! פּאָרזיכטיק!" פֿיל אַקטיאָרן האָבן זיך צונויפֿגענומען בײַ זוסקינען אין צימער און געזעסן ביז אינדערפֿרי.

דעם דרײַ־און־צוואַנציקסטן יון האָט זיך דער טעאַטער אומגעקערט קיין מאָסקווע.

עס איז אָנגעקומען די שווערסטע צײַט פֿאַר אונדזער לאַנד, פֿאַרן טעאַטער און פֿאַר יעדן איינעם באַזונדער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע. עטלעכע אַרטיסטן פֿונעם טעאַטער זײַנען גלײַך אַוועק אָפּן פֿראָנט. עס האָט זיך אָרגאַניזירט די אָפּאָלטשעניע. שלוימע מיכאָעלס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן אופֿרוף צו די אַקטיאָרן און מוזיקאַנטן. ער אַליין האָט דער ערשטער זיך פֿאַרשריבן אין צעטל פֿון די אָפּאָלטשענצעס.

עס האָט זיך גלײַך אָפּגערופֿן די גאַנצע יוגנט און ביכלאַל קימאַט אַלע מאַנצבלען. פֿון די, וואָס זײַנען אין אָט די טעג אַוועק אָפּן פֿראָנט, האָבן זיך ניט אומגעקערט פֿיר מענטשן — דרײַ אַקטיאָרן און איין מוזיקאַנט.

## מיר פֿאַרלאָזן מאָסקווע

נאָך איצט כאַפּט מיך אַ שוידער, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם פֿופֿצנטן אָקטיאַבער איין־און־פֿערציקסטן יאָר.

דער קאָלעקטיוו פֿונעם מאָסקווער „גאָסעט" האָט אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אָף מיכאָעלסן, וועלכער איז אַוועק אין קאָמיטעט פֿאַר קונסט־איניאָנים, קעדיי באַקומען אַן אָנווײַזונג, וואָס די טרופּע זאָל טאָן ווײַטער. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז אים געווען שווער צו דערקענען. ס'לאָזט זיך אויס, אַז דײַטשישע אַרײַנדרינגער גרײַפֿן שוין אָן אָף מאָסקווע, מיר מוזן זיך עוואַקויִרן.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום איז די טרופּע אָף לאַסט־אויטאָמאָבילן אַוועקגעפֿאָרן צום קאַזאַנסקער וואָקזאַל.

מיכאָעלס און זוסקין זײַנען פֿריִער אָפּגעפֿאָרן פֿון מאָסקווע מיט אַ קלענערן טייל פֿונעם קאָלעקטיוו. באַנאַכט האָבן מיר זיך מיט מאָסקווע געזעגנט. עטלעכע מעסלעס זײַנען מיר געפֿאָרן ביז קויבישעוו. דאָרט האָט מען אונדז געהייסן אַראָפּגיין און אויסוואַרטן אָף מיכאָעלסן מיט די איבעריקע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט אָנקומען פֿון אַן אַנדער ריכטונג.

אין דרײַ מעסלעס אַרום, וועלכע מיר זײַנען אָפּגעזעסן אָפּן קויבישעווער וואָקזאַל, ווען דער קאָלעקטיוו האָט זיך שוין אינגאַנצן צונויפֿגעזאַמלט, האָט דער צוג אונדז אַוועקגעפֿירט קיין סאַמאַרקאַנד.

מיכאָעלס, וועלכער איז געפֿאָרן אין אַן אַנדער וואַגאָן, פֿלעגט אָף די לאַנגדויערנדיקע אָפּשטעלן צוגיין צו אונדזער וואַגאָן, און אַלע האָבן געוויינלעך זיך „אַרויסגעשאָטן" אָפּן פּעראָן.

מיט אונדז זײַנען געפֿאָרן בלויז צוויי קינדער — דער אַקטריסע ראָזע קורצס יינגעלע, וואָס איז אַלט געווען פֿינף יאָר, און מײַן צווייאָריק זונעלע. ווי שטענדיק, באַווײַזן קליינע קינדער „גרויסע כאָכמעס". מײַן וואָוקען איז, אָפּאָנעם, געווען געפֿעלן, ווען עס לאַכן גרויסע, ערנסטע מענטשן, וואָס זײַנען ביכלאַל די גאַנצע צײַט אומעטיק. ער פֿלעגט גערן ווײַזן זײַנע קונצן, וועלכע די באָבע האָט אים אויסגעלערנט. ער פֿלעג, אַשטייגער, פֿאַרלייגן די הענטלעך אָף הינטן, זיך שטעלן אָף די שפּיץ פֿינגער און באַווײַזן, ווי אַזוי עס טאַנצט אַ באַלערינע. מיכאָעלסן איז באַזונדערס געפֿעלן געווען, ווען מײַן זונעלע האָט באַוויזן, ווי עס גייט דער בורזשוי. אַלעמאָל, ווען סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטש פֿלעג זיך צו אים ווענדן: „וואָוקע, באַווײַז ווי דער בורזשוי גייט", פֿלעג ער אַ רעגע „אַרײַנגיין אין דער ראָל" און אָפּשפּילן די סצענע, און כאָטש אַ פּאָר מינוט פֿלעג דאָס געלעכטער אַלעמען אָפּווענדן פֿון שווערע געדאַנקען.

אַזוי זײַנען מיר דערפֿאָרן ביז טאַשקענט. דאָרט האָט מיכאָעלס געדאַרפֿט צוגרייטן אַלץ פֿאַר דער טרופּע, וואָס וועט לעבן און אַרבעטן אין דער הויפּט־שטאָט פֿון אוזבעקיסטאַן. דערווײַל אָבער האָבן מיר זיך אײַנגעאָרדנט אין סאַמאַרקאַנד. די סטודענטן, וועלכע זײַנען אַרויסגעפֿאָרן מיט אונדז, ווי אויך אייניקע אַקטיאָרן און מוזיקאַנטן, האָבן זיך באַזעצט אין אַן אַלטער מעטשעט. די, וואָס האָבן געהאַט כאָטש אַ וועלכע־ניט־איז מעגלעכקײַט צו צאָלן, האָבן געוווינט אין אַזוי־גערופֿענעם „האָטעל פֿאַר טוריסטן" — צו 4—5 מענטשן אין איין קליין צימערל, אָן שום באַקוועמלעכקײַטן. דאָס האָט זיך דאַן גערעכנט „גוט אײַנגעאָרדנט זיך".

איך און מײַן צווייאָריק זונעלע וואָוקע האָבן געלעבט אין דער אַלטער שטאָט. די אַלטע און די נײַע שטאָט האָט פֿאַרייניקט אַ לאַנגער ניט־אַספֿאַלטירטער שליאַך, איבער וועלכן מע האָט אָפֿט געקאָנט זען גרויסע שעפּסן־סטאַדעס מיט אומגעהײַער שווערע קאָדעס. אָפֿטמאָל, גייענדיק איבער דער אַלטער שטאָט, פֿלעג איך כאַפּן אַ קוק אָף דער פּרעכטיקער אַרכיטעקטור פֿון די מעטשעטן, וועל־

כע זײַנען דעמלט געשטאַנען פֿאַרוואָרלאָזטע. (איצט קומען צו פֿאָרן קיין סאַמאַרקאַנד טוריסטן פֿון אַלע עקן וועלט. עס באַצויבערן די אַרטיקע דענקמעלער, וועלכע זײַנען אויסגעבויט געוואָרן איבערהויפּט אין 15־טן יאָרהונדערט: די מעטשעט „מאַזראַט כיזר", אולוגבעקס אָבסערוואַטאָריע, דער באַוווּסטער אין דער גאָרער וועלט סאַמאַרקאַנדער מעלוכישער רעגיסטאַן־מוזיי.)

## טאַשקענטער אײַנדרוקן

קיין טאַשקענט איז די טרופּע אָנגעקומען אין דעקאַבער 1941. מיכאָעלס האָט זיך דערשלאָגן אַ געבײַדע פֿאַרן טעאַטער — די אָרטיקע קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע האָט זיך דאַן געפֿונען אינעם געוועזענעם קלוב אויף קאַפּראַנאָווס נאָמען. ס'איז גאָר ניט גרינג געווען אונדז אײַנאָרדענען — אַזויפֿיל מענטשן! — מיר זאָלן כאָטש האָבן וווּ דעם קאָפּ צולייגן. צוערשט האָט מען געקראָגן אָרט פֿאַר געציילטע מענטשן. די איבעריקע האָבן זיך באַזעצט אין דער מוזיקאַלער שול, און דער אַלטער שטאָט, אויף שאַכאַנטאַור. אין איין, מישטיינס־געזאָגט, זאַל האָט מען אוועקגעשטעלט זעכציק אײַזערנע בעטלעך. אייניקע האָבן אַפֿילע געמוזט שלאָפֿן אינצווייען, אָדער אינדרײַען אויף צוויי בעטלעך.

צוביסלעך זײַנען אַלע געווען ווי־ניט־איז באַזאָרגט, דער טעאַטער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע — די דײַטשן האָבן געכאַפּט אַ מאַפּאָלע הינטער מאָסקווע.

די שטימונג האָט זיך געביטן — מ'האָט אָנגעהויבן אויפֿלעבן. אין איינעם אַ שיינעם זומערדיקן טאָג פֿון דעם צוויי־און־פֿערציקסטן יאָר בין איך געגאַנגען איבער דער פּושקין־גאַס, דער צענטראַלער אין טאַשקענט, און דערזען מיכאָעלסן מיט אַן אימפּאָזאַנטן רוסישן מאַנצבל. דערזעענדיק סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטשן, האָב איך זיך באַגריסט. ער האָט געזאָגט, ווענדנדיק זיך צום מאַנצבל: „זנאַקאָמסיאַ, אַלעקסיי, עטאָ נאַשאַ אַקטריסאַ" — ס'הייסט, זײַ באַקאַנט, אַלעקסיי, — דאָס איז אונדזערע אַן אַקטריסע. נאָך דער „צערעמאָניע" פֿונעם האַנטדרוק פֿרעגט מיך מיכאָעלס, וויאַזוי עס לעבט זיך מיר אין טאַשקענט. איך האָב געענטפֿערט מיטן אוזבעקישן „ראַכמאַט!" — אַ דאַנק, הייסט עס. און ווײַטער אַרויסגעבראַכט אַזאַ מין סעדרע: „וואַגאָן טוכטומאַסדאַן אָלדיגאַ טשיקיש מומקין עמאַס. יאַשאַסין קזיל אַרמיאַ, וואַ אוויאַציאַנינג אוטשון, אָזאַדליק אוטשון, שאָן שאַראַף אוטשון..." אויף אַזאַ אופֿן האָב איך באַוויזן מײַנע „קענטעניש" אין דער אוזבעקישער שפּראַך. אַדאַנק דעם יונגן זיכּאָרן, האָב איך פֿאַרגעדענקט אַלץ, וואָס עס איז געווען אָנגעשריבן אין די טראַמווײַען מיט רוסישע אויסיִעס אויף דער אוזבעקישער שפּראַך.

מיכאָעלס און „אַלעקסיי" האָבן שטאַרק געלאַכט. מיר האָבן זיך געזעגנט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער זעלבער מאַנצבל געקומען אין טעאַטער. מיר, עטלעכע אַקטיאָרן, זײַנען געשטאַנען אין פֿאָיע. דורכגייענדיק, האָט ער זיך מיט אַ שמייכל באַגריסט און איז אוועק צו סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטשן. איך האָב אַ פֿרעג געטאָן בײַ די אַקטיאָרן, ווער דאָס איז, — און מע האָט מיר געענטפֿערט: „אַלעקסיי טאָלסטאָי"!..

## דער טעאַטער קערט זיך אום קיין מאָסקווע

דעם דרײַ־און־צוואַנציקסטן סענטיאַבער פֿון 1943 איז דער „גאָסעט" אַרויסגעפֿאָרן פֿון טאַשקענט אַהיים — קיין מאָסקווע.

מיכאָעלס און איציק פֿעפֿער זײַנען אין דער צײַט געווען מיט אַ מיסיִע אין אַמעריקע.

די טרופּע האָט פֿאָרגעזעצט אַרבעטן — געגעבן פֿאָרשטעלונגען.

נאָכן אומקערן זיך פֿון אַמעריקע איז מיכאָעלס געווען שטאַרק פֿאַרנומען אין טעאַטער, אין אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, אין דער קאָמיסיע פֿון מעלוכע־פּרעמיעס. עס פֿלעגן קומען צו אים זייער אַ סך מענטשן. ווער נאָך אַן אייצע, ווער מיט אַ באַקאָשע, ווער נאָך אַ פּראָטעקציע. פֿיל פֿלעגן בעטן מאַטעריעלע הילף, און מיכאָעלס האָט געהאָלפֿן — געהאָלפֿן אַזוי, אַז אָפֿט האָט ער קימאַט ניט געהאַט וואָס צו באַקומען פֿון זײַן געהאַלט... אויף אַלעמען האָט בײַ אים געקלעקט צײַט, נאָר ניט אויף זיך אַליין. אַפֿילע ווען ער האָט זיך געפֿילט ניט מיט אַלעמען, פֿלעגט ער סײַווי קומען אויף די רעפּעטיציעס.

איך געדענק, ווי איינמאָל, פֿאַר דער רעפּעטיציע, האָט אים עמעצער געפֿרעגט, וויאַזוי ער פֿילט זיך.

— מיר איז הײַנט שווער געווען זיך אויפֿהייבן פֿון בעט, — האָט ער געענטפֿערט, — און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, עפּשער הײַנט אָפּליגן אַ טאָג, קעדיי מאָרגן זײַן געזונט, אָבער דערנאָך האָב איך זיך באַטראַכט — טאָמער וועט מאָרגן זײַן ערגער... האָב איך זיך גענומען אין די הענט, און כ'בין געקומען. מע טאָר זיך ניט אָפּלאָזן.

## מיר רעפּעטירן „פֿרײלעכס"

מיכאָעלס האָט רעפּעטירט זײַן לעצטן ספּעקטאַקל „פֿרײלעכס", ווען די מילכאָמע האָט שוין געהאַלטן באַם פֿאַרענדיקן זיך. די טעקסטן, וועלכע האָבן פֿאַרבונדן די וווּנדערלעכע פֿאָלקסלידער פֿונעם ספּעקטאַקל, האָט אָנגעשריבן שנייער. די רעפּעטיציעס פֿלעגן שטענדיק דורכגיין פֿרײלעך, עפּשער דערפֿאַר, ווײַל אין דער פֿאָרשטעלונג זײַנען

געווען אריינגעוועבט א סאך פֿאָלקסלידער, אויך
טענץ, וועלכע עס האָט געשטעלט דער זעלטענער
באַלעטמייסטער און הארציקער מענטש עמיל מיי.

צווי טענץ האָט אופגעפירט אליין מיכאָעלס:
„די באָבע מיטן זיידן" און דער „ניקאָלייעווסקער
סאָלדאט". מיכאָעלס האָט באוויזן די באוועגונגען
מיט א באזונדערס אויסדריקלעכער פּלאַסטיק.
ס'איז געווען א מעכייע צו קוקן, ווי עס איז גע-
פלויגן אף דער בינע אן עכטער פויגל, אָט דער
סאָלדאט-מיכאָעלס. אין איין קורצן טאַנץ האָט ער
באוויזן אַלץ, וואָס דעם ניקאָלייעווסקער סאָלדאט
איז אויסגעקומען איבערצוטראָגן פאר די פינף און
צוואנציק יאָר דינסט. מע דאַרף זאָגן, אז דער אר-
טיסט כאַים זשאַבאָטינסקי האָט אים ניט אונטער-
געפירט — גוט, זייער גוט אויסגעפילט די ראָל.

מיר פלעגן רעפעטירן מיט באַגייסטערונג און
ברען. איך מיין, אז ניט בלויז דערפאר, וואָס עס
איז געווען א פריילעכע פאָרשטעלונג, נאָר ווייל
מע האָט שוין געהאט א סטימול צו א גוטער שטי-
מונג — ס'איז געגאַנגען צום סאָף די פארשאָלטע-
נע מילכאָמע. צומאָל פלעגן זיך הערן וויצן, כאָכ-
מעס.

ווען עס האָט זיך שוין פארענדיקט דער קריג,
האָט מיכאָעלס גענומען רעפעטירן נאָך מער אינ-
טענסיוו. דעם ספּעקטאַקל „פריילעכס" האָט ער
פארטראַכט ווי א דענקמאָל די אומגעקומענע אין
דער מילכאָמע און ווי אן אָנזאָג, אז דאָס פאָלק
לעבט: „אונדזער שטאם איז פארוואָרצלט אין וועלט
און אין יאָרן — דורך זיבן טויטן, — ווערט ווידער
געבאָרן!"

עס זיינען שוין געגאַנגען די לעצטע רעפעטי-
ציעס אף דער בינע — אין די אויסערגעוויינלעך
שיינע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען, וועלכע א. טישלער
האָט אויסגעפורעמט. די צוויי באַדכאָנים — זוסקין
און שטיימאַן האָבן געזונגען „קאַלע-באַזעצנס" און
די זעקס באַהעלפערלעך האָבן זיי אונטערגעהאַלטן,
ווי מעשוירימלעך אין שול. ס'איז דערגאַנגען צו
די ווערטער פונעם ערשטן באַדכן, וועלכן עס האָט
געשפּילט זוסקין:

זאָל דיין לעבן זיין גלייך
צו א בוים בא א טייך
מיט נעסטן געדיכט, אזוי, קאַלע-לעבן,
זאָלסטו ווערן אופגעריכט
מיט קינדער א דאָר, כאָטש מיט איינעם
א יאָר...

די באַהעלפערלעך דארפן אונטערכאַפּן צוזאָ-
מען מיט די באַדכאָנים: „מיט איינעם א יאָר".
אָבער אַנשטאָט „מיט איינעם א יאָר" זינגט זוסקין
„מיט איינעם א מאיאָר, מיט איינעם א מאיאָר, מיט
איינעם א מאיאָר".

אלע, אויסער זוסקינען, קייכן פון געלעכטער.
מיכאָעלס האָט פונעם זאַל אָנגעשריגן אף אלעמען.
אף זוסקינען האָט ער דאָך ניט געקאָנט שרייען...

## מיר באַגריסן דעם וואַכטאַנגאָוו-טעאַטער

בא מיר האָט זיך פארהיט א רעליקוויע מיט
א שטאַמפּ פונעם טעאַטער אף וואַכטאַנגאָווס נאָ-
מען פארן 3-טן דעקאַבער זעקס-און-פערציקסטן:

„פונעם גאַנצן הארצן באַגריסן מיר אייך פאר
דער ארויסטרעטונג אינעם קאָנצערט, וואָס איז
געווידמעט דעם צוואַנציקיאָריקן יובילײ פון אונד-
זער טעאַטער. מיר דאַנקען אייך פאר דער אופ-
מערקזאַמקייט צום וואַכטאַנגאָוו-טעאַטער, פאר
אייער פריינטשאַפט, פאר דעם קינסטלערישן פאר-
געניגן, וואָס איר האָט אונדז פארשאַפן מיט אייער
וווּנדערלעכער קונסט. א גרוס אייך פונעם גאַנצן
קאָלעקטיוו וואַכטאַנגאָווצעס.

ר. סימאָנאָוו,
א. גאָריונאָוו".

יענער אָוונט איז פארגעקומען אין דער גע-
ביידע פונעם פיליאַל פון דעם „מכאט" אין מאָסק-
ווין-געסל.

ווען מע האָט געמאָלדן, אז באַלד וועט באַ-
גריסן דער יידישער טעאַטער, איז ארויסגעגאַנגען
מיכאָעלס און געהאַלטן א קורצע רעדע. ער האָט
אזוי הארציק באַגריסט די יובילאַרן אין נאָמען
פון אונדזער טעאַטער, אז דער פולער זאַל האָט
אפּלאָדירט נאָך יעדן וואָרט. דערנאָך זיינען ארויס
זוסקין און שטיימאַן — די צוויי באַדכאָנים, און
מיר, די זעקס באַהעלפערלעך פון „פריילעכס". מיר
האָבן געזונגען און געטאַנצט אונטער א דונער פון
אפּלאָדיסמענטן.

דאַכט זיך, אז אנדערע טעאַטערס האָבן מיט
זייערע באַגריסונגען ניט ארויסגערופן אזעלכע
אָוואַציעס.

## אין יידישן קינדערהיים

זומער 1947 האָט דער מאָסקאָנצערט אָפּגע-
שיקט א גרופּע פון אונדזער טעאַטער אף גאַסט-
ראָלן אין ווילנע און אין קאָוונע. אין דער פּראָג-
ראַם זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן סצענעס פון
שאָלעם-אליי כעמס „טעוויע דער מילכיקער" און
„בלאָנדזשנדע שטערן", פון גאָלדפאַדענס „קאָלדו-
ניע", בראָדערזאָנס „ערעוו יאָמטעוו" און פון
„פריילעכס".

אלע גאַסטראָל-אָוונטן פלעגן זיך עפענען מיט
אריינפיר-ווערטער פון מיכאָעלסן און פעפערן. דאָס
האָט ארויסגערופן א קאָלאָסאַלן אינטערעס אין די
ליטווישע שטעט.

אין קאָוונע האָט דאַן עקזיסטירט א יידישער
קינדערהיים, און אין איינעם א טאָג האָט מען
אונדז אהין פארבעטן.

מיר זיינען געקומען צוגאַסט צו די קינדער,
וועלכע זיינען מערסטנטייל געבליבן יעסוימים בייס

דער מילכאָמע. אין קאָנצערט, וואָס זיי האָבן פאַר אונדז באַוויזן, האָבן זיי געזונגען ייִדישע לידער, גערעדט בלויז אױף ייִדיש.

מיכאָעלסן איז שטאַרק געפעלן געוואָרן א סצענקע פון א שוסטער מיט א שנײַדער, וועלכע עס האָבן באַוויזן צוויי ייִנגעלעך פון א יאָר זעקס. דער שוסטער האָט אַרײַנגעקלאַפּט צוועקעס אין א שוך און דערבײַ געזונגען א ליד וועגן שוסטערײַ. דער שנײַדער האָט גענייט, געפּרעסט און געזונגען וועגן שנײַדערײַ. די קינדערלעך האָבן דאָס אויסגעפּילט זייער קאָמיש. מיכאָעלס האָט נאָכן קאָנצערט געשמועסט מיט די „אַרטיסטן". ווען זיי וועלן אונטערוואַקסן, וועט ער זיי אױף געוויס נעמען צו אונדז אין טעאַטער. אַך, ווי די קינדער זײַנען געווען צופֿרידן!

## צוגאַסט בא זײַן שאָפער

מיכאָעלס פלעג מער גיין צופוס, איידער פאָרן מיטן אַווטאָמאָביל, וועלכער איז געווען צוגעפּעסטיקט פאַר אים אין טעאַטער. דער שאָפער — א פּאַשעטער רוסישער באָכער — האָט אים שטאַרק ליב באַקומען.

מיכאָעלס פלעג מיט אַלעמען ריידן ווי מיט זײַנס גלײַכן — קיינמאָל ניט באַוויזן, אַז ער שטייט, כאָלילע, העכער. איינמאָל האָט וואַניע בא אונדז געפרעגט:

— ווי מיינט איר, אויב איך וועל רופן סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטשן זונטיק צו מיר אױף א געבורטסטאָג, וועט ער גיין?

— פאַרבעט אים, וועלן מיר זען, — איז געווען דער ענטפער.

ווען וואַניע איז מאָנטיק געקומען אין טעאַטער, האָט ער דערציילט, אַז בא אים אינדערהיים זײַנען אַלע געווען אומרויִק, ווי וועט דאָס אַזא באַוווּסטער אַרטיסט קומען צו זיי — פּראָסטע, דאָרפישע מענטשן, זיי וועלן זיך אַפילע שעמען עסן אָדער אויסטרינקען א גלעזל... אָבער ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן אין דער אָפענער טיר סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטש מיט אַנאַסטאַסיִע פּאַוולאָוונען און זיך באַקאַנט מיט אַלע קרויווים, איז אַראָפּ א שטיין פונעם האַרצן. מע איז געזעסן אַרום טיש, מיכאָעלס איז געווען מיט אַלעמען גלײַך, פּונקט ווי מע וואָלט געווען באַקאַנט שוין פון לאַנג.

— ניין, — האָט וואַניע אונטערגעפירט די אונטערשטע שורע, — אַזא מענטשן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט באַגעגנט.

## די לעצטע באַגעגעניש, אָדער ריכטיקער — געזעגעניש

דאָס קלײנינקע צימערל, ווו מיר, פיר מענטשן, האָבן געוווינט, האָב איך געדונגען בא דער באַלעבאָסטע, וועלכער איך האָב באַצאָלט פאַר א סאַך צײַט פאָרויס.

ווען די באַלעבאָסטע איז געשטאָרבן, איז געקומען אַן אינספּעקטאָר פונעם ראַיאָנישן אויספיר־קאָמיטעט און געזאָגט, אַז עס וועט מיר אויסקומען צו באַפרײַען דעם צימער. איך האָב וועגן דעם דערציילט אונדזער יוריסט, זיך געייצעט, וואָס צו טאָן.

ער האָט מיך באַרויִקט און גלײַך אַלץ איבערגעגעבן מיכאָעלסן, וועלכער האָט געדאַרפט אין א שאָ אַרום אַוועקפאָרן קיין מינסק. מע האָט מיך אַרײַנגערופן אין קאַבינעט.

איך האָב געזען מיכאָעלסעס אומרו און געבעטן, ער זאָל זיך איצט מיט דעם ניט פאַרנעמען. נאָר מיכאָעלס האָט אָנגענומען דעם נומער פונעם טעלעפאָן פון דעם פאָרזיצער פון ראַיאָנישן אויספיר־קאָמיטעט, גערעדט מיטן סעקרעטאַר — דער פאָרזיצער איז ניט געווען אױפן אָרט.

דאַן האָט סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטש אָנגעשריבן זײַן לעצטן, ווי עס דוכט זיך מיר, בריוו. דאָס איז געווען זײַן באַקאָשע אין אויספיר־קאָמיטעט, מע זאָל איבערלאָזן דאָס צימערל פאַר דער אַקטריסע פונעם טעאַטער. זײַן ביטע איז שפּעטער באַפרידיקט געוואָרן. צום באַדויערן, האָט ער וועגן דעם זיך ניט דערוווּסט...

איך האָב אים געזען אין דער לעצטער שאָ פאַר זײַן אָפּפאָרן...

די שורעס שרײַב איך אין דער צײַט, ווען אין עטלעכע טעג אַרום וועט ווערן 40 יאָר זינט ער איז אומגעקומען.

וױ מיר האָבן שױן מיטגעטײלט, װעט אין „סאָװעטיש הײמלאַנד", אָנהײבנדיק פונעם קומענדיקן נומער, פּובליקירט װערן שאָלעם-אַלײכעמס ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", װעלכער איז אין אָריגינאַל בא אונדז אין לאַנד קײנמאָל ניט דערשינען. אין דאָזיקן צוזאַמענהאַנג דרוקן מיר איצט אַן אַרטיקל װעגן דעם קלאַסישן װערק.

## כ א ײ ם  ב ײ ד ע ר

# צו דער געשיכטע פון שאָלעם-אַלײכעמס ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס"

די ערשטע באַאומרויִקנדיקע ידיעות װעגן דעם נײַעם בלוט-בילבול אױף ייִדן — דאָס מאָל אין קיִעװ — זײַנען צו שאָלעם-אַלײכעמען, װעלכער האָט זיך דעמלט געפֿונען אױף הײלונג אינעם איטאַליִעניש קוראָרט נערװי, דערגאַנגען שױן אין סאָף מאַרט 1911, דאָס הײסט גלײַך װי די צײַטונגען פֿון גאָר דער װעלט האָבן צעטראָגן די דאָזיקע ידיעה.

די געשעענישן האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעװיקלט בליץ-שנעל, אַרום דעם נײַעם אַלילאַס-דאָם האָבן זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד צעפֿלאַקערט לײַדנשאַפֿטלעכע שטרײַטן, די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע קוּיכעס אונטערהעצן די סאַמע פֿינצטערע פּאָגראָם-שיכטן, די „ייִדן-פֿראַגע" איז געשטעלט געװאָרן אױף דער טאָג-אָרדענונג פֿון דער גאָסודאַרסטװענע דומע, װוּ עס זײַנען פּונקט דעמלט געגאַנגען דעבאַטן אַרום דעם פֿאָרשלאָג װעגן אָפּשאַפֿן דעם „טכום-האָמױשעװ". און דאָ נאָ דיר — אַ נײַער בלוט-בילבול!

װי פֿריִער, האָט שאָלעם-אַלײכעמס אַרבעטסטאָג זיך אָנגעהױבן פֿון דורכקוקן די פֿרישע צײַטונגען. איצטער האָט ער דאָס געטאָן מיט אַ באַזונדערער זשעדנעקײַט און אױפֿמערקזאַמקײַט. העריש-דאָװיד נאָמבערג, דער באַװוּסטער שרײַבער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער, װעלכער האָט באַזוכט שאָלעם-אַלײכעמען אין סאָף מײַ 1911, װען ער איז שױן אױף די זומער-כאָדאָשים אַריבערגעפֿאָרן קײן באַדענװײַלער, שװאַרצװאַלד, האָט װעגן דעם דערצײלט אין דער װאַרשעװער צײַטונג „הײַנט":

„...איך האָב געטראָפֿן שאָלעם-אַלײכעמען ליגן אײגנטלעך ניט אין בעט, נאָר צװישן אַ יאַם ייִדישע און העברעיִשע בלעטער: פֿון רוסלאַנד, פֿון אַמעריקע, פֿון אַפֿריקע, פֿון אַרגענטינע, אַ שטיק 20—30 בלעטער אין פֿאַרשײדענע פֿאָרמאַטן, און פֿון זײ אַרױס האָט זיך דערהױבן דער קאָפּ פֿון שאָלעם-אַלײכעמען, און ער האָט געלײענט, אַלץ געלײענט, אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט, און פֿונעם װעסטן-טעשל (ער איז געלעגן אָנגעטאָנענערהײט) האָט ער אַרױסגענומען אַלע װײַלע אַט אַן אױטאָמאַטישע פֿעדער מיט רױטן טינט, אַט אַ צװײטע מיט בלויִען טינט, האָט אונטערגעשטראָכן און צײכנס געמאַכט..." („הײַנט", װאַרשע, 31 מײַ [13 יוני] 1911).

אױף װיפֿל די רוסישע רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט אױפֿגעהױבן אַן אומפֿאַרשעמטע אָפֿענע העצקאַמפּאַניע קעגן די ייִדן (באַזונדערס האָבן זיך אין דאָזיקן זין אױסגעטײלט „נאָװאָיע װרעמיא", „רוסקאָיע זנאַמיא", „קיִעװליאַנין"), האָט שאָלעם-אַלײכעם געהאַלטן, אַז עס װאָלט איצט געװען די סאַמע צײַט, די פּראָגרעסיװע רוסישע אינטעליגענץ זאָל זאָגן איר װאָגיק װאָרט מיקױעך דער דאָזיקער פֿראַגע — װי עס איז שױן ניט אײן מאָל געװען בײַס די פֿינצטערע אַנטיסעמיטישע קוּיכעס פּלעגן זיך צעגאַרטלען.

צווישן שאָלעם־אַליכעמס פרײַנט אין דער רוסישער ליטעראַטור זײַנען געווען מ. גאָרקי, א. אַמפיטעאַטראָוו, וו. קאָראָלענקאָ און אַנד. — אָט צו זיי האָט מען זיך אין דער ערשטער ריי געדאַרפט ווענדן. און שאָלעם־אַליכעם פאַרלירט ניט קיין צײַט. קוידעמקאָל דאַרף מען זיך דורכפאָרן צו אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוון, וועלכער האָט זיך געפונען ניט ווײַט פון אים — אין פּעצאַנאָ. און דאָ פאַרשפּרייט זיך פּלוצעם אַ קלאַנג, אַז קיין נערווי קלײַבט זיך קומען צו פאָרן מאַקסים גאָרקי, וועלכער היילט זיך אין קאַפּרי. שאָלעם־אַליכעם שיקט אים אָפּ דעם 7 אַפּרעל 1911 אַ קאַרטל:

„...אויב דאָס איז עמעס — איז מײַן דירע אין אײַער רעשוס, איך פאַרנעם אַ גרויסע ווילע, אין עדענער גאָרטן, די בעסטע אין נערווי.

צי קומט איר קיין פּעצאַנאָ צו אַמפיטעאַטראָוון? איך קלײַב זיך אַהינצו אָפּ אַ טאָג. כ׳וואָלט גע־וועז צופרידן זיך באַגעגענען מיט אײַך, ווו עס זאָל ניט זײַן...“[1]

צי איז מ. גאָרקי דעמאָלט געווען אין נערווי באַ שאָלעם־אַליכעמען און צי האָט דער דרײַלינג — מ. גאָרקי, א. אַמפיטעאַטראָוו, שאָלעם־אַליכעם זיך באַגעגנט, זײַנען קיין פּינקטלעכע יעדיעס ניטאָ, האַגאַם עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען. אַלנפאַלס, שאָלעם־אַליכעמס איידעם י. בערקאָוויטש באַהויפּטעט:

„מיטן רוסישן שרײַבשטעלער אַמפיטעאַטראָוו האָט זיך שאָלעם־אַליכעם באַפרײַנדעט אין איטאַליע נאָך דעם, ווי אַמפיטעאַטראָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין דער רוסישער פּרעסע באַגײַסטערטע אַרטיקלען וועגן שאָלעם־אַליכעמס ווערק, גלײַך ווי זיי זײַנען דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג. ביידע שרײַבשטעלער האָבן צווישן זיך געפירט אַ וואַרעמע קאָרעספּאָנדענץ און אָפּט געפאָרן איינער צום אַנדערן אָף באַזוך...“[2]

אָבער אַז שאָלעם־אַליכעם האָט זיך גלײַך פאַרבונדן מיט א. אַמפיטעאַטראָוון אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נײַער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע, זײַנען פאַראַן מערקווירדיקע דאָקומענטן. דעם ערשטן פון זיי האָט פאַרעפנטלעכט די צײַטונג „הײַנט“ אינעם נומ. 100 פאָרן 13 (26) מײַ 1911. אָף דער ערשטער זײַט האָט זי באַנאַנד מיט טעלעגראַמעס און אַרטיקלען אַרום דעם קיִעווער בלוט־בילבל אָפּגעדרוקט אַ רעפּאָרטאַזש פון באַדענווײַלער (געצייכנט — N) אונטערן קעפּל „אַ פּראָטעסט־פּראָיעקט פון רוסישע שרײַבשטעלער קעגן אַלילאַס־דאַם“:

„דורכפאָרנדיק דעם קוראָרט באַדענווײַלער אין שוואַרצוואַלד, האָב איך באַזוכט אונדזער גרויסן שרײַבשטעלער שאָלעם־אַליכעם, וועלכער פאַרברענגט דאָרט דעם זומער־סעזאָן.

אינעם שמועס וועגן פאַרשיידענע צײַט־פראַגן איז, נאַטירלעך, אויך באַרירט געוואָרן דער באַוווּסטער אַלילאַס־דאַם, וועלכער פּײַניקט איצט יעדעס יידיש האַרץ. דערבײַ האָט מיר שאָלעם־אַליכעם באַוויזן אַ בריוו, וואָס ער האָט גראַדע אין דעם זעלבן טאָג וועגן דעם דערהאַלטן פון דעם באַרימטן רוסישן שרײַבשטעלער א. אַמפיטעאַטראָוו אַלס ענטפער אָף זײַן בריוו, וועלכן ער האָט געשריבן צו אים און צו מאַקסים גאָרקין.

אין דעם דאָזיקן בריוו האָט שאָלעם־אַליכעם צווישן אַנדערס געשריבן פאָלגנדעס:

„צי ווייסט איר וועגן דער „שיינער“ אָנפראַגע אין דער דריטער דומע, אין וועלכער מע באַשולדיקט אונדז, יידן, וואָס האָבן געגעבן דער וועלט אַ טוירע, ניט מער און ניט ווייניקער, אַז מיר באַנוצן מענטשלעכע בלוט אָף פּייסעך? ווי פילט איר זיך אַלס קריסט און אַלס רוס אין דעם מאָמענט? וואָס טראַכט איר און אײַערע קאָלעגן צו טאָן אין אַזאַ צײַט, וואָס מע האָט די היסטאָריע אַ רוק געגעבן צוריק אָף עטלעכע יאָרהונדערטער? ווי שווײַגן דאָס די, וועלכע קאָנען און דאַרפן אויפהייבן זייער שטימע, זי זאָל קלינגען פון איין עק לאַנד ביזן אַנדערן?..

וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, — ענדיקט שאָלעם־אַליכעם זײַן בריוו, — וואָלט איך אין אַזאַ צײַט געהאַלטן פאַר אַ ביזאָיען צו זײַן אַ קריסט, און איך האָב זיך קיינמאָל ניט געפילט, ווי איצט, אַזוי שטאָלץ דערמיט, וואָס איך געהער צו דעם פאָלק, וואָס קאָן לעבן און עקזיסטירן אונטער אַזעלכע פּײַנלעכע אומשטאַנדן“.[3]

ווי דער קאָרעספּאָנדענט פון „הײַנט“ טיילט מיט, האָט א. אַמפיטעאַטראָוו גלײַך געענטפערט שאָלעם־אַליכעמען. מיר ברענגען דעם דאָזיקן בריוו אַזוי, ווי ער איז אָפּגעדרוקט אין דעם זעלבן נומער „הײַנט“:

„טײַערער שאָלעם־אַליכעם!

מיטן גאַנצן האַרצן פיל איך מיט אײַער צאַר און אײַער צאָרן. דער בלוט־בילבל און די פּאָלעמיק וועגן דעם איז בעעמעס אַן עקל און אַ שרעק. עס וואָלט זיך מיר זייער וועלן עפּעס פאָרצונעמען

---

[1] ציטירט לויט דער אויסגאַבע „שאָלעם־אַליכעם. אויסגעוויילטע בריוו“. מאָסקווע, „דער עמעס“, 1941, ז. 233.

[2] „שאָלעם־אַליכעם־בוך“, ניו־יאָרק, פאַרלאַג „איקוף“, 1958, ז. 237.

[3] „הײַנט“, נומ. 110, 13 (26) מײַ 1911.

וועגן דעם. אלס פובליציסט און היסטאָריקער קאָן איך אָנשרײַבן אן אויספירלעכע האקכאָשע וועגן דעם דאָזיקן עקלהאפטן בילבל, אָנגעהויבן פון אפּיאָן[1] און ביז צום הײַנטיקן טאָג, מיר שטייען אָבער אויג אָף אויג מיט נידערטרעכטיקע אומפארשעמטע ליגנערס, קופערנע שטערנס, וועלכע נעמען נישט אָן קיין שום באווײַזן ניט דערפאר, ווײַל זיי גלייבן אונדז ניט, נאָר דערפאר, ווײַל זיי ווילן ניט גלייבן, ווײַל עס לוינט זיי ניט. דאָס זײַנען פּאָגראָמשטשיקעס בעטעווע, פּאָגראָמשטשיקעס מיט בייזן ווילן, פּאָגראָמשטשיקעס פון בארוף. בא אונדז אין רוסלאנד זאָגט מען, אז ווען א טאַליען נעמט אָן זײַן שיינע שטעלע, זאָגט ער זיך אָפּ פון זײַן טאטע־מאמע, און די דאָזיקע אלע מענשיקאָווס[2] און די העלדן פון דער רעכטער טריבונע האָבן זיך אויך פון דער מענטשהײַט אָפּגעזאָגט.

דעם אינהאלט פון אײַער בריוו האָב איך איבערגעגעבן מאקסים גאָרקין און אויך אוועקגעשריבן צו די באדײַטנדיקסטע רוסישע ליטעראטן א פּאָרשלאָג צו אָרגאניזירן אן אלגעמיינעם פּראָטעסט אין א געוווּנטשענער פאָרם, ער זאָל קאָנען פארשפרייט ווערן אין די ברייטע מאסן.

זײַט געזונט און שטארק און נעמט זיך ניט שטארק צום הארצן און טראָגט ניט איבער אפן פּאָלק אײַער בארעכטיקטן צאָרן, וועלכן עס פארדינען איינצלנע פּארזעענישן...

אלעקסאנדער אמפיטעאטראָוו,
פּעצאנאָ, 19 מײַ 1911".

שאָלעם־אַלייכעם האָט גלײַך געענטפערט אמפיטעאטראָוון אָף זײַן בריוו:

„טײַערער קאָלעגע אלעקסאנדער וואלענטינאָוויטש!

איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב זיך ניט טויע געווען, אז איר, אלס אן עמעסער קריסט (און געוויס אויך אײַער געערטער כאווער מאקסים גאָרקי), האָט זיך געדארפט פילן גאָרנישט פויגלדיק פון דער וואקכאנאליע שקורים וועקאָזווים, רעכילעס און העצערײַען, וואָס קומען פאָר אין געוויסע קרײַזן, וועלכע זײַנען דאָך געבונדן מיט אײַך מיט ברידערלעכע פּעדעם... לאָז מיך גאָט היטן, איך זאָל מאכן אנדערע פאראנטוואָרטלעך און זאָגן, אז אלע קריסטן זײַנען בלוטדורשטיק... מיר, אלס ייִד, פּאסט דאָס גאָרניט צום פּאָנעם. נאָר איך שווער אײַך בענעמאָנעס, ווען עס טרעפט זיך אזא מײַסע פּארקערט, דה. ווען ייִדן באשולדיקן קריסטן אין אזעלכע ריטואל־מאָרדן, ווי מע באשולדיקט אונדז, וואָלט איך פארברענט געוואָרן פאר ביזאָיען, ווען אפילע די דאָזיקע ייִדן זאָלן זײַן נאָך ערגער פון פורישקעוויטשן מיט מארקאָוון[3] צוזאמען. דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אז איר דארפט פאר־ברענט ווערן — איך בין דאָס גאָרנישט אויסן, אז מײַנע פרײַנט זאָלן ברענען...

א גוטע זאך טוט איר אוף מיט אײַער קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון די בעסטע רוסישע מענטשן פון אונדזער אלעמענס פּאָטערלאנד, וואָס באציט זיך ניט צו אונדז אלעמען גלײַך. איך רעכן אָבער פאר נייטיק אונטערצושטרײַכן, אז דער דאָזיקער פּראָטעסט אײַערער דארף ניט דינען אלס א האק־כאָשע קעגן אלילאס־דאם. ריטואל־מאָרדן בא ייִדן זײַנען שוין אָפּגעלייקנט געוואָרן הונדערט מאָל. אויב מיר זאָלן זאָגן, אז עס זײַנען ביכלאל פאראן אָף דער וועלט ריטואל־מאָרדן, איז ניט צווישן די, וואָס מע מאכט אָף זיי פּאָגראָמען, נאָר צווישן די, וואָס מאכן די פּאָגראָמען. ווי קאָן מען דען אנדערש אָנרופן די שיינע אוודעס פון די קעשענעווער און אנדערע פּאָגראָם־מאכערס, אויב ניט ריטואל־מאָרדן? וואָרפן קינדער פון די אייבערשטע עטאזשן, ווי א מין יאָמטעוו, אופשנײַדן בײַכער פון מעוברעסע פרויען און שרײַען בייסמײַסע „הורא!" — אָט דאָס איז ניט קיין ריטואל? און די גרויסארטיקע רעדעס פון מארקאָוון מיט דער כעווריײַע אין דער דומע, אז מיר ווערן ניט אופטרענען אײַערע ייִדישע איבערבעטן, נאָר די בײַכער פון אײַערע פרויען — אָט דאָס איז ניט קיין ריטואל? אלזאָ, ניט דאָס דארף זײַן דער איקער פון אײַער פּראָטעסט. לויט מײַן מיינונג, באדארף אײַער פּראָ־טעסט ארויסזאָגן און אופקלערן, אז דער גאנצער איניען פון דעם בלוט־בילבל האָט נאָר איין צוועק: איבערכאזערן דאָס אומפארגעסלעכע 1905 יאָר, דאָס הייסט, פּאָשעט גערעדט: איין אלרוסלענדישער פּאָגראָם אָף ייִדן!.. אוודע וואָלט גוט געווען, אז אין אײַער פּראָטעסט זאָלט איר אפּעלירן אויך צו אײַערע קאָלעגן אין אויסלאנד, ביכדיי ער זאָל פון אן אלרוסלענדישן אויסוואקסן אין אן אלוועלטלעכן פּראָטעסט. איבעריקנס, איז דאָס נאָר מײַן פריוואטע מיינונג, וועלכע איז, קאָן זײַן, גאנץ איבעריק.

---

[1] אפּיאָן — דער אָנגעזעענער אלעקסאנדריער היסטאָריקער, גראמאטיקער און פריידיקער, וועלכער איז געשטאנען בעראָש פון די אלעקסאנדריער יודאָפאָבן אין 1־טן יאָרהונדערט ביז דער נײַער ערע.

[2] מענשיקאָוו, מיכאיל אָסיפּאָוויטש (1859—1918) — איינער פון די פירנדיקע רעאקציאָנערע זשורנא־ליסטן אין דער צײַטונג „נאָוואָיע ווערעמיא". אווטאָר פון פילצאָליקע אנטיסעמיטישע ארטיקלען.

[3] פורישקעוויטש, וולאדימיר מיטראָפאנאָוויטש, מארקאָוו, ניקאָלײַ יעווגעניעוויטש — אָנפירנדיקע שווארצמייעניקעס אינעם „פארבאנד פון דעם רוסישן פּאָלק", לידערס פון די עקסטרעם־רעכטע אין דער 3־טער דומע.

איך פֿאַרלאָז זיך שוין אױף אײַך, אַז איר און אײַער פֿרײַנט מאַקסים גאָרקי װעלן די זאַך אַרומטראַכטן װי עס געהער צו זײַן. איך דריק אײַך בײדן די הענט ברידערלעך.

שאָלעם־אַלײכעם

באַדענװײַלער, 23 מײַ 1911."[1]

מ. גאָרקי האָט אין 1919 געשריבן אין זײַנע זכרונות װעגן דעם נאָרװאָס געשטאָרבענעם רוסישן שרײַבער לעאָניד אַנדרײעװ:

„...אין 15־טן יאָר, װען פֿון דער אַרמײ האָט אַ כּלינע געטאָן אַ סאַמע העסלעכע כװאַליע פֿון אַנטיסעמיטיזם און לעאָניד האָט צוזאַמען מיט אַנדערע שרײַבער גענומען קעמפֿן קעגן דער פֿאַר־שפּרײטונג פֿון אָט דער זאַראַזע, האָבן מיר אײנמאָל זיך דורכגעשמועסט. אַ מידער, אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט ער געשפּאַנט איבערן צימער, אַרײַנגעשטעקט אײן האַנט הינטערן רימען פֿון די הױזן, מיט דער צװײטער זשעסטיקולירט אינדערלופֿטן. די טונקעלע אױגן זײַנע זײַנען געװען פֿאַרמאָרעש־כּוירעט, ער האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— צי קאָנסטו זאָגן אָפֿנהאַרציק — װאָס צװינגט דיך פֿאַטערן צײַט אױף אַן אומזיסטן קאַמף מיט די יודאָפֿאָבן?

איך האָב געענטפֿערט, אַז אַ ייִד איז מיר בכּלל סימפּאַטיש, און סימפּאַטיע — דאָס איז אַ דערשײַנונג אַ „ביאָכימישע" און מע קאָן זי ניט דערקלערן.

— און פֿונדעסטװעגן?

— אַ ייִד — דאָס איז אַ מענטש אַ גלױביקער, גלױבן — דאָס איז זײַן, איבערהױפּט, מײַלע, איך האָב ליב גלױביקע, איך האָב ליב פֿאַנאַטיקער אומעטום — אין דער װיסנשאַפֿט, קונסט, פּאָליטיק... צו דעם גיב צו דעם ביזאַיען פֿון אַ רוס דערפֿאַר, װאָס באַ אים אין שטוב — אין דעם הײמלאַנד זײַנעם — װערט אומופֿהערלעך געטאָן שענדלעכס און העסלעכס בענעגײע דעם ייִדן..."[2]

מ. גאָרקי האָט לײַדנשאַפֿטלעך געשפּירט נאָכן בײליס־פּראָצעס, װעלכער האָט זיך אָנגעהױבן אינעם קיִעװער קרײַז־געריכט דעם 25 סענטיאַבער 1913. װי באַװוסט, האָט זיך די אַװאַנטיורע אָנגע־הױבן נאָך דעם 20 מאַרט 1911, װען עס איז געפֿונען געװאָרן דער קערפּער פֿונעם קריסטלעכן ייִנגל אַנדריושע יושטשינסקי, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן מאָרד האָט מען גענומען אַרעס־טירן אײן פֿאַרדעכטיקן נאָכן אַנדערן. בײליסן האָט מען אַרעסטירט ערשט אין פֿיר כאָדאָשים אַרום נאָכן מאָרד — דעם 22 יול 1911, און דער פּראָצעס האָט זיך געצױגן צװײ מיט אַ האַלבן יאָר. באַ קײנעם איז ניט געװען קײן צװײפֿל, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם בילבל זײַנען מיִעס דורכגעפֿאַלן, אָבער מע האָט מיט אומגעדולד געװאַרט אױפֿן אורטײל.

אין אַ בריװ צו ג. װ. פּלעכאַנאָװן שרײַבט גאָרקי:

„דער בײליס־פּראָצעס האָט צערודערט מײַנע נערװן אַזױ, װי דאָס איז קײנמאָל מיט מיר ניט געשען. לײענענדיק די באַריכטן פֿון „קיִעװסקאַיאַ מיסל", יאָמער איך קימאַט פֿון שאַנד און צאָרן".[3]

און ער שטרײַכט אונטער, אַז דער בײליס־פּראָצעס איז „אַן אַקט פֿון דער צעיושעטער קאָנטר־רעװאָ־ליוציע".

דעם 20 אָקטיאַבער (10 נאָיאַבער) 1913, דאָס הײסט אין זעלבן טאָג, װען דער קיִעװער קרײַז־געריכט האָט געדאַרפֿט אַרױסטראָגן זײַן אורטײל, שרײַבט מ. גאָרקי, װעלכער האָט זיך נאָך אַלץ געפֿונען אױף קאַפּרי, צום פֿאַרלעגער און אָנגעזעענעם רעװאָליוציאָנערן טוער איװאַן פּאַװלאָװיטש לאַדיזשניקאָװן (1874—1945):

„פֿײַנפֿול לעב איך איבער דעם בײליס־פּראָצעס, — כ'האָב אָנגעהױבן צו טרינקען Valerional, אָדער װי רופֿט מען עס? נאָר אינעם שײַטער פֿון צאָרן און צאַר, בושע און פֿאַרדראָס איז פֿאַראַן אַ פֿינקעלע האָפֿענונג: און אױב די דאָזיקע 12 מוזשיקעס װעלן זאָגן: נײן, ניט שולדיק!?

איר שטעלט זיך פֿאָר, װאָס פֿאַר אַ יאָמטעװ עס װעט זײַן אױף אונדזער — דעמאָקראַטישער — גאַס? איך װײס, פֿאַרשטײט זיך, אַז קײן ניסים זײַנען ניטאָ, און באַזונדערס אָרעם איז מיט זײ דער געביט פֿון סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע, נאָר פֿונדעסטװעגן — אין דאָזיקן פֿאַל — װילט זיך, ס'זאָל געשען אַ נעס!

װײַל בלױז ער װעט ראַטעװען אונדז פֿון אַ װעלט־שאַנד!.."[4]

װלאַדימיר איליטש לענין האָט אױך געשפּירט נאָכן פּראָצעס. אינעם אַרטיקל „דער קאַדעט מאַקלאַקאָװ און דער ס.־ד. פּעטראָװסקי", װאָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דעם 29 נאָיאַבער 1913 אין דער צײַטונג „זאַ פּראַװדו", האָט ער געשריבן:

---

[1] „שאָלעם־אַלײכעם־בוך", ז. 237.

[2] М. Горький. Литературные портреты. М., 1963, стр. 233—235.

[3] Литературное наследие Г. В. Плеханова, сб. 1—8, М., 1923—1927, том 6, стр. 517.

[4] Переписка М. Горького, М., «Художественная литература», 1986, том II, стр. 58—59.

„אלס אן איניען איז דער ביילים־פּראָצעס אינטערעסאַנט און וויכטיק, ווײַל ער האָט אַנטפּלעקט באַזונדערס בוילעט דעם אונטערגרונט פון אונדזער אינערלעכער פּאָליטיק, איר געהיימע „מעכאַניק" אאַוו...״

אין אַפּריל 1914 שרײַבט וו. אי. לענין אין אַרטיקל „צו דער פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק", ווו ער ווײַזט ווידער אָן:

„דער ביילים־איניען האָט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט אויף רוסלאַנד, אַנטבלויזנדיק די העסלעכע פּאַריאַדקעס, וועלכע הערשן בײַ אונדז. פון קיין שום עפּעס ענלעכס אויף געזעצלעכקייט איז אין רוסלאַנד אַפילו קיין שפּור ניטאָ. אַלץ איז דערלויבט דער אַדמיניסטראַציע און דער פּאָליציי צוליב העפקערדיקער און אומפאַרשעמטער העצע קעגן די ייִדן — אַלץ איז דערלויבט ביז צו פאַרדעקן און פאַרבאַהאַלטן אַ פאַרברעכן. געמלעך אַזאַ איז געווען דער סאַכאַקל פונעם ביילים־איניען...״

ווען אין יולי 1917 נעמט פּאַר די קאָנטר־רעוואָלוציע אַ שענדלעכע העצע קעגן די באָלשעוויקעס, ניט איבערקלײַבנדיק דערבײַ קיין מיטלען, דערונטער העסלעכע בילבולים, דרוקט וו. אי. לענין אָפּ אין דער צײַטונג „פּראָלעטאַרסקאַיע דיעלאָ" אַ בריוו אין רעדאַקציע, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

„די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע פּרוּווט שאַפן אַ נײַעם דרייפוס־איניען. זי גלייבט אויף אַזוי פיל אין אונדזער „שפּיאָנסטווע", אויף וויפל די פירער פון דער רוסישער רעאַקציע, וועלכע האָבן פאַרטראַכט דעם ביילים־איניען, האָבן געגלייבט אין דעם, אַז די ייִדן טרינקען קינדער־בלוט. קיין שום גאַראַנטיע פון רעכט־טעטיקייט איז אין רוסלאַנד אין געגעבענעם מאָמענט ניט פאַראַן".

אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוו האָט געהאַלטן וואָרט — ער האָט אויסגעפּילט דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן שאָלעם־אליכעמען. אין סאַך מײַ האָבן פיל צײַטונגען אין רוסלאַנד אָפּגעדרוקט זײַן אויפרוף צו די רוסישע שריפטשטעלער און געלערנטע אַרויסצוטרעטן מיט אַן עפנטלעכן פּראָטעסט קעגן דעם קיִעווער בלוט־בילבל.

„שוין עטלעכע טעג, — האָט ער געשריבן, — ווי איך באַקום בריוו פון פאַרשיידענע ערטער, ווו מע פרעגט, פאַרוואָס עס שווײַגן די רוסישע ליטעראַטן, פאַרוואָס זיי פּראָטעסטירן ניט קעגן דעם געמיינעם בלוט־בילבל. האַלטנדיק אַזאַ פּראָטעסט פאַר זייער וויכטיק און נייטיק, נאַטירלעך דרינגענד, קאָן איך בעשום־אויפן ניט דערלאָזן, אַז די רוסישע ליטעראַטן זאָלן בײַ אַזאַ וויכטיקן מאָמענט זיך ניט אָפּרופן. נאָר טאַקע ווײַל דער פּראָטעסט איז העכסט וויכטיק, וואָלט איך וועלן אַרויסזאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער פאָרם, וויאַזוי דאָס זאָל געמאַכט ווערן, קעדיי דער פּראָטעסט זאָל האָבן ניט בלויז אַ מאָמענטאַלע באַדײַטונג, און ער וועט עפּשער אַ פּאָר ליגנערס אויפווײַזן זייער פאַלשקייט און באַלד פאַרגעסן ווערן; וויאַזוי מאַכט מען עס, אַז אַנשטאָט די פּאָר ליגנערס זאָלן מאַרגן ניט אויפשטיין אַנדערע, וואָס וועלן אָפּפרישן דעם אַלטן בלוטיקן בילבל און זיך ניט באַנוצן מיט אים ווי מיט אַ גוט פּאָליטיש מיטל?

איך האַלט, אַז אויסער דעם ציל אויפצווײַזן די פאַלשקייט פון די ליגנערס און בילבולים־מאַכער, דאַרפן די ליטעראַטן זען צו מאַכן אַ סאָף מיטן בילבל גופא, אַז מע זאָל זיך מיט אים ניט קאָנען מער באַניצן.

דער קאַמף, וואָס איינצלנע מענטשן פירן קעגן דעם בילבל, האָט קיין דערפאָלג ניט. דאָס באַווײַזט די געשיכטע פון די בילבולים אויף ייִדן, וואָס דויערן שוין טויזנטער יאָרן, און ס'איז שוין טויזנטער מאָל, אָנהייבנדיק פון יוסעף בען מאַטיסיאָו האַקויען, וועלכער האָט געשריבן זײַן ווערק „קעגן אַפּיאָן"[1], ביז צום הײַנטיקן טאָג, באַוויזן געוואָרן אין די היסטאָרישע און דאָגמאַטישע פאָרשונגען, אַז דאָס איז פאַלש און ליגנעריש. מע קאָן דעריבער ניט דערוואַרטן קיין דערפאָלג, אויב מע וועט נאָכאַמאָל איבערכאַזערן די אַלטע באַווײַזן. מע קאָן ניט איבערצײַגן דעם, וואָס מאַכט בילבולים, ניט ווײַל ער גלייבט טאַקע אין זיי, נאָר ווײַל ער האָט דערפון אַ נוץ. אָט די פינצטערע קויכעס דאַרף מען דעריבער לאָזן צורו. מע דאַרף נאָר זען, אַז דאָס מאַכן בילבולים אויף ייִדן זאָל אויפהערן זײַן פאַר זיי אַ גוט געשעפט, און דאָס קאָן געשען נאָר דאַן, ווען די בילבולים וועלן בײַ די אומווויסנדיקע מאַסן פאַרלירן זייער קראַפט, ווען די ברייטע מאַסן וועלן האָבן ריכטיקע יעדיִעס וועגן דעם איניען און וועלן זײַן באַקאַנט מיט די קלאָרע טשוווּעס, וואָס די וויסנשאַפט האָט אויף דעם געגעבן...״

ווײַטער לייגט דער אַווטאָר פאָר אַ פּלאַן פון אַרויסגעבן בראָשורן, היסטאָרישע באַשרײַבונגען אויף דער דאָזיקער טעמע, דערבײַ אין גרויסע טיראַזשן, זיי זאָלן קאָנען דערגרייכן אין די ווײַטסטע ערטער פון דער רוסישער אימפּעריע. און צום סאָף שרײַבט ער:

„...אויב די געזעלשאַפטן, צו וועלכע איך ווענד זיך, וועלן ניט בלײַבן גלײַכגילטיק צו מײַנע ווערטער, בעט איך אַלע פּאָפּולערע פּילגעלעזטע רוסישע ליטעראַטן, זיי זאָלן זיך אָפּריידן צו פאַריי־

---

[1] געמיינט יוסעף פלאַוויוסעס „קאָנטראַ אַפּיאָנעם".

ניקן זיך און אַראָפּנעמען די שאַנד פון זייער פאָלק. וואָס פאַר אַ שטערונגען איר זאָלט ניט טרעפן אויף אײַער וועג, בין איך דאָך זיכער אין דעם דערפאָלג פון אַ שטאַרק וואָרט, אונטער וועלכן עס וועלן זיך אונטערשרײַבן די גאַנצע לינקע און עפּשער אויך דער גאַנצער צענטער פון דער רוסישער ליטעראַטור...

ס'איז שוין צײַט, מיר זאָלן אין דער יידן־פראַגע זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט אַפּוואַשן די הענט פון אומשולדיק בלוט, עס איז שוין צײַט, מיר זאָלן אָפּשטעלן די בלוטפאַרגיסונג, פון וועלכער מיר ווערן אויך באַשפּריצט, און פאַר אַלעמען מוזן מיר אָפּציִען פון איר דאָס אומוויסנדיקע צערייצטע און פאַרבלענדטע פאָלק".

דער קאָלעקטיווער פּראָטעסט פון די רוסישע ליטעראַטן און געזעלשאַפטלעכע טוער איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „רעטש" דעם 30 נאָיאַבער 1911. אונטערגעשריבן האָבן אים, פאַרשטייט זיך, צווישן אַנדערע, מ. גאָרקי און א. אַמפיטעאַטראָוו.

די רעאַקציאָנערע קויכעס האָבן אויך ניט געדרעמלט. אין דער העצע־קאַמפּאַניע האָט זיך אָנגעשלאָסן אַליין דער פּאָרזיצער פונעם מיניסטאָרן־ראַט סטאָליפּין. אין אָקטיאַבער 1911 טרעט ער אַרויס אין דער צײַטונג „נאָוואָיע ווּרעמיאַ" מיט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער שרײַבט:

„ס'איז נייטיק צו פאַרשטיין, אַז ראַסן־אייגנשאַפטן האָבן אַזוי שטאַרק אָפּגעזונדערט דאָס יידישע פאָלק פון דער גאַנצער מענטשהייט, אַז זיי האָבן פון זיי געמאַכט גאַנץ באַזונדערע באַשעפענישן, וואָס קאָנען ניט אַרײַנקומען אין אונדזער באַגריף וועגן מענטשלעכער נאַטור.

מיר קאָנען זיי באַטראַכטן אַזוי, ווי מיר באַטראַכטן און פאָרשן אויס כײַעס, מיר קאָנען פילן צו זיי אַן עקל, אַ ווידערווילן, אַזוי־ווי מיר שפּירן צו אַ היִענע, אַ שאַקאַל אָדער אַ שפּין, אָבער רעדן וועגן אַ סינע צו זיי וואָלט געהייסן צו אונדזער מאַדרייגע. די ענגלענדער האָבן אַזוי אײַנגעאָרדנט, אַז אויף די בריטאַנישע אינדזלען איז ניטאָ קיין איינציקער וואָלף, און קיין איין ענגלענדער וועט ניט רעדן און וועט אפילו ניט טראַכטן וועגן זײַן סינע צו דער דאָזיקער שעדלעכער העסלעכער כײַע..."

וואָס זשע ליגט פאַר דער פאַרביסענער יודאָפאָב פון מעלוכישן ראַנג? גאַנץ פּאָשעט:

„בלויז דאָס פאַרשפּרייטן אינעם פאָלקס־באַוווּסטזײַן דעם באַגריף, אַז אַ וועזן פון דער יידישער ראַסע איז ניט דאָס זעלבע, ווי אַנדערע מענטשן, נאָר אַ נאָכמאַכונג פונעם מענטש, מיט וועלכער מע טאָר ניט האָבן קיין שום באַרירונג, — בלויז דאָס קאָן ביסלעכווײַז געזונט מאַכן דעם פאָלקס־אָרגאַניזם און קאָן דאָס יידישע פאָלק אַזוי אָפּשוואַכן, עס זאָל מער ניט קאָנען ברענגען שאָדן, אָדער עס זאָל אײַנגאַנצן אונטערגיין. די געשיכטע ווייסט פון אויסשטאַרבנדיקע שוואַטים. די וויסנשאַפט דאַרף שטעלן ניט די יידישע ראַסע, נאָר דעם כאַראַקטער פונעם יידנטום אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז עס זאָל אונטערגיין".

די פּראָגרעסיווע רוסישע געזעלשאַפטלעכקײַט האָט גלײַך רעאַגירט אויף סטאָליפּינס אויספאַל. די צײַטונגען האָבן געדרוקט פיל אָפּרופן, צווישן זיי — אַ קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון די באַוווּסטע רוסישע שריפטשטעלער פּאָליקסענאַ סאָלאָוויאָוואַ, זינאַידאַ גיפּיוס, דמיטרי פילאָסאָפאָוו און דמיטרי מערעזשקאָווסקי[1], אין וועלכן זיי האָבן געשריבן:

„...אויסער דער פראַגע וועגן דער באַציִונג פון די רוסן צו די יידן, האַלטן מיר פאַר נייטיק אָנצוווײַזן, ווי ס'איז אין סטאָליפּינס אַרטיקל באַליידיקט געוואָרן דאָס ערע־געפיל פונעם רוסישן פאָלק גופא.

אַ קריסטלעך פאָלק, פאַר וועלכן דאָס דערשײַנען פון קריסטוסן צווישן די יידן איז ניט קיין לעגענדע און ניט קיין קלייניִען פון פּאָליטישן אַכזאָריעסדיקן אָבערגלויבן, נאָר אַ לעבעדיקער עמעס, מוז אָנערקענען אַזאַ נאַציאָנאַליזם אַלס אַ גראָבע באַליידיקונג פון דעם פאָלקס־אייגנטום"[2].

מאַקסים גאָרקי, אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוו און אַנדערע רוסישע שרײַבער האָבן געטאָן אַלץ, וואָס עס איז געווען פון זיי אָפּהענגיק, קעדיי אויפקלערן דער רוסלענדישער געזעלשאַפטלעכקײַט, ווי פאַלש און געפערלעך עס איז דער קיִעווער בלוט־בילבל ביפראַט און ווי נידערטרעכטיק עס איז די פּאָגראָם־העצע קעגן די יידן ביכלאַל. מע קאָן דאָ צוגעבן אַמפיטעאַטראָווס נאָך איין אַרויסזאָגונג אין שײַכעס מיטן ביילִיס־איניען. ווען אין נאָיאַבער 1912 האָט אים באַזוכט אין איטאַליע אַ מיטאַרבעטער פון דער צײַטונג „הײַנט", האָט אים א. אַמפיטעאַטראָוו געזאָגט:

„שוין צײַט, אַז די רוסישע שריפטשטעלער זאָלן אויפהערן פאַרבײַגיין שווײַגנדיק די יידן־פראַגע, שוין צײַט אָפן און ענערגיש אַרויסצוטרעטן קעגן דער באַציִונג צו יידן אין רוסלאַנד. עמעס, אַ

---

[1] פּ. ס. סאָלאָוויאָוואַ (1867—1924) — רוסישע דיכטערין, די טאָכטער פונעם באַרימטן היסטאָריקער ס. מ. סאָלאָוויאָוו; ז. נ. גיפּיוס (1869—1945) — רוסישע שרײַבערין, די פרוי פון ד. ס. מערעזשקאָווסקי; ד. וו. פילאָסאָפאָוו (1872—1940) — רוסישער ליטעראַטור־קריטיקער; ד. ס. מערעזשקאָווסקי (1866—1941) — רוסישער שרײַבער.

[2] ציטירט לויט דער צײַטונג „הײַנט", נומ. 234, 11 (24) 1911.

מאָדנע געפיל נעמט דיך אַרום, ווען דו ווילסט אַרויסטרעטן צו פאַרטיידיקן די ייִדן: וואָס דו ווילסט זאָגן, איז ווייניק, און פון דער אַנדערער זײַט, נייטיקן זיך דען די ייִדן אין אַ פאַרטיידיקונג? זײַנען זיי דען מינדערוואַרטיקער פון די, וואָס קומען זיי פאַרטיידיקן? דוכט זיך, אַז ניט קיין גאַנץ אָנגענעם געפיל דאַרף אַרומנעמען אויך די ייִדן, ווען זיי לייענען מאַטעריאַלן, וואָס פאַרטיידיקן זיי. אָבער מיר, רוסישע שריפטשטעלער, מוזן אונדזערס טאָן. מיר מוזן אַראָפּנעמען די שווערע שולד פון אונדזער געוויסן. אָט האָב איך דערוועקט די פּראַגע וועגן אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט קעגן דעם קיִעווער בלוט־בילבל. און דער פּראָטעסט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. מיר האָבן דערמיט אונדזערס געטאָן...״[1]

אָט איז אַזעלכע באַדינגונגען איז שאָלעם־עליכעם געקומען צו זײַן פאַרטראַכט אָנצושרײַבן דעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס״.

די ערשטע פאַרעפנטלעכטע ידיעס וועגן דעם, אַז שאָלעם־עליכעם שרײַבט אַ נײַעם ראָמאַן, געפינען מיר אין זײַן בריוו פאַרן 15 דעקאַבער 1911 צו איינעם פון די לאָדזשער פאַרלעגער ל. קאַהאַן. שאָלעם־עליכעם האָט דעמלט געהאַלטן באַם שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער וואַרשעווער צײַטונג „הײַנט״ אַפן יאָר 1912, נאָר ער וואָלט גערן פון דעם זיך אָפּגעזאָגט, ווײַל די אַרויסגעבער פונעם „הײַנט״ פּלעגן אים באַוואָלן. ל. קאַהאַן האָט פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן אַ נײַע צײַטונג אין לאָדזש, שאָלעם־עליכעם האָט אים פּערזענלעך געקענט און אים מער פאַרטרויט. ער שרײַבט אין זײַן בריוו: „...וואָס איך האָב צו געבן פונעם 1־טן יאַנוואַר? — דאָס איז אַ גאַנץ נײַער ראָמאַן פונעם ייִדישן לעבן אין קיִעוו. הומאָריסטיש און סענסאַציאָנעל אין ריינסטן זין. פאַרכאַפּט אַ שטראָם פון פּאָליטיק, וואָס וואַרפט דאָס ייִדנטום פון דער איצטיקער צײַט אין היץ און אין קעלט. און דאַטש אַלל!״[2]

באַ ל. קאַהאַנען האָט פונעם פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג גאָרנישט זיך ניט באַקומען, און שאָלעם־עליכעם מוז אײַנגיין אַף די באַדינגונגען, וועלכע עס האָבן אים אַרויסגעשטעלט די פאַרלעגער פונעם „הײַנט״ ש. יאַצקאַן און נ. פינקעלשטיין, אפילו מאַסקים געווען צו ענדערן דעם נאָמען פונעם ראָמאַן, וועלכער האָט געדאַרפט הייסן „דער גרויסער שפּאַס״, נאָר די פאַרלעגער זײַנען באַשטאַנען אַפן נאָמען „דער בלוטיקער שפּאַס״. ווי עס באַמערקט אין שײַכעס מיט דעם י. בערקאָוויטש, האָט דער אַרויסגעבער פונעם „הײַנט״ ש. י. יאַצקאַן, וועלכער האָט זיך גערעכנט מער מיט דער „געשעפטלעכער״ זײַט פון דעם „בלוטיקן שפּאַס״, איידער מיט דער אידיי און מיט די פּלענער פונעם מעכאַבער, געשיקט שאָלעם־עליכעמען אינסטרוקציעס אין אַ טאָן פון „דעקרעטן״: וואָס אין דעם ראָמאַן דאַרף געשריבן ווערן און וואָס ניט. די דאָזיקע אינסטרוקציעס האָבן שאָלעם־עליכעמען אַזוי־ווײַט אַרויסגעבראַכט פון געדולד, אַז ער האָט דעם ראָמאַן געוואָלט אָפּשטעלן אינמיטן, און נאָר די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַרן פאַרינטערעסירטן לעזער האָט אים אָפּגעהאַלטן דאָס צו טאָן (זע „שאָלעם־עליכעם־בוך״, ז. 240). אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר דער „הײַנט״ דרוקט אַף דער ערשטער זײַט פונעם נומער 303 פאַרן 30 דעקאַבער 1911 (12 יאַנוואַר 1912) אַן אַנאָנס:

. . . . . . .

„אין די ערשטע בלעטער פון יאָר 1912 וועט זיך אָנהייבן דרוקן אין „הײַנט״ אַ נײַער ראָמאַן פון דעם גרויסן ייִדישן פאָלקס־ליבלינג שאָלעם־עליי־כעם אונטערן נאָמען

**דער בלוטיקער שפּאַס,**

אין וועלכן ס׳וועט דורכגעפירט, מיטן גרעסטן טאַלאַנט און טיפסטן הומאָר, דער גרויסער און לעכערלעכער וועלט־שעקער, וואָס פּײַניקט אַזויפיל אונדזער פאָלק — דער שענדלעכער אַלילאַס־דאַם.

דאָס דאָזיקע נײַע מײַסטער־ווערק, וואָס דער גרויסער ייִדישער לעבנס־דיכטער האָט איצט אַרויסגעלאָזט פון זײַן פּעדער אונטער דעם פּײַנלעכן אײַנדרוק פון די לעצטע בלוט־בילבולים, קאָן מיט רעכט גערעכנט ווערן אַלס איינס פון זײַנע בעסטע און שאַרפסטע מײַסטער־ווערק, וואָס וועט געוויס אַרויסרופן אַ ראַש אין דער ליטעראַרישער וועלט און מאַכן דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק אַף יעדן לעזער.

דאָס דאָזיקע וווּנדערבאַר ווערק וועט גלײַך נאָך דעם, ווי ס׳וועט אָפּגעדרוקט ווערן אין „הײַנט״, איבערגעזעצט ווערן אין פאַרשיידענע אייראָפּעישע שפּראַכן״.

. . . . . . . .

[1] „הײַנט״, נומ. 264, 16 (29) נאָיאַבער 1912.
[2] דאַטש אַלל (ענגל.). — דאָס איז גאָר.

הײַנט

הײַנט № 12

# דער בלוטיגער שפּאַס.

## אַ אויסערגעווערנליכער ראָמאַן פֿון שלום-עליכם.

### דאָס ערשטע קאַפּיטעל.
### לאָמיר זיך בײַטען.

דעם אָנאָנס כאַזערט איבער די צײַטונג אין די נומערן 6 און 10 פֿאַרן נײַעם, 1912 יאָר. פֿונעם נומער 12 פֿאַר דעם 13 (26) יאַנוואַר הייבט דער ראָמאַן זיך אָן צו דרוקן.

דער לייענער האָט שאָלעם-אַלייכעמס נײַ ווערק אויפֿגענומען מיט גרויס אינטערעס. אַנדערש איז געווען מיט דער קריטיק. אַפֿילע באַלמאַכשאָווע́ס, איינער פֿון די אָנגעזעענסטע קריטיקער און שאָלעם-אַלייכעמס אַ נאָענטער פֿרײַנט, האָט צוערשט געצווייפֿלט אין דער קינסטלערישער ווערט פֿון דעם נײַעם ראָמאַן. ווען ער שרײַבט אָן שאָלעם-אַלייכעמען „אין לײַכטן טאָן", אַז אים אַליין קומט ניט אויס צו לייענען דעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", נאָר מע האָט אים איבערגעגעבן, אַז דאָס

דאָזיקע ווערק באשטייט, מערסטנס, פון צײַטונגס־כראָניק וועגן דעם בייליס־פּראָצעס און אז ער, באַלמאַכשאָווועס, קאָן דאָס פארשטיין, „וואָרעם ייִדן דאַרפן פּאַרנאָסע", — באקומט ער פון שאָלעם־אליי־כעמען א שאַרפן, אופגעבראַכטן ענטפער: „ברודער באַלמאַכשאָווועס! ניט נאָר איצט, וואָס איך בין גאָר ניט אָפּהענגיק פונעם „הײַנט", ווײַל איך קאָן שוין לעבן, באַרעכהאַשעם, פון די ביכלעך אליין, וואָס צעגייען זיך אין די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליארן, ניט נאָר אין דעם דאָזיקן ראָמאַן, וועלכן איך גיב אוועק מײַן גאַנצן זאַפט און קראַפט, בלוט און מאַרך, פּײַל און פּאַפּיר און שרײַב איבער, ווייניקסטנס, זעקס מאָל איטלעכס קאַפּיטל (אָפטלעך — צען מאָל), — אַפילע אין די גאָר בײַ־טערע צײַטן, ווען איך בין געווען אַף גרויסע־גרויסע צאָרעס, ארומגעלאָפן נאָך א גמילעס־כעסעד אַף „פּראַוואָטשעניע" פאר די קינדער, מיט וועלכן ס׳איז געווען פארבונדן מײַן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" און מײַן עקזיסטענץ, אַפילע דעמאָלט בין איך אויך ניט פעיִק געווען צו געבן א רעדאקטאָר „אַלטע צײַטונג־אַרטיקלען צוליב פּאַרנאָסע..."[1]

מער גינסטיק האָט באטראַכט שאָלעם־אליי־כעמס נײַעם ראָמאַן דער קריטיקער ש. ניגער, און שאָלעם־אליי־כעם האָט געהאַלטן פאר נייטיק אַפילע צו באַהאַנדלען מיט אים די פּעריפּעטיִעס פון די געשעענישן, וועלכע ער באַשרײַבט, אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען. דעם 12 אַפּרעל 1912 שרײַבט ער צו אים:

„איר זאָלט טייקעף אומעיאַד ווי איר באַקומט אָט דאָס בריוול זיך אָוועקזעצן, נעמען א פּאָר בײַ־געלעך פּאַפּיר און אָנשרײַבן מיר אָט וואָס: איר זאָגט, אז איר האָט דערוואַרט, און אויך איצט וואַרט איר, פונעם גויעצל[2] עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל וווּנדערן (אָפּטאָן א שטוקע), וואָס מיינט איר דערמיט? איר זאָגט: דאָ דאַרף זיך אַנטפּלעקן עפּעס א נײַער קנייטש. וואָס מיינט איר דערמיט? איר זאָגט: א קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגיע קאָן זיך אַנטוויקלען. וואָס מיינט איר דערמיט? נו, געוויס האָב איך מײַנע פּלענער און איך האַלט שוין ווײַט. איך דאַרף אָבער הערן, וואָס איר מיינט. איר זאָגט, אז דער מעכאַבער איז אַבסאָליוט ניט מעכויִעוו אַאָוו. מעכויִעוו — עפּשער ניט. אָבער איך וויל הערן אײַער וואָרט, אײַערע כאַלוימעס, ווי וואָלט איר געטאָן? איך זאָג ניט: וויִאַזוי? איך פרעג נאָר: וואָס וואָלט איר געטאָן מיטן גויעץ?.. לעמאַנהאַשעם זיך ניט זשענירן, ניט קווענקלען, נאָר אָפּנהאַרציק, ווי א גוטער פרײַנט, און דריקער: באַלד, שוין, הײַנט, טאַקע בעזע האַרעגע..."[3]

און ווײַטער:

„...איר האָט א ביסל פאַרדרייט דעם פּינסקער באָכער מיטן סטודענט טומאַרקין[4]. די דאָזיקע צוויי לעבעדיקע נעפאַשעס בעטן זיך בא מיר, איך זאָל זיי נאָך ארויספירן און ארויספירן, שטייט אָבער דער אָדן דער רעדאקטאָר און שרײַט: „מײַסע! מײַסע גיט! ווינציקער טיפן, מער מײַסע!" — איר פארשטייט, וואָס פאר א דראַט־אַרבעט, אז איך האָב געקאָנט דורכשלאָגן אַזאַ היפּאָפּאָטאַמישע פעל פון די, וואָס לעקן די פינגער פון דער „פארשלייערטער דאַמע"[5], זיי זאָלן מײַן ראָמאַן אויך לייענען מיט אינטערעס, וועלכער וואַקסט פון טאָג צו טאָג...[6]

ש. ניגער האָט גלײַך זיך אָפּגערופן אַף שאָלעם־אליי־כעמס בריוו. דאָס איז צו זען פון שאָלעם־אליי־כעמס צווייטן בריוו פארן 14־טן אַפּרעל:

„1000 (מאָל) דאַנק (איך) אײַך פאר אײַער טײַער בריוול, וואָס האָט מיך נאָך מער אָנגעוואָ־רעמט, ווי איך בין. ניט אָפּלייגנדיק אַף שפּעטער, ענטפער איך אײַך באַלד, נאָך ליגנדיק אין בעט און שרײַבנדיק מײַן ראָמאַן שוין בא די פופציקסטע קאַפּיטלעך (אינדערפרי שרײַב איך אין בעט ביז אזייגער 9—10. כ׳וואָלט געשריבן ביז אזייגער 13—14, לאָזט מען מיך ניט. מע שרײַט אַף מיר!). אַלזאָ, צו אײַער בריוול. פונקט די זעלבע געדאַנקען, וואָס איר ווילט זיך צו זיי דערגריבלען, ווערן בא מיר דורכגעפירט נאָך אין די פערציקסטע קאַפּיטלעך. פרייט עס מיך דעריבער, וואָס איך בין ניט אוועק אין א פאַלשן וועג, ניט פאַרקראָכן קיין בויבעריק. עס פרייט מיך, וואָס איר ווערט האַנאָע האָבן, און איך דאַנק אײַך נאָכאַמאָל, וואָרעם איר האָט מיר צוגעגעבן מוט אַף צו גיין זיכערלעך. אָך! וואָס זײַנען מיר, ייִדן, אַזוי אומגליקלעך? בא די גויִם א שרײַבער לאָזט זיך לערנען פונעם קריטיקער, הערט אויס אַמאָל א לעקציע, ווייסט פון א מעטאָד און פון א סיסטעם, און נאָך אַזעלכע זאַכן. א ייִדישער קריטיקער דאַרף זיך פאַרענטפערן, היטנאַצעלעס שרײַבן — איך מיין אײַך ניט באַליי־דיקן כאָלילע — איר וואָלט געקאָנט מיר גלײַך זאָגן: „שאָלעם־אליי־כעם! אַזוי און אַזוי טוט, וועט זײַן גימל, אַניט וועט איר ליגן אין דער אַדאָמע!"[7].

---

[1] „שאָלעם־אליי־כעם־בוך", ז. 242.
[2] געמיינט דעם רוסישן העלד פונעם „בלוטיקן שפּאַס" — פּאָפּאָוון.
[3] „שאָלעם־אליי־כעם־בוך", ז. 240.
[4] פארשוינען פונעם „בלוטיקן שפּאַס".
[5] א שונד־ראָמאַן, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אין „הײַנט".
[6] „שאָלעם־אליי־כעם־בוך", ז. 241.
[7] דאָרט.

צו דער צײַט, ווען שאָלעם־אַלייכעם האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער, האָט דער „הײַנט" שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט דאָס 42־טע קאַפּיטל פונעם „בלוטיקן שפּאַס". דער שרײַבער האָט מיט אומגע־דולד געוואָרט אויף יעדן אָפּרוף פון די לייענער, ביפראַט נאָך פון פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער. ס'האָט זיך פאַרהיט זײַן בריוו פאַרן 23 מײַ 1912 צו דעם דעמלט נאָך יונגן פּובליציסט און קריטיקער שימען דאָבין (1869—1944). שאָלעם־אַלייכעם שרײַבט:

„דער ראָמאַן אין „הײַנט" מאַכט, זאָגט מען, אַ „סענסיישאָן". ווי איז מיט אים בעמאַכנייכעם? דעם הײַנט" נומער 108 האָט מען מעכילע קאָנפיסקירט פאַרן קאַפּיטל 48 פון מײַן ראָמאַן („דער בלוטיקער שפּאַס"), און אַ סוואָרע, אַז די רעדאַקטאָרן ביידע זאָלן זיצן אויפן בענקל און שוויצן „פּאָ סטאָ סאָראָק דעוויאַטאַי"... אַ מיצווע: גאָט שטראָפט זיי דערפאַר, וואָס די „געשלייערטע דאַמע" גיבן זיי מיט דער שיסל און דעם „שפּאַס" מיט אַ קאַווע־לעפּעלע צוויי מאָל אין וואָך קוים־קוים, ווײַל ער בײַסט זיך... פון עטלעכע שטעטלעך, האָב איך געהערט, איז מען אוועק צו דער רעדאַקציע מיט פּראָטעסטן..."[1]

דאָ פאָדערט זיך אַ שטיקל אויפקלערונג. מיר האָבן געפּרוּווט זיך דערקונדיקן, פאַרוואָס די צענזור האָט קאָנפיסקירט דעם נומער פונעם „הײַנט" מיטן 48־טן קאַפּיטל פון דעם „בלוטיקן שפּאַס". און אָט וואָס עס האָט זיך אויסגעקלאָרט.

דאָס 48־טע קאַפּיטל פונעם ראָמאַן, וואָס האָט זיך געדרוקט אינעם „הײַנט" אין צוויי נומערן — פאַרן 8 (21) מײַ און פאַרן 11 (24) מײַ 1912, האָט געהייסן „גוט־פרײַנט קריגן זיך — טײַבעלעך קושן זיך". די פאַרזעצונג פונעם קאַפּיטל אינעם נומ. 11 (24) מײַ הייבט זיך אָן אַזוי:

„איציקס מאָל, אין דער ערשטער נאַכט פּייסעך נאָכן סיידער, אַז מע איז אויפגעשטאַנען פונעם טיש, האָבן זיך אונדזערע יונגעלײַט צעאַמפּערט איבער אַ פּרינציפּיעלער פראַגע: פאַרוואָס וויל דאַוויד שאַפּיראָ ניט לײַדן, אַז מע רעדט פון „ריטואַל"? פאַרוואָס פאַרוואַרפט ער מיט די הענט און מיט פיס, אַז ער דערהערט דאָס וואָרט „אַלילאַס־דאַם"? ראַבינאָוויטש האָט דערבײַ אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, אַז ער פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס די ייִדן שווײַגן? נאָך זײַן מיינונג, וואָלטן אַלע ייִדן פון דער גאַנצער וועלט באַדאַרפט זיך פאַרייניקן און אָנווענדן זייער גאַנצע ענערגיע אויף צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ שרעקלעכער באַשולדיקונג...

— פּונקט פאַרקערט! — האָט אים אָפּגעהאַקט בעטי גלײַך און שאַרף, ווי אַלעמאָל. — פּונקט קאַפּויער! פּראָטעסטירן באַדאַרפן ניט מיר, נאָר די ערלעכע לײַטישע קריסטן, אויב ס'איז נאָך דאָ אַזעלכע... וואָרעם פאַר זיי דאַרף דאָס אייגנטלעך זײַן מער ביזאָיען, ווי פאַר אונדז, אויב איר ווילט וויסן... און איר זאָגט — פּראָטעסטירן! פּראָטעסטירן האָט דען אַ שיר? אויף איטלעכנס ניס קאָן מען ניט זאָגן: „צו געזונט"... לעמאָשל, אָט איצט באַשולדיקט מען אונדז, אַז מיר באַניצן קריסטלעך בלוט אין אונדזער מאַצע אויף פּייסעך. מאָרגן וועט מען אויסטראַכטן, אַז מיר שלינגען לעבעדיקערהייט קריסטלעכע קינדער אויפן ניכטערן האַרצן, און מיר וועלן אויף יעדער נאַרישקײַט גיין פּראָטעסטירן? מיר וועלן זיך אוועקשטעלן אָפּלייקענען, אַז ניין, מיר שלינגען ניט קיין לעבעדיקע קינדער אויפן ניכ־טערן האַרצן? פע! דער פּאַפּאַ איז זייער גערעכט, וואָס ער וויל דערפון ניט רעדן אַפילע. דאָס באַ־ווײַזט, אַז ער איז אַן אַריסטאָקראַט...

— אַן אַריסטאָקראַט?

— וואָס שמייכלט איר אַזוי? געוויס אַן אַריסטאָקראַט! און יעדנפאַלס מער אַריסטאָקראַט פון יענעם גענעראַל, וואָס האָט דערזען אין גאַס אַ ציגײַנער אָדער אַ גרעק מיט אַ וויינענדיק קינד, האָט זיך אים, כאַ־כאַ, פאַרשטעלט, ווי מע זאָגט באַ אונדז, אַ קורצע קו פאַר אַ באַרנבוים און ער האָט באַלד דערשמעקט בלוט, וואָרעם עס כאָלעמט זיך זיי בלוט, מענטשלעך בלוט... אין כאָלעם און אויף דער וואָר זעען זיי נאָר בלוט און בלוט..."

פאַרשטייט זיך, אַז די צענזור האָט ניט געקאָנט דורכלאָזן אַזאַ קראַמאָלע, ביפראַט נאָך, וואָס אַפילע אין דער גאָסודאַרסטווענע דומע איז וועגן דעם „ריטואַל" געגאַנגען אַ גאַנצע דיסקוסיע, און בייליס, דער שולדיקער אין אַזאַ „ריטואַל", איז נאָך געזעסן אין טפיסע, און די גאַנצע וועלט האָט מיט אים גערוישט...

דעם 7 יאַנוואַר 1913 שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם צו זײַן טאָכטער ערנעסטינע און איר מאַן י. בער־קאָוויטש:

„טײַערע!

הור־ראַ! הײַנט האָב איך געענדיקט דעם ראָמאַן. איך האָב אוועקגעשיקט דעם עפּילאָג אין דער רעדאַקציע און אַצינד וועל איך אָפּרוען. דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי „אָפּרוען". איך וועל שרײַבן צו איין דערציילונג אַ וואָך..."[2]

---

[1] „שאָלעם־אַלייכעם. אויסגעוויילטע בריוו", מאָסקווע, „דער עמעס", 1941, ז. 246.

[2] „שאָלעם־אַלייכעם־בוך", ז. 109.

ארבעטנדיק נאָך איבערן ראָמאַן, האָט שאָלעם־אַלייכעם שוין גענומען טראַכטן וועגן איבערזעצן אים אױף רוסיש. דאָס איז געווען ניט בלויז א פארלאנג צו זען זײַן נײַ ווערק אין דער איבערזעצונג אױף אן אנדער שפּראַך. שאָלעם־אַלייכעם האָט געוואָלט, אז, באַקענענדיק זיך מיטן ראָמאַן, זאָל דער רוסישער לייענער האָבן א מער קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער העצע אױף ייִדן מיצאַד די שוואַרצמייעניקעס. ווײַל פּראָטעסטן און בראָשורן זײַנען איינס, און א קינסטלערישׂ ווערק מיט לעבעדיקע געשטאַלטן איז גאָר עפּעס אנדערש. דעם 10 (23) נאָיאַבער 1912 שרײַבט ער צו וו. ג. קאָראָלענקאָן, וועלכער איז דעמלט געווען איינער פון די אָנפירער פונעם בעלעטריסטישן אָפּטייל אין זשורנאל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ”:

„פילגעשעצטער וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש!

מאַדאַם צוקאַסאָווא, מאַריאַ אבראַמאָווגא, האָט מיר איבערגעגעבן, אז איר האָט אויסגעדריקט די גרייטקייט אָנצונעמען מײַנע א דערציילונג אױף צו דרוקן אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ”.

איך האַלט פאַר נייטיק צו באַקאַנען אײַך מיטן טאָך פון דער זאַך. דאָס איז א ראָמאַן פונעם ייִדישן און רוסישן לעבן, א שטייגער־ראָמאַן, לויטן פאָרמאַט קימאַט ניט קלענער, איידער מײַן ווערק, וואָס דרוקט זיך אינעם זשורנאל „סאָווּרעמעניק”[1].

אין זײַן גרונט איז די אידיי וועגן דער לעפּישער באַשולדיקונג קעגן די ייִדן אין „ריטואַלן” מאָרד. קיין שום אויסערלעכע סימאָנים פון א טראַגעדיע. פאַרקערט, די סיטואַציעס זײַנען ביז גאָר קאָמישע (א קריסט און א ייִד בײַטן זיך מיט די פּאַספּאָרטן, ביידע זײַנען זיי סטודענטן, אין סאַכאַקל טרעפט אָן דער קריסט אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק, ווײַל מע באַשולדיקט אים, אז ער האָט דערמאָרדעט א קריסטלעך ייִנגל, „צוליב ריטואַלן בלוט”). איך וואָג צו דענקען, אז אויב ס׳וועט אמאָל דערשײַנען א בוך, וועלכער לייקנט אָפּ אױף אן איבערצײַגעוודיקן אופן דאָס דאָזיקע אומגעלומפּערטע רעשטל פונעם מיטלאַלטער, וואָס איז אזוי געפעלן געוואָרן אונדזערע היימישע „פּאַטריאָטן” — וועט דאָס זײַן מײַן בוך... ער וועט איבערגעזעצט ווערן אונטער מײַן רעדאַקציע אױף רוסיש (דאָס ווערק ווערט געשריבן אין ייִדיש)... איך וואַרט אױף אן ענטפער און פאַרבלײַב
דער אײַך ליבנדיקער שאָלעם־אַלייכעם”[2].

נאָך פריִער, אין דעם זעלבן בריוו צו שימען דאָבינען, וועלכן מיר האָבן שוין אויבן ציטירט, טיילט שאָלעם־אַלייכעם מיט אינעם „איקער שאָכאַכטי”:

„יאָ, א סוואָרע, אז דער „שפּאַס” זאָל זיך דרוקן אין „רוס. באָגאַטסטוואָ”. איך וואָלט עס זייער וועלן. איך האָב ליב דעם גוי קאָראָלענקאָ א סאַקאָנעס”.

וו. ג. קאָראָלענקאָ האָט, ווײַזט אויס, פאַרטרויט צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט שאָלעם־אַלייכעמען דעם מיטאַרבעטער פון „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ” א. פּעטרישטשעוון, און שאָלעם־אַלייכעם ווענדט זיך צו אים דעם 7 (20) דעקאַבער 1912:

„פילגעהערטער א. פּעטרישטשעוו!

אין העסקעם מיט אײַער בריוו פונעם 25 אָקטיאַבער האָב איך אײַך ארויסגעשיקט דעם ערשטן טייל פונעם ראָמאַן אױף צו באַקאַנען זיך מיט אים. די איבעריקע טיילן פונעם ראָמאַן וואָלט איך געקאָנט אײַנגאַנצן פאַרענדיקן און דורכרעדאַגירן אין מעשעך פון די ערשטע צווי—דרײַ כאָדאָשים פונעם דרוקן דעם ערשטן טייל, וואָס וועט קלעקן מער ווי אױף פיר כאָדאָשים. די פּאָרזעצונג וואָלט מען געקאָנט צושטעלן טיילווײַז. אין פאַל, אויב איר וועט מײַן ראָמאַן אָנעמען, וואָלט איך שטאַרק געבעטן זאָרגעוודיק באַאַרבעטן די איבערזעצונג, מאַכן די נייטיקע קאָרעקטיוון אינעם סטיל פון דער רוסישער שפּראַך. נאָך וואָלט איך געבעטן ניט פאַרהאַלטן דעם קסאָוויאַד און וואָס גיכער מיר געבן אן ענטפער, פאַר וואָס איך דאַנק אײַך פאָרויס”[3].

מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט דער איניען, איז אונדז ניט באַוווּסט, אלנפאַלס, אין זשורנאל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ” האָט „דער בלוטיקער שפּאַס” זיך ניט געדרוּקט. דער ראָמאַן איז דערשינען אין א פאַרקירצטער איבערזעצונג אױף רוסיש ערשט אין 1928 (איבערזעצער — ד. גליקמאַן).

שאָלעם־אַלייכעם מיט זײַן פילבאַר האַרץ און אָנגעווייטיקטער נעשאָמע האָט ניט געקאָנט, פאַרשטייט זיך, זײַן גלײַכגילטיק צום גוירל פון זײַן בען־איר בײליס. אלס שרײַבער, האָט ער אויסגעפילט זײַן כויוו: „דער בלוטיקער שפּאַס” איז געוואָרן א מין ליטעראַרישער דענקמאָל, אין יעסאָד פון וועלכן ס׳איז געלייגט געוואָרן דער קיִעווער אַליליאָס־דאָם, האַגאַם דאָס איז געווען ניט קיין היסטאָרישער ראָמאַן און די העלדן אין אים זײַנען אָנגערופן מיט צוגעטראַכטע נעמען.

אָבער אויסער די געשילדערטע העלדן, איז געווען דער לעבעדיקער מענדל בײליס, און שאָלעם־אַלייכעם האָט נישט געקאָנט ניט זאָגן אים זײַן טרייסטוואָרט. ס׳האָט זיך פאַרהיט זײַן בריוו צו בײליסן

[1] אינעם זשורנאל „סאָווּרעמעניק” (1911—1915) האָט דעמלט זיך געדרוקט אין דער רוסישער איבערזעצונג שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן „בלאָנדזנדע שטערן”.

[2] שאָלעם־אַלייכעם. קריטישע אַרטיקלען”. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1939, ז. 281—282.

[3] „שאָלעם־אַלייכעם. אויסגעווײלטע בריוו”, ז. 251.

און בייליסעס ענטפֿער, און אױף װיפֿל בײדע דאָקומענטן זײַנען איצט קימאַט ניט באַװוּסט, האַלטן מיר פֿאַר נײטיק בײַ דער געלעגנהײַט זײ ברענגען. שאָלעם־אַלײכעם שרײַבט אין אָנהײב דעקאַבער 1913 צו בײליסן, װעלכער איז שױן באַפֿרײַט פֿון אַרעסט:

„ליבער פֿרײַנט מענאַכעם־מענדל בײליס!

איך האָב אײַך ביז הײַנטיקן טאָג ניט געשריבן, װײַל דער טומל אַרום אײַך איז געװען צו גרױס! אַז איר קאָסט מיר געזונט גלײַך מיט אַלע ייִדן — דאַרפֿט איר אַלײן גוט פֿאַרשטײן, און אַז איך האָב זיך געפֿרײט מיט אײַך, — דאָס איז שױן גאָר איבעריק צו זאָגן.

איצט נעמט צו מײַן מאַזלטאָװ! לאָז גאָט געבן, אַז איר זאָלט זײַן דער לעצטער, און די װעלט זאָל שױן מער ניט האָרכן, װי מע באַרעדט אונדזער פֿאָלק...

איך האָב באַפֿױלן צו מײַן אַרױסגעבער קײן װאַרשע, מע זאָל אײַך צושיקן אַלע מײַנע מײַסע־ביכלעך, זעכצן בענדער, געשריבן אין אונדזער ייִדיש, — אַ מאַטאָנע. עס װעט מיך פֿרײען, אַז איר װעט, אױסגערוט זיך, אַמאָל אַרײַנקוקן אין זײ, פֿאַרגעסן די אַמאָליקע צאָרעס, געבן אַמאָל אַ לאַך און עפּשער לאָזן אַ טרער...

און װײַטער װאָלט איך דאָך ניט געװען קײן ייִד — איך זאָל אײַך ניט געבן אַן אײצע, װאָס איר זאָלט טאָן אױף װײַטער מיקױעך אַמעריקע[1] אוכעדוימע.

רעכן איך אָבער, אַז אין אײצעס זײַט איר ניט זשעדנע. טוט, װי אײַער אײגענער פֿאַרשטאַנד זאָגט אײַך, און גריסט אײַער װײַב און קינדער. איך װײס ניט, אױב איר קענט מיך — איך בין אײַערער אַ „זעמליאַק", אַ יאָר 20 געװױנט אינעם געבענטשטן קיִעװ, און מײַן נאָמען איז שאָלעם־אַלײכעם..."[2]

מענדל בײליס איז געװען אױפֿן זיבעטן הימל, װען ער האָט באַקומען פֿון שאָלעם־אַלײכעמען אַ בריװ: אַװאַדע, װער האָט דעמאָלט ניט געקענט דעם גרױסן הומאָריסט! און ער ענטפֿערט דעם שרײַבער:

„...דאָס לאַכן דאַרפֿט איר, דאַכט זיך, הערן בײַ אײַך אין לאָזאַנאַ, און דערבײַ פֿילט זיך זײער, װאָס אַלעס באַטײַט און װיפֿל געװײן עס געפֿינט זיך אין דעם דאָזיקן לאַכן...

אױב איר זײַט אין סאָפּעק, צי איך קען אײַך, דאַרף איך אײַך זאָגן, שױן ניט רײדנדיק װעגן מײַנע עלטערע קינדער, אַפֿילו מײַן זעקסיאָריקע טאָכטער קען אײַך שױן אױך אַצינדער, און מע הערט נאָר, װי זי שרײַט: „טשיטײַטיע שאָלעם־אַלײכעמאַ!", „שאָלעם־אַלײכעמאַ טשיטײַטיע!"

װי איר זעט, איז אײַער האָפֿענונג מעקױעם געװאָרן נאָך אײדער איך בין צו־זיך געקומען. צװישן אַלע װערק פֿון פֿיל שרײַבער, װאָס איך האָב באַקומען, און אױך אַנדערע מאַטאָנעס, מוז איך אײַך זאָגן, אַז עס פֿאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט בײַ מיר אײַערע װעלט־באַרימטע װערק, און איך שעץ מיך איבערגליקלעך, װאָס איך האָב זוכע געװען פֿון אײַך אַזאַ מאַטאָנע...[3]

דעם שרײַבערס האַרץ האָט געבלוטיקט. דאָס לעצטע װאָרט זײַנס, װאָס איז געװען װי אַ נאָכװײעניש פֿונעם קיִעװער בלוט־בילבול, האָט ער אָנגעשריבן צװײ יאָר פֿאַרן טױט. װידעראַמאָל אין נערװי, איטאַליע, אין שטראַנד־האָטעל, דעם 21 פֿעװראַל 1914. אַ קורץ בריװל צו די אײגענע:

„טײַערע!..

אין שכײנעס מיט מײַן צימער װױנט אַ פּראָפֿעסאָר פֿונעם קיִעװער אוניװערסיטעט, בין איך אין אײן שרעק, מאַכמעס ער איז דאָ מיט אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר אַכט—נײַן. פּלוצעם װעט ער האַרגענען דאָס ייִנגעלע, װעט אים מאַכן דרײַצן װוּנדן און װעט זאָגן, אַז דאָס האָב איך אים געמאַכט אַ „ריטואַל". יעדן טאָג בעט איך גאָט, אַז דאָס ייִנגעלע זאָל זײַן געזונט. ס'איז דאָ אַ האָפֿענונג, אַז זײ פֿאָרן אַװעק קײן ראַפּאַלאָ. װען איך האָב זיך דערפֿון דערװוּסט, האָב איך מיט אַ קיװן, איבערן טיש, גענומען פֿאַרן דאָקטער זאַק הױך אױף אַ קאָל, אױף רוסיש, צו לױבן ראַפּאַלאָ אין טאָג אַרײַן..."[4]

ער האָט ניט געקאָנט אָן אַ שפּאַס. אַפֿילו אַ בלוטיקער שפּאַס איז בײַ אים באַגלײט געװען מיט געלעכטער. און װען ער האָט זיך געשטיקט פֿון געלעכטער, האָט מען געקאָנט מײנען, אַז ער לאַכט טאַקע. איצט װײסן מיר שױן, אַז דאָס איז געװען ניט פּאָשעט אַ געלעכטער, נאָר אַ בלוטיקער שפּאַס. פֿונעם ערשטן טאָג, זינט ער האָט גענומען די פּען אין דער האַנט, ביזן לעצטן טאָג, ביזן לעצטן אָטעם.

---

[1] גלײַך נאָכן פּראָצעס האָט בײליס גענומען זיך אױסבאַהאַלטן, מוירע האָבנדיק פֿאַר אַ נעקאָמע פֿון די שװאַרצמײעניקעס. מע האָט אים אָפּגעשיקט קײן ערעץ־ייִסראָעל, װוּ ער האָט אָפּגעלעבט אַ יאָר אַכט, דערנאָך איז ער מיט דער מישפּאָכע אַריבערגעפֿאָרן קײן אַמעריקע. דאָרט איז ער אין 1934 געשטאָרבן.

[2] „שאָלעם־אַלײכעם. זאַמלונג קריטישע אַרטיקלען", ז. 283.

[3] דאָרט, ז. 294.

[4] „שאָלעם־אַלײכעם־בוך", ז. 116.

■ ■ ■

## יאַקאָוו קומאַק

# קהלת

דִּבְרֵי קֹהֶלֶת בֶּן־דָּוִד מֶלֶךְ בִּירוּשָׁלִָם׃ הֲבֵל הֲבָלִים א 2
אָמַר קֹהֶלֶת הֲבֵל הֲבָלִים הַכֹּל הָבֶל׃ מַה־יִּתְרוֹן לָאָדָם 3
בְּכָל־עֲמָלוֹ שֶׁיַּעֲמֹל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ דּוֹר הֹלֵךְ וְדוֹר בָּא 4
וְהָאָרֶץ לְעוֹלָם עֹמָדֶת׃ וְזָרַח הַשֶּׁמֶשׁ וּבָא הַשָּׁמֶשׁ וְאֶל־ ה
מְקוֹמוֹ שׁוֹאֵף זוֹרֵחַ הוּא שָׁם׃ הוֹלֵךְ אֶל־דָּרוֹם וְסוֹבֵב 6
אֶל־צָפוֹן סוֹבֵב ׀ סֹבֵב הוֹלֵךְ הָרוּחַ וְעַל־סְבִיבֹתָיו שָׁב
הָרוּחַ׃ כָּל־הַנְּחָלִים הֹלְכִים אֶל־הַיָּם וְהַיָּם אֵינֶנּוּ מָלֵא 7
אֶל־מְקוֹם שֶׁהַנְּחָלִים הֹלְכִים שָׁם הֵם שָׁבִים לָלָכֶת׃ כָּל־ 8
הַדְּבָרִים יְגֵעִים לֹא־יוּכַל אִישׁ לְדַבֵּר לֹא־תִשְׂבַּע עַיִן
לִרְאוֹת וְלֹא־תִמָּלֵא אֹזֶן מִשְּׁמֹעַ׃ מַה־שֶּׁהָיָה הוּא שֶׁיִּהְיֶה 9
וּמַה־שֶּׁנַּעֲשָׂה הוּא שֶׁיֵּעָשֶׂה וְאֵין כָּל־חָדָשׁ תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃
יֵשׁ דָּבָר שֶׁיֹּאמַר רְאֵה־זֶה חָדָשׁ הוּא כְּבָר הָיָה לְעֹלָמִים י
אֲשֶׁר הָיָה מִלְּפָנֵנוּ׃ אֵין זִכְרוֹן לָרִאשֹׁנִים וְגַם לָאַחֲרֹנִים 11
שֶׁיִּהְיוּ לֹא־יִהְיֶה לָהֶם זִכָּרוֹן עִם שֶׁיִּהְיוּ לָאַחֲרֹנָה׃

אאי

ז׳ 21. 41. ונשמה קרי

# די שוואַרצע זון פון קיהעלעס

פלוצעם... —
פון הינטער טשעכאָווס באַדאַכטע, אויסגעקעכלטע, זינגעוודיקע שורעס — האָט אַרויסגעשווינדלט איינע אַ צעשויבערטע, פאַרומערטע: אַ ברי געטאָן.

איך געדענק ניט (נאָך אַ ייִנגל געווען), אין וואָסער דערציילונג... דאַכט זיך, אין „אומעט". איצט האָב איך אַ קוק געטאָן, דאָרט איז אַנדערש: „וועמען מײַן קלאָג פאַרטרויען" (און אויך: ווע־מען מײַן קל־אָג פאַר־טרוי־ען... סאַראַ שײַנקײַט!). און בײַ טאָלסטאָיען, איך דערמאָן זיך ניט ווו, אָבער ניט אין „טכיִעס־האַמייסים", דאָרט איז פאַראַן פון דעם עוואַנגעליום — מאָטאָוו. ס׳איז פונדעסטוועגן אַ געבענטשטע מידע: ציטאַטעס, עפּיגראַפן. עפּעס־וואָס האָבן מיר אויך מעקאַבל געווען פון יענעם סײַפער, וואָס זײַן עמעס האָט זיך געענדיקט, אַ פאַרלייקנטער, אַ געבליבענער אויף יענער זײַט שוועל פון דער אָנגערוקטער, ראַציאָנעלער טקופע.

דער יונגער דאָר — אַן אַמעראַציִשער, מידער, אָרעמער, מיט נאָכמילכאָמעדיקע היספּײַלעסן, ווע־מענס העכסטער עמעס האָט זיך פאַרגעשטעלט )אַזוי האָט מען אײַנגערעדט) נאָר אין אָפּבילדער. אין שאַפן אַ קינסטלערישע ליטעראַטור, וועלכע איז מעכוּיעוו געווען אַלץ אויסטײַטשן לויט באַשטימטע פּאַ־זיציעס. נאָר די אומדערפאַרענע נעשאָמע, האַלטנדיק זיך וואָס ווײַטער פון די זידל־רייד, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט די פּירער, און פון דעם אונטערגעקליבענעם בייזן אייפער פון די פּובליציסטן, האָט, זעט אויס, פאַרויסגעפילט די אָנוועזנהײַט פון אַנדערע קענטעניש אין דער וועלט...

בײַ טשעכאָוון איז אָט וואָס געשטאַנען און פאַרכאַפּט, ווי אַ דערוואַכטע אַנטפּלעקונג: דערפאַר, וואָס אין אַ סאַך כאָכמע איז אַ סאַך אומעט, און ווער עס פאַרמערט די קענטעניש, דער קייפּלט דעם טרויער.

פאַרוואָס האָט אַזוי געקלעמט דאָס ייִנגלשע האַרץ, ציִענדיק זיך „צום יאַם פון וויסן"? פונוואַנען איז אים באַוווּסט געווען, אַז באַהערשן קענטעניש איז פאַרבונדן מיט טרויער און אַז יעדעס דערוואָרבן קערנדל עמעס קייפּלט די ליידן אין דער וועלט?

נאָר פאַרוואָס ציט אַזוי צו זיך, ניט לאָזנדיק צורו, דער עמעס?

...האָט גאָט געגעבן די מענטשן — קינדער, קעדיי זיי זאָלן זיך מאַכשער זײַן אין דעם...

און ווידער האָב איך זיך פאַרוווּנדערט געפרעגט: פונוואַנען איז עס באַוווּסט — נאָך פאַרן לייענען? צי דען איז דער זיקאָרן פונעם אָוואָר — ניט מײַנער, ניט אין מיר? און: צוליב וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן אַ פלאַמיקע שטרעבונג צו קענטעניש, פון איר וואַקסט אַרויס אומעט? און: ווי־אַזוי איז עס באַוווּסט געוואָרן אים... יענעם... מיט דרײַ טויזנט יאָר צוריק? דעמלט האָט מען נאָך פון קיין קענטעניש ניט געוווּסט. דעמלט איז נאָך קיין וויסן ניט געווען.

...אַט די שווערע לאַסט האָט גאָט געגעבן די מענטשן — קינדער...
א שווערע!

און אויך אים האָט די שווערע לאַסט באַהערשט מיט דרײַ טויזנט יאָר צוריק... זי באַהערשט אויך מיך... און פּלוצעם האָב איך דערפילט א מענטשלעכע נאָענטקײַט צו אים. אין יאָרן ארום, לייענענדיק צום ערשטן מאָל „קויהעלעס", האָב איך זי דערפילט: ער איז זיך מוידע, אַז, מאַכנדיק זיך לוסטיק, איז ער ניט אינגאַנצן פריילעך, נאָר אַנערקענט די לוסטיקײַט: ניט פּונקט אַזוי בא מיר, אַף מעסאַמייעך זײַן זיך אומפעיִק, נאָר איך באַהעפט זיך מיט דער לוסטיקײַט, און איך שפּיר זי, דורכלאָזנדיק זי דורך דעם באַגריף פון אָבסערווירן, קעדיי ארויסבאַקומען — וואָס? קלוגשאַפט? צוליב וואָס?

נאָר בא העמינגווייען געדענק איך ווו.
אין דער מאָטאָ צו „פיִעסטאַ" איז געשטאַנען — אי שרעקלעך, אי קלאָר:
א דאָר פאַרגייט און א דאָר קומט, נאָר די ערד שטייט אייביק. די זון, וואָס גייט אוף און ווידער פאַרגייט, אײַלט צוריק צו דעם אָרט, ווו זי גייט ווידער אוף.
ס'גייט דער ווינט אַף דאָרעם, פאַרקערעוועט אַף צאָפן, דרייט זיך, דרייט זיך אין גאַנג זײַנעם און קערט זיך אום צו די אייגענע קרײַזן.
אַלע טײַכן פליסן אין דעם יאַם אַרײַן, נאָר דער יאַם קאָן פולער דערפון ניט ווערן צו דעם אָרט, פונוואַנען די טײַכן פליסן. זיי קערן זיך אום, קעדיי ווידער פליסן.
שווערע יאַם־כוואַליעס: לידער זײַנען אַנגעלאָפן, זיך געטרונקען און מיט א געבריל אָפּגעטראָטן צוריק... וואָס קאָן זײַן פּאַשעטער: גייט אוף און גייט אונטער, און ווידער טאָגט אַף מיזרעך? און מענטשן שטאַרבן, און קינדער וואַקסן אויס, און די ערד, וואָס געשעט איר, די ערד בלײַבט. וואָס זשע איז עס פאַר א קלוגשאַפט? ווען דעם ווייסט יעדער. נאָר אַט האָט א ברי געטאָן אין דער ברוסט, גלײַך זי וואָלט אַרײַנגעאָטעמט א הייסן טרוקנווינט...
דרייט זיך...
דרייט זיך...
און אין אירע אייגענע קרײַזן...
מײַנס! אַלט־רוסיש. פאַריכט איך זיך. (הייסט עס, אויסגעלייענט נאָך פּאַרפּריִער. בא עמעצן פון די אַלטע שרײַבער. און ביז הײַנט אַפילע קאָן איך פאַר זיך ניט ארויסברענגען אָן אופרעגונג „העוועל האוואָלים" — דעם אַפאָריזם דאָך געדענק איך נאָך... ביזן געבוירן, שיר ניט געזאָגט, שטענדיק גע־ווּסט. און מיט א צוגאָב: אַזוי האָט געזאָגט קויהעלעס).
קוי־הע־לעס — ע־ק־ק־ק־לע־זי־אַסט!.. דער צויבערנאָמען פון א נאָרוועגיש מײַסעלע. וויִאַזוי האָט עס געלאָקט, פאַרהוילן, איינציק, פאַרפירנדיק אין די קינדערשע כאָלוימעס.
העוועל האוואָלים, — האָט געזאָגט קויהעלעס.
מיסטאָמע האָב איך עס אויך פריִער באַגעגנט אין די ביכער. אָדער געהערט.
און ליב באַקומען, געדענק איך, צו מורמלען: „אין א סאַך קלוגשאַפט איז א סאַך טרויער, און עס קייפלט די קענטענישן..."
נאָר וואָס איז עס פאַר א קלוגשאַפט: די טײַכן פליסן, און דער יאַם גיסט זיך ניט איבער די ברעגן? בלויז דאָס האַרץ האָט טייקעף אופגענומען: קלוגשאַפט.
און אַזוי איז בא מיר געשען, אַז עס זײַנען געווען פאַר מיר דרײַ גרויסע אווטאָריטעטן: טאָלסטאָי, טשעכאָוו, העמינגווײ, און זייערע מעכטיקע פיגורן האָבן אַלץ פאַרשטעלט. און אַט אומדערוואַרט איז פון הינטער זיי ארויסגעשווומען די זון, און זייערע סילועטן זײַנען געוואָרן דינער און דורכזיכטיקער: דער ליבלעכער דאָקטער אין דער שליאַפּע, און דער שרעקלאָזער כעם מיט דער ביקס, און לעוו ניקאָ־לײַעוויטש אין זײַן טאָלסטאָווקע מיט צעפּלאַטערטע פּאָלעס.
און דאָס ייִנגל איז געוואַקסן, און די יוגנט איז פאַרבײַ, און ער איז אַלט געוואָרן 25 יאָר.
אָן אומפאַרגעסלעכער טאָג! מיר האָט מען געשענקט א ביבל.
ווו האָט זי מײַן כאַווערטע נאָר אויסגעזוכט, אַף וועלכע הויפנס, אַף וואָס פאַר א בוידעם זי אויסגעגראָבן, מיט פיצלעך שמוץ צווישן די זײַטלעך און שטיקער אָפּגעריסענע, אַראָפּהענגענדיקע שיימעס? אַף די ראַנדן ווייניק־גראַמאָטנע באַמערקונגען, געמאַכט מיט א דינער זקיינישער האַנטשריפט. זיי האָבן זיך פאַרהיט ביז הײַנט: ציילעמלעך אין רעדעלעך, אַנגעוואָרפענע מיט א טינטבלײַער, ווער־טער „וועגן טויט", „דאָס באַפרײַען ייִסראָעל פון טרויער" (איבערן טילים 24) און אַנדערע.
איין באַמערקונג האָט מיך פאַרכידעשט. און איצט, ווען זי פאַלט מיר אוף, קוק איך אַף איר מיט א מיסטישן ציטער. אַט איז זי: אין דיוורײ האַיאָמים 23:7 איז מיט א רויטן בלײַער אונטערגע־שטראָכן:

„און אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן בערעזע, ווײַל צו אומגליק האָט געטראָפן זײַן הויז״.

אינגאַנצן פיר יאָר זײַנען פאַרבײַ, ווי ס׳האָט זיך איבערגעריסן זײַן, בעריעס, טײַוולאָנישער אָטעם איבער רוסלאַנד, נאָר אונטערגעשטראָכן איז עס געוואָרן, ווען ער האָט נאָך געסאַרכעט און מיט פײַער געשפּריצט, שאַפּנדיק צעפּוילטקײַט. אָנרופן בעריעזן האָט מען ניט געטאָרט אַנדערש, ווי דעם באַשיצער פונעם פאָלק קעגן פאָלקס־סאָנים (און אין מײַן יוגנט האָבן מיר אין אונדזער געצנדינערישער פאַנטאַזיע אים טאַקע אַזוי זיך פאָרגעשטעלט), נאָר עמעצער האָט געוווּסט: „אַן אומגליק האָט געטראָפן זײַן הויז״, און עמעצנס אַ האַנט האָט אונטערגעשטראָכן: „און אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן בעריעז, ווײַל אַן אומגליק האָט געטראָפן אין זײַן הויז״. אַזוי האָט אין קאַרגשאַפט, פאַר איינעם פון אָנצאָליקע, זיך אַנטפּלעקט אַ נעוויִשע קראַפט, אַ פאַרבאָרגענע אין דעם כּייפער.

איך האָב אים אָפּגעגעבן מײַן פאָטער — געבענטשט זאָלן זײַן זײַנע טעג! — און ער האָט אָן שיִעס אים אוועקגעטראָגן צו אַ באַקאַנטן אײַנבינדער. אָפּגעבן אַן אומבאַקאַנטן וואָלט געווען בעפּיירעש געפערלעך און אוואַדע לאַנג, ווײַל וואָס מאַכט מען בײַ אונדז גיך אָן „בלאַט״? אַ גוטער מײַסטער (אין עטלעכע יאָר אַרום האָט מען אים אַרײַנגעזעצט אין טפיסע פאַר מאַכן פאַלש געלט), די ביבל־זײַטלעך זײַנען אָבער ניט קיין קופּיורן, האָט ער זיי געקלעפּט ניט אומעטום גלײַך. דערפאַר אָבער אָנגעטאָן אין אַ טונקל־ברוינעם אײַנבונד קעמוי פאַרצײַטיק לעדער. און איך האָב, דערזעענדיק, זיך זייער דערפרייט! געוויגן אויף דער דלאָניע די שווערקײַט — און טייקעף אופגעעפנט און גענומען בלעטערן: צי איז יענער סייפער פאַראַן? דער אינהאַלט איז געווען אַרויסגעריסן, וועגן דעם סיידער פון די בענדער האָב איך דעמלט קיין אָנונג ניט געהאַט — איך זוך. „באַמידבאַר״... „מאַלאָכים״... „עזרע״...

צי דען ניט פאַראַן?

איך מיש איבער „מישלע״, „שיר־האַשירים״... שיר־האַשירים! די בליקן האָבן אַזוי זיך אײַנגעקלאַמערט: וואָס פאַר אַ וווּנדער? וויפל מאָל איז מיר אויפגעפאַלן דער נאָמען אין אַנדערע ביכער, און בײַ קופּרינען האָט זיך פאַרגעדענקט: „דערקוויק מיך מיט ווײַן, פריש מיך אויף מיט עפּל, ווײַל איך בין קראַנק פון ליבע״. סאַראַ פּרעכטיקע פּאָעזיע! און אַזאַ ריינקײַט! נאָר ניין, איך וועל ניט לייענען איצט, דערנאָך, דערנאָך, קוידעם זיך איבערצײַגן, צי איז עס דאָ... אהא. אָט.

אָט איז עס.

„קויהעלעס״.

און איך האָב זיך פאַרטיפט אין לייענען, וואָס עס וועט זיך פון איצט אָן שוין קיינמאָל מער ניט ענדיקן, און ווידער און ווידער איבערגעכאַזערט, אָט נאָכאַנאַנד, אָט ערטערווײַז, אָט פון יענעם זײַטל, וואָס עפנט זיך, סײַ אין שווערע טעג און סײַ אין זאָרגלאָזע: סע טרעפט, אַז די פאַרומערטקײַט פון „קויהעלעס״ לעכערט דורך, ס׳טרעפט, צעשמייכלסט זיך, ענטפערנדיק אויפן קאַרגן שמייכל זײַנעם, אָדער דו מורמלסט די גליקלעכע לערע: אויסמײַדן זי איז ניט מעגלעך, קיינמאָל ניט.

און איך האָב איבערגעלייענט דאָס ערשטע קאַפּיטל און, ענדלעך, דערזען געניוי, אויף וועלכן אָרט

---

## „קויהעלעס״: סקעפּסיס און פּאַטאָס

קעדיי דערפילן, אַז די דאָזיקע אוראַלטע פּאָעמע הערט ניט אויף צו ווירקן אויף די מענטשן פון דער נײַער צײַט, איז ניט אומבאַדינגט זיך איבערצײַגן, אַז עס פאַרופן זיך אויף איר און ברענגען ציטאַטעס פון איר טעקסט היינע, טשעכאָוו, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, העמינגוויי אָדער רעמאַרק. די מאָטיוון פון „קויהעלעס״ דרינגען בײַ אונדז דורך שיר ניט די טאָגטעגלעכע אַטמאָספער. מיר זאָגן: „אַלץ האָט זיך זײַן צײַט״, „וואָס הערט זיך נײַס אונטער דער זון?״, „וואָס עס איז געווען — דאָס וועט זײַן״... דער אוראַלטער טעקסט, וועלכער איז איבערגעזעצט אויף אַלע לעשוינעס, איז פאַר עטלעכע יאָרטויזנטער אַרײַן אין דער לופט פון דער געשיכטע, אין פאָלקס־געברויך, אין קולטורעלן הינטערבאַוווּסטזײַן פון דער מענטשהײַט.

יעדע עפּאָכע לייענט איבער אין אָט דעם טעקסט זײַן אייגנס. די נײַע צײַט האָט דערזען אין „קויהעלעס״ די אַפּאָלאָגיע פון ביטערקײַט, דעם „שיר־האַשירים פון סקעפּסיס״, ווי היינע האָט זיך אויסגעדריקט, זי האָט דערזען אַן אייגנאַרטיקן סימבאָל פון גלויבן (אָדער אומגלויבן) מיצאַד פאַרמאַטערטע אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן מיט פאַרגעניגן איבערגעכאַזערט, אַז אַלץ קערט זיך אום „אין זײַן קרײַז״, אַז „דער, וואָס פאַרמערט די קענטעניש, פאַרמערט דעם טרויער״, און אַלץ איז „העוועל האַוואָלים״ — גאָרנישט מיט נישט. מע דאַרף אָבער איבערלייענען „קויהעלעס״ אָפּסנײַ מיט „גאָרנישט ווויסנדיקע״ אויגן, און דאַן זעט מען דעם טהאָם, וואָס ליגט הינטער אָט דעם באַוווּסטן פאַר אַלעמען טרויער, מע דרינגט אַרײַן אין דער

סע גייט אויף די זון און גייט אונטער די זון. און באגעגנט דעם באקאנטן אומעט פון דערקענטעניש; און איבערגעלייענט דאס צווייטע קאפיטל — און זיך פארהאקט אף אן אומגלייבלעכקייט — „און איך האב פיינט באקומען דאס לעבן!” — מיט א פיינלעכן אויסרוף, וואס האט זיך ארויסגעריסן פון זיין ברוסט. דאס האט ער פיינט באקומען, ער, וואס איז געווארן „גרויס און רייך מער פון אלע, געוועזענע פריער פאר אים, אין ירושלאים”, ער, דער בויער, דער כאכעם, וואס האט געקענט דערגרייכן פאר זיך קאלערליי מענטשלעכע פרייד. און ער אט זיך ארומגעקוקט אף דעם ווערק פון זיינע הענט און אף דעם לעבן זיינעם — און פוסט און מעשונענדיק, און זינדיק האט זיך עס אים אויסגעוויזן, און ער האט זיך אפגעזאגט פון קלוגשאפט!..

און אין דריטן קאפיטל האבן אף מיר געוואוירט אומפארשטענדלעכע גלייכווערטיקע אויסרעכענונגען, שווידערלעכע און סוידעסדיק פארקישעפטע, און איך האב לאנג זיי ניט אנגעהויבן צו פארשטיין (אזוי לאנג, אז ערשט איצט הייב איך אן ארייַנדרינגען אין זייער טאך, אין זייער אויספיר). און אין זיבעטן — אפאריזמען, און איך האב זיך איינגעליבט אין זיי: אונטערדריקנדיק אנדערע, ווערט א קלוגער צום נאר... זאג ניט „נעכטיקע טעג זיינען געווען בעסער פון היינטיקע”, ניט פון קלוגשאפט רעדסטו דאס אלץ... גאט האט באשאפן דעם מענטשן א גערעכטן, נאר די מענטשן האבן זיך ארייַנגעלאזט אין א סאך נאכטראכטענישן... — וואס פאר א פראכט דאס איז, וואס פאר אן עמעס!.. און אין צוועלפטן... און אין צוועלפטן האט ווידער פארכאפט דער אטעם, און איך האב זיך אפגעשטעלט און ניט געקאנט וויַיטער לייענען, כאטש ביזן סאף זיינען געבליבן אינגאנצן עטלעכע פערזן.

איך האב זיך אפגעשטעלט און ניט געקאנט פארזעצן לייענען, און ניט געקאנט גלייבן, אז אזעלכס קאן מען ארויסברענגען אין ווערטער, און די ווערטער זיינען געפונען געווארן, און איך האב זיי איינגעזאפט. פאר מיר איז געלעגן די שילדערונג וועגן מענטשלעכן טויט. און דאס איז געווען אזא שילדערונג, אז איך האב אפילע טראכטן ניט געקאנט, אז אזוי קאן מען שילדערן, און ביזן היינטיקן טאג בין איך איבערצייַגט, אז דאס איז אן אומעגלעכע באשרייַבונג און אז די מענטשהייַט האט נאר איין מאל אזוי דערפילט און באנומען דעם טויט, און דאס האט געקאנט פאסירן נאר אין אלטערטום. דאס איז געווען די טויט־באשרייַבונג פון יעדן מענטשן, ווו ער זאל ניט שטארבן און וויאזוי ער זאל ניט שטארבן, אין לײדן, באם זינען אדער אין פארטראגנקייט, — בא מיר שטייט שטענדיק א קנויל אין האלדז, ווען איך דערגיי דערצו, שטענדיק שטעל איך זיך אפ אף אט דעם ארט.

„און עס קערט דאס געביין זיך אום צו דער ערד, צו דעם, וואס עס איז געווען, און עס קערט דער אטעם (גייַסט) זיך אום צו גאט, וועלכער האט עס אים געגעבן...”

און עס האט זיך פארענדיקט מיין ערשט לייענען.

און איך האב באדארפט צייַט אף קומען צו־זיך.

און ס'איז געבליבן דער אייַנדרוק פון כאאס און פון א גאלאקטישער צעווארפנקייַט פון קאפיטלען — און פונדעסטוועגן, אזא אייַנהייַטלעכקייַט, וואסערע ס'האט פארמאגט, קאן זייַן, נאר דער אוילעם האטהאם, צו וועלכן ס'האט זיך „צוגעהירט גאט”.

---

אומענדלעכקייַט פונעם וועג, אין דער אומענדלעכקייַט פונעם זין, אין דער אומענדלעכקייַט פון די לײדן פון דער פערזענלעכקייַט. מע דארף בלויז איבערלייענען דעם טעקסט מיט פולן צוטרוי צו אים.

דאס איז אן אופגאבע א גאנץ קאמפליצירטע. קיין נייַע פארשונגען זייַנען בא אונדז פראקטיש ניט פאראן, כאטש ווענד זיך צו פילארעטן נאך אנגאבן — צום בוך פון הונדערטיאריקער פארעלטערטקייַט. און דאס איז אפן פאן פון גאנצע ביבליאטעקן, וועלכע זייַנען געווידמעט דעם „קויהעלעס” אין דער וויסנשאפט און אין דער ליטעראטור פון דער וועלט!

די ארבעט, וואס עס האט אנגעשריבן דער סאוועטישער פארשער יאקאוו קומאק, א היסטאריקער פון דער וויסנשאפט און א ליטעראט, פירט אונדז ארויס צום געניאלן דענקמאל פון דער אוראלט־יידישער ליטעראטור. דערביי איז דאס אן ארויסגאנג צום יעסאד, צו די ווארצלען, צו די ערשטע קוואלן. ניט צו יענעם „קויהעלעס”, וועלכער האט זיך אין אונדזער קאנסערוואטיוון באוווסטזייַן „צוגעקלעפט” צום קלעריקאלן קאנאן, נאר, נעמלעך, צום עכטן „קויהעלעס”, צום פאלקס־יעסאד, דאס הייסט צו דער גרעסטער שאפונג פונעם מענטשלעכן גייַסט, צו דער סאמע אוראלטער שאפונג, וועלכע איז עלטער פון א באליביקן קאנאן, אריינגערעכנט די ביבל.

דאס, וואס עס האט איבערגעלייענט יא. קומאק, האט ניט קיין שום אלגעמיינס מיטן קאנאניזירטן דענקמאל. דאס איז אנגעשריבן לעבעדיק, הייַנטצייַטיק, די ארבעט צעגלידערט ניט דעם טעקסט — זי זוכט אין אים די גאנצקייַט פון גייַסטיקער דערפארונג, און אויב זי צעגלידערט יא אמאל, איז עס צוליב דעם, מע זאל דערפילן די גאנצקייַט. די פילאסאפישע פראבר

א פאַנאַנדערגעריסענע פּאָעמע, א טונקעלע, גאַנצע, — האָב איך זיך באמיט צו געפינען ווערטער, ניט וויסנדיק נאָך, אז די אָפּשאצונג, וועלכע מע וואָלט געקאָנט צופאסן צו דער פּאָעמע, איז ניט פאַראַן — כאָטש שוין דערפאר, וואָס די פּאָעטיק אירע איז פאר אונדז אן אומגעוויינלעכע. זי איז פארשיידנארטיק, ווי דער וועלטאל.

(אזויארום, ווי איך פארשטיי, האָב איך שוין דעמלט אָנגעהויבן פּײַניקן די פּאָעמע, וועמענס העלד פּײַניקט אַלץ אין דער וועלט — און זיך אַליין).

און איך פארנעם זיך מיט דעם שוין קימאט 25 יאָר.

און אײַנקוקנדיק זיך אין דער שווארצער עפּענונג, וואָס האָט פארשלונגען אזויפיל לעבעדיקס און טויטס, איז וויאזוי ניט זען די ווירקונג פון דעם סייפער אױף מײַן לעבן, אױף מײַנע האנדלונגען און מאכשאָוועס, וויאזוי ניט פילן די לעבעדיקע אָנוועזנהײַט אירע אין דער וועלט, איר פארהוילענעם אײַנפלוס — דאָס מעכטיקע און שרעקלעכע וואָרט קויהעלעס — אױף דער גאנצער מענטשלעכער גײַסטיקײַט!

ווער ביסטו, קויהעלעס?

וואָס ביסטו אזוינס?

אלצײנס, ווי פרעגן בא דער זון.

די זון, אזא ליבלעכע פאר דעם באשעפער פון דער פּאָעמע, — זי רײַסט זיך דורך דורך דער נעפּלדיקײַט קימאט איבער יעדער סטראָפע.

מיר פרעגן דאָך אָבער בא דער זון.

אזא איז די פּאָעמע. זי איז איבערזעצט אױף 1700 שפּראכן און, א געבוירענע פון א ייִדישן גאָען, אן אויסגעכאָוועטע, פארהיטע און דורך דוירעס געטראָגענע פונעם ייִדישן פאָלק, איז זי שוין לאנג, — מיט הונדערטער יאָרן צוריק! — געוואָרן אן אייגענע, לײַבלעכע פאָלקס־פּאָעמע בא אלע פעלקער אױף דער וועלט.

די שווארצע זון פון קויהעלעס.

יעדן זאָגט זי זײַנס: דעם ערודיט און דעם מענטשן, וואָס האָט קוים זיך אויסגעלערנט לייענען; און יעדערער מיינט, אז ער האָט זי פארשטאנען, און ער פילט, אז באנעמען זי ביזן סאָף איז ניט מעגלעך. און אזוי איז געווען, און אזוי וועט זײַן. דאָס איז א ווונדער פון גײַסטיקײַט, און מיר דארפן זיך כידעשן דערפון, וואָס זי איז ביכלאל באשאפן געוואָרן, נאָר מיר כידעשן זיך דאָך ניט אױף דעם ווונדער פון דער זון.

די זון. אױף העברעיִש — שעמעש. זי ווערט א סאך מאָל דערמאָנט אין דער פּאָעמע. איך האָב איבערגעציילט העכער דרײַסיק דערמאָנונגען. און דאָך קאָנען מיר דען זאָגן, אז די פּאָעמע איז א באלויכטענע, דורכגעדרונגענע פון דער זון? דאָס איז א מאָדנע זון. זי דערוואַרעמט — נאָר זי שײַנט ניט. זי שטייט אוף צום לעבן, צו אויספּרוּוון און שווערע מאכשאָוועס־איבונגען. זי גייט קיינמאָל ניט אונטער און שטייט אוף איבער יעדן דאָר: די שווארצע זון פון קויהעלעס.

---

לעמאטיק פארייניקט זיך דאָ מיט פּאָעטישן כיין, די היסטאָרישע ראַיוינעס — מיט דער עמאָציאָנעלער ראַפינירטקײַט פונעם טעקסט. אין א געוויסן זין אנטשפּרעכט אזא הייסע, ניט־אקאדעמישע אופאסונג דעם גײַסט פונעם דענקמאָל גופע, אין וועלכן די פּאָעמע פון איינעם פון די גרעסטע ליריקער פון אלטערטום גיסט זיך צונויף מיט דער פריידיקונג פון א פילאָסאָף און מיט דער ווידע פון א מענטשן, וועלכער האָט געליטן מיט דרײַסיק יאָרהונדערטער ביז אונדז, אזוי אז זײַנע ליידן פילן מיר אויך איצט ווי אייגענע.

יאקאָוו קומאָק שפּעט נישט אויס, פארשטייט זיך, דעם „קויהעלעס" ניט אלס א געלעגנהײַט פאר ראַיוינעס, ניט אלס טעמע פון איבערלעבונגען. ער זוכט א שליסל צו די מאכשאָוועס און איבערלעבונגען, צום איצטיקן קיִעם פונעם דענקמאָל — אין דער גאנצער טיף פון דער פאָלקס־דערפארונג, און ניט בלויז צוליב א געווירץ צו דער „אפּאָקאליפּטיק פונעם XX יאָרהונדערט", וואָס דרינגט ארויס אן און פאר זיך.

ס'איז ווונדערלעך, וואָס אזא ארבעט איז אָנגעשריבן און וועט פארעפנטלעכט ווערן. ס'איז ווונדערלעך, וואָס דער לייענער וועט נעמען אין די הענט די גרויסע פּאָעמע פון דער אוראלט־ייִדישער ליטעראטור און וועט זיך אײַנטוקן אין איר פרײַ און אָן פאָרויסגענומענקײַט. ס'איז ווונדערלעך, וואָס דער דאָזיקער איידלשטיין וועט זיך אײַנפּאסן אין אונדזער הײַנטצײַטיקן גײַסט.

לאָמיר גלייבן, אז עס איז טאקע געקומען די צײַט ניט צו צעווארפן שטיינער, נאָר צו קלײַבן זיי.

ל ע װ א נ י נ ס ק י,
פראָפעסאָר

## ווי־קטאָר לענזאָן

# דער זיקאָרן

אפן מאַרמאָר־טאָוול אין אַלפאַרבאַנדישן קאַמפּאַזיטאָרן־הויז זײַנען אויסגעקריצט די נעמען פון קאַמפּאַזיטאָרן און מוזיק־פאָרשער, וועלכע זײַנען ניט צוריקגעקומען פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע.

ניט לאַנג צוריק איז אין דעם לענינגראַדער קאַמפּאַזיטאָרן־פאַרבאַנד אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אויסשטעלונג, געווידמעט די העלדן־פּראָנטאָוויקעס.

אין אונדזערע נאָטיצן וועלן מיר זיך סוימעך זײַן אָף די מאַטעריאַלן פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג און אָף פאַקטן, גענומען פון דער זאַמלונג „לעזיקאָרן די געפאַלענע" (מ., „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר", 1985).

צווישן די געפאַלענע אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע קאַמפּאַזיטאָרן און מוזיק־פאָרשער זײַנען געווען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, צווישן זיי ניט ווייניק ייִדן, וועלכע האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אינעם פאָרמירן סײַ די סאָוועטישע מוזיקאַלע קולטור אינגאַנצן גענומען, סײַ די נאַציאָנאַלע ייִדישע מוזיקאַלע קולטור. וועגן זיי וועט דאָ גיין א רייד.

דעם 5 יול 1941 האָט פונעם בינין פון דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע אין דער ריכטונג צום מיליטערישן קאָמיסאַריאַט פונעם אָקטיאַבער־ראַיאָן אַוועקגעמאַרשירט א קאָלאָנע. אין איר שפּיץ זײַנען געגאַנגען די פּראָפעסאָרן פון דער עלטסטער מוזיק־הויכשול, נאָך זיי — די לעקטאָרן, סטודענטן. זיי האָבן באַשלאָסן אַרײַנטרעטן אין די רייען פון דער אָפּאָלטשעניִע.

די אָקטיאַבער־דיוויזיע פון דער פאָלקס־שוץ, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן א סאַך מוזיקאַנטן־וואָלאָנטיאָרן, האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פאַרטיידיקן די שטאָט. אָסיען־צײַט פונעם יאָר 1941 האָט זי געפירט פאַרביסענע שלאַכטן הינטער קראַסנאָיע סעלאָ, לעבן לענינגראַד. אין סענטיאַבער זײַנען דאָרט געפאַלן, קעמפנדיק אין אירע רייען, די סטודענטן־קאַמפּאַזיטאָרן בינִיאָמין פליישמאַן (וועגן אים האָבן מיר געשריבן אין „ס. ה." נום. 9 פאַרן 1985 יאָר), זאיר גאַגלאָימי, אַלעקסאַנדער קאַטאַקין. אַלע דרײַ האָבן זיך געפונען אינעם דאָט, וועלכער האָט אָפּגעשלאָגן אַן אַטאַקע פון דײַטשישע טאַנקען. דעם סוינע האָט זיך אײַנגעגעבן אַרומרינגלען דעם דאָט און אים אופרײַסן.

אָף דעם זעלבן שוץ־סעקטאָר הינטער קראַסנאָיע סעלאָ איז געפאַלן אין די שלאַכטן אין סענטיאַבער 1941 דער טאַלאַנטירטער מוזיק־פאָרשער מיכאַיִל גערגילעוויטש (1907—1941). צו דרײַסיק יאָר האָט ער געענדיקט דעם היסטאָריש־טעאָרעטישן פאַקולטעט פון דער קאָנסערוואַטאָריע, דערנאָך די אַספּיראַנטור, זיך אַנטפּלעקט ווי אַן ערנסטער מוזיקער־געלערנטער, ערודירטער ספּעציאַליסט, טיפער קענער פון דער טעאָריע און געשיכטע פון מוזיק. ער האָט פרוכטבאַר געאַרבעט אין פאַרשיידענע ריכטונגען פון דער מוזיק־קענטעניש; צווישן אַנדערס, געזאַמלט און סיסטעמאַטיזירט רוסישע, קאַרעלישע און ייִדישע פאָלקסלידער. די פּראָמינענטע אויטאָריטעטן פלעגן הויך אָפּשאַצן זײַנע פאָרשונגען. אין סאָף 1940 האָט דער אַקאַדעמיקער ב. וו. אַסאַפיעוו געשריבן אינעם אָפּרוף אָף גערגילעוויטשעס אַרבעט וועגן מאָצאַרטן: „ס'איז א לעבעדיקע, „באַטאַמטע" אַרבעט, פול מיט טרעפלעכע אויספירן און באַמערקונגען. די היציקע קאַטעגאָרישקײַט און די יוגנטלעכע „אַקשאָנעס און שטורעמדיקײַט" רײַסן מיך אופריכטיק מיט, וואָרעם הינטער דעם אַלעמען פילט זיך דער מענטש, וואָס הערט מוזיק מיט א טיפן זין..."

אין 1940 יאָר האָט גערגילעוויטש פאַרטיידיקט זײַן דיסערטאַציע, און אַלס דאָצענט אונטעריכטעט אין דער קאָנסערוואַטאָריע. א פאַרלאַג האָט געשלאָסן מיט אים אַן אָפּמאַך אַף א מוזיקאַלן לערנבוך, דעם קסאַוויאַד פון וועלכן ער האָט געדאַרפט צושטעלן אין פערטן קוואַרטאַל פונעם יאָר 1941.

אינגיכן נאָך דעם, ווי די אָפּאָלטשענצעס האָבן זיך באַזעצט אין דער קאַזאַרמע, איז צו זיי געקומען א קאָמאַנדיר פון א מיליטער־טייל און זיך געווענדט צו דער יוגנט, זי זאָל זיך אײַנשליסן אינעם אָטריאַד, וואָס לאָזט זיך אוועק אין ראַיאָן פון די קריגס־אָפּעראַציעס. די קאָמיוגיסטן זײַנען די ערשטע ארויס פאָרויס. צווישן זיי איז געווען מ. גערגילעוויטש.

פונעם פראָנט אהיים קיין לענינגראַד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו. „אונדזערע און דײַטשישע עראָפּלאַנען שיידן זיך אונטער ניט נאָר לויטן אויסזען, נאָר אויך לויטן קלאַנג. בא די דײַטשן איז דער קלאַנג עקלדיק שעבעקלדיק, מיט מעטאַלישע אָבערטענער, בא אונדזערע איז דער קלאַנג א סאַך ווייכער און אָנגענעמער, מיר געפעלט זייער דער קלאַנג פון די זעניטקעס, גלײַך ווי סע פלאַצן גרויסע פענכערס“. עס קומען אויף געדאַנקען וועגן קונסט, וועגן מוזיק: „ביז די לעצטע טעג בין איך לאַכלוטן ניט אימשטאַנד געווען צו טראַכטן אַף מוזיק־פאַרשערישע טעמעס (ווײַזט אויס, אז דער מויעך האָט געפאָדערט אָפּרו פון דער שטענדיקער ארבעט פאַר די לעצטע יאָרן). אצינד האָב איך אָנגעהויבן בעהאַדראָגעדיק זיך דערנענטערן צו דער מוזיק: איך דערמאָן אין זיך מאָצאַרטן (באַזונדערס די קוואַרטעטן), און הייב אָן צו שמועסן אַף מוזיק־פאַרשערישע טעמעס מיט וויטיע פרייסבערגן און נאָך מיט איינעם א קאָנסערוואַטאָרעץ“, — האָט ער געשריבן אין אווגוסט 1941.

טכילעס סענטיאַבער האָט דער טייל, אין באַשטאַנד פון וועלכן ס׳איז געווען גערגילעוויטש, פאַרנומען א נײַע שוצליניע. א סנאַריאַד האָט געטראָפן אינעם דאָט, ווו מיט א גרופּע רויטאַרמייער האָט זיך געפונען מיכאַיל גערגילעוויטש.

דער קריג האָט איבערגעריסן דאָס לעבן און דעם שאַפונג־וועג פונעם דערצויגלינג פון דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע, דעם טאַלענטירטן פּיאַניסט, קאָמפּאָזיטאָר, פעדאַגאָג לעאָניד גליקמאַן (געבוירן געוואָרן אין 1909, געפאַלן דעם 5 דעקאַבער 1942 באַם פאַרטיידיקן די שטאָט מעדוועזשיעגאָרסק).

זײַן מוטער איז געווען א קלאַוויר־שפּילערין, אין מעשעך פון עטלעכע יאָר אופגעטראָטן אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע אינעם קלאַס פון קלאַוויר. אין 1905 האָט די צאַרישע אָכראַנקע זי ארעסטירט, ווײַל זי איז געווען א מיטגליד פונעם סטודענטישן רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט. נאָך דער באַפרײַונג האָט זי אָנגעהויבן געבן פּריוואַטע שטונדן. אונטער איר אָנפירונג האָט דער זון אויך געלערנט מוזיק.

פון 1922 ביז 1926 איז ער א סטודענט אין דער באַקוער אינדוסטריעל־עקאָנאָמישער שול און ארבעט אײַנצײַטיק אַלס פּיאַניסט־אַקאָמפּאַניאַטאָר אין פאַרשיידענע קרײַזלעך פון דער קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט. צו אָט דער צײַט געהערן אויך זײַנע ערשטע קאָמפּאָזיטאָרישע פרווון. אין 1927 קומט ער אָן אין דער אַזערבײַדזשאַנער קאָנסערוואַטאָריע אַף דער קלאַוויר־אָפּטיילונג, אינעם קלאַס פון דעם פּראָפעסאָר ג. ג. שאַראָיעוו. אין פינף יאָר ארום נעמט מען אים אָן אין דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע, ווו ער טרעט שוין אוף ווי א מוזיקאַלע פּערזענלעכקײַט — א פּיאַניסט, קאָמפּאָזיטאָר, פעדאַגאָג.

„מיר אַלע האָבן אים ליב געהאַט, זיך באַמיט זײַן ענלעך אַף אים, נאָכגעפאָלגט אים אין אַלץ, — האָט געשריבן זײַן געוועזענע שילערין אופּאַראָווא. — יאָ, ווייניק־ווער פון אונדז איז געוואָרן א מוזיקער, ס׳האָט געשטערט די מילכאָמע, אָבער וועגן קיינעם פון זײַנע געוועזענע שילער קאָן מען ניט זאָגן, אז דאָס זײַנען ניט קיין עכטע מענטשן. מיר, אַלע זײַנע שילער, זײַנען געוואָרן מענטשן פון כויוו, קאָוועד, הויכער הארציקער מענטשלעכקײַט. אין די סאַמע שווערע רעגעס פונעם לעבן טראַכטן מיר טאָמיד: „און וויאַזוי וואָלט געהאַנדלט לעאָניד שמולעוויטש?“ און ווי שטאַרק דאָס לעבן האָט אונדז ניט געבראָכן, זײַנען מיר אַף טאָמיד געבליבן ראָמאַנטיקער, אַזעלכע, וועלכע ער האָט געוואָלט, מיר זאָלן זײַן!“

גליקמאַן טרעט קעסיידער ארויס אין דער פילהאַרמאָניע מיט סאָלאָ־פּראָגראַמען, שפּילט אָפט מיטן סימפאָנישן אָרקעסטער. אין זײַן רעפּערטואַר גייען ארײַן קלאַוויר־קאָנצערטן פון טשײַקאָווסקי, ראַכמאַנינאָוו, שומאַן, שאָפּען, ליסט, גריג.

נאָר כּפּעציעל פּראָדוקטיוו זײַנען אָט די יאָרן געווען פאַר גליקמאַנען אין געביט פון קאָמפּאָזיציע. אין זײַן שאַפונג מערקט זיך דײַטלעך אָן די דעמאָקראַטישע טענדענץ, די פאַרבינדונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער מוזיק מיטן פאָלקס־שאַפן, די שטרעבונג צו אינהאַלטרײַכקײַט, צו נאַציאָנאַלער קלאָרקײַט. דעם יעסאָד פון דער מערהײַט ווערק, אָנגעשריבענע אין אָט דער צײַט, בילדן דאָ באַאַרבעטונגען פון פאָלקס־מעלאָדיעס — רוסישע, אַזערבײַדזשאַנישע, יידישע, קאַרעלישע, פינישע. באַאַרבעטנדיק פאָלקסלידער פאַר א געמישטן כאָר אונטערן קלאַוויר־אַקאָמפּאַנעמענט, מאַכט גליקמאַן אויך אַן עקווימעטרישע איבערזעצונג פון די טעקסטן און זייער באַאַרבעטונג אין א ליד־פאָרם.

דאָסראָוו פון גליקמאַנס יערושע בילדן קלאַוויר־ווערק: פּרעליודיעס, טאָקאַטעס. זײַנע קלאַוויר־ווערק זײַנען אַדרעסירט פאַר די קינדער. דאָס אָבער פאַרמינערט בעשום־אויפן ניט זייער קונסט־ווערט און שטערט ניט, זיי זאָלן קלינגען פון דער קאָנצערט־עסטראַדע.

פיל מוזיק שאַפט גליקמאַן פאַר פאַרשיידענע ראַדיאָ־שטעלונגען און דראַמאַטישע ספּעקטאַקלען אין די טעאַטערס פון פעטראָזאַוואָדסק. פון זיי האָט זיך פאַרהיט בלויז די פּאַרטיטור צו טאָפּעליוסעס מייַסע „א פּיצל — א גענע".

די וויכטיקסטע שאַפונג פון די יאָרן איז די סקערצאָ פאַרן סימפאָנישן אָרקעסטער.

טכילעס 1941 הייבט גליקמאַן אָן צו אַרבעטן איבער א באַלעט פאַר קינדער. דער סיוזשעט פונעם פּיאָנערן־לעבן האָט געגעבן די געלעגנהייַט פאַר א פריילעכער, לעבנסלוסטיקער מוזיק, וואָס האָט אַנטשפּראָכן דעם כאַראַקטער פונעם קאָמפּאָזיטאָר גופע. ער האָט באַוויזן אָנשרייַבן בלויז עטלעכע נומערן. די אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן מיצאַד דער מילכאָמע.

אין די ערשטע כאַדאָשים פון דער מילכאָמע ווערט לעאָניד גליקמאַן נאָמינירט אַלס פּאָליטרוק אינעם פּעטראָזאַוואָדסקער געמישטן פאַרניכטלער־באַטאַליאָן. וועגן די לעצטע כאַדאָשים פון גליקמאַנס לעבן דערציילן אין געציילטע ווערטער דאָקומענטן פונעם מיליטערישן אַרכיוו: „בעשאַס די קאַמף־אָפּעראַציעס קעגן די דייַטשיש־פאַשיסטישע פאַרכאַפּער האָט ל. ש. גליקמאַן זיך באַוויזן ווי אַן אומדערמידלעכער און איניציאַטיווער, געוואַגטער און אַנטשלאָסענער קעמפער־אויספירער. מע פלעגט אים באַאופטראָגן סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכע, קאָמפּליצירטע און שווערע אויפגאַבן, און אַלצדינג פלעגט ער אויספילן פּינקטלעך און צו דער צייַט".

דעם 26 נאָיאַבער 1941, אויף דער פראָנט־ליניע, איז ער אויפגענומען געוואָרן אין די מיטגלידער פון אַלקפּ(ב). אינאיינעם מיט עטלעכע קריגער און קאָמאַנדירן איז ל. ש. גליקמאַן צוגעשטעלט געוואָרן צו א רעגירונגס־באַלוינונג, נאָר באַקומען זי האָט ער ניט באַוויזן...

דעם 5־טן דעקאַבער באַם פאַרטיידיקן די שטאָט מעדוועזשיעגאָרסק איז גליקמאַן מיט נאָך עטלעכע קריגער אַרייַנגעפאַלן אין אַרומרינגלונג. וועגן גליקמאַנס טראַגישן און מוטיקן טויט האָט דערציילט שוין אין 1944 יויסעף זאַכאַראָוויטש פּאָלויקאַ, וועלכער האָט געקעמפט אינאיינעם מיט אים אין איין פאַרניכטלער־באַטאַליאָן און איבערגעטראָגן די געפאַנגענשאַפט געבליבן לעבן.

מיט איבערגעבראָכענע און אָפּגעפרוירענע פיס און הענט, אינגאַנצן א גרויער נאָך די פאַרהערן, האָט גליקמאַן באַוויזן א בייַשפּיל פון מוטיקער אויפפירונג. אויף די הענט האָט זיך אָנגעהויבן א גאַנגרענע. ניט געקוקט אויף די שווערע ליידן, האָט ער זיך באַמיט דערמוטיקן די כאַוויירים אין דער קאַמער און אַרומגערעדט מיט זיי דעם פּלאַן צו אַנטלויפן. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען די געפאַנגענע אַוועקגעזעצט אין פראַכט־וואַגאָנען און זיי אַוועקגעפירט. באַ גליקמאַנען האָט זיך אָנגעהויבן א סטאָלבניאַק. די קאָנוואָירן האָבן אים אַרויסגעוואָרפן אין פולן גאַנג פונעם צוג אונטערן שיסן.

דאָס אָרט פון זייַן אומקום איז ניט באַוווּסט.

אין די טעג, ווען דאָס לאַנד האָט אָפּגעמערקט דעם 30־טן יאָרטאָג פונעם ניצאָכן איבערן פאַשיזם, האָבן די פּעטראָזאַוואָדסקער מוזיקער אויסגעפילט גליקמאַנס אַלע ווערק, וועלכע ס'האָט זיך אייַנגעגעבן אָפּצוזוכן. די פּרעסע האָט געשריבן, אַז אָט די ווערק שטעלן אויך איצט פאָר א גרויסן אינטערעס, ניט בלויז א היסטאָרישן, נאָר א ריין קינסטלערישן.

הינטער דער אָזערע אילמען איז געפאַלן דער קלאַוויר־שפּילער, קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מוישע בראַילאָווסקי (1904—1942). די מוזיק־בילדונג האָט ער צוערשט באַקומען אין ראָסטאָוו־אויפן־דאָן, און אין 1929 פאַרענדיקט דעם קלאַוויר־פאַקולטעט פון דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע. צום אָנהייב פון דער מילכאָמע האָט ער שוין געהאַט א היפּשע דערפאַרונג פון שעפערישער אַרבעט — פאַרוואַלטעט מיטן מוזיקאַלן טייל אין טעאַטראַלע קאָלעקטיוון, געשריבן מוזיק צו שטעלונגען, געווען דער אַווטאָר פון עטלעכע אָפּערעטעס און פון מוזיקאַלע ווערק אין אַנדערע זשאַנרען.

אין מעשעך פון דעם גאַנצן ערשטן בלאָקאַדע־ווינטער האָט דער מוזיקאַנט פאָרגעזעצט צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן, אונטערהאַלטנדיק אין די לענינגראַדער דעם קאַמפס־גייַסט, דעם ווילן צום זיג. אינגיכן איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער אָפּערירנדיקער אַרמיי, אויפן פראָנט.

טראַגיש איז דער גוירל פון זייַן עלטערן ברודער — מיכאַיל (1896—1942). ער האָט געהאַט א שווערע יוגנט—געאַרבעט אַלס טרעגער אין ראָסטאָוו־אויפן־דאָן, זעלבשטענדיק געלערנט זיך מוזיק. אינעם בירגערקריג האָט זיך מיכאַיל געפונען אין דער גרופּע פאַרמישפּעטע דורך ווייַסבאַנדיטן אויף צעשיסונג, און בלויז דורך א צופאַל איז ער געבליבן לעבן.

אין 1930 יאָר קומט מיכאַיל בראַילאָווסקי צו פאָרן קיין לענינגראַד, פאַרענדיקט ווי אַן עקסטערן די לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע, ער אונטעריכטעט אין א מוזיק־שול, שאַפט די אָפּערעס „ספּאַרטאַק" און „קאָנדראַט בולאַווין", א גרויסע צאָל ראָמאַנסן, לידער. אין אָנהייב 1942 האָט מען אים אין א שווערסטן צושטאַנד עוואַקוירט הינטער פּיאַטיגאָרסק. לויט יעדיעס פון זייַנע קרויווים, איז ער אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן און איז צעשאָסן געוואָרן.

אין זעלבן יאָר איז אין א שלאַכט הינטער לענינגראַד אומגעקומען דער ייִנגערער ברודער מוישע בראַילאָווסקי.

לעאָניד אַבראַמאָוויטש פּאָרטאָוו (1899—1942) איז געווען דער אַווטאָר פון א באַדייַטנדיקער צאָל ווערק — מוזיק צו טעאַטראַלע און ראַ־

דיאַ־שטעלונגען, קינאָכראָניקעס. פאַרן קריג האָט ער אָנגעהויבן ארבעטן איבער א סימפאָניע.

בייס דער בלאָקאַדע פון לעניגראד האָט לעאָניד פּאַרטאָוו געפירט א טאָגבוך. דאָס איז אן אוניקאַלער דאָקומענט, וואָס דעקט אוף טאָגטעגלעך דאָס לעבן פונעם מוזיקער — דעם טוישעוו פונעם באלאגערטן לענינגראד.

דער טאָגבוך הייבט זיך אָן פונעם 3 אווגוסט 1941 יאָר...

„דעם 3־טן אווגוסט. פון 4 ביז 6. כ׳האָב דעזשורעט אף א דאך.

דעם 4־טן אווגוסט. 17 אזייגער. אוועק אף ארבעט: צוריקגעקומען ארום 24 אזייגער".

דעם 6־טן אווגוסט איז אָפּגעמערקט: „די אלע דריי טעג האָבן מיר געלאָדן בערווענעס אין האפן.

ביז די ארבעטן בין איך געווען אין ראדיאָקאָמיטעט, באקומען א באשטעלונג מוזיקאלישאויספורעמען „דער מומע דאשעס ארויסטרעטונג" (אזוי פלעג זיך רופן דער ציקל פון פּאָפּולערע אין יענע טעג אאודיציעס, ווו אין נאָמען פון א פּאָשעטער רוסישער פרוי פלעג מען זיך ווענדן צו די לענינגראדער מיט טרייסטנדיקע ווערטער).

„דעם 10־טן אווגוסט. באנאכט, פון 2 ביז 4 אזייגער, האָב איך דעזשורעט אף א דאך. אינדערפרי האָט מען געקלונגען פון דער ראדיאָ מיקויעך דער מוזיק צו דער מומע דאשעס צווייטער ארויסטרעטונג. 16 אזייגער מיט 20 מינוט. כ׳בין געווען אין ראדיאָ־קאָמיטעט, די מוזיק האָט מען פארבראקעוועט... דאָרט טאקע בין איך געזעסן און געשאפן נייע מוזיק, מע האָט זי אָנגענומען. איבערגעשריבן און אָפּגעגעבן דעם באיאניסט".

קאָמפּאָזיטאָרן פלעגן באהערשן די מיליטערטעכניק: „מיר זיינען דורכגעגאנגען ווינטאָווקע — איר מאָנטאזש און דעמאָנטאזש. געשאָסן פון א קליינקאליבערדיקער ביקס (צו 10 קוילן). כ׳האָב באקומען „מיטלמעטיק". עס ווירקט די שלעכטע ריִע, און געשאָסן האָט מען בלויז אף 25 מעטער, אף 50 וועט מיסטאמע זיין ערגער".

אינעם קאָמפּאָזיטאָרן־פארבאנד באופטראָגט מען פּאָרטאָוון ארויסצולאָזן א וואנטצייטונג: „פּראדקין האָט מיר מיטגעטיילט, אז איצט דארף ארויסגיין א וועכנטלעך „שלאכט־בלעטל". דער ערשטער נומער דארף זיין דעם 1־טן סענטיאבער... ביז 18 אזייגער האָב איך זיך געפּאָרעט, געמאכט די צייטונג — געקלעפּט, געמאָלט אאוו. די צייטונג אָפּגעגעבן".

...צו יענער צייט האָט זיך שוין פארענדיקט דער ערשטער עטאפּ פון דער עוואקואציע. דאָס ווייב האָט איינגערעדט פּאָרטאָוון אוועקפאָרן, נאָר ער האָט ניט געקאָנט זיך אנטשליסן דערצו.

„דעם 5־טן סענטיאבער. אינדערפרי, בעשאס מיליטערישע איבונגען, האָב איך געהערט אינדערנאָענט עטלעכע הילכיקע אופרייסן. לאָזט זיך אויס, אז אין אונדזער ראיאָן האָבן זיך אופגעריסן האר־מאט־קוילן פון ווייטשיסנדיקע קאנאָנען, עס זיינען פאראן קאָרבאָנעס און צעשטערונגען (די נאָענטסטע פון זיי אין 5—6 מינוט גאנג פון אונדזער הויז).

דעם 10 סענטיאבער. פון אינדערפרי אָן האָט זיך אָנגעהויבן א סעריע לופט־אליארמען. 9 אזייגער בין איך אוועק צו די מיליטער־איבונגען, ארייננגעפאלן אין אן אליארם, געווארט הינטערן טויער פון עפּעס א הויז. אף צוריקוועגס פון די איבונגען בין איך ווידער ארייננגעפאלן אין א לופט־אליארם. ניט ווייט פון אונדז האָבן זיך אופגעריסן צוויי באָמבעס, פון דער צווייטער האָט אָנגעהויבן ברענען דאָס גאנצע הויז. ערגעץ־ווו, ניט ווייט — א סרייפע, מע זעט די פייערשיין פון דער סרייפע און א געדיכטן רויך".

דער קאָמפּאָזיטאָרן־פארבאנד האָט געשיקט פּאָרטאָוון אף א וואָך צייט אף שוץ־ארבעטן אין א פאָרשטאָט פון לענינגראד. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט מיט זיך גענומען א בלאָקנאָט, ווו ער האָט באשריבן די נעסיִע. זייער גרופּע האָט מען געבראכט קיין פּושקין — איינס פון די באליבטסטע אָפּרו־ערטער פון די לענינגראדער. עס האָבן זיך צונויפגעזאמלט א מאן 700—800. פייַנטלעכע אעראָפּלאנען האָבן באמערקט דעם אוילעם. זיי זיינען געפלויגן נידעריק איבער די קעפּ, געשאָסן פון הארמאטן און קוילנווארפערס, אראָפּגעוואָרפן באָמבעס. די מענטשן האָבן זיך באהאלטן ווער־ווּהין. אינגיכן איז קלאָר געוואָרן, אז ווארטן אף אנדערע גרופּעס איז ניטאָ וואָס, די אייזנבאן־בריק איז צעשטערט געוואָרן, און דער פּאָלגנדיקער צוג קאָן ניט אָנקומען קיין פּושקין. דערווארט זיך ביז ס׳וועט ווערן פינצטער, האָבן אלע זיך געלאָזט צופוס צום ציל־אָרט. די מענטשן האָט מען איינגעקווארטירט אין די באראקן, דער פראָנט איז געווען ערגעץ נאָענט. ארום און ארום האָט זיך געזען דער אָפּשיין פון סרייפעס, ס׳האָט זיך געהערט א קעגנזייטיקע שיסעריי. איבער די קעפּ פון די מענטשן זיינען געפלויגן סנאריאדן. אין הימל האָבן אלע מינוט זיך צעפלאקערט לופט־שלאכטן. אן עראָסטאט פון דער לופט־באָאבאכטונג, אן אונטערגעצונדענער פון טראסיר־קוילן, האָט זיך אראָפּגעוואלגערט אף דער ערד.

פּאָרטאָוו האָט געארבעט ניט ווייט פון דער פּאָדערליניע: „אף אונדז האָט מען שטארק געשאָסן פון מינענווארפערס, נאָר אין קיינעם פון אונדז ניט געטראָפן. די מינעס האָבן זיך געריסן גאָר נאָענט. איך האָב געפילט די לופט־כוואליע".

און די טאָגטעגלעכקייט פון דער באלאגערטער שטאָט האָט געהאלטן אין איין שווערער ווערן. עס האָבן זיך דערנעענטערט די פרעסט. דער צימער פלעגט זיך דערווארעמען מיט א קליין הרובקעלע, פאר וועלכן מע פלעגט צעברעכן אָדער צעזעצן קאָלערליי פּאָליצעס, ברעטער, מעבל. ס׳איז קאלט געווען פון ניט־דערעסן. פּראָדוקטן זיינען געוואָרן אלץ ווייניקער און ווייניקער. ס׳האָט זיך דערנעענטערט דער הונגער.



8—890

„דעם 28־טן נאָיאבער. דעם גאנצן טאָג בין איך געווען אינדערהיים און גאָרנישט געגעסן. געלייענט און אופמערקזאם דערלערנט סאָקאָלאָווס בוך. ער האָט מיר געהאָלפן איבערטראָגן דעם הונגער...

דעם 1־טן דעקאבער. כ׳האָב געמאכט א טראנספּאָזיציע פאר א באיאן פון איפּאָליטאָוו־איוואַנאָווס מארש. זייער שטארק פארפרוירן געוואָרן.

דעם 6־טן דעקאבער. דעם מארש פארענדיקט. געגעסן ווארמעס (סוף)".

פּאָרטאָוו האָט אָפּגעפרוירן די פיס, זיי זײַנען געשוואָלן געוואָרן, שטארק ווײ געטאָן, און דאָס האָט אָפּגענומען בא אים די מעגלעכקײַט ארויסצוגיין פון שטוב. מע לייגט אים ווידער פאָר זיך צו עוואקויִרן, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. ער זעצט פאָר צו ארבעטן, גלייבנדיק אין נאָענטן זיג.

„דעם 31־טן דעקאבער. דער לעצטער טאָג פונעם 1941 יאָר. פון דעם שווערן יאָר. אין טאָך גערעדט, האָט עס זיך אָנגעהויבן גוט, מער אָדער ווייניקער. דאָס יאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיט שרײַבן די סימפאָניע, וועלכע איז אוועק זייער ניט שלעכט. דערנאָך איז אן איבעררײַס — די קרענק, נאָכדעם ווידער די סימפאָניע, און דערנאָך... די מילכאָמע, און אלץ האָט זיך א קער געטאָן צום טײַוול. און דער ווינטער? אז כ׳וועל אים איבערלעבן, וועט עס זײַן א וווּנדער".

דאָס לעצטע זײַטל פונעם טאָגבוך איז דאטירט מיטן 11 יאנוואר 1942.

לעאָניד פּאָרטאָוו איז געשטאָרבן דעם 7 פעווראל 1942 יאָר אין עלטער פון צוויי און פערציק יאָר. מע האָט אים מעקאבער געווען אינעם ברודערקייווער אפן פּיסקאריאָווער בעסוילעם...

די באָמבע, וועלכע איז אראָפּגעוואָרפן געוואָרן אין דער נאכט פונעם 10־טן אפן 11־טן סענטיאַבער 1941, בײַס איינער פון די ערשטע באָמבירונגען פון לענינגראד, האָט געטראָפן אין א הויז, ווו ס׳האָט געלעבט דער קאָמפּאָזיטאָר סערגיי בערשאדסקי (1881—1942). ווי עס האָט דערציילט זײַן טאָכטער ט. ס. בערשאדסקאיא, פלעגט ער אין יענע טעג ניט נעכטיקן אין זײַן דירע, אונטער די כורוועס אָבער איז אומגעקומען אן אוניקאלע וויִאָלאָנטשעל פון ניקאָלאָ אמאטיס ארבעט, בערשאדסקיס גאנצער ארכיוו — א מאסע נאָטן־קסאוויאדן, פּאָטאָגראפיעס, צווישן וועלכע ס׳איז געווען א געמיינזאם פּאָטאָ־בילד פון צוויי רוסישע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן נ. א. רימסקי־קאָרסאקאָוו און א. ק. גלאַזונאָוו. די ווידמונג, אונטער וועלכער ס׳זײַנען געשטאנען זייערע ביידע כסימעס, איז געווען אזא: „פון די לערער, וואָס לייגן ארוף אף אײַך גרויסע האָפענונגען".

ס. וו. בערשאדסקי האָט געענדיקט די פּעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע אין 1908 לויטן קלאס פון קאָמפּאָזיציע, אָרקעכטראָווקע און פידל. גע־ארבעט האָט ער אלס דיריגענט, ווי אויך אלס קאָמפּאָזיטאָר און ארראנזשירער. ער האָט אונטעריכטעט אין א מוזיק־שול, אָנגעפירט אין מעשעך פון א סאך יאָרן מיט קליינע אָרקעסטערס, געשריבן פאר זיי מוזיק, געמאכט קאָלערליי טראנספּאָזיציעס. כוץ דעם, פלעגט ער שאפן ראָמאנסן, קלאוויר־מיניאַטיורן, קווארטעטן. אין די צוואנציקער יאָרן האָט ער אָנגעשריבן זײַן אָפּערע „סטעפּאן ראזין", וועלכע עס האָט געשטעלט א זעלבסטעטיקײַט־קאָלעקטיוו.

בערשאדסקי האָט פאָרגעזעצט צו ארבעטן אויך אין די באדינגונגען פון דער בלאָקאדע, קאָלזמאן די קויכעס האָבן אים אינגאנצן ניט פארלאָזט. ער איז געשטאָרבן דעם 2 יאנוואר 1942.

אין ערשטן בלאָקאדע־ווינטער איז געשטאָרבן פון דיסטראָפיִע מיכאִיל פּראדקין (געבוירן אין 1893).

אין דער יוגנט האָט פּראדקין אָנטיילגענומען אינעם ערשטן וועלט־קריג. אין די צוואנציקער יאָרן האָט ער פארענדיקט די קאָמפּאָזיטאָרן־אָפּטיילונג פון דער פּעטראָגראדער קאָנסערוואטאָריע, געשריבן ראָמאנסן, לידער, מוזיק צו ספּעקטאקלען. ער איז קראנק געווען אף טובערקוליאָז, וועלכער איז, אין די ערשטע כאדאָשים פון דער בלאָקאדע, שטארקער געוואָרן. דעם 20 יאנוואר 1942 איז אינעם קאָמפּאָזיטאָרן־פארבאנד אָנגעקומען א מעלדונג פון פּראדקינס פרוי, וועלכע האָט געבעטן, מע זאָל איר מיט עפּעס העלפן דורכפירן זײַן לעווײַע.

פרילינג 1942 יאָר איז געשטאָרבן איינער פון די סאמע טאלאנטפולע און פילצוזאָגנדיקע קאָמפּאָזיטאָרן פון דעם סאָף דרײַסיקער יאָרן, דער יונגער מוזיקאנט באָריס האָלץ (געבוירן אין 1903). זײַן פילזײַטיקע מוזיקאלע באגאבטקײַט האָט זיך אנטפלעקט פון קינדווײַז. ער פלעג שנעל באהערשן די יעסוידעס פון פּיִאניזם, מאכן ערשטע טריט אין דער שאפונג פון מוזיק. אין לענינגראד, ווּהין האָלץ איז אריבערגעפאָרן מיט די עלטערן, האָט ער באקומען די מיטעלע און העכערע מוזיקאלע בילדונג. אין 1934 איז ער ארײַנגעטראָטן אפן קלאוויר־פּאַקולטעט פון דער קאָנסערוואטאָריע, און אין א יאָר ארום — אפן קאָמפּאָזיטאָרן־פאקולטעט. שוין אפן ערשטן קורס האָט דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר דערגרייכט גרויסארטיקע רעזולטאטן. ער האָט אָנגעשריבן א ציקל פון פיר און צוואנציק פּרעליודיעס פאר קלאוויר, וועלכע זײַנען טייקעף ארײַן אינעם רעפּערטואר פון די קלאוויר־שפּילער, און זיי ווערן אויסגעפּילט ביז איצט.

אין 1939 יאָר פארענדיקט ער די קאָנסערוואטאָריע ווי א פּיִאניסט, און אין א יאָר ארום — ווי א קאָמפּאָזיטאָר.

„אלע די, וואָס האָבן געקענט באָריס האָלצן, דערציילן וועגן זײַן אופמערקזאמער באציִונג צו מענטשן, גרענעצלאָזער גוטסקײַט, פּאָעטישער ליכ־

טיקער נאטור, באשיידנקײַט, אָפנהארציקײַט. טאקע אזא איז האָלץ געווען אין זײַן מוזיק. ער האָט זייער ליב געהאט און געפילט די שיינקײַט פון נאטור, מיט אירע פאָעטישע בילדער זײַנען אָנגעווייעט פיל פון זײַנע ווערק", — שרײַבט ר. ז. פריד, דער אווטאָר פונעם בוך וועגן דעם קאָמפאָזיטאָר. ער דערציילט, אז האָלץ האָט מיט כיישעק געשפילט פאר באליביקע אאודיטאָריעס, האָט ליב געהאט אָנטיילצונעמען אין די שעפטום־קאָנצערטן. פאר אים איז געווען וויכטיק צו פילן, אז די מענטשן נייטיקן זיך אין זײַן קונסט.

צום אָנהייב פון דער מילכאָמע זײַנען אינעם שעפערישן באגאזש פון דעם יונגן קאָמפאָזיטאָר געווען, כוץ פרעליודיעס, „א באגריסונגס־אוווערטיור", „א סטרונע־קווארטעט", „א קאָנצערט פאר קלאוויר מיט אן אָרקעסטער", ראָמאנסן, לידער. ער האָט געארבעט איבער א באלעט, האָט פארטראכט אָנשרײַבן א סימפאָניע.

ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָט ער דערלאנגט א מעלדונג מיט א באקאָשע, מע זאָל אים אָפשיקן אפן פראָנט, אָבער איבערן שוואכן געזונט (ער האָט געהאט טובערקוליאָז) האָט מען אים איבערגעלאָזט אין לענינגראד אין רעשוס פונעם באלטישן פלאָט, בא וועלכן עס האָבן זיך געשאפן עטלעכע שעפערישע גרופעס פון שרײַבער, פאָעטן, מאָלער, קאָמפאָזיטאָרן. בעמעשעך פון דער גאנצער מילכאָמע, אײַנשליסנדיק אויך די שווערסטע יאָרן, פלעג די פאָליט־פארוואלטונג ארויסלאָזן די זאמלונגען „לידער פון דער רויטפאָניקער באלטיק". אלס אן אווטאָר איז דאָ געווען באָריס האָלץ. ער האָט אָנגעשריבן „די ליד פון צאָרן", „די באלטישע ארטילעריכטישע", „די ליד פונעם דריטן גווארדיע־פאָלק", „די ליד וועגן ברינקאָ" און אנדערע.

די ווינטער־כאדאָשים ניצן יאָם־לײַט געוויינלעך אויס צוליב רעמאָנטירן די קריגס־שיפן, גרייטן זיי צו ווײַטערדיקע קאמפאניעס. ס'איז פאָרגעשטאנען דורכצופירן אָט די ארבעט אויך ווינטער 1941 — 1942, אין דער שווערסטער צײַט פון דער לענינגראדער בלאָקאדע. די פאָליט־פארוואלטונג פונעם באלטישן פלאָט האָט געבעטן די קאָמפאָזיטאָרן און פאָעטן העלפן מיט א ליד. אָט אזוי האָט זיך באוויזן האָלצעס ליד „זײַט גרייט, באלטייצעס, צו די מארשן". אין פעווראל 1942, אַף אן אָרדנטלעכן קאָנקורס אינעם לענינגראדער קאָמפאָזיטאָרן־פארבאנד, האָט די ליד באקומען א פרעמיע, זי איז געוואָרן זייער פאָפולער, און די פאָליט־פארוואלטונג פונעם פלאָט האָט באלוינט דעם אווטאָר מיט א דערנערונגס־פאיאָק. דאָס פעקל מיט שפײַז האָט אָבער שוין דעם קאָמפאָזיטאָר באם לעבן ניט געטראָפן: באָריס האָלץ איז געשטאָרבן פון אויסגעצערטקײַט פרילינגצײַט 1942...

דעם 16 אָקטיאבער 1941 האָט דער פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר פונעם לענינגראדער ראַדיאָ־קאָמיטעט אונטערגעשריבן אזא מין ספראוועקע: „עס ווערט באשטעטיקט, אז דער קאָמפאָזיטאָר יוליִא ווײַסבערג ארבעט סיסטעמאטיש איבער מוזיקאלע ווערק פארן שול־אָפטייל פונעם ראדיִאָ־קאָמיטעט. הײַנט־צו־טאָג ארבעט זי לויט אונדזער באשטעלונג איבער אן אנטיפאשיסטישער אָפערע..."

צו יענער צײַט איז יוליִא ווײַסבערג שוין געווען באוווּסט מיט אירע ראָמאנסן, מיט דער קאנטאטע „צוועלף" (לויט א. בלאָקן), מיט דער אָפערע „גיולנארא", מיט ווערק פאר א סימפאָנישן אָרקעסטער.

אין 1905, ווען אין דער פעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע האָט זיך אָנגעהויבן א שטרײַק, איז די סטודענטקע פונעם קאָמפאָזיטאָרן־אָפטייל יו. ווײַסבערג (1880—1942) געוואָרן א מיטגליד פונעם שטרײַק־קאָמיטעט. פאר דעם איז זי אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער קאָנסערוואטאָריע, וועלכע זי האָט שפעטער פארענדיקט ווי אן עקסטערן.

אין די יאָרן 1915—1917 האָט זי גענומען אן אקטיוון אָנטייל, אלס קונסטקענערן, אינעם זשורנאל „מוזיקאלני סאָוורעמעניק" (דער מוזיק־מיטצײַטלער), וועלכן ס'האָט געשאפן און ארויסגעגעבן איר מאן, דער גרויסער רוסישער קאָמפאָזיטאָר א. נ. רימסקי־קאָרסאקאָוו.

די לענינגראדער בלאָקאדע האָט געבראכט גרויסע פארלוסטן דער מישפאָכע פון די רימסקי־קאָרסאקאָווס. ווינטער 1941—1942 איז פון הונגער געשטאָרבן דער זון פון יוליִא ווײַסבערג און אנדריי ניקאָלײַעוויטש רימסקי־קאָרסאקאָוו ניקאָלײַ. אין מארט כוידעש איז ניפטער געוואָרן יוליִא ווײַסבערג.

לעוו אב (1883—1942) איז געווען א פילזײַטיק באגאבטער און געבילדעטער מוזיקאנט. ער האָט פארענדיקט די פעטראָגראדער קאָנסערוואטאָריע לויטן קלאס פון אָרגאן (1917), דיריזשיר־קונסט (1918) און קאָמפאָזיציע (1922). אָנהייבנדיק פונעם 1935, איז ער געוואָרן א לערער אין דער קאָנסערוואטאָריע, ווי אויך דיריגענט און כאָרמייסטער אין דעם קליינעם אָפערע־טעאטער. אין די ערשטע וואָכן און כאדאָשים פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז ער טעטיק אין דער קעגנלופטשוץ־קאָמאנדע פון דער קאָנסערוואטאָריע, געפינט זיך אין א שטענדיקער דעזשורסטווע. צום סאָף 1941 האָט זיך זײַן געזונט שטארק פארערגערט. אין אָנהייב 1942 איז ער געשטאָרבן פון הונגער.

דער קאָמפאָזיטאָר ניקאָלײַ כייפעץ (געבוירן אין 1888) האָט אין 1910 פארענדיקט די פעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע לויטן קלאס פון טרומייט, דערנאָך, אין 1916 יאָר — לויטן קלאס פון קאָמפאָזיציע־טעאָריע.

נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע נעמט ער אן אָנטייל אין שאפן א פראָפעסיאָנעלן פארבאנד פון די קונסט־טוער, ווערט באשטימט אלס רעקטאָר פון דער ראָסטאָווער קאָנסערוואטאָריע, און אין 1930 יאָר נעמט ער אן דעם פאָרשלאָג צו פארוואלטן

מיט דער קאָמפּאָזיציע־קאַפּעדרע אין דער באַקוער קאָנסערוואַטאָריע. אין צוויי יאָר אַרום פֿאָרט ער אַריבער קיין לענינגראַד, ווו ער אונטעריכטעט אין דער אָרטיקער קאָנסערוואַטאָריע די קונסט פֿון אינסטרומענטירונג, פֿירט אָן מיט אַ קאַפּעדרע, איז דער אָרגאַניזאַטאָר פֿונעם מיליטער־יאַמישן פֿאַקולטעט (1940).

אין אָנהייב פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע האָט סערגיי כײַפּעץ אָרגאַניזירט פֿון די סטודענטן און לעקטאָרן פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע עטלעכע קאָנצערט־בריגאַדעס, וועלכע פֿלעגן אַרויסטרעטן אין די פֿריזיוו־פּונקטן, מיליטער־טײַלן, שפּיטאָלן.

מיט דער לענינגראַדער גרופּע פֿון די קאָנסערוואַטאָרצעס איז סערגיי כײַפּעץ געווען פֿאַרבונדן ביזן אָנהייב פֿונעם יאָר 1942. נאָכדעם האָט מען אים עוואַקויִרט קיין טאַשקענט, ווו ער איז געשטאָרבן אין אַפּרעל כוידעש.

אין 1936 האָט די לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע פֿאַרענדיקט דער מוזיק־פֿאָרשער נאַטאַן (נאָסן) פֿאָליאַק (1906—1942). מע האָט אים אָנפֿאַרטרויט אונטעריכטן דעם קורס פֿון מוזיק־געשיכטע. אין 1939 האָט ער פֿאַרענדיקט די אַספּיראַנטור, געגרייט אַ דיסערטאַציע וועגן מ. פּ. מוסאָרגסקיס שאַפֿן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאָטערלענדישע מילכאָמע, האָט מען פֿאָליאַקן, מאַכמעס דער שלעכטער ריִע, ניט גענומען אין דער אַרמיי. בײַס דער בלאָקאַדע האָט ער געאַרבעט אין ראַדיאָ־קאָמיטעט, געווען אַ בלוט־דאָנאָר. נאַטאַן כערגייעוויטש איז געשטאָרבן דירעקט אינעם ראַדיאָ־קאָמיטעט, זיצנדיק בא דעם הרובקעלע. דאָס איז געשען אין שרעקלעכן ווינטער פֿונעם 1941—1942 יאָר.

דעם מוזיק־פֿאָרשער אַלעקסאַנדער ראַבינאָוויטשן (1900—1943) האָט מען גוט געקענט אין די מוזיק־קרײַזן פֿון לענינגראַד. זײַנע גרויסע פֿעיִקײַטן פֿלעגן איבעראַשן נאָך דאַן, ווען ער האָט זיך געלערנט אין אינסטיטוט פֿון דער קונסט־געשיכטע.

אין דער פֿאָרעדע צו דער זאַמלונג פֿון אַ. ס. ראַבינאָוויטשעס אויסגעוויילטע אַרטיקלען האָט דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש געשריבן: „אַ. ס. ראַבינאָוויטש האָט זיך דערהויפּט פֿאַרנומען מיטן 18־טן יאָרהונדערט, און אין דערלערנען אָט די רעלאַטיוו ווײַטע עפּאָכע פֿלעגט ער אַרײַנטראָגן דעם קעמפֿערישן גײַסט פֿון פּאָלעמיק מיט קאָנסערוואַטיווע טראַדיציעס און אויטאָריטעטן... ער האָט באַוויזן ניט בלויז פּאָלעמישן ברען, נאָר אויך עכטע מײַסטערשאַפֿט פֿון אַנאַליז. די דאָזיקע טענדענץ נעמט מיט זיך אַדורך די אַרבעטן וועגן הײַדן, וועגן דער מוזיק פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזער רעוואָליוציע, וועגן דער רוסישער אָפּערע פֿון פֿאַר גלינקאַס צײַטן”.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, האָט זיך אַלעקסאַנדער ראַבינאָוויטשעס ענערגיע אַזוי ווי פֿאַרטאָפּלט. „איך האָב אים קעסיידער געזען אין אַ צושטאַנד פֿון עמאָציאָנעלער דערהויבנקײַט, וועלכע איז געווען אַרויסגערופֿן פֿון דער ברענענדיקער סינע צום פֿאַשיזם און פֿון דער פּאַטריאָטישער באַגײַסטערונג”, — האָט געשריבן איינער פֿון זײַנע קאָנסערוואַטאָריע־קאָלעגן. ראַבינאָוויטש האָט זיך אָפּגעזאָגט צו עוואַקויִרן, אומדערמידלעך אָבער האָט ער געגרייט צו דער עוואַקואַציע די ווערטפֿולסטע עקספּאָנאַטן פֿונעם מוזיי פֿון מוזיק־אינסטרומענטן, די קאָלעקציעס פֿון קסאַוויאַדן און זעלטענע אויסגאַבעס. פּונקט ווי אַלע, פֿלעג ער אויספֿילן די אײַנשטעלונגען פֿון דער מיליטער־צײַט: דעזשורעט אויפֿן דאַך, דערלערנט דאָס שיסגעווער. ראַבינאָוויטש האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ טאַלאַנטפֿולן סנײַפּער, אים האָט געלויבט דער יונגער לייטענאַנט, וועלכער פֿלעגט לערנען דעם קאָמפּאָזיטאָרישן אוילעם צו שיסן. זײַענדיק שוין ערנסט קראַנק, האָט ער אָן טאַרומעס געטראָגן אַלע שווערקײַטן פֿון דער בלאָקאַדע.

דעם 21 יאַנוואַר 1942 האָט מען אַ. ראַבינאָוויטשן אָנגערופֿן אַלס קאַנדידאַט אױף צו באַקומען די מעלוכע־פּרעמיע. אינגיכן אָבער איז ער געשטאָרבן. ביזן סאָף פֿון זײַנע טעג האָט ער מיט לײַב און לעבן געדינט דער מוזיק...

די דאָזיקע פֿאַקטאָגראַפֿישע נאָטיצן זײַנען אייגנאַרטיקע „קאַדרען” פֿון דעם פֿאָלקס העראָיִשן אָוואַר, קאַרגע פֿאַקטן, הינטער וועלכע עס שטייען — העראָיִזם, מעסירעסנעפֿעשדיקע אַרבעט, מוט.



# אַרקאַדי יאַקאָוולעוויטש קאָץ — דער איבערזעצער פֿונעם „אינטערנאַציאָנאַל"

דאָס איז געווען אין 1888. דער מוזיקאַנט און רעוואָלוציאָנער פּיער דעגייטער האָט איבערגעלייענט די לידער־זאַמלונג פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם עזשען פּאָטיע און אָפּגעקליבן פֿאַר זיך די סאַמע גלענצנדיקע ליד — דעם אינטערנאַציאָנאַל. פֿון דעמלט אָן וועט די פּאָעזיע פֿונעם פּאַריזשער אַרבעטער און די מוזיק פֿון זײַן קאַמפּס־כאָווער פֿון פֿלאַנדריע אופֿהייבן צום קאַמף „אַלע, ווער ווי שקלאַפֿן, אין הונגער לעבן מוז, אין נויט".

די ווערטער פֿונעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט איבערגעזעצט אויף רוסיש אַרקאַדי יאַקאָוולעוויטש קאָץ, וועמענס לעבן איז ענג פֿאַרבונדן מיטן אוראַל, מיט סווערדלאָווסק. אין אָט דער שטאָט געפֿינט זיך דער קיִווער פֿונעם פּאָעט־איבערזעצער. אין 1967 איז אויף איינער פֿון די צענטראַלע גאַסן פֿון סווערדלאָווסק געעפֿנט געוואָרן אַ מעמאָריאַל־ברעט לעקאָווד דעם שעפֿער פֿונעם רוסישן טעקסט פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן הימן.

...אָדעס אין סאָף פֿונעם XIX יה. די שטאָט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט פֿיש־רייכעס, מיט זאַלץ און מיט יאַם. די שטאָט, וועלכע מע קאָן לײַכט זיך פֿאָרשטעלן לויט באַבעלס און קאַטײַעווס דערציילונגען, לויט פּאַוסטאָווסקיס זיכרוינעס, לויט די לידער פֿון ווערא אינבער און עדוואַרד באַגריצקי.

אַרקאַדי קאָץ איז געבוירן געוואָרן אין אַ מישפּאָכע פֿון אַ האַפֿן־טרעגער. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין עלטער פֿון 13 יאָר, העלפֿנדיק דעם טאַטן. נאָכן פֿאַרענדיקן אַ באַרג־שול אַרבעט ער אין די שאַכטעס פֿון דאָנבאַס און הינטערמאָסקווע.

אין 1897 ווערט דער יונגער שאַכטיאָר פֿון רוסלאַנד אַ סטודענט אין דעם פּאַריזשער באַרג־אינסטיטוט. באַ זײַנע 25 יאָר האָט ער ליב געהאַט זינגען, און אין פּאַריזש האָט מען דעמלט געזונגען לידער וועגן דער קאָמונע, וועמענס ווידערקאָל האָט נאָך געהילכט איבער די בולוואַרן און ליקלעך פֿון דער שטאָט פֿון פֿיר רעוואָלוציעס. אומעטום האָט מען געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". מע האָט אים געזונגען אויף אַלע שפּראַכן, אויסער דער רוסישער.

אַ קאָץ דערמאָנט זיך אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע: „בעמעשעך פֿון פֿינף יאָר פֿון מײַן לעבן אין פּאַריזש האָב איך אַזויפֿיל געהערט זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" אויף פֿאַרזאַמלונגען, מיטינגען, צוזאַמענפֿאָרן, מאַניפֿעסטאַציעס, אין די טעג פֿון שטרײַקן, אין די טעג פֿונעם באַוווּסטן דרייפֿוס־איניען! ס'האָט זיך מיר קלאָר פֿאָרגעשטעלט, אַז עס דאַרף אָנקומען דער מאָמענט, ווען מיר וועלן איבער די גאַסן פֿון רוסישע שטעט דורכגיין מיט פּונקט אַזאַ ליד..."

אין 1898 איז אין דער רעדאַקציע פֿונעם זשורנאַל „זשיזן" (דאָס לעבן), וועלכע די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן, אָנגעקומען מיט דער פּאָטשט אַ ליד פֿון אַן אומבאַקאַנטן אויטאָר. זי האָט געהייסן „ווילדע נעקאָמע" און איז אונטערגעשריבן געוואָרן מיטן קריפּטאָנים „נ.זש.ד.". וולאַדימיר דמיטריעוויטש באָנטש־ברויעוויטש שרײַבט אין זײַנע זיכרוינעס: „איך האָב גלײַך געווענדט מײַן אויפֿמערקזאַמקײַט אויף דער געלונגענער ליד, געווידמעט דעם אָנדענק פֿון הירש לעקערטן, וועמען מע האָט פֿאַרמישפּעט צו טויט־שטראָף פֿאַרן אַטענטאַט אויפֿן גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכער האָט באַפֿוילן שמײַסן דעמאָנסטראַנטן. אויף דער זיצונג פֿון דער רעדאַקציע איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּדרוקן די ליד אין נאָענטסטן נומער פֿון אונדזער זשורנאַל". אָט אַזוי האָט זיך באַוויזן אין דער פּרעסע אַ. קאָצס ערשטע ליד.

דער כוידעש אויגוסט פֿון 1903 איז געוואָרן אין דעם לעבן פֿונעם פּאָעט אַן אַנטשיידנדיקער: דער זשורנאַל „זשיזן" האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין נום. 5 דעם רוסישן טעקסט פֿונעם „אינטערנאַציאָנאַל". קיינעם איז געוויס ניט באַוווּסט, וויפֿל פּאָעטן עס האָבן געפּרוּווט איבערזעצן דעם פּראָלעטאַרישן הימן אויף רוסיש. צווישן די איבערזעצער איז געווען אַפֿילע מאַיאַקאָווסקי. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער הימן קלינגט שוין אַכציק יאָר אין דער איבערזעצונג פֿון אַרקאַדי קאָץ. אַגעוו, האָט דער פּאָעט איבערגעזעצט אין 1902 בלויז די ערשטע, צווייטע און זעקסטע כּטראָפֿעס, וועלכע מיר זינגען

הײַנט. אין 1936 זעצט ער איבער דעם הימן אינגאַנצן.

די שורעס, וועלכע די קאָמונע האָט געבוירן, איז געווען זייער שווער איבערצוזעצן. ערטערווײַז איז בא פּאָטיען נאָר אײַנגעהיט געוואָרן אינעם טעקסט יענער דערהויבן־פּײַערלעכער סטיל, וואָס איז געווען אייגנטימלעך אויך דער „מאַרסעליעזע״. קאָץ האָט אָבער געטראַכט אַף אַן אנדער שפּראַך, און אייניקע סטראָפעס האָבן זיך ניט געלייגט אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער ליד. אויך פּאָטיעס באַריקאַדן־איליוזיעס האָבן ניט זעלטן געזינדיקט מיט צעפלאָסענער שיינריידערײַ.

לאָמיר זיך ווענדן צו די שורעס פונעם הימן. פּאָטיע פאַרגלײַכט די צוגרייטונג פון א סאָציאַלער וועלט־רעוואָליוציע מיט א ווולקאַן, אין וועלכן עס בושעווען און זידן קויכעס פון דעם „לעצטן אויסבראָך״. קאָץ שרײַבט פּאָשעטער: „דער גײַסט — ער קאָכט, ער רופט צום וואָפן, אין שלאַכט אונדז פירן איז ער גרייט״. בא פּאָטיען ווערט אינעם רעפרען געזאָגט: „דאָס איז די לעצטע שלאַכט, לאָמיר זיך פאַרייניקן, און מאָרגן וועט מיטן אינטערנאַציאָנאַל זײַן דער גאַנצער מענטשלעכער דאָר״. קאָץ זעצט איבער ענערגישער: „דאָס איז שוין אונדזער לעצטער און אנטשיידענער שטרײַט. מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל שטייט אוף, איר ארבעטס־לײַט״. בא פּאָטיען לייענען מיר: „די וועלט וועט ענדערן אירע יעסוידעס, מיר זײַנען גאָרנישט: לאָמיר זשע ווערן אַלץ״. קאָץ רעזומירט: „די וועלט פון גוואַלדטאַטן און לײַדן צעשטערן וועלן מיר, און דאַן — פון פרײַהײַט, גלײַכהײַט א גאַניידן באַשאַפן וועט דער ארבעטסמאַן״. בא פּאָטיען: „מיר דאַרפן ניט קיין רעטער פון אויבן — ניט גאָט, ניט צעזאַר, ניט קיין טריבון״. בא קאָצן: „ניין, קיינער וועט אונדז ניט באַפרײַען — ניט גאָט אַליין, און ניט קיין העלד...״ בא פּאָטיען: „ארבעטער, פּויערים, מיר זײַנען א גרויסע פּאַרטיי פון ארבעטנדיקע״. בא קאָצן: „דער ארבעטסמאַן וועט זײַן מעמשאָלע פאַרשפּרייטן אַף דער גאַנצער ערד״. און לעסאָף, בא פּאָטיען: „און וויפל די ראָבן און שפּאַרבערס זאָלן זיך ניט נערן מיט אונדזערע גופים, אויב אין איינעם א באַגינען וועלן זיי אַנטרינען, וועט די זון שײַנען פונקט אַזוי״. און בא קאָצן זײַנען געבוירן געוואָרן גלענצנדיקע שלאָגערישע שורעס: „די גרויסע שטורעמטעג — זיי וועלן נאָר פאַר טיראַנען שרעקלעך זײַן, זיי קאָנען אָבער ניט פאַרשטעלן פאַר אונדז די העלע זונען־שײַן...״ קאָץ איז נאָענט צום אָריגינאַל. ער האָט אופגענומען פּאָטיעס ענערגיע, אָבער ער האָט זי איבערגעבראָכן, געקאָנט זי אַקומולירן אין דעם שטראָם פון דער רוסישער רעוואָליוציע.

די גרויסע פּאָטערלענדישע מילכאָמע... א. קאָץ עוואַקוירט זיך פרילינג 1942 פון מאָסקווע קיין סווערדלאָווסק. טייקעף שליסט ער זיך אײַן אין דער ליטעראַרישער ארבעט. ער שרײַבט לידער, פעליעטאָנען פאַר די צײַטונגען „אוראַלסקי ראַבאָטשי״ („אוראַלער ארבעטער״) און „טרוד״ („מי״). זומער 1942 גייט אַרויס אין דעם סווערדלאָווסקער ביכער־פאַרלאַג זײַן זאַמלונג „עס רעדט אוראַל״. דאָרט געפינט זיך זײַן ליד „צוויי זין — צוויי שלאַכטלײַט״, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט רירנדיקער פּאָטערלעכער ליבע פונעם אוטאָר צו זײַנע זין (זיי האָבן געקעמפט אַפן קאַלינינער פראָנט). ארקאַדי יאַקאָווליעוויטשעס לידער באַווײַזן זיך אינעם אָפּקלײַב פון אינפאָרמאַציע, וועלכע דערציילט וועגן די העלדנטאַטן פון די אוראַלער טוישווים אַף די פראָנטן און אין הינטערלאַנד, וועגן דער גוואורע פון די סאָוועטישע מענטשן, וועגן דער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אַף מײַרעוו. דער איבערזעצער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״ באַזינגט אוראַל, זײַן הערויִשע מי.

דערלעבן ביזן ניצאָכן האָט קאָצן זיך ניט אײַנגעגעבן. אינעם נעקראָלאָג, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 13 מײַ 1943 ווערט געזאָגט וועגן ארקאַדי יאַקאָוולעוויטשן, אַז ער איז געווען א פּאָעט א בירגער, א פּאָליטישער ליריקער, א לײַדנשאַפטלעכער אינטערנאַציאָנאַליסט. לויט דער שטימונג און לויטן סטיל שליסט ער זיך אומיטלבאַר אָן צו די פּאָליטישע ליריקער און פּאַמפלעטיסטן פון פראַנקרײַך — בעראַנזשע און פּאָטיע. פּונקט ווי זיי, האָט קאָץ אידעאַל באַהערשט די זינגענדיקע פאָרם פון דער ליד מיט איר קורצן און פאַרגעדענקלעכן רעפרען. פּונקט ווי זיי, איז ער ניט נאָר א פּאָעט פון דער קעגנוואַרט, נאָר אויך א פּאָעט פון דער צוקונפט.

דעם 11 אַפּרעל 1917 האָט לענין אַפן מיטינג באַם פינלענדישן וואָקזאַל פּראָקלאַמירט דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ אַלס הימן פון דער רעוואָליוציע. אין אָקטיאַבער איז דער „אינטערנאַציאָנאַל״ געוואָרן דער הימן פון דער ערשטער אין דער וועלט מעלוכע פון ארבעטער און פּויערים.

„אין וואָס פאַר א לאַנד עס זאָל ניט ארײַנפאַלן א באַוווּסטזיניקער ארבעטער, — האָט געשריבן וו. אי. לענין, — וווּהין עס זאָל אים ניט פאַרוואַרפן דער גוירל, ווי פרעמד ער זאָל זיך דאָרט ניט פילן, אָן א שפּראַך, אָן באַקאַנטע, ווײַט פונעם היימלאַנד, — קאָן ער געפינען כאַווײרים און פרײַנט לויטן באַקאַנטן מאָטיוו פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״. די ארבעטער פון אַלע לענדער האָבן אונטערגעכאַפּט די ליד פון זייער פאָרגעשריטענעם קעמפער, פּראָלעטאַריער, פּאָעט און געמאַכט פון אָט דער ליד אַן אַלוועלטלעכע פּראָלעטאַרישע ליד...״

א. גאָרבאַטאָוו



# פאוסט פון דער מאָלדאוואנקע

...עס הייבט זיך אוף צו דער סטעליע, צערוקנדיק דעם פאָרהאנג אף דער בינע, א באלעגאָלישע שלייע מיט א גלעקעלע. סע שפּילט א פידלער, וואָס האָט זיך איינגעמאָסטעט אפן דאך, ער שפּילט א מעלאָדיע, וועלכע רייסט באם הארצן. אין האלבפינצטערע הויפן וווינען די טוישווים פון א באזונדער לאנד — מאָלדאוואנקע, אן אָדעסער ראנדגעגנט, וואָס האָט געבוירן איר אייגענעם שרייבער, דעם פּרעכטיקן איסאק באבעל.

די דאָזיקע וועלט איז שוין פארשוווּנדן, מאָלדאוואנקע איז געוואָרן א לעגענדע. עס באווייזט זיך איבער דער בינע, ווי אן עק פון א קאָמעטע פון מאלינע־קאָליר, א וויטראזש, וואָס וועט אין פארלויף פונעם דריישאָיקן ספּעקטאקל ניט איין מאָל אופלאקערן מיט א פייערשיין פון אונטערגאנג...

באבעלס „דער אונטערגאנג" — א מוזיקאלע טראגיקאָמעדיע לויט זיינע ווערק „דער אונטערגאנג" און „אָדעסער דערציילונגען" — האָט אופגעפירט דער ריגער טעאטער פון רוסישער דראמע. ער האָט געפּרוווּט אופלעבן פאר דער בינע ניט בלויז די ווערק, נאָר די וועלט פון אָט דעם שרייבער. אן אויסטערלישער מיט זיין טראגישקייט און פריילעכקייט, מיט זיין שטורמישער, צומאָל זעלבסטרוינירנדיקער ענערגיע, איז ער נייטיק דעם טעאטער, קעדיי דערציילן א געשיכטע, אין וועלכער געלעכטער און טרערן האָבן זיך איבערגעמישט אזוי פעסט, אז ס'איז אומעגלעך זיי צעשיידן.

אָט איז געשען אזא זאך: דער מאן פון דער אלטער נעכאמע, א טאטע פון דריי דערוואקסענע קינדער, אן אייגנטימער פון א פורמאן־אינדוסטריעלן הויף, דער גוואר מענדל קריק, האָט זיך פארליבט אין א מויד א ברען, דער זינגערקע מארוסיע, און געטרוימט וועגן אן אנדער — אָן א ברעג — לעבן אין די סעדער פון בעסאראביע. איינער א קריטיקער האָט אָנגערופן דעם העלד פון באבעלס דראמע „פאוסט פון דער מאָלדאוואנקע". עס איז געגאן דאָס 1928 יאָר, ווען די ערשטע שטעלונג פון דער פּיעסע האָט פארווירקלעכט דער איצט שוין לעגענדארער מכאט־2. זינט דעמלט האָט „דער אונטערגאנג" זיך מער ניט באוויזן אף דער סאָוועטישער בינע.

עס זיינען פארביי קימאט זעכציק יאָר. און די וועגן פון דעם הויפּט־רעזשיסער פונעם ריגער טעאטער פון רוסישער דראמע ארקאדי קאץ, דעם מאָסקווער קאָמפּאָזיטאָר אלעקסאנדער זשורבין און דעם לענינגראדער פּאָעט־איבערזעצער, דראמאטורג אסאר עפּעל זיינען זיך צונויפגעגאן בא אָט דער ניט־געוויינלעכער ארבעט.

אינעם ספּעקטאקל קאָעקזיסטירן א פילשיכטיקער שטאָטישער פאָלקלאָר און א רייכער מוזיקאלער ארסענאל פון XX יה., זיינע ריטמען. דער ציל — באלייכטן מיט באבעלס שיין דאָס, וואָס האָט ארומגערינגלט די העלדן און איז געווען א טייל פון זיי גופע, נישט פארלירנדיק דערביי ניט דעם געפיל פונעם זשאנער, ניט דעם געפיל פון הומאָר. פּלעמישע מאָלעריי באנאנד מיט בוילעטער גראפיק — אזא האָט פארגעדענקט און געזען דער רעזשיסער די מאָלדאוואנקע, דאָס לאנד פון זיין אייגענער קינדהייט.

...אין דער מאָלדאוואנקע איז געקומען א נייער יאָרהונדערט — אן אכזאָריעסדיקער, צינישער, שוין א ביסל א דעמאגאָג, וואָס קאָן — אפן מאניר פון טאנגאָ — גאנץ עלעגאנט אונטערטראָגן זייער ניט־שיינע, צומאָל גרויליקע זאכן. זיי זיינען כיינעוודיק דערקענבאר, מענדל קריקס קינדערלעך: דער באוווּסטער רעצידיוויסט בעניע קריק מיטן צונאָמען קיניג (ארטיסט יו. שארשאָוו), זיין ברודער, דער פּוסטעפּאסניק־קאוואלעריסט ליאָוווקע (ארטיסט יע. לופּילצעוו), די גייוועדיק לעכצנדיקע נאָך גליק אין א גוט אויסגעשטאטן ליבע־גאניידן דוווירע (ארטיסטקע ט. פּאָפּע). מענדל און בעניע האָבן נישט געקאָנט זיך ניט צוזאמענשטויסן.

דאָרט, ווו ס'האָט פריער געצויגן זיין אומעטיקע מעלאָדיע דער פידלער, האָבן פארנומען אן אָרט, באלעבאטיש פאנאנדערגעשטעלט די פיס, קוקנדיק פונעם דאך, פּונקט ווי פון א וועכטער־טורעם, דער זייער „העפלעכער" דריילינג באנדיטן. זיי זינגען א „ליד וועגן דער צייט", וועלכער מע דארף — פארשטייט זיך, אויב מע דארף! — ניט שטערן, אָבער אין דעם לייכטן ריטם ווערט געבוירן דער אומרו פון דעם צווייטן, טראגישן אקט.

עס צעפאלט זיך די פארבינדונג פון צייטן — און עס עפנט זיך אן אָפּגרונט, מענדל און בעניע שטייען בא זיין ראנד. אָט איז די ניט־גרויסע אָרביטע, אף וועלכער די אוטאָרן און די אויספילער פירן ארויס אלע ליניעס אינעם „אונטערגאנג" —

אי. באבעלס „אונטערגאנג" אינעם מאָסקווער טעאַטער אַף וו. וו. מאַיאַקאָווסקיס נאָמען



אויבן: א סצענע פונעם ספעקטאקל

אונטן: נעכאמע — פארדינסטפולע ארטיסטן פון רספסר נ. טער־אָסי־פיאן, מענדל קריק — פאָלקס־ארטיסט פון פססר — א. דגשיר־גארכאניאן, מאדאם וויַינער — פארדינסטפולע ארטיסטקע פון רספסר ג. ווינאָגראדאָווא, וויַי־נער — ארטיסט ר. אפאנאסיעוו



פון פינצטערן שוידער ביז אומזיניקער, איבערן ראנד זיך גיסנדיקער פרייד. דערבײַ ווערט קלוג געזאָגט וועגן אַלטקײַט און יונגקײַט, וועגן דעם נעכטיקן און הײַנטיקן, וועגן דעם טויטן און אייביקן. און געטאָן איז עס אין די טראַדיציעס, וואָס זײַנען אייגנטימלעך דער וועלט פון מאָלדאַוואַנקע. שווער צו פאַרגעסן, ווי די האַכנאַעדיקע נעכאַמע (אַרטיסטקע ר. פּראָודינאַ), וועלכע האָט ליב מיט לײַב און לעבן אירע קינדער, שלאָגט אין שטומער פאַרצווייפלונג דעם זון — ער האָט אופגעהויבן די האַנט אפן פאָטער!

אין ספּעקטאַקל איז פאַרנומען קימאַט די גאַנצע טרופּע. און ווי פאַרגעבנדיק אַ טאָן דער גאַנצער דערציילונג, באַווײַזט זיך אַריע־לייב (אַרטיסט ב. אַכאַנאָוו), דער דערציילער אין דער פּיעסע. ער איז אין דער מאָס פריילעך און אין דער מאָס טרויעריק. ער איז זייער אַ מאָדנער — ער קאָן זיך באַווײַזן וווּ איר ווילט, זיך באַוועגן אין וועלכער איר ווילט פלאַך און, זײַענדיק אַבסאָליוט קאַלטבלוטיק, קאָן ער זײַן אומעטום און — אין ערגעץ ניט. אַריע־לייב קאָנטאַקטירט אף אַ באַזונדערן אויפן, לאָמיר זאָגן, מיט דער אויסגעצייכנטער לעבנס־בערישאַפט און פריידיקער ענערגיע פונעם כאָסן, דעם אייגנטימער פון אַ קאָנפעקציאָן פון גרייטע מאַלבושים מאָסיע באַיאַרסקי (עס שפּילט אים קאָלאָריט, אפן ראַנד פון אַ ווירטואָזן טריוק דער אַרטיסט מ. לעבעדעוו). מע קאָן נישט ניט דערמאָנען אַרקאַדי קאַצס שטענדיקע געהילפן — דעם מוזיקאַלן אָנפירער מ. פרייזנער, דעם כאָרעאָגראַף ע. דרולע און, פאַרשטייט זיך, דעם קינסטלער ט. שוועץ — זייער בײַשטײַער אינעם ספּעקטאַקל איז אַ גאַנץ וועזנטלעכער.

עס זײַנען פאַראַן מינוטן, ווען ס'דוכט זיך, אַז מענדל קריק (אַרטיסט וו. איזמײַלאָוו) מיט זײַן מאַנצבלשער קערפּערלעכער ציִונג צו דער יונגער, וווּנדערלעך זינגענדיקער מאַרוסיע (אַרטיסטקע נ. בעלאָוואַ) איז אַ מאָלדאַוואַנקער קיניג ליר, אַ פאַרגעסענער, דערנידעריקטער מיצאַד די אייגענע קינדער. ווײַל אויך אַזאַ, אַ קיניג־לירישע, קאָן מען וען די דראַמע פונעם „אונטערגאַנג". דער רעזשיסער ניצט אויס ווי אַן עפעקט דעם דיכטער עפּעלס ניט־געוויינלעכע ריפמען (בענטשיק־בובענטשיק), און דער אויספילער פון דער ראָל פון מענדלען, ווענדנדיק זיך צום זון, קלינגט מיט די אַרײַנגעשטופּטע אין זײַנע הענט גלעקעלעך, ווײַל ער איז בעעמעס אַ טראַגישער זאָקן און אַ לעץ אײַנצײַטיק.

אַ. קאַץ איז אַ מײַסטער פון אַזעלכע דעטאַלן מיט אַן אונטערטעקסט. זיי העלפן אים זיך דורכרײַסן סײַ אינעם אָוואַר, סײַ אין דער צוקונפט. ניט קיין שטייגערישע, נאָר אַ געדאַנקלעכע פּאָעטישע דערנעענטערונג מיטן צושויער קומט פאָר, ווען אינעם באַלעגאָלע־הויף האָט שטילערהייט זיך אײַנגעמאָסטעט, ביזוואַנען עס טליִעט אינעם הויז אַ מישפּאָכע־סקאַנדאַל, אַריע־לייב, וועלכער לייענט די ביבלישע געשיכטע וועגן נויעכן און זײַנע זין. און שפּעטער, אַרײַנזעצנדיק דעם צעקאַליעטשעטן זאָקן אין זײַן נידעריק וועגעלע, זאָרגזאַם צודעקנדיק אים און קלינגענדיק איבער זײַן קאָפּ מיט די זעלבע גלעקעלעך, פירט ער אים אַוועק מיט דער הינטערשטער זײַט פונעם הויף. ער זאָגט די ווערטער, צוליב טרייכט אָדער קעדיי קינדס־קינדער זאָלן געדענקען, וועגן דער גרויסער ליבע, וועלכע האָט געטראָפן אין דער טיפער עלטער דאָוויד־האַמעלעכן צו דער ווונדערשיינער באַשעווע... און מעכטיק שווימט אוף די מוזיק. אַזוי ווערט אַנטפּלעקט דער טראַגיזם פון באַבעלס העלד, וועלכער בעט באַם לעבן מעכילע פאַר אַלץ.

י ע ל ע נ אַ  מ אַ צ ע כ אַ,

צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ קולטורא"

# די דראַמע אין מענדל קריקס הויז

„דער מאָסקווער קינסטלערישער אַקאַדעמישער טעאַטער־2 האָט אופגעפירט באַבעלס גלענצנדע פּיעסע „דער אונטערגאַנג" — וועגן דער מישפּאָכע פונעם אָדעסער באַלעגאָלע מענדל קריק, דעם הײַנטצײַטיקן קיניג ליר, — אַ פּיעסע, וואָס קלינגט טראַגיש" — דאָס איז אַ נאָטיץ, וועלכע דער רוסישער פּאָעט וואַרלאַם שאַלאַמאָוו האָט פאַרצייכנט, ווײַזט אויס, באַלד נאָכן ספּעקטאַקל אין 1928 יאָר, און לעצטנס איז די נאָטיץ פאַרעפנטלעכט געוואָרן ווי אַן אַרויסזאָגונג פונעם שוין פאַרשטאָרבענעם דיכטער.

„די פּיעסע איז מיר געפעלן. מע קאָן א לאַך טאָן וועגן די אָדעסער ייִדן", — דאָס איז א צופעליק געהערטע רעפּליק אױף דער פּרעמיערע פון „אונטערגאַנג", וועלכע איז פאָרגעקומען אין סאַמע סאָף פון פאַריקן יאָר.

מיסטאָמע האָט אויך אין 1928 עמעצער געפונען אין דער פּיעסע בלויז א געלעגנהייט א לאַך צו טאָן — באַבעלס רײַכער הומאָר גיט אויך איצט אזא מעגלעכקייט. איך צווייפל אָבער ניט, אז דער ספּעקטאַקל אינעם מאַיאַקאָווסקי־טעאַטער האָט ארויסגערופן באַם צושויער מער קאָמפּליצירטע געפילן, איידער דעם פאַרגעניגן פון א געלונגענעם אנעקדאָט. אגעוו, אויך מאַכן זיך פריילעך איז ניט קיין זינד, ניט אזוי אָפט טרעפט זיך עס אין טעאַטער. נאָך דעם, ווי באַם לייענער און צושויער האָט א לענגערע צײַט געפעלט באַבעלס געלעכטער (אויך זאָשטשענקאָס, ערדמאַנס), — צי ווילן מיר, באַגעגענענדיק זיך ווידער מיט אים, פאַרשטיין זײַן גאַנצן אָפּרייניקונגס־קויעך?

איסאַק באַבעלס אַלמאָנע אַנטאָנינע ניקאָלײַעווינא פּיראָזשקאָווא, וואָס האָט פיל געטאָן, קעדיי פאַרהיטן איר מאַנס ליטעראַרישע ירושה, האָט נאָך דער פּרעמיערע דערציילט: „איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן, ווי כ'האָב מוירע געהאַט, אז אַלץ וועט זיך באַקומען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אומזיסט איז געווען די מוירע. דער ספּעקטאַקל האָט זיך אײַנגעגעבן..."

זיי האָבן כאַסענע געהאַט אין 1934. צו יענער צײַט איז די פּיעסע אַראָפּ פון דער בינע, דעריבער זײַנען שוין קיין רייד וועגן איר אין דער מישפּאָכע ניט געווען. דערפאַר אָבער, דערציילט אַנטאָנינע ניקאָלײַעווינא, האָט זי געזען דעם „אונטערגאַנג" אין בודאַפּעשט, ווו די פּיעסע איז געגאַנגען, אָנהייבנדיק פונעם 1965 יאָר, אין דער פּרעכטיקער איבערזעצונג פון לאַסלאָ וועסעלי, און זי דערמאָנט זיך איצט אין א טשיקאַווער דעטאַל: די אונגאַרישע ראַבאָנים האָבן ניט דערלויבט באַווײַזן אױף דער בינע די סינאַגאָגע, און די האַנדלונג איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן הינטער אירע ווענט. די ראַבאָנים פון טעל־אַוויוו האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווייניקער אָרטאָדאָקסאַלע. אין דער איבערזעצונג אױף איווריט איז דאָרט „דער אונטערגאַנג" אופגעפירט געוואָרן מיט צוויי יאָר צוריק און איז מיט א קאָלאָסאַלן דערפאָלג דורכגעגאַנגען אױפן טעאַטראַלן פעסטיוואַל אין בערלין.

דאָס, וואָס באַבעלס פּיעסע האָט זיך באַוויזן אין 40 יאָר אַרום אױף דער סאָוועטישער בינע אין איר קלאַסישן, אורשפּרינגלעכן אויסזען (ניט אין א פאַרלײַכטערטן וואַריאַנט פון מיוזיקלען „לויט די מאָטיוון"), איז, אָן שום ספק, א געשעעניש, וואָס העלפט ווידער אופשטעלן די עכטע רײַכקייט פון אונדזער קולטור.

ס'איז באַוווּסט, אז דער הויפּט־רעזשיסער פונעם מאַיאַקאָווסקי־טעאַטער אַנדריי גאָנטשאַראָוו האָט פון לאַנג שוין צוגעגרייט דעם „אונטערגאַנג", און מיט אָט דעם ספּעקטאַקל האָט ער אָפּגעמערקט זײַן 70־יאָריקן יובילײ. אופגעפירט איז דער ספּעקטאַקל ווי די בעסטע אַרבעטן פונעם רעזשיסער „לעדי מאַקבעט פונעם מצענסקער אויעזד", „דאָס לעבן פון קלים סאַמגין". אינעם „אונטערגאַנג" זעען מיר בוילעט אָן אומבאַראַכמאָנעסדיקע לעבנס־טראַגעדיע — איר סאָף, דעם קראַך, ביפראַט נאָך א האָפענונגסלאָזן, ווען ער איז געקייפּלט אױפן „וואָלפישן געזעץ" פון אויסלעבן.

איך קאָן נישט ניט מאַסקים זײַן מיט די ווערטער פון איינעם אָן אונגאַרישן ליטעראַטאָר, וואָס האָט געפּרוווט מיך איבערצײַגן, אז פיל שרעקלעכער פון א פּאָליטישער, אידייִשער דראַמע (ווען דער פאָטער איז „א רויטער" דער זון — „א ווײַסער") קאָן זײַן פּאָשעט א דראַמע: דער פאָטער און דער זון. באַבעלס פּיעסע איז טאַקע וועגן דעם. וועגן אומבאַראַכמאָנעסדיקער יוגנט, וועלכע אײַלט זיך צו פאַרנעמען אָן אָרט אונטער דער זון און שעמט זיך ניט פאַר קיין שום מיטלען, קעדיי אַראָפּשטויסן פון אָט דעם אָרט דעם טאַטן, און וועגן דעם עלטער, וואָס איז נאָך, דאַכט זיך, שטאַרק און קלײַבט זיך ניט אָפּטרעטן. די קאָליזיע קאָן מען אַריבערטראָגן אױף וואָס איר ווילט.

דערווײַל אָבער איז די דאָזיקע ראַשיקע וועלט נאָך ניט אַנטרונען, זי לעבט, קריגט זיך, דינגט זיך, בעט ראַכמים, האָפט. זי וועט לעבן אייביק, א פאַרצייכנטע מיט דער געניאַלער פּען. און דאָס לעבן איז אומבאַראַכמאָנעסדיק, עס טראָגט זיך שוואַליאָם, איבערלאָזנדיק איינזאַם דעם באַזיגטן מענדל קריק, א צעקאַליעטשעטן מיצאַד די זין.

לויט מײַן מיינונג, איז דער ספּעקטאַקל איבערצײַגעוודיקער אין זײַן צווייטן טייל — דאָרט, ווו עס ווערט באַוויזן מענדלס מאַפּאָלע און דער טריומף פון זײַנע אומגעדולדיקע זין. אַרמען דזשיגאַרכאַניאַן, דער אויספירער פון דער הויפּט־ראָל, איז שטאַרקער אין דער שוואַכקייט, אין דער טויט־בלאַסקייט, איידער אינעם קוראַזש און רום. עס דוכט זיך, אז אויך דער רעזשיסער ענדערט צום סאָף זײַן געווײַנלעכע האַרבקייט, אונטערוואַרפנדיק זיך דעם הומאַניסט באַבעל, וועלכער ווייסט, אז אין אַלע צײַטן נייטיקן זיך די מענטשן אין מיטלײַד.

און נאָך א פאַרדינסט פונעם ספּעקטאַקל: ער שטרעבט דערטראָגן אין דער פולער מאָס באַבעלס אוניקאַל לויט דער אייגנאַרטיקייט וואָרט. אַנדריי גאָנטשאַראָוו האָט אַרײַנגעפירט אין דער פּיעסע א נײַע פּערזאָן — „פונעם אווטאָר". דער אַרטיסט מיכאַיל פיליפּאָוו לייענט — און אויסגעצייכנט! — אַלע רעמאַרקעס אין דער פּיעסע. ס'איז פאַרשטענדלעך, צוליב וואָס עס ווערט געטאָן: באַבעלס רעמאַרקעס זײַנען גאַנצע נאָוועלעס. מיט וואָס פאַר א שטעלונגס־עפעקטן קאָן מען איבערגעבן, וויאַזוי א „לעוואָנע־שטראַל, וואָס ראָיעט זיך און איז בלוי, גייט אַרײַן אינעם פענצטער"? אָדער וויאַזוי „די טאַלמודיסטן האָבן אופגעהויבן זייערע גלײַכגילטיקע גרויכע פּענעמער"?

„סאַרא ווערטער איך רעד ארויס!" — האָט אויסגעשריגן, ווי עס דערמאָנט זיך אַנטאָנינע פּיראָזשקאָווא, דער אַרטיסט יורי יאַקאָוולעוו, וועלכער האָט זײַנערצײַט געשפּילט אינעם ספּעקטאַקל „רײַטער־אַרמיי", לויט באַבעלס דערציילונגען, אין טעאַטער אױף וואַכטאַנגאָווס נאָמען. קוקנדיק באַבעלס



אי. באבעלס „אונטערגאנג” אינעם ריגער טעאַטער פון רוסישער דראמע אויבן: מענדל קריק — אַרטיסט וו. איזמײַלאָוו; אונטן: א סצענע פונעם צווייטן אקט. מענדל קריק — אַרטיסט וו. איזמײַלאָוו, אַריע־לייב — אַרטיסט ב. אכאַנאָוו



פּיעסע אַף דער בינע, טראַכסטו: צי איז ניט צײַט אַרויסגעבן וואָס גיכער אַ נײַע אויפֿלאַגע פֿון זײַנע ווערק? ס'איז דאָך אַן עמעס, אַז נאָך די „אויסגעווײלטע", וואָס זײַנען דערשינען אין 1966, זײַנען אַרויס בלויז צוויי קליינע ביכלעך, אין מינסק און אין עליסטאַ.

אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונאַ דערציילט, אַז פֿאַראַיאָרן זומער האָט זי אָפּגעגעבן אין פֿאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטוראַ" דעם קסאַוויאַד פֿון באַבעלס צוויי בענדער. די ביכער זײַנען אַרײַנגעטראָגן אין פּלאַן פֿונעם צווייטן קוואַרטאַל פֿון 1988, דערווײַל אָבער רוקט זיך די זאַך לאַנגזאַם. די „ביכער־פּאַלאַטע" קלײַבט זיך אַרויסגעבן אַ נײַעם זאַמלבוך „זיכרוינעס פֿון מיטצײַטלער וועגן באַבעלן". אין אים וועט אַרײַנגיין דער פֿולער, ניט־געקירצטער טעקסט פֿון אַ. נ. פּיראָזשקאָוועס דערינערונגען, וועלכע שילדערן דעם שריפֿטשטעלערס טראַגישן גורל. דעם 15 מײַ 1939 האָט מען באַבעלן אַרעסטירט, דעם 26 יאַנואַר 1940 האָט אים די מיליטער־קאָלעגיע פֿאַרורטיילט. אין דעקאַבער 1954 איז ער נאָכן טויט רעאַביליטירט געוואָרן.

אַגעוו, אין צענטראַלן ליטעראַטן־הויז זײַנען אַף דעם מאַרמאָר־טאָוול אויסגעקריצט די נעמען פֿון די שריפֿטשטעלער, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אַפֿן פֿראָנט. עס שטייט נאָך פֿאַר פֿאַרײַביקן דעם אָנדענק פֿון יענע, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין סטאַלינס לאַגערן.

בײַסן אַרעסט זײַנען קאָנפֿיסקירט געוואָרן אַלע מאַנוסקריפּטן באַבעלס. זיי באַשטייען פֿון פֿינף פּאַפּקעס. ווי עס האַלט אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונאַ, זײַנען דאָס דערציילונגען, צוויי אָנגעהויבענע ראָמאַנען, איבערזעצונגען פֿון שאָלעם־עליכעמען און אַנדערע זאַכן. וועגן זייער גורל איז גאָרניט באַוווּסט: צי זײַנען זיי פֿאַרניכטעט געוואָרן, אָדער עפּשער זײַנען זיי ערגעץ גאַנץ געבליבן.

אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונאַ זוכט. גרויסע האָפֿענונגען לייגט זי אַף דער קאָמיסיע איבער באַבעלס ליטעראַרישער ירושע.

מיט וואָס וועלן זיך פֿאַרענדיקן די זוכונגען? איינס איז קלאָר: יענץ „ברויט פֿון קונסט", וואָס איסאַק באַבעל האָט מיט דער מעכטיקײַט פֿון זײַן ליכטיקן טאַלאַנט געשאַפֿן פֿאַר די מענטשן, איז הײַנט פּונקט אַזוי אונדז נייטיק, ווי דאָס טאָגטעגלעכע שטיקל ברויט.

א ל ג ע  מ א ר ט י נ ע נ ק א,
„מאָסקאָווסקיִע נאָוואָסטי"

# אינערלעכע שײַן

**צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע**

הונדערטער בילדער — גרויסע און קליינע — שטעלן זיך אויס פֿאַר מיר אין דער אַטעליִע פֿונעם קינסטלער יוסף אָסטראָווסקי. „אַ ליגנדיקער זאָקן" — איך קוק זיך אין אים אײַן און שעפּטשע: „אַ ייִדישער לעוו טאָלסטאָי". יעדנפֿאַלס זײַנער אַ ברודער לויטן גײַסט, לויט דער פּראָסטקײַט אינעם שטייגער און אין לעבן, אָדער אין די מאַכשאָוועס. „אַ זאָקן, וואָס לייענט אַ סייפֿער" — גרינגער פֿון אַלץ איז זיך מעשער זײַן, אַז ער לייענט דעם טאַנאַך. אָבער קוקט זיך אײַן אין זײַן פּאָנעם פֿון אַ ייִדישן דאָן קיכאָט, און איר וועט פֿאַרשטיין, אַז ער קאָן לייענען אויך וויאָנס באַלאַדעס, פּושקינס לידער, דאָסטאָיעווסקיס ראָמאַנען אָדער שפּינאָזעס טראַקטאַטן, ווײַל וואָס ער זאָל ניט לייענען, גיט זיך אונדז איבער די וועלט פֿון זײַן טרוים.

יעדעס געשטאַלט בײַ יוסף אָסטראָווסקין איז מאָנומענטאַל. די דאָזיקע פּאָשעטע מענטשן, העלדן פֿון זײַנע בילדער, זײַנען אַף אַזוי פֿיל גײַסטיק, אַז זיי וואָלטן געקאָנט אַריבערגעפֿירט ווערן אין אַ פֿרעסקע, באַפּוצן די ווענט פֿון געזעלשאַפֿטלעכע געבײַדעס.

איינמאָל האָב איך געפֿרעגט בײַ יוסף אָסטראָווסקין: צי זעט ער ניט זײַנע לײַוונטן אין די גרייסן פֿון, לעמאָשל, סיקייראָסעס פֿרעסקעס?

— ניין, ניין, ניין! וואָס קלענער זיי זײַנען, וואָס שוצלאָזער, אַלץ נאַטירלעכער זײַנען זיי.

איך וואָלט געזאָגט: דורכזיכטיקער.

— איך אַליין פֿאַרטראַכט זיך צומאָל: צי מאַך איך ניט שמעלער מײַן צושויער־אוידיטאָריע מיט דעם, וואָס אין די לעצטע צען יאָר אַרבעט איך איבער דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר, שאַפֿנדיק אַף זײַן יעסאָד מײַן מיפֿאָלאָגיע? נאָר איך בין געקומען צום אויספֿיר, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אייביקע טעמעס, וואָס זיי זײַנען טשיקאַווע פֿאַר אַלעמען. די שפּראַך פֿון מאָלערײַ איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע, פּונקט ווי די שפּראַך פֿון געפֿילן. און דעריבער — וואָס טיפֿער דו דרינגסט אַרײַן אין דער נעשאָמע, אין די געדאַנקען פֿון דײַן פֿאָלק, אַלץ נענטער ווערט דײַן שאַפֿונג פֿאַר אַלע פֿעלקער.

אין יוסף אָסטראָווסקיס בילדער שטראַלן אויס די פּנימער פֿון זײַנע זקיינים אַן אינערלעכע שײַן, וואָס עס שאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון טיפֿער קאָנצענטרירטקײַט.

נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל קוק איך אַף די בילדער פֿונעם קינסטלער. אין זיי פֿילט זיך דער דויפּעק פֿון לײַדנשאַפֿטן און גראַנגלען.

י ע ו ו ג ע נ י  ג א ל ו ב א ו ו ס ק י

# וווּהין גייסטו, ייִדישער קאַמער-טעאַטער?

(אייניקע געדאַנקען נאָך די גאַסטראָלן)

איך דאַרף זיך מודיע זײַן, אַז צום ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער-טעאַטער באַצי איך זיך מיט אַ באַזונדערן אינטערעס. דער טעאַטער איז געבוירן געוואָרן מיט צען יאָר צוריק אין ביראָבידזשאַן, אין דער שטאָט פון מײַן קינדהײַט, וועלכע איז דורכגעגאַן הינטער די קוליסן פון דעם דעמאָלטיקן ביראָבידזשאַנער גאָסעט. אין יענע ווײַטע נאָכמיטאָגן פלעגן מיר, די קינדער פון אַקטיאָרן, זיך פאַרטײַען ערגעץ אין אַ ווינקעלע און קוקן אַלע ספּעקטאַקלען נאָכאַנאַנד. שטילינקערהייט, אינאיינעם מיט די אַקטיאָרן, האָבן מיר איבערגעכאַזערט זייערע רעפּליקעס, נאָכגעמאַכט יעדע באַוועגונג. זיך קוים דערוואַרט אויפן אַנטראַקט, פלעגן מיר באַלד אַרופלויפן אויף דער בינע, קעדיי אויסשפּילן די האַנדלונג פאַר אונדזערע עלטערן, פּונקט ווי זיי האָבן עס ערשט-אָ געטאָן פאַרן עולם.

איך געדענק דעם רעפּערטואַר פון יענעם טעאַטער — אַ הויך פּראָפעסיאָנעלן. דעם קערן פון דער טרופּע האָבן צונויפגעשטעלט שלוימע מיכאָעלסעס דערצויגלינגען, אַ גאַנצער קורס פון דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטראַלן טעכניקום איז געקומען קיין ביראָבידזשאַן מיט עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה. אין דער אַפישע פונעם טעאַטער איז אַרײַנגעגאַן די ייִדישע, מערעוו-אייראָפּעיִשע און רוסישע קלאַסיק, די פּיעסעס פון סאָוועטישע אויטאָרן, אײַנגעשלאָסן די היגע ביראָבידזשאַנער שרײַבער. ביז הײַנט שטייען מיר פאַר די אויגן די סצענעס פון מאַרקישעס „דער אופשטאַנד אין געטאָ", וועלכע האָבן מיך דאַן פאַשעט דערשיטערט. כ'זע די פרייטלעכע בילדער פון „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", שאָלעם-אליכעמס טעוויען און סאָראָקערן.

יאָ, אַ טראַגישן גורל האָט געהאַט דער ביראָבידזשאַנער טעאַטער. באַלד נאָכן מאָסקווער גאָסעט האָט מען אים פאַרמאַכט אין די יאָרן פון סטאַליניזם. די אַקטיאָרן זײַנען זיך צעגאַנגען ווער-וווּהין...

און אָט, קימאַט אין דרײַסיק יאָר אַרום, אויך אין ביראָבידזשאַן, ווערט געבוירן אַ ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער-טעאַטער, ער ווערט געבוירן מיט געוואַגטקײַט, מיט אַן אייגענעם פּנים און אָריגינעלן קאָל. אומעטום, וווּ ער זאָל ניט אַרויסטרעטן, נעמט מען אים אויף מיט היספּײַלעס. אָבער ניט געקוקט אויף דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס עס האָבן געהאַט די ערשטע ספּעקטאַקלען, ניט געקוקט אויף די פילצוזאָגנדיקע דעקלאַראַציעס פון דעם ערשטן קינסטלערישן אָנפירער יורי שערלינג וועגן „אַ טעאַטער פון פּסיכאָלאָגישע עקסטרעמקײַטן", האָט באַ מיר, באַ אַ מענטשן, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיט דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן טעאַטער, זיך געיאַוועט אַ ווידערשפּרעכלעכער געפיל נאָך בעשאַס זײַנע ערשטע גאַסטראָלן אין מאָלדאַוויע אין 1982.

פון איין זײַט, האָט פון די יונגע אַרטיסטן געשפּרודלט אַן עכטער טאַלאַנט, באַזונדערס האָט זיך עס געפילט אינעם ספּעקטאַקל „לאָמיר אַלע אינאיינעם". פון דער אַנדערער זײַט, האָט זיך באַלד געוואָרפן אין די אויגן די שרײַענדיקע זעלבסט-רעקלאַמע פונעם דעמאָלטיקן קינסטלערישן אָנפירער. אַזעלכע פּרעכטיקע פּראָספּעקטן צו זײַנע ספּעקטאַקלען — אומעטום האָט שימערירט זײַן אייגענער פּאָרטרעט — האָבן זיך קיינמאָל נישט דערלויבט ניט סטאַניסלאַווסקי, ניט מיכאָעלס, ניט טאָווסטאָנאָגאָוו, ניט עפראָס. ס'האָט זיך אויך געפילט דער אויבערפלעכלעכער צוגאַנג צו די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, צו דער קולטור-ירושה פונעם ייִדישן טעאַטער און ליטעראַטור, צום ייִדישן וואָרט. וויִאַזוי, אַשטייגער, האָט מען געקאָנט אורטיילן וועגן דער קינסטלערישער קוואַליטעט פון דער אָפּערע-מיסטעריע „אַ שוואַרץ ציימל פאַר אַ ווײַס פערדל", אַז איבער דער ניט-דערלאָזבאַר שלעכטער דיקציע פון די אויספּילער, פאַרשטייט מען ניט קיין וואָרט?

דעם הויפּט-העלד, וואָס קעמפט און לײַדט פאַר גערעכטיקײַט, ברודערשאַפט, מענטשלעכקײַט, האָט דער אויטאָר פון דער ליברעטאָ איליאַ רעזניק אָנגעטשעפּעט אַ צונאָמען „אַ היץ אין פאַראָוואָז". בעמען, ניט-געשטויגן, ניט-געפלויגן! פּונקט אַזאַ פּאָנעם האָט אויך געהאַט די ליד „מײַן שטעטעלע בעלץ" אינעם ספּעקטאַקל „לאָמיר אַלע אינאיינעם". „מײַן שטעטעלע בעלץ" — אַ ליד וועגן דעם קליינעם „היימלאַנד", וועגן דער בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס גייט אַוועק אינאיינעם מיט דער קינדהײַט! און אַזאַ ליד האָבן די אויטאָרן פונעם ספּעקטאַקל פאַרוואַנדלט אין אַ פאַראַדישער טאַנגאָ, ווו עס ווערט אויסגעלאַכט דאָס לעבן אין די אומגעקומענע שטעטלעך.

אין אַן אינטערוויו האָט י. שערלינג דעמאָלט געזאָגט, אַז דאָס שפּעריישע פּאָנעם פונעם טעאַטער וועט אויסזען ווי אַ סינטעז: דראַמע, באַלעט, אָפּערע. ניט געקוקט אָבער דערויף, זײַנען שוין די ערשטע ספּעקטאַקלען ווײַט פון דעם דאָזיקן „שפּעריישן פּאָנעם". די פּיעסע „אַ שוואַרץ ציימל פאַר אַ ווײַס פערדל" איז לויטן זשאַנער אַ ראָק-אָפּערע, „לאָמיר אַלע אינאיינעם" — אַ פאָלקלאָרישער רעוויו און דער ספּעקטאַקל „די לעצטע ראָל" איז בכלל אַ מין באַלעט און קער זיך ניט אָן צו דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קונסט.

און דאָך, קוקנדיק דעמאָלט אויף די יונגע אַרטיסטן מיט זייער בעמעס סינטעטישן טאַלאַנט: גלענצנדיקע פּלאַסטיק, גוטע וואָקאַלישע און דראַמאַטישע פעיִקײַטן, קוקנדיק אויף דער אימפּעטדיקער טעאַטראַלער פאָרם (באַזונדערס, אין „לאָמיר אַלע אינאיינעם", ווו י. שערלינגן האָט זיך אײַנגעגעבן צו שאַפן אַן עקספּרעסיוו פּלאַסטיש גע-

שטאַלט פון דעם גאַנצן ספּעקטאַקל — יעדע פאָלקסליד איז אַ באַזונדער זשאַנער־בילד), קוקנ־דיק אויף די העלע פּרעכטיקע קאָסטיומען (קינסט־לער ג. קאַלמאַנאַק) און הערנדיק די לידער אין מ. גלוזס באַאַרבעטונג און אַראַנזשירונג, האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז באַם ייִדישן מוזיקאַלישן קאַ־מער־טעאַטער וועט זײַן אַ גוטע צוקונפט. און די „קלייניקייטן", וועגן וועלכע כ'האָב פריִער גערעדט, וועט דער יונגער קאָלעקטיוו מיט דער צײַט אויפ־לייזן.

און אָט זײַנען זינט די קעשענעווער גאַסטראָלן דורכגעגאַנגען פינף יאָר. דער מוזיקאַלישער קאַ־מער־טעאַטער איז ווידעראַמאָל געקומען קיין מאָל־דאַוויע. פאַר אָט דער צײַט זײַנען די ביראָבידזשאַנ־צעס אויסגעפאָרן מיט גאַסטראָלן דאָס גאַנצע לאַנד, ניט איין מאָל געווען אין אויסלאַנד און אומעטום האָט מען זיי אויפגענומען וואַרעם, מיט פאַרינטערע־סירטקייט.

אָבער ניט לאַנג פאַר זייער קומען קיין מאָל־דאַוויע האָבן צוויי געשעענישן אויפגעוועקט אין מיר די זעלבע, ווי פריִער, ווידערשפּרעכלעכע געפילן. ערשטנס, זייער אַרויסטרעטונג אויף דער צענטראַלער טעלעוויזיע, ווו דער טעאַטער האָט באַוויזן די בע־סטע סצענעס פון אַלע זײַנע ספּעקטאַקלען, און, צווייטנס, דאָס שאַרפע קריטישע אַרטיקל וועגן דעם ייִדישן קאַמער־טעאַטער אין זשורנאַל „טעאַטראַל־נאַיאַ זשיזן" (נומ. 21, 1986). דער אויטאָר פונעם אַרטיקל אַנאַטאָלי קאָרדונער איז אַ באַוווּסטער מאָסקווער רעזשיסער. דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט דעם דאָזיקן אַרטיקל איבערגע־דרוקט מיט קאָמענטאַרן, אונטער וועלכע איך בין גרייט זיך אונטערשרײַבן מיט ביידע הענט. די אויי־בערפלעכלעכע מאַכשאָווע קאָרדונערס מיקויעך ייִדיש, זײַן ניט־אינפאָרמירטקייט וועגן די ייִדישע טעאַטערס אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט זאָגן איידעס, אַז דער אויטאָר איז זייער ווײַט פון דער ייִדישער קולטור. עס איז מיט אים אויך שווער מאַסקים צו זײַן, אַז דער מוזיקאַלישער קאַמער־טעאַטער אַנטשפּרעכט ניט דעם סטאַטוס פון אַ „מוזיקאַלישן טעאַטער". יאָ, ריכטיק, די דראַמאַטור־גיע פונעם ספּעקטאַקל „טום־באַלאַלײַקע" אַנטוויקלט זיך טאַקע ווי אַן עסטראַדע־קאָנצערט. אָבער די ראַק־אָפּערע „אַ שוואַרץ צײַמל פאַר אַ ווײַס פערדל", די פאַרשטעלונג „לאָמיר אַלע אינײַנעם" און אוואַ־דע דער מיוזיקל „טעוויע פון אַנאַטעווקע" אָריִענ־טירן זיך אויף דער מוזיקאַלישער דראַמאַטורגיע מיט אַ דורכויסיקער אַנטוויקלונג. זיי זײַנען געשאַפן גע־וואָרן לויט אַלע געזעצן פון אַ מוזיקאַלישן טעאַ־טער, ווו די מוזיק שפּילט די הויפּט־ראָל. וואָס איז שײַך אַן אַנדער באַמערקונג קאָרדונערס, אַז דער טעאַטער אַנטשפּרעכט ניט דעם סטאַטוס פון אַ „קאַמער־טעאַטער" און דערבײַ אַרויסטרעטן אין גרויסע קאָנצערט־זאַלן, אין ספּאָרט־פּאַלאַצן... גע־זונטערהייט, צוליב וואָס זשע, אויב אַזוי, דאַרף מען זי האָבן, די דעפיניציע „קאַמער־טעאַטער"?

צווישן די דרײַ ספּעקטאַקלען, וואָס דער טעאַטער האָט איצט געבראַכט אין מאָלדאַוויע, איז דער בעסטער פונדעסטוועגן „לאָמיר אַלע אינײַ־נעם" — אַ מין וויזיט־קאַרטל פונעם קאָלעקטיוו. מ.

גלוזן האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן דאָס „קערנדל" פונעם ספּעקטאַקל, כ'מיין, די מעלאָדיע פון דער פאָלקסליד „לאָמיר אַלע אינײַנעם", וועלכע איז גע־וואָרן דער לײַטמאָטיוו פונעם גאַנצן ספּעקטאַקל. ער האָט מיט פאַרשטאַנד טראַנספאָרמירט די מוזיק, צוגעבונדן זי צו די סצענישע סיטואַציעס אַזוי, אַז די מעלאָדיע זאָל שאַפן אַ פעסטן מוזיקאַלישן באָדן. דער רעזשיסער, דער קאָמפּאָזיטאָר און דער קינסטלער האָבן באַזיניקט דעם פאָלקלאָר אויף אַ הײַנטצײַטיקן אופן, צוגעגעבן דער אופירונג אַ סטי־ליסטישע אייניקהײַטלעכקייט.

„טום־באַלאַלײַקע" — די אויטאָרן האָבן דעפי־נירט דעם זשאַנער פונעם ספּעקטאַקל ווי אַ „מוזי־קאַלישע פאַרשטעלונג" — רופט זיך אָפּט איבער מיט „לאָמיר אַלע אינײַנעם". אי דאָ, אי דאָרט ליגן אינעם מוזיקאַל־דראַמאַטורגישן יעסאָד באַאַרבעטונ־גען פון קאָלערלײַ פאָלקסלידער און זייער טעאַטראַ־ליזאַציע, כ'רעד שוין ניט, אַז די צוויי לײַטמאָ־טיוון — „לעכאַים" און „פרײלעכס" — האָבן די אויטאָרן פאַשעט איבערגעטראָגן פון איין פּיעסע אין דער צווייטער. סײַ דאָ, סײַ דאָרט איז אויסגע־ניצט דער קאָנטראַסט־פּרינציפּ, ווו אַ טרויעריקע ליד שטעלט זיך קעגן אַ פרײלעכער. אַ לירישע ליד — קעגן אַ שטייגערישער. אפילו די נעמען פון ביידע ספּעקטאַקלען זײַנען געגעבן געוואָרן לעקאָ־וועד דער פאָלקסליד, מיט וועלכער די אופירונג הייבט זיך אָן און פאַרענדיקט זיך. עס איז אָבער פאַראַן איין גרויסע נאַפּקעמינע: אויב „לאָמיר אַלע אינײַנעם", ניט געקוקט אויף דעם, וואָס עס פעלט דאָרט אויס דער סיזשעט, זעט פונדעסטוועגן אויס ווי איין מאָנאָליט, ווערט „טום־באַלאַלײַקע" אויפגענו־מען ווי אַ טעאַטראַליזירטער קאָנצערט, וועלכער איז לויטן כאַראַקטער פון די באַאַרבעטע לידער און לויטן סטיל פון זייער אויספּילן אַן עסטראַדע־שאָו.

ווי זאָגט מען אָבער: אַלע זשאַנרען זײַנען גוט, כוץ דעם סקוטשנעם. צום באַדויערן, מוז מען קאָנ־סטאַטירן, אַז דער פּרווו צו פאַרייניקן אין איין ווערק פאַרשיידענע פאָלקסלידער מיט קאָלערלײַ שפּראַך־רעפּליקעס האָט זיך ניט דעם רעזשיסער (אַ. לעווענבוק), ניט דעם אויטאָר (אַ. כאַיט) ניט אײַנגעגעבן. און קוידעמקאָל איבער די שוואַכע ליטעראַרישע טעקסטן, וואָס קלינגען אָפּטלעך ווי אָפּגעבליאַקעוועטע קליינשטעטלדיקע כאָכמעס (אַגעוו, אויב כ'האָב שוין אָנגערירט דאָ די טעמע, דאַרף איך זאָגן, אַז אינעם ביראָבידזשאַנער אַנ־סאַמבל „פריילעכס" האַלט די זאַך ניט בעסער). מעגלעך, אַז די אויטאָרן, וועלכע שרײַבן אויף רוסיש זייערע טעקסטן פאַר די ייִדישע טעאַטראַלע קאָלעק־טיוון, פאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט איז הײַנט דער סאָף פונעם 20־טן יאָרהונדערט, די טכום־שטעט־לעך מיט זייערע אײַנוווינער זײַנען שוין לאַנג אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט.

און נאָך איין „קלייניקייט": אייניקע מאָל פירט די אויטאָרן אונטער זייער געשמאַק. זיי הייבן אָן פלירטעווען מיטן צושויער אויף אַ מאָדנע געמיש פון ייִדיש און רוסיש. ווי, אשטייגער: „שאַלעם־אַלייכעם, דאָראָגיע דרוזיאַ!", אָדער מע קיצלט דעם אויגלעם מיט בילקע כאָכמעלעך, בעשאַסן

דערקלערן אַף רוסיש דעם אינהאַלט פון דער אָדער יענער ליד.

„טעוויע פון אַנאַטעווקע" איז דער לעצטער ספּעקטאַקל, וועלכן דער טעאַטער האָט געשפּילט פאַרן קעשענעווער אוילעם. אין פאַרגלייַך מיט שאַלעם־אַלייכעמס ווערק „טעוויע דער מילכיקער" זייַנען פונעם מיוזיקל אַרויסגעפאַלן אייניקע וויכטיקע סיוזשעט־ליניעס, וואָס זייַנען פאַרבונדן מיטן גורל פון טעוויעס טעכטער, מיט זייַן ווייַב און אַפילע מיט טעוויעס געשטאַלט אַליין. אַנשפּאַרנדיק זיך אַף דער מוזיק פון דזשאַן באָקס מיוזיקל „דער פידלער אַפן דאַך", האָט מיכאַיל גלוז צוגעגעבן אויך זייַן אָריגינעלן מוזיקאַלישן מאַטעריאַל: פאַרברייטערט די לירישע ספערע פונעם ספּעקטאַקל, אַרייַנגעפירט נייַע אַנסאַמבלען און אָרקעסטער־עפּיזאָדן, פאַרפעסטיקט דערמיט דעם זשאַנער פון אַן אָפּערע, אָדער, ווי די אַווטאָרן האָבן די זאַך דעפינירט, פון א „הייַנטצייַטיקער אָפּערע".

באַם שאַפן דעם ספּעקטאַקל האָט א סאַך פאַנטאַזיע אַרייַנגעבראַכט דער רעזשיסער און כאָרעאָגראַף יו. שערלינג און דער קינסטלער סערגיי באַרכין.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר יאַקאָוו יאַוונאַן, וועלכער שפּילט די הויפּט־ראָל, איז געשטאַנען זייער א שווערע אויפגאַבע, ביפראַט נאָך מיכאַיל אוליאַנאָווס טעוויע. און דאָך האָט יאַוונאַן זיך אײַנגעגעבן צו געפינען זייַן שליסל צום קאָמפּליצירטן געשטאַלט. געהאָלפן האָט אים קוידעמקאָל די מוזיק, די מוזיקאַלישע דראַמאַטורגיע, וועלכע דיקטירט דעם אַקטיאָר מער זעלבסטלוסטיקייַט, רירעוודיקייַט אין פאַרגלייַך מיטן ליטעראַרישן אורקוואַל. יאַוונאַס טעוויע באַוועגט זיך פרייַ, טאַנצט, זינגט, באַזונדערס פילט זיך עס אין די קופּלעטן „ווען איך וואָלט געווען ראָטשילד", אין דעם רירנדיקן דועט מיט גאָלדען „צי האָסטו מיך ליב, גאָלדע?" און אין אַנדערע סצענעס. באַזונדערס ווילט זיך אונטערשטרייַכן באַ יאַוונאַן (און דאָס טיילט אים אויס פון די איבעריקע אַקטיאָרן) זייַן זאַפטיקער ייִדיש.

אין דער אַרבעט איבער דער ראָל האָט יאַוונאַן זייער א סאַך געהאָלפן דער רעזשיסער־פּעדאַגאָג פונעם טעאַטער מאַניע קאָטליאַראָווע. אַליין א געוועזענע שילערן פון מיכאָעלסן, סטאַרעט זי זיך איבערגעבן די יונגע אַקטיאָרן די טראַדיציעס פונעם ייִדישן כאָוועטישן טעאַטער.

רעדנדיק וועגן די שוואַכקייַטן פונעם ספּעקטאַקל, ווילט זיך קוידעמקאָל פרעגן: „ווּהין האָט זיך אַהינגעטאָן „דער פידלער אַפן דאַך"? — דער זייער וויכטיקער פאַנטאַמימישער פּערסאָנאַזש, וואָס פאַרייניקט אַלע סצענעס פון דער שפּיל און פאַרקערפּערט אין זיך די לירישקייַט און די מוזיקאַלישקייַט פון א ייִדישער נעשאָמע. אין די פראַגראַמקעס צום ספּעקטאַקל געפינען מיר דאַפקע יאָ דעם דאָזיקן פּערסאָנאַזש, אָבער אַף דער בינע פון די קעשענעווער גאַסטראָלן איז ער, צום באַדויערן, ניט געווען.

דאָס געשטאַלט פונעם סטודענט פּערטשיק האָט יו. ציווציוואַדזען זיך ניט אינגאַנצן אײַנגעגעבן. זייַן מאַניר איז צו א פרייַע, כ'וואָלט אפילע געזאָגט, א פאַמיליאַרישע. און דאָס שטערט אים צו שאַפן א געשטאַלט פון א רעוואָליוציאָנער־געשטימטן יונגן מענטשן, האַגאַם אין דער אָפּערע איז אַזא געשטאַלט פאַראַן.

לעסאָף מוז איך ווידער מאַכן אַן ערנסטן פאָרוואורף דער גאַנצער טרופּע: די אַרטיסטן שפּילן אַף א שלעכטן ייִדיש סייַ אין זין פון שפּראַך־קולטור, סייַ אין דער אינטאָנאַציע, דיקציע אדג. אַנאַטאָלי קאָרדונער איז גערעכט, ווען ער שרייַבט אין זייַן אַרטיקל, אַז „די טרופּע באַהערשט ניט גוט די שפּראַך. זייער ייִדיש איז א בלייכער, ניט קיין אויסדרוקפולער, עס פאַרטושירט זיך די מעלאָדיק און דער אינטאָנאַציע־געבוי פון דער שפּראַך".

פאַרוואָס זשע קומט אַזוי פאָר? אין טעאַטער איז דאָך פאַראַן א ספּעציעלער פּעדאַגאָג פון דער ייִדישער שפּראַך — א. גערבצערג, א רעזשיסער־פּעדאַגאָג — מ. קאָטליאַראָווע, וועלכע לערנען רעגולער די יונגע אַקטיאָרן, און דאָך...

כ'מיין, אַז אַזעלכע פאַרדריסלעכע בלויזן נעמען זיך פון דעם, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט זייַן, וואָס דער דערפאָלג האָט, ווי מע זאָגט, צעבאַלעוועט די אַקטיאָרן. מע מוז אויך אָנערקענען, אַז דער טעאַטער „פּאַראַזיטירט" אין א געוויסער מאָס אַפן אינטערעס צו דער ייִדישער קולטור. אין מעשעך פון פיל יאָרן האָט דער ייִדישער צושויער געפילט א טעאַטראַלן דאָרשט. און ניט אַזוי די פאַרדינסטן פונעם קאַמער־טעאַטער, ווי דאָס לעשן דעם דאָזיקן דאָרשט האַלטן אוף דעם קאָלעקטיוו אַף דער כוואַליע פון דערפאָלג.

אויב באַם ייִדישן מוזיקאַלישן קאַמער־טעאַטער וועלן זיך באַווייַזן קאָנקורענטן (און די זאַך האַלט דערבייַ) און אויב דער טעאַטער וועט ניט באַנייַען זייַן אַפישע, ניט פאַרפולקומען די מייַסטערשאַפט, וועט ער מיט דער צייַט אָנהייבן פאַרלירן זייַן אַודיטאָריע.

דער יונגער קאָלעקטיוו נייטיקט זיך נאָך אין א גוטער טעאַטראַלער שול. ער מוז באַהערשן די מוסטערן פון דער ייִדישער טעאַטראַלער קלאַסיק. זיך אָנשפּאַרן אַף דער קלאַסיק, זאָל זייַן אינעם זשאַנער פון א מיוזיקל אָדער פון א ראָק־אָפּערע, פאַנאַנדעראַרבעטן נייַע טעמעס, אידייען, וועלכע וואָלטן אָפּגעשפּיגלט אונדזער צייַט — אַזא איז דער וועג, אַף וועלכן דעם טעאַטער וואַרטן ווייַטערדיקע דערפאָלגן.

סערגיי בענגעלסדאָרף

# א לעבן אַף דער בינע

מיטן פאָלקס־אַרטיסט פון אוקראַיִנע וואַלענטין סאַמוילאָוויטש דוקלערן האָב איך זיך באַקאַנט אין פּערעיאַסלאַוו אַפן ליטעראַרישן אָוונט, געווידמעט דעם 120־טן געבורטסטאָג פון שאָלעם־אַליכעמען. אינעם פולגעפּאַקטן זאַל פון דער אָרטיקער שול האָט די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט פון קיִעוו און פּערעיאַסלאַוו פײַערלעך אָפּגעמערקט דעם יובילײ. טאַקע אַף אָט דעם אָוונט איז נאָך דעם אָפּיציעלן טייל דוקלער אַרויסגעטראָטן מיט שאָלעם־אַליכעמס „זעקס און זעכציק”. דער אוילעם האָט זיך געקײַקלט פון געלעכטער. בײַס מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אַפן אויטאָבוס פון פּערעיאַסלאַוו קיין קיִעוו, האָט מיר צוגעגליקט צו זיצן באַנאַנד מיט דוקלערן, און ער האָט מיר, לויט מײַן באַקאָשע, דערציילט וועגן זײַן לעבן און טעאַטראַלער טעטיקייט (אַגעוו, אויך אַפן אָוונט, געווידמעט דעם 125־טן שאָלעם־אַליכעמס יובילײ, האָט דוקלער פאָרגעלייענט אַף דער בינע פראַגמענטן פון „טעוויע דעם מילכיקן”).

זעכציק יאָר האָט דער באַוווּסטער שוישפּילער אָפּגעגעבן דער בינע. וועגן אים האָט מען אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן א סאַך מאָל געשריבן אין ניט ווייניק צײַטונגען אַף פאַרשיידענע שפּראַכן — עס ווענדט זיך, אין וועלכע רעפּובליקן פון אונדזער לאַנד איז ער אַרויסגעטראָטן.

ס'איז פּאַשעט אומעגלעך איבערעכענען אַלע ראָלן, וועלכע ס'האָט געשפּילט וואַלענטין דוקלער — דאָס צעטל איז זייער גרויס. און פּונקט ווי אַף דער בינע, ווו ער האָט שטענדיק פאַרכאַפּט דעם צושויער מיט זײַן טעמפּעראַמענט און כיין, מיט זײַן אומיטלבאַרקייט און לירישקייט, מיט זײַן הומאָר, איז ער אויך אין לעבן אַזאַ. דוקלער איז זייער א באַשיידענער מענטש. זײַן אָרנטלעכקייט בענעגייע כאַווײרים און באַקאַנטע, זײַן הומאָר זײַנען א שעם־דאָווער. אַן אַרטיסט מיט אַלע פאַרבן פון דער נעשאָמע, האָט ער אין מעשעך פון זעכציק יאָר געשפּילט אין פיל פאָרשטעלונגען די הויפּטראָלן און איז געוווינט צו א נאַוואַנאַד־לעבן.

נאָך אין די יונגע יאָרן אַנטפּלעקט זיך בא אים א נייגונג צו טעאַטראַלער קונסט אין זעלבסטעטיקע קרײַזלעך. געבוירן געוואָרן איז ער דעם 16 מײַ 1908 אין אָדעס בא אָרעמע עלטערן. די מוטער — א נייטערן, דער פאָטער — א בוכהאַלטער. דוקלערס קינדער־יאָרן זײַנען געווען אַזוי ווי בא א סאַך אַנדערע טויזנטער אָרעמע ייִדישע קינדער. ער פלעגט מיטהעלפן דער מוטער דרייען די ראָד פון דער ניימאַשין, אָפּטמאָל פאַרטשאַדעט ווערן פון די הייסע גליִענדיקע פּרעסלעך און שטאַרק ליב געהאַט צו הערן די וווּנדערבאַרע און פאַרקישעפטע בעסאַראַבער לידער, וואָס זײַן מוטער פלעג זינגען, זיצנדיק בא דער נאָדל. דער פאָטער האָט געשפּילט אַפן פידל אין א זעלבסטעטיקן קוואַרטעט. אָט אַזוי האָט זיך געשאַפן באַם קינד די ליבע צו מוזיק און צו פּאָעזיע. פיל לידער פלעגט די מוטער ברענגען פון דעם אונטערערדישן סאָציִאַל־דעמאָקראַטישן קרײַז, אין וועלכן זי האָט זיך באַטייליקט. דוקלער דערציילט, אַז די מוטער האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָזט דער הומאָר. זײַענדיק געפערלעך קראַנק, האָט זי דערזען דורכן פענצטער א מעס, וועלכן מע האָט געפירט אין א גרויסאַרטיקער מאַשין, האָט זי אויסגעשריִען: „איידער אַזוי פאָרן, איז בעסער שוין גיין צופוס”.

די קינדהייט האָט דוקלער דורכגעמאַכט אין באַלטע, וווּהין די עלטערן זײַנען אַריבערגעפאָרן. די שטאָט, וואָס געפינט זיך 8 קילאָמעטער פון דער אײַזנבאַן, האָט צו יענער צײַט פאַרמאָגט 21 טויזנט אײַנוווינער, א מעל־קאָמבינאַט, א ניי־פאַבריק, א מילך־זאַוואָד און אויך אַן אונטערנעמונג פון בוי־מאַטעריאַלן, א פעדשול. דאָ טאַקע האָט דער נײַניאָריקער דוקלער איבערגעלעבט צום ערשטן מאָל דעם שוידער פון הונגער, די אַכזאָריעסן פון דעניקינס און אַנדערע באַנדעס. ס'האָבן זיך אין זײַן זיקאָרן אײַנגעוואָרצלט אַף אייביק די סרייפעס פון דער ברענענדיקער שטאָט מיט די מאַכנאָווצעס.

דוקלער האָט פאַרענדיקט די אַלגעמיינע און דערנאָך די פראָפשול, פונוואַנען מ'האָט אים אַוועקגעשיקט אין מאַטוסאָווער צוקער־זאַוואָד (טשערקאַסער געגנט) אַלס עלעקטריקער, ווו ער האָט געאַרבעט ביזן 1926. נאָך אין דער פראָפשול איז ער שוין דער אָנפירער פון א דראַמקרײַז. דאָ טאַקע, אַפן צוקער־זאַוואָד, דערמאָנט זיך דוקלער, איז ער געווען דער אָנפירער פון די „סיניעבלוזניקעס”. צענדליקער יאָרן האָט אים געצויגן, דערציילט ער, ווידעראַמאָל א קוק טאָן אַפן זאַוואָדישן קלוב. און



בלויז אין 42 יאָר ארום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן זײַן טרוים. אין 1968 איז ער אהינצו פאַרפאָרן און מיט גרויס כידעש און פרייד דורכגעלייענט אַף די זאַוואָדישע טויערן די אַפישע: „עס טרעט ארויס אונדזערער אַמאָליקער עלעקטריקער, הײַנט פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון אוקראַיִנע וואַלענטין דוקלער". טאַקע די צוקערניקעס האָבן אים אין 1927 אַוועקגעשיקט שטודירן די קונסט.

אין 1930 האָט דוקלער פאַרענדיקט דעם אָדעסער מוזדראַמאַטישן אינסטיטוט, און אין אָדעסער רוסישער דראַמע האָט זיך אָנגעהויבן זײַן טעאַטראַלע קאַריערע. זײַן אַרטיסטישער גורל איז געווען בעפּיירעש א מאַזלדיקער. אין דעם דאָזיקן טעאַטער האָט דוקלער אויסגעפּילט די ראָלן פון דזשאָגיר אין קירשאָנס פּיעסע „אין דער שטאָט פון ווינטן", דעם דראַגון סיסאַיעוון אין ווישניעווסקיס „ערשטע רײַטער־אַרמיי".

אין יענע יאָרן האָט אינעם אָדעסער טעאַטער פון רעוואָליוציע דער רעזשיסער קאָסט קאָשעווסקי געשטעלט ל. פּערוואָמײַסקיס „די אומבאַוווּסטע זעלנער", אי. מיקיטענקאָס „די מיידלעך פון אונדזער לאַנד". קיין אָדעס איז געקומען צו פאָרן גנאַט יורא, קעדיי שטעלן ל. פּערוואָמײַסקיס „מעסטעטשקאָ לאַדעניו".

דוקלער האָט אין איר געשפּילט שימשון געץ. די באַקאַנטשאַפט מיטן באַוווּסטן רעזשיסער האָט אים צוזאַמען מיט יו. וו. שומסקין געבראַכט אין 1934 קיין קיִעוו. און עס זײַנען אַוועק דוקלערס היסטאָרישע ראָלן: באָגון אין „באָגדאַן כמעלניצקי", קערענסקי — אין „עמעס", פּאַרוטשיק טיץ — אין קראָנס פּיעסע „פּאַכדן" און א סאַך אַנדערע ראָלן. איינצײַטיק איז ער ארויסגעטראָטן אין ראַדיאָ, אין דער קינאָסטודיע אַף א. דאָווזשענקאָס נאָמען. ער האָט אויך אָנגעהויבן זײַן אַרטיסטישן וועג אַף דער עסטראַדע באַנאַנד מיט א. וו. שומסקין. אַדאַנק אָט דעם גרויסן שוישפּילער האָט דוקלער אַף אייביק זיך פאַרליבט אין דעם הומאָר פון אָסטאַפּ ווישניא, סטעפּאַן אָליינִיק און אַנדערע אוקראַיִנישע שרײַבער. ער האָט זיך באַטייליקט אין א סאַך דעקאַדעס אין מאָסקווע, קאַזאַכסטאַן און טאַדזשיקיסטאַן, אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

בייס דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז דער פאַרדינסטפולער שוישפּילער פון אוקראַיִנע וו. דוקלער דרײַ מאָל ארויסגעפאָרן אַפן פראָנט, אָבער זײַן געווער איז דאָ געווען ניט דער אווטאָמאַט, נאָר דאָס הייסע פלאַמיקע וואָרט, מיט וועלכן ער און א סאַך אַנדערע באַוווּסטע שוישפּילער האָבן באַגײַסטערט די פראָנטאָוויקעס אַף העלדנטאַטן אין די בלוטיקע שלאַכטן מיטן סוינע. דער מיליטער־ראַט פונעם 3־טן אוקראַיִנישן פראָנט האָט אים באַלוינט מיטן אָרדען „רויטער שטערן".

נאָך דער מילכאָמע האָט דוקלער זיך אומגעקערט קיין כאַרקאָוו אין טעאַטער אַף ט. שעווטשענקאָס נאָמען, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט מ. א. קרושעלניצקי. דאָרט פּילט ער אויס א סאַך נײַע ראָלן. מע לאַדט אים אײַן אין קיִעווער טעאַטער אַפן נאָמען פון לעסיא אוקראַיִנקאַ, וווּ ער האָט געאַרבעט אין מעשעך פון 18 יאָר.

וואַלענטין דוקלער איז איצט א פּענסיאָנער, אָבער מיט דער בינע האָט ער זיך ניט צעשיידט. ער האָט אָרגאַניזירט א טעאַטער פון אַרמייִשער פּאָעזיע באַם אָפיצערישן קלוב. א גרויסער ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט, אַבאָנירט ער און לייענט דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

ש ל ו י מ ע  ב ל י י נ י ס

● ● ●

# קינסטלער יויסעף אָסטראָווסקי, אָדעס

זיכרוינעס וועגן מײַן טאַטן





מוזיק

א זיצנדיק ייִנגל

זיך באַלײדיקט...

**אונדזערע מיטטיילונגען**

באָריס סוואַדקאָווסקי

# די לעניניסטישע „איסקראַ", לעוו טאָלסטאָי און זײַנע דאָקטוירים

דעם 10 מאַרט 1902 איז דערשינען דער אָרדנטלעכער, אכצנטער נומער „איסקרא". אינעם אָפּטייל „פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן" איז געווען אַן אינפאָרמאַציע פון פּאָלטאַווע.

„דעם 5־טן פעוראַל, — האָט מיטגעטיילט די צײַטונג, — איז אין אָרטיקן טעאַטער פאָרגעקומען א מאַניפעסטאַציע לעקאָווד לעוו טאָלסטאָיען. ס'איז אופגעפירט געוואָרן זײַן פּיעסע „די מאכט פון כוישעך" («Власть тьмы»). פאַר דעם דריטן אַקט, איידער מ'האָט געעפנט דעם פאָרהאַנג, האָבן זיך גענומען שיטן פון אַלע גאַלערייעס פאַרשיידנקאָליריקע בלעטלעך מיט אופשריפטן אונטער דעם שרײַבערס פּאָרטרעט: „זאָל לעבן דער אַרײַנגעוואָרפענער אין כיירעם ל. נ. טאָלסטאָי, דער קעמפער פאַר פרײַהײַט!"... פון אַלע ווינקלען האָט דער אוילעם סקאַנדירט דעם זעלבן אופרוף. אַלע בײַוועזנדע האָבן מיט היספּײַלעס אַפּלאָדירט און געשריגן: „זאָל לעבן טאָלסטאָי!", „זאָל לעבן די פרײַהײַט!". די באַגײַסטערונג אין זאַל איז געווען אַן אומגעהײַערע. ווען די טעאַטראַלע אַדמיניסטראַציע האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געכאַפּט און אופגעעפנט דעם פאָרהאַנג, האָט קיינער אַפילע קיין אכט ניט געלייגט אַף דער סצענע. די אופרעגונג איז נאָך גרעסער געוואָרן בײַס די פּאָליציאַנטן האָבן גענומען צונויפזאַמלען די בלעטלעך, וועלכע דאָס פּובליקום האָט אַן כיישעק אָפּגעגעבן. די אופגערודערטע פּריסטאַוון האָבן געשריגן אין טעלעפאָן: „דער טעאַטער איז פול מיט פּראָקלאַמאַציעס! ס'טוט זיך כוישעך! שיקט גלײַך סישטשיקעס!".

אין אָט דעם פעוראַל־אָוונט, וועגן וועלכן ס'האָט געשריבן די צײַטונג „איסקרא", איז אין גאַספּרע, אינעם פּאַלאַץ פון דער גראַפיניע ס. וו. פּאַנינאַ, געלעגן א שווער קראַנקער מיט א צווייזײַטיקער לונגען־אָנצינדונג ל. נ. טאָלסטאָי. ער האָט זיך געפונען צווישן לעבן און טויט... ס'האָט זיך דערנעענטערט דער קריזיס. דעם 15 פעוראַל האָט סאָפיע אַנדרייעוונאַ פאַרשריבן אין טאָגבוך: „שוין דער דריטער טאָג, אַז ליאָוואָטשקע ווערט אַלץ שוואַכער, עסט גאָרניט... די דאָקטוירים האָבן האָפענונג... דאָס האַרץ טוט מיר וויי און די האָפענונג איז בא מיר א קליינע..."

אַפּדערנאַכט איז אָנגעקומען א בריוו פונעם מיטראָפּאָליט אַנטאָני, אין וועלכן ער בעט, אַז סאָפיע אַנדרייעוונאַ זאָל אײַנריידן טאָלסטאָיען זיך צוריקוועגדן צום גלויבן, שאָלעם מאַכן מיטן קלויסטער, קעדיי שטאַרבן, ווי א קריסט.

— וועגן דעם קאָן קיין רייד ניט זײַן... — האָט געזאָגט לעוו ניקאָלײַעוויטש.— איך שטאַרב אָן סינע און ראָע. וואָס איז די קירך? ווי קאָן מען באַהאַנדלען אַזאַ אומבאַשטימטן קעגנשטאַנד?..

גאַנצע מעסלעסן האָט דעמלט באַם טויער פונעם פּאַלאַץ דעזשורעט אַן אוריאַדניק. ווען דער דאָקטער אַלטשולער איז אַפּדערנאַכט געקומען צום קראַנקן, איז צו דער פּראָליאָטקע צוגעלאָפן פון זײַן באַהעלטעניש דער „שוימער" און געפרעגט:

— ווי איז דעם גראַפס געזונט, גאָספּאָדין דאָקטאָר?

אי. נ. אַלטשולער איז געווען פאַרוווּנדערט, וואָס אין אַזאַ רעגנדיקן אָוונט געפינט זיך דאָ דער אוריאַנדיק...

— א ביסל בעסער. וואָס פּלוצעם אינטערעסירט אײַך דעם שרײַבערס געזונט?

— כ'האָב א באַפעל: גלײַך ווי ער וועט שטאַרבן, פאַרכאַסמענען אַלע פּאַפּירן זײַנע, די דאָקומענטן און בריוו.

טיף באַנאַכט, ווען אַלטשולער האָט זיך אומגעקערט קיין יאַלטע, האָט ער געבראַכט מיט זיך פון גאַספּרע צוויי טשעמאָדאַנעס מיט פאַרשיידענע פּאַפּירן, בריוו, דאָקומענטן, קסאַוויאַדן... די טשעמאָדאַנעס האָט ער דורכגעטראָגן פאַרבײַ דעם „וואַכנדיקן" אוריאַדניק...

ווען די דאָזיקע געשעענישן האָט שפּעטער דערציילט דער דאָקטער און שרײַבער ס. יא. יעלפּאַטיעווסקי: „מיר האָבן אָפּן קאָנסיליִום זיך באַראַטן, וואָס צו טאָן, אויב ס׳וועלן אָנלויפן פרעמדע פּאַרשוינען. מיר האָבן באַשטימט גלײַך צונויפֿזאַמלען די וויכטיקע בריוו, פּאַפּירן, קסאָוויאַדן און אויסהיטן זיי פֿון שמוציקע פּאַרכאַפּער. נאָר דאָס שאַפּקעלע, וואָס איז געשטאַנען פּאַר דעם קראַנקנס אויגן, האָבן מיר ניט געטשעפּעט, קעדיי ניט באַאומרויִקן אים...״

ס׳איז אויך באַוווּסט, אַז ל. סולערזשיצקי האָט אוועקגעפירט א טשעמאָדאַן מיט פּאַפּירן אַף דער דאַטשע, ווו ס׳האָט געוווינט א. מ. גאָרקי. דערנאָך איז דער טשעמאָדאַן איבערגעשיקט געוואָרן קיין יאַלטע, צום דאָקטער א. נ. אַלעקסין. אַלע טשעמאָדאַנעס און אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך אין זיי געפונען, האָבן זיך אומגעקערט קיין גאַספּרע.

דעם 24 פעוורואַל 1901 איז אין די „צערקאָווניִע וועדאָמאָסטי״ פּובליקירט געוואָרן די פעסטשטעלונג פֿונעם הייליקסטן סינאָד וועגן דעם כײַרעם אַף טאָלסטאָיען. דאָס איז פֿאָרגעקומען בײַסן אופשוווּנג פֿון דער רעוואָלוציִאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און פֿון די סטודענטישע אופֿרודערונגען אין רוסלאַנד. דער כײַרעם איז געווען נאָך איין רעפּרעסיע־אַקט פּאַר דעם פּראָטעסט קעגן ווילקיר און גוואַלדטאַט פֿון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג. די לענינישע „איסקרא״ האָט געשריבן: „דער „אָפּערעטאָטשנע־פּײַערלעכער״ כײַרעם־אַקט איז געווען אַן אָנגריף פֿון דער רעאַקציע אַף דעם גרויסן קעמפער קעגן דעם פּראַוואָסלאַווישן אָבסקוראַנטיזם״. די צײַטונג האָט פֿאַרטיידיקט דעם שרײַבער פֿון דער קלויסטער־קנופּיע, פֿון איר אומגעצוימטן ווילקיר.

די „איסקרא״ האָט באַשריבן די אַרבעטער־ און סטודענטישע מאַניפעסטאַציע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען דעם 25 פעוורואַל 1901 אַף דער לוביאַנקע, ווו טאָלסטאָי האָט אין אָט דעם מאָמענט צופעליק זיך געפונען. אין פֿאַרלויף פֿונעם גאַנצן טאָג האָט דער האַמוין, מערסטנטייל אַרבעטער, דעמאָנסטרירט איבער די גאַסן (לוביאַנקע, טווערסקאָי בולוואַר, מיאַסניצקע, ניקיטסקע). אָט זײַנען דערמאָנונגען פֿון דעמאָנסטראַנטן: „...מיר זײַנען אַרויס אַף לוביאַנקע־פּלאַץ. דערזעענדיק טאָלסטאָיען, האָבן מיר גענומען שרײַען „הורא, לעוו ניקאָלײַעוויטש!״ מיר זײַנען אים נאָכגעגאַן ביזן ראָזשדיעסטווענסקער בולוואַר. דערנאָך האָט ער געבעטן, מע זאָל דינגען א פּראָליאָטקע, קעדיי ער זאָל קאָנען פֿאָרן אַהיים...״ און ווײַטער: „א גאַנצן אָפּדערנאַכט זײַנען מאַסן סטודענטן און אַרבעטער געגאַנגען צום הויז, ווו טאָלסטאָי האָט געוווינט, קעדיי אויסדריקן זייער טרײַהײַט דעם רעפּרעסירטן מיצאַד דעם סינאָד, דעם קעמפער פֿאַר געוויסן־פרײַהײַט. טאָלסטאָי האָט געהאַלטן פֿאַרן אוילעם א רעדע. ס׳זײַנען פֿאַראַן דערווײַזונגען, אַז ער האָט מיטגעפילט דעם סטודענטישן שטרײַק און געייצעט זיך האַלטן זיכערער אינעם געךעכטן קאַמף״.

ווען די „איסקרא״ האָט באַקומען די קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער מאַניפעסטאַציע, האָט לענין אָנגעשריבן (נאָך דער אויסרעדאַקטירונג): „אין דרוק. 2.IV״.

אַף די זײַטן פֿון דער „איסקרא״ איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דער אַדרעס פֿון די אַרבעטער פֿון דער „פּראָכאָראָווער מאַנופאַקטור״ צו טאָלסטאָיען:

„אײַער וואָרט טרעפט אַף א פֿרוכטבאַרן באָדן און וועט דינען פֿון דאָר צו דאָר דער מענטשהײַט, העלפֿנדיק בײַצוקומען פֿיל ניסיוינעס... מיר שעצן אײַך ווי א גרויסן מענטשן, ווען ס׳איז אופגעשטעלט א דענקמאָל אין אונדזערע הערצער״.

אין דער אַלזײַטיקער פּאָליטישער אַגיטאַציע פֿון דער „איסקרא״ האָט טאָלסטאָי מיט זײַנע דעמאַסקיר־ווערק פֿאַרנומען א בעקאָוועדיק אָרט. דער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער „איסקרא״ וו. וו. וואַקאַר האָט געשריבן לענינען וועגן דעם גרויסן שרײַבער: „קיינער שילדערט ניט בעסער און וואָרשײַנלעכער די עקלהאַפטע ראָל, וועלכע ס׳שפּילט די צאַרישע זעלבסטהערשונג און איר אַרמיי. טאָלסטאָיס פּובליציסטישע אַרטיקלען זײַנען א ריזנקראַפט אין דער פּאָליטישער אַגיטאַציע, זיי אַנטפּלעקן דעם שרײַבערס קינסטלערישע און מאָראַלישע קראַפט״.

צי האָט ל. נ. טאָלסטאָי געלייענט די „איסקרא״? צי האָט ער געוווּסט, ווי אָפט די צײַטונג ווענדט זיך צו זײַן גרויסן נאָמען? וועגן דעם זײַנען קיין דירעקטע באַווײַזן ניט פֿאַראַן. מע קאָן אָבער אָנקומען צו האַשאָרעס.

פֿונעם 3 סענטיאַבער 1901 ביזן 25 יון 1902 האָט טאָלסטאָי געלעבט אין קרים, אין גאַספּרע.

די דאָרעם־אָרגאַניזאַציע פֿון רסדאַפּ, וואָס האָט זיך געפונען אין יאַלטע, האָט זיך אין אַפּרעל 1902 פֿאַרבונדן דורך וו. ג. שקליאַרעוויטשן (אַלעקסאַנדער אַרכאַראָוועצן) מיט דער רעדאַקציע פֿון דער „איסקרא״: כ׳האָב געהערט, אַז איר זוכט מיך, — האָט ער געשריבן פֿון קאָרעיִז, — אָט בין איך... כ׳געפֿין זיך דאָרט, ווו פֿאַראַיאָרן האָט אָפּגערוט סאָניע לייבאָוויטש. די דאָזיקע קאָאָרדינאַטן וועלן זײַן מײַן אַדרעס. אַלעקסאַנדער (אַרכאַראָוועץ)״. אין מײַ האָט שקליאַרעוויטש געשריבן: „שיקט די „איסקרא״ טאָלסטאָיען. אויב ער אַליין וועט ניט באַווייליקן צו לייענען, וועט זי דאָך באַקומען אַן אָנווענדונג, ווײַל זי וועט אַרײַנפֿאַלן אין אַלעקסאַנדערס הענט״. ס׳איז פֿאַראַן נ. ק. קרופּסקאַיאַס ענטפֿער אַף שקליאַרעוויטשעס ווענדונג: „אײַער בריוו האָבן מיר באַקומען. בא אונדז איז ניטאָ טאָלסטאָיס אַדרעס. שיקט, ביטע, צו זײַן אַדרעס״ (נ. ק. קרופּסקאַיאַ האָט צו יענער צײַט געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פֿון דער רעדאַקציע).

דעם 27 יון האָט טאָלסטאָי מיט דער מישפּאָכע זיך אומגעקערט קיין יאַסנע פּאָליאַנע. מ׳האָט ניט באַוויזן שיקן אים די „איסקרא״ קיין קרים, נאָר די צײַטונג פֿלעג באַקומען א פֿעלדשעריצע פֿונעם קאָרעיִזער שפּיטאָל. ס׳איז פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען ק. וו. וואָלקאָווס פֿרוי. דער דאָקטער וואָלקאָוו איז געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון רעוואָלוציִאָנערע סכאָדקעס, זײַענדיק נאָך א סטודענט פֿונעם קאַזאַנער אוניווערסיטעט.

זײַענדיק אײנער פון די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געהײלט טאָלסטאָיען אין גאַספּרע, האָט וואָלקאָוו אײַנגעשטעלט מיט לעוו ניקאָלײַעוויטשן זײער צוטרוילעכע באַציִונגען, ניט קײן באַגרענעצטע מיט מעדיצינישער אָפּהענגיקײַט.

אין יון 1902 האָט די „איסקראַ"־רעדאַקציע באַקומען אַ צעטל מיט אַדרעסן פון יאַלטע, וווּהין מ'האָט געבעטן איבערשיקן דעם נומער פאַרן 1 מײַ. צווישן די אַדרעסאַטן זײַנען פאַראַן דרײַ דאָקטוירים: 1. אַ. נ. אַלטשולער (1870—1943), געלעבט אין יאַלטע פון 1898, געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער פונעם טובערקוליאָזן סאַנאַטאָריע, אַ. פּ. טשעכאָווס פרײַנט און רויפע. אין דער צײַט, ווען טאָלסטאָי האָט געלעבט אין קרים, איז אַלטשולער געווען זײַן הויפּט־דאָקטער. 2. ס. יאַ. יעלפּאַטיעווסקי (1854 — 1933), געלעבט און געאַרבעט אין יאַלטע פון 1890. אַ באַוווּסטער שרײַבער, אָנטײלנעמער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין 1870 — 1880 יאָרן. אין 1906 — אײנער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פאָלקס־סאָציאַליסטישער פּאַרטײ. בײַס טאָלסטאָי האָט זיך געפונען אין קרים און איז געווען שווער קראַנק, האָט יעלפּאַטיעווסקי אָנטײלגענומען אין זײַן הײלונג און אין די נאַכט־דעזשורסטוועס. 3. די דריטע פאַמיליע איז ניקיטין. אַלע פאַמיליעס אין צעטל זײַנען געווען אָן איניציאַלן. דערפאַר איז שווער צו וויסן, ווער איז געווען ניקיטין. אין יאַלטע האָט ניט געלעבט קײן דאָקטער מיט אַזאַ פאַמיליע. ווען דאָס וואָלט געווען „אַ צײַטווײַליקער אַרײַנגעפאָרענער", וואָלט מען אים ניט אײַנגעשלאָסן אין אַזאַ צעטל. עפּשער איז עס ד. וו. ניקיטין (1874 — 1960), דער ערשטער און שטענדיקער דאָקטער פון ל. נ. טאָלסטאָיס מישפּאָכע, אין אויטאָר פון פּובליציסטישע אַרטיקלען, אין וועלכע ס'ווערט פאַרטײדיקט די אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאַסנע פּאָליאַנע הײלט ער ניט נאָר דעם שרײַבער און זײַן מישפּאָכע, נאָר די אײַנוווינער פון נאָענטע דערפער — אַזאַ איז געווען טאָלסטאָיס קאַטעגאָרישער טנאַי.

אָט די דרײַ פאַמיליעס אַנטפּלעקן אַ מעגלעכקײַט, אַדאַנק וועלכער ל. נ. טאָלסטאָי האָט געקאָנט קריגן די „איסקראַ".

אין נומער פאַרן 1 מײַ איז געווען פּובליקירט טאָלסטאָיס „סאָלדאַטישע געדענק־אינסטרוקציע" («Солдатская памятка»). די איסקראַוואָצעס האָבן פאַרשפּרײט דעם נומער צווישן די סאָלדאַטן, וועלכע זײַנען געווען מאָביליזירט צו שיסן אין די אַרבעטער בײַס די יאָמטעוודיקע סכאָדקעס. אינעם „בריוו פונעם גראַף טאָלסטאָי" איז געווען געשריבן, אַז ס'איז אַ גרויסע זינד צו הארגענען. מע טאָר ניט שיסן אין די אַרבעטער. ס'איז נײטיק געדענקען, אַז די עוואַנגעליום פאַרבאָט הארגענען...

ד. וו. ניקיטין איז פּונקט אין אָט דער צײַט געווען אין יאַסנע פּאָליאַנע. בלײַבט איבער, אַז אי. נ. אַלטשולער און ס. יאַ. יעלפּאַטיעווסקי האָבן געהאַט פאַר זיך דעם נומער „איסקראַ" און געוווּסט וועגן דער „סאָלדאַטישער געדענק־אינסטרוקציע". טאָלסטאָי האָט זי געשריבן, ווען ער האָט געוווינט אין גאַספּרע. די האַקדאָמע האָט ער פאַרענדיקט אין די סאַמע שווערסטע טעג, בײַס די קרענק האָט אים זײער געמוטשעט און אַלטשולער איז פון אים ניט אָפּגעטראָטן...

נאָך אין 1876 האָט טאָלסטאָי געשריבן אין אַ בריוו צו נ. נ. סטראַכאָוון: „וועגן וואָס איך זאָל ניט שרײַבן, בין איך שטענדיק באַהערשט מיט אײן פאַרלאַנג: אויפהאַלטן מײַן געדאַנקענגאַנג אַזוי, אַז ער זאָל פעיִק זײַן אויסצודריקן מײַן גײַסטיקן טאַמציס".

אינעם לאַבירינט פון טאָלסטאָיס געדאַנקענגאַנג איז געבליבן דער ענטפער אויף דער פראַגע, צי ער האָט געלײענט די לענינישע „איסקראַ". לאָמיר גלײבן, אַז דער ענטפער וועט זיך געפינען...

# וועגן דער ביבליאָטעק
# פֿון דער בערלינער ייִדישער געמיינדע

די אַראַניִענבורג־גאַס איז דאָס היסטאָרישע אָרט פֿונעם אַמאָליקן בערלינער ייִדישן ייִשעוו. אױף דער גאַס האָט זיך געפֿונען דער ייִדישער מוזיי. הײַנט זעט מען דאָרט בלויז דעם פֿאַסאַד פֿון דער נײַער סינאַגאָגע. אין רעשוס פֿון דער ייִדישער געמיינדע איז געבליבן דאָס הויז, נומ. 28, אין וועלכן עס געפֿינט זיך אַדהײַעם די קעהילע־אָנפֿירונג און אין מעשעך פֿונעם לעצטן יאָרצענדליק אויך די ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן דעם 2 פֿעווראַל 1902. איר פֿאַרוואַלטער איז געווען דער אָבערביבליאָטעקער דאָקטאָר מאָריץ שטערן. דער אַלפֿאַוויט־קאַטאַלאָג פֿון דער דײַטשישער מעלוכע־ביבליאָטעק ווײַזט אָן, אַז דאָקטער שטערן איז געווען אויך אַ פֿילזײַטיקער פּובליציסט. ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט נײַע אויסגאַבעס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, געפֿאָרשט די געשיכטע פֿון דער בערלינער ייִדישער געמיינדע, געדרוקט אָפּהאַנדלונגען וועגן דער ביבליאָטעק. בלויז ווייניקע פֿון די דאָזיקע פּובליקאַציעס האָבן זיך פֿאַרהיט נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

אין 1917 איז צו דעם ביכער־פֿאָנד פֿון דער ביבליאָטעק צוגעגעבן געוואָרן אַ קונסט־קאָלעקציע. זי האָט געלייגט דעם יעסאָד פֿונעם מוזיי, וועלכן מע האָט געעפֿנט אין 1931. אַדאַנק די באַמיִונגען פֿון אירע אָנפֿירער איז די ביבליאָטעק געוואָרן אַ קולטור־צענטער פֿון דער ייִדישער געמיינדע אין בערלין. איר פֿאָנד איז אויסגעוואַקסן ביז 60.000 בענדער, אײַנגעשלאָסן 500 ווערטפֿולע קסאַוויאַדן. אין 1927 האָט די געמיינדע אָפּגעמערקט דעם 25־יאָריקן יויוול פֿון דער ביבליאָטעק. מיט עלף יאָר שפּעטער איז די ביבליאָטעק כאָרעוו געוואָרן בײַסן פֿאַשיסטישן פּאָגראָם, דער אַזויגערופֿענער „קרישטאַל־נאַכט“.

פֿון די אַלטע ביכער־פֿאָנדן זײַנען געבליבן בלויז איינציקע בענדער. זיי, ווי אויך די ביכער פֿון די מיטגלידער פֿון דער געמיינדע, האָבן געגעבן אַ מעגלעכקײַט אָנצוהייבן אין 1975 ווידער אויפֿצושטעלן די ביבליאָטעק. פֿאַר דרײַ יאָר פֿון דער צוגרייט־אַרבעט האָט מען צונויפֿגעקליבן 1.500 בענדער — דעם 16 נאָיאַבער 1977, אין 75 יאָר נאָך איר גרינדן, האָט די ביבליאָטעק צעעפֿנט אירע טירן. זי פֿאַרנעמט איצט איר אָרט אינעם קולטור־ און וויסנשאַפֿטלעכן לעבן פֿון בע־לין אַדאַנק דער פֿילמאָליקער שטיצע מיצאַד דעם מאַגיסטראַט און די מעלוכע־אָרגאַנען, ווי אויך, ניט אין דער לעצטער ריי, אַדאַנק די צאָלרײַכע בײַטראָגן פֿון די בירגער פֿון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. פֿון יאָר צו יאָר וואַקסט די צאָל לייענער. פֿיל אָרגאַניזאַציעס (פֿון קינאָ, טעלעוויזיע, טעאַטער) ניצן אויס די ביבליאָטעק. פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע צען יאָר איז איר ביכער־פֿאָנד פֿאַרגרעסערט געוואָרן אױף 5.000 בענדער.

די שווערע אויפֿשטעל־אַרבעט האָט געפֿירט די פֿאַרוואַלטערין פֿון דער ביבליאָטעק רענאַטע קירכנער. אַ סאַך מי און דערפֿאַרונג האָט זי אַרײַנגעלייגט אינעם שאַפֿן די באַשטענדיקע ביכער־פֿאָנדן. פּונקט ווי איר פֿאָרגייער דאָקטאָר שטערן, פֿאַרנעמט זי זיך מיט פּובליציסטיק.

זינט דעם 1979 יאָר באַקומט די ביבליאָטעק אַ שטענדיקע שטיצע מיצאַד דער דײַטשישער מעלוכע־ביבליאָטעק. ס'איז געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז דער אָפּטייל פֿון אַלטע ביכער זוכט ליטעראַטור און יודאַיִק און גיט זי איבער אין רעשוס פֿון דער ייִדישער ביבליאָטעק. בעשאַס די פֿאַרגאַנגענע יאָרן האָט די ביבליאָטעק באַקומען אױף אַזאַ מין אופֿן 500 בענדער.

דעם 13 נאָיאַבער 1987 האָט די צײַטונג „נויעס דויטשלאַנד“ פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פּראַטימפֿולן אַרטיקל וועגן דער טעטיקײַט פֿון דער ייִדישער ביבליאָטעק. אינעם אַרטיקל ווערט אַקצענטירט די נויטווענדיקײַט מיטצווירקן דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער קולטור.

(„דאס שטיכוואָרט“, נומ. 4, 1987)

# נײַע ארבעטן פון גרוזינישע סעמיטאָלאָגן

ס'איז ארויס פון דרוק דער דריטער באנד פונעם אלמאנאך „סעמיטאָלאָגיורי דזיעבאני" („סעמיטאָלאָגישע שטודיעס"), וועלכער ווערט צוגעגרייט מיצאד דעם אינסטיטוט פאר מיזרעך־קענטעניש אפן נאָמען פונעם אקאדעמיקער ג. וו. צערעטעלי בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון דער גרוזינישער ססר. וועגן די פריערדיקע צוויי בענדער פון אָט דער אויסגאבע, וווּ א טייל מאטעריאלן ווערט געדרוקט אף רוסיש און א טייל אף גרוזיניש מיט א רוסישער רעזומע, האָבן מיר שוין זײַנערצײַט מיטגעטיילט די לייענער פון אונדזער זשורנאל.

דער נײַער באנד אנטהאלט דרײַ ארטיקלען, געווידמעט דער יידישער טעמאטיק.

ניסאָן באבאליקאשוויליס ארבעט „וועגן עטלעכע העברעיש־שפראכיקע קאראימישע עפיטאפישע דענקמעלער פון טשופוט־קאלע", וועלכע עפנט דעם באנד, באזירט זיך אף די מאטעריאלן, וואָס דער אווטאָר האָט צונויפגעזאמלט אין קרים, אפן אלטן קאראימישן בעסאלמען לעם באכטשיסאראַי. עס ווערן באשריבן און קאָמענטירט 9 מאציייווע־אופשריפטן מיט פאָטאָגראפיעס, מיט א פובליקאציע פון די העברעישע אופשריפטן און מיט זייער איבערזעצונג אין רוסיש. די באשריבענע עפיטאפיעס שטאמען פונעם סאָף X — אָנהייב XI יה. פון דער נײַער צײַטרעכענונג.

מאמאנע גאָצערידזעס ארטיקל „וועגן דער אינדיווידועלער אויסנוצונג פון פראזעאָלאָגיזמען אין דער העברעישער איבערזעצונג פונעם „גיבער אין דער טיגער־פעל" אנאליזירט אייניקע פראָטים פון דער שפראך אין באָריס (דוויו) גאפאָנאָווס איבערזעצונג פון שאָטא רוסטאוועליס געניאלער פאָעמע אין איווריט, וועלכע איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין טעל־אוויוו אין 1969. עס ווערט דערכאגעוו אָפגעמערקט א האשפאָע אף דער פראזעאָלאָגיע פון דער דערמאָנטער איבערזעצונג מיצאד אזעלכע גדוילים פון דער העברעישער וואָרט־שאפונג, ווי יעהודע האלייווי און מענדעלע מויכער־ספאָרים.

אין איר פאָרשונג „דיסטריבוציע פון פאָנעמעס אין וואָקאלע און קאָנסאָנאנטע קלאסטערן אינעם מיטל־אראמעישן דיאלעקט פון פאלעסטינע לויטן מאטעריאל פון טארגום אָנקעלאָס" אנאליזירט מײַע טשעלידזע די פאָנאָלאָגישע סיסטעם פונעם אראמעישן דיאלעקט, אף וועלכן עס האָבן גערעדט די יידן אין ערעץ־יסראָעל אין די לעצטע יאָרהונדערטער פאר דער נײַער צײַטרעכענונג און אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער נײַער ערע, ווי אויך די האשפאָע אף אָט דעם דיאלעקט מיצאד העברעיש.

אין געוויסע פראָטים האָבן א שײַכעס צו דער יידישער טעמאטיק אויך אייניקע אנדערע ווערק פון דעם באנד.

אונטער דער רובריק „כראָניק" ווערט, צווישן אנדערס, מיטגעטיילט וועגן צוויי פאָרטראָגן פון גרוזינישע העברעיסטן, וואָס זײַנען געלייענט געוואָרן אף וויסנשאפטלעכע קאָנפערענצן: נ. באבאליקאשוויליס „צו דער פראָבלעם פון שטודירן די פובליקאציעס פון העברעישע עפיטאפישע דענקמעלער" און מ. טשעלידזעס „די וואָקאלן־סיסטעם פון דער יידיש־אראמעישער שפראך". עס ווערט געגעבן אן אינפאָרמאציע מיקויעך דעם, אז מ. גאָצירידזע האָט דערפאָלגרײַך פארטיידיקט איר קאנדידאטן־דיסערטאציע אף דער טעמע „די לעקסיק פון דער איבערזעצונג פונעם „גיבער אין דער טיגער־פעל" אף דער הײַנטצײַטיקער העברעישער שפראך (איווריט)".

י ע. ק א פ ל א ן

# אין אָנדענק פון א נאָבעלן אינטערנאציאָנאליסט

אין ריגע, אינעם קאָנצערט־זאל פון דער פילהארמאָניע, איז פאָרגעקומען א פילאנטראָפישער קאָנצערט, געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם מוטיקן זון פונעם לעטלענדישן פאָלק זשאניס ליפקע, וועלכער האָט אין די יאָרן פון דער פאשיסטישער אָקופאציע, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, געראטעוועט אסירים פון דער ריגער געטאָ. מיט דער הילף פון זײַן מישפאָכע און פון אייניקע נאָענטע מענטשן האָט ער געהאָלפן ארויסרײַסן זיך פון די לאפעס פון די אָקופאנטן 53 יידן, געגעבן זיי א

מאַקעם־מיקלעט, באַזאַרגט מיט שפּייז, מאַלבושים און געווער.

דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש — אַ פּאַשעטער דאָקער אינעם יאַם־פּאָרט. אין די יאָרן פונעם בורזשואזן לעטלאַנד האָט ער פאַרשפּרייט אַנטירעגירונגס־פליגבלעטלעך, אויסבאַהאַלטן יענע, וועמען די פּאַליט־אַכראַנקע האָט פאַרפאָלגט. זשאַניס ליפּקעס נאָמען, זיין העלדנטאַט אין די יאָרן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע זיינען באַוווּסט סיי אין אונדזער לאַנד, סיי אויסער זיינע גרענעצן. וועגן אים האָט מען געשריבן אין דער פעריאָדישער פּרעסע, אין ביכער[1].

דעם קאָנצערט האָט אָרגאַניזירט דער לעטלענדישער פאָנד פון קולטור. ער האָט אַרויסגערופן אַ ברייטן אָפּקלאַנג בא דער געזעלשאַפטלעכקייט. דער זאַל פון דער ריגער פילהאַרמאָניע איז געווען פולגעפּאַקט. פאַרן אָנהייב פונעם קאָנצערט איז אַרויסגעטראָטן מיט ווערטער פון דאַנקבאַרקייט צום העלדנטאַט פון זשאַניס ליפּקע דער מילכאָמע־וועטעראַן, געוועזענער אויסשפּירער פון דער 2־טער לעטלענדישער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע סאָלאָמאָן אַבראַמסאָן. אין פּאַרטער און אויף די באַלקאָנען האָבן די מענטשן גראַטולירט די בייוועזנדע אויפן קאָנצערט אַלמאָנע פונעם העלד יאָהאַנע ליפּקע און צוויי אירע מיטקעמפער מאַריע קעלער און מאַריע לינדבערג, וועלכע האָבן אין יענער שווידערלעכער צייט געהאָלפן אויסבאַהאַלטן די פּליטים, זיי געהאָדעוועט, באַקליידט.

דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער סויִטע פון דזשערי באָקס מיוזיקל „דער פידלער אויפן דאַך" אין דער אויספירונג פונעם קוואַרטעט „וויִא טערטיִא". אין צווייטן אָפּטייל האָט די סאָליסטקע פון דער מעלוכישער פילהאַרמאָניע אַדע סוועטלאָווא אויסגעפירט אין דער באַגלייטונג פונעם פּיאַניסט וולאַדימיר כאַכלאָוו פּאָפּולערע ייִדישע לידער — היינטצייטיקע און פאָלקסלידער אין דער באַאַרבעטונג פון דזש. קאַמען, וו. גאָלדין און ס. פּיין.

די גאַנצע האַכנאָסע פונעם קאָנצערט, איינגעשלאָסן דעם האָנאָראַר פון די אויספירער, איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פאָנד פון קולטור, קאָנקרעט אויף אויפשטעלן אַ דענקמאָל זשאַניס ליפּקען. צו דער אַרבעט איבערן דענקמאָל איז צוגעטראָטן לייע נאָוואָשענעץ — די באַוווּסטע סקולפּטאָרן־פראַנטאָוויק. דער דענקמאָל וועט אַוועקגעשטעלט ווערן אויפן קייווער פונעם העלד. אינעם הויז אויף דער באָלאַסטאַ דאַמביס־גאַס, נומ. 50, וווּ עס האָט געוווינט זשאַניס ליפּקע און וווּ ער האָט אין די יאָרן פון דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע אויסבאַהאַלטן מענטשן, וועט געשאַפן אַ מעמאָריאַלער מוזיי.

ר. שאַק־מאַריאַש

[1] זע די צייטונג „סאָוועטסקאַיאַ מאָלאָדיאָזש", 20 מיי 1987; די צייטונג „ריגאַס באַלס", 20 מיי 1987; אין יאַ. דזינטאַרס בוך „סוידעס פון דער ריגער אונטערערד", ריגע, „אַוואָטס", 1986.

# כראָניק

## ווילנע — בעלץ

לויט דער טראַדיציע, ווערט דורכגעפירט בא אונדז אין מאָלדאַוויע אין דער ערשטער דעקאַדע פון מאַרט דער קונסט־פעסטיוואַל „מערצישאָר" — אַ יאָמטעוו, געווידמעט דעם אָנקום פון פרילינג.

די בעלצער צייטונג „קאָמוניסט" האָט צוויי מאָל געדרוקט מעלדונגען וועגן די קאָנצערטן אין אונדזער שטאָט, אין וועלכע עס האָבן געדאַרפט אָנטיילנעמען באַוווּסטע קאָלעקטיוון פונעם לאַנד, און צווישן זיי — דער ווילנער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער.

דער דאָזיקער קאָלעקטיוו איז אַ לאַורעאַט פונעם קאָנקורס־דורכקוק אין ווילנע, ער איז באַלוינט מיט אַ דיפּלאָם. ער איז אַרויסגעטראָטן אינעם בעלצער קולטור־פּאַלאַץ מיט פיר קאָנצערטן. דער יאָמטעוודיק באַפּוצטער גרויסער זאַל פונעם פּאַלאַץ איז געווען פולגעפּאַקט. צווישן די צושויער — פיל יונגעלייט. מע איז געקומען מישפּאָכעסווייז. איך בין אויך געווען מיט מיין גאַנצן געזינד. דער פאָלקס־טעאַטער האָט געשטעלט צוויי ספּעקטאַקלען: „בראָדער זינגער" און „אַ ייִדישער געט". די שפּיל פון די אַקטיאָרן, סיי פון די וועטעראַנען פון דער טרופּע, אַזוי אויך פון די יונגע, די קלינגעוודיקע, וווּנדערלעכע לידער, מאַסן־טענץ האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק.

יאַ. לינדענבוים,
בעלץ

מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער

# דער אנטיסעמיטיזם אין די מײַרעוו־לענדער זעצט פאָר צו בושעווען

## אין האָלאנד

אויסערלעך איז די סיבע, פאַרוואָס עס האָט זיך צעבושעוועט א נײַע כוואַליע פון אנטיסעמיטיזם אין האָלאנד, געווען די שטעלונג פון א צווייפלהאפטער פּיעסע פון א מײַרעוו־דײַטשישן אווטאָר. פאקטיש אָבער האָבן זי ארויסגערופן די נעאָפאשיסטישע אָרגאניזאציעס און גרופּעס, וועלכע זײַנען עפנטלעך טעטיק אינעם לאנד.

די דאָזיקע כוואַליע, אין צוזאמענהאנג מיט דער דיסקוסיע ארום דער פּיעסע פונעם פארשטאָרבענעם רײַנער־ווערנער פּאסבינדער (געשטאָרבן איז ער אין 1982) „אָפּפאלן. די שטאָט און דער טויט", האָט אופגערודערט האָלאנד. נאָך שטורמישע פּראָטעסטן האָט מען אין ראָטערדאם און אין אנדערע שטעט אויסגעשלאָסן די דאָזיקע פּיעסע פונעם רעפּערטואר. און ס'האָבן זיך גענומען פארשפּרייטן קלאנגען: „שולדיק זײַנען די ייִדן!".

איינער פון די סאמע כוצפּעדיקע אקטן איז בייס דער אנטיסעמיטישער כוואליע געווען דאָס ארויסגאנווענען דעם ייִדישן אקטיאָר זשיול קראוזע פון אמסטערדאם, ווען ער האָט באזוכט די בעלגישע שטאָט בריוגע. פריִער האָט קראוזע זיך ארויסגעזאָגט קעגן דעם, מע זאָל שטעלן די פּיעסע. ווער עס האָט אים ארויסגעגאנוועט, איז ביז הײַנט ניט פעסטגעשטעלט. ווען ער איז ארויסגעגאנגען פונעם האָטעל, האָט מען אים ארײַנגעשטופּט אין אן אווטאָמאָביל, וואָס איז שוין געשטאנען פאָרויס צוגעגרייט, און געבראכט אין א פארוואָרפענער פאבריק הינטער שארלערוא, ווו קראוזע איז, א געבונדענער מיט אײַזערנעם דראָט, אָפּגעלעגן אכצן שאָ אין א קאנאליזאציע־טרויב פון א גרויסן דיאמעטער. די רויבער האָבן אָנגעמאָלט אַף דער ברוסט פונעם אקטיאָר א האקנקרייץ.

די פארברעכער, צוויי מאנצבלען און א פרוי אין עלטער פון צוואנציק ביז דרײַסיק יאָר, האָבן אָנגעשריבן אַף זײַן האנט: „זעקס מיליאָן פּליוס נאָך איינער" — אן אָנדײַט וועגן דער פארניכטונג פון זעקס מיליאָן ייִדן בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. זיי האָבן אויך געצוווּנגען זייער קאָרבן אײַנעמען שלאָף־געטראנק.

ווען גאנצפרי זײַנען די רויבער אנטרונען געוואָרן, האָט זיך קראוזען אײַנגעגעבן צו באפרײַען זיך פון די פּענטעס, און ער האָט גלײַך מיטגעטיילט וועגן דעם געשעענעם דער פּאָליציי. דערווײַל האָט זײַן אנטרעפּרעניאָר באקומען א בריוו, אין וועלכן מע האָט בא אים געפאָדערט שוין אין דעם זעלבן טאָג אופירן פאסבינדערס פּיעסע אינעם אמסטערדאמער שטאָט־טעאטער. דעם „ייִדן קראוזע" איז אינעם בריוו פארבאָטן געוואָרן ארויסצוטרעטן אַף דער בינע, ביז פאסבינדערס פּיעסע וועט ניט גיין אינעם טעאטער.

נאָך פריִער האָט דער אקטיאָר פיל מאָל באקומען אנאָנימע בריוו, ווי אויך דראָונגען אין טעלעפאָן, אז מע וועט זיך מיט אים צערעכענען. אין א בריוו, וואָס איז געווען אונטערגעכאסמעט „נידערלענדישע פאשיסטישע יוגנט־אָרגאניזאציע", וועלכע איז פריִער ניט געווען באוווּסט, האָט מען געפאָדערט פון קראוזען, ער זאָל בײַטן זײַן מיינונג וועגן פאסבינדערס פּיעסע און עפנטלעך „אנערקענען זײַנע פארבלאָנדזשענישן". אין קעגנפאל, האָבן געוואָרנט די אווטאָרן פונעם בריוו, וועלן זײַנע קינדער ארויסגעגאנוועט ווערן און מע וועט איבער זיי זיך איזדיעקעווען. קראוזע געהערט צו די גרעסטע האָלענדישע אקטיאָרן. אין 1970 איז ער באערט געוואָרן מיט איינער פון די בעקאָוועדיקסטע טעאטער־פּרעמיעס. אויך אנדערע ייִדישע מישפּאָכעס האָט מען אָנגעהויבן שאנטאזשירן, און די פּאָליציי איז געצוווּנגען געווען אָנעמען פארטיידיקונגס־מיטלען.

די ייִדישע באפעלקערונג איז אָנגעשראָקן, די עלטערן האָבן מוירע צו לאָזן די קינדער גיין אין שול. אינמיטן נאכט דערהערן זיך טעלעפאָנקלונגען, און פונעם טרײַבל שיטן זיך דראָונגען: „מיר וועלן זיך צו דיר דערקלײַבן!" אָדער „צו אײַער הערשעווען וועט איצטער נעמען א סאָף!"

אין דער ייִדישער געמיינדע פון אמסטערדאם און פון אנדערע שטעט הערשט א שטימונג פון באומרויִקונג. ווען אין די זונטיקן שפּאנען פאנאטישע „ספּאָרטפרײַנט" איבער די גאסן און רופן אויס אנטיסעמיטישע לאָזונגען, ראמען די ייִדן אָפּ פון די פענצטער די מענוירעס.

אין פארשיידענע טעאטערס פונעם לאנד, ווו עס שפּילן אקטיאָרן, וועלכע האָבן נעגאטיוו זיך אָפּגערופן אַף פאסבינדערס פּיעסע „אָפּפאלן. די שטאָט און דער טויט", זײַנען אָנגעקומען אכוץ

דראָונגס־בריוו אויך סיגנאַלן, אַז אין זייערע געבײַדעס זײַנען אונטערגעלייגט באָמבעס.

דער האָלענדישער יוסטיץ־מיניסטער פֿריץ קאָרטכאַלס אַלטעס האָט דערקלערט, אַז ער אַליין איז אויך אויפֿגעטרייסלט פֿון דער דראָונגס־קאַמפּאַניע קעגן די ייִדישע מישפּאָכעס. דער מיניסטערוואָרט, ווײַזט אויס, אַז נײַע אַנטיסעמיטישע אַקציעס: ער האָט צוגעזאָגט, אַז די פּאָליציי וועט אָנעמען צוגאָב־מיטלען קעגן דעם צעיושעטן אַנטיסעמיטיזם.

(„פֿראַנקפֿורטער רונדשאַו‟, מײַרעוו־דײַטשלאַנד)

## אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע בײַס די וואַלן אין איטאַליע

בײַס דער לעצטער וואַל־קאַמפּאַניע אין איטאַליע האָבן אַן אויפֿרודערונג אַרויסגערופֿן פֿלוגבלעטלעך מיט אַ ספּעציפֿישן טעקסט: „קאַניבאַלן, בעדויִנער און ראַבאָנים — אַרויס פֿון איטאַליע!‟. די פֿלוגבלעטלעך האָט פֿאַרשפּרייט אַן איטאַליענישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פֿון דער נעאָפֿאַשיסטישער פּאַרטיי „מאָווימענטאָ סאָטשיאַלע איטאַליאַנע‟.

אויף די פֿלוגבלעטלעך איז אָנגעמאָלט אַ ראָוו, וועלכער טראָגט אויף זײַן מאַנטל אַ מאָגנדאָוויד און האַלט אין דער האַנט אַ דאָלאַר. לעבן אים שטייט אַן אַראַבער מיט אַ שפּיז און מיט אַ באָמבע.

## „שולדיק זײַנען די ייִדישע בוי־אונטערנעמער...‟

אין מאָנטרעאַל הערשט אַ בויונגס־פֿיבער. עס וואַקסן ריזיקע ביוראָ־געבײַדעס, האַנדלס־צענטערס, האָטעלן. אין אָט דער בויונג זײַנען ברייט פֿאַרטראָטן ייִדישע אונטערנעמער.

אויף וויפֿל קיין איבעריקס פֿרײַע ערטער פֿאַר די נײַ־בויונגען זײַנען ניט פֿאַראַן, וואַרפֿט מען אַן אויג אויף יעדן פּלאַץ, וווּ מע קאָן אויפֿשטעלן אַ מאָדערנעם בנין. דאָס זײַנען די פּילצאָליקע אַלטע געבײַדעס, וווּ עס לעבן מענטשן, וואָס קאָנען זיך ניט פֿאַרגינען צו וווינען אין שענערע און מאָדערנערע הײַזער, איבערהויפּט פּענסיאָנערן. אָט די געבײַדעס קויפֿט מען אָפּ פֿאַר אַ ביליקער פּרײַז, און די אײַנוווינער האָבן ניט וווּהין זיך אַהינטאָן.

דאָ הייבן זיך אָן פּראָטעסטן און גוואַלדן, מע שרײַבט אין די צײַטונגען, מע לויפֿט צו די שטאָטבאַלעבאַטים, מע באַמיט זיך אָפּשרײַען די גזירע. אַמאָל העלפֿט עס, אָבער אין דער מערהײַט פֿאַלן העלפֿט עס ניט. די דאָזיקע לאַגע ניצן אויס די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן. אויף די גאַסן באַווײַזן זיך אָפּט אויפֿרופֿן און פּלאַקאַטן מיט אַנטיסעמיטישע באַשולדיקונגען און באַליידיקונגען בענעגייע די ייִדן ביכלאַל.

(„אויסטראַליער ייִדישע נײַס‟)

## נאַציסטישע לידער אין אַ פּאַריזער אוניווערסיטעט

אַ סקאַנדאַל איז פֿאָרגעקומען אויף איינעם פֿון די פֿאַקולטעטן אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. עקסטרעם־רעכטע סטודענטן, וועלכע בושעווען דאָ שוין פֿון לאַנג, האָבן עפֿנטלעך, אין אַמפֿיטעאַטער, אין דער אָנוועזנהײַט פֿון זייער פּראָפֿעסאָר מאַרטינעז, געזונגען נאַצישע לידער, דערונטער מיטן פּעטעניסטן פֿאַשיסטישן הימן „מאַרעשאַל נו וואָלאַ‟. מאַרטינעז, וועלכער איז אַ דעפּוטאַט פֿון לע פּענס „פֿראָן נאַסיאָנאַל‟, האָט זיך אָפּגעזאָגט אײַנצוימען די נאַציסטישע קוילער־יונגען. שפּעטער האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ „פּאַשעטער טומל‟...

(„נײַע פּרעסע‟, פּאַריז)

## אַ שענדונג פֿון אַ ייִדישן בעסוילעם

אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן געשענדט דעם ייִדישן בעסוילעם אין ביאַריץ (פֿראַנקרײַך), פֿאַרשמירנדיק מיט האַקנקרייצן 26 מאַצייוועס, דרײַטירן פֿונעם טפֿילע־הויז און צוויי מאָנומענטן לעקאָוועד די געפֿאַלענע אין די צוויי לעצטע מילכאָמעס.

## דאָרעם־אַפֿריקאַנער נאַציס דראָען

דער פֿירער פֿון די נעאָנאַציסטן אין דאָרעם־אַפֿריקע יודזשין טערבלאַנט האָט געדראָט די דאָרטיקע ייִדן מיט „גרויסע צאָרעס‟, ווײַל זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער אײַנגעאָרדנטער פֿײַערונג צום אָנדענק פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם פֿאַשיסטישן קריגס־פֿאַרברעכער רודאָלף העס.

## אין בראַזיליע ווערן ברייט פֿאַרשפּרייט די „פּראָטאָקאָלן פֿון זיקניי־ציִען‟

די ניו־יאָרקער „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע‟ האָט מיטגעטיילט, אַז די איראַנישע אַמבאַסאַדע אין בראַזיליע פֿאַרשפּרייט די „פּראָטאָקאָלן פֿון זיקניי־ציִען‟, אין וועלכע עס גייט אַ רייד וועגן אַ ייִדישער פֿאַרשווערונג „צו באַהערשן די וועלט‟.

אויף אָט דעם סקאַנדאַל האָט רעאַגירט מיט אַ סעריע אַרטיקלען די ווירקזאַמע צײַטונג „פֿאָלהאַ‟ (סאַן־פּאַולאָ). אין אַן אינטערוויו פֿאַר דער דאָזיקער צײַטונג האָט דער יונגער ייִדישער מעדיקער און איינער פֿון די טוער פֿון דער אָרגאַניזאַ־

ציע „פּרײַנט פון שאָלעם איצט" פראַנציסקאָ מאָרענא דע קאַרוואַלהאָ אָפּגעמערקט, אַז די פאַרשפּרייטונג פון די פּראָוואָקאַציאָנעלע „פּראָטאָקאָלן" פאַלט צונויף מיט די אינטריגעס צו געפינען „נײַע קאַפּאַרע־הינדלעך", די נעאָנאַציסטן פון בראַזיליע דערקלערן, אַז „די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען נאָך איצט גילטיק".

די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקײַט פון בראַזיליע איז זייער באַאומרויִקט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נײַער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם.

(„פאָלקס־שטימע", וואַרשע)

## אין שאָטן פון דער אַמעריקאַנער „דעמאָקראַטיע"

לויט א באַריכט פון דער ליגע „בני־ברית", איז דער אַנטיסעמיטיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן — די צאָל אַקטן פון גוואַלדטאַט און וואַנדאַליזם — געשטיגן אין 1987 אין פאַרגלײַך מיטן 1986 אויף 21 פּראָצענט.

אין קאַליפאָרניע, וווּ די אַזוי־גערופענע „סקין־העדס" („געגאָלטע קעפּ") און נאַצישע גרופּקעס זײַנען באַזונדערס טעטיק, האָט דער וווּקס פון אַנטיסעמיטיזם דערגרייכט א רעקאָרד — 121 פּראָצענט. אָבער אויך ניו־יאָרק שטייט ניט אָפּ: אין דער דאָזיקער שטאָט, וווּ עס לעבן אַזוי פיל ייִדן, זײַנען די וואַנדאַל־אַקטן פון די אַנטיסעמיטן, ווי שטענדיק, די צאָלרײַכסטע.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז די ראַסיסטיש־אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע ניט פאַרבאָטן, עס עקזיסטירט דאָרט א לעגאַלע נאַצישע פּאַרטיי.

# כראָניק

## דער יוביליי פון א שרײַבער

יעכיעל שרײַבמאַן איז אַלט געוואָרן 75 יאָר. די דאָזיקע דאַטע האָט מען ברייט אָפּגעמערקט אין דער הויפּט־שטאָט פון מאָלדאַוויע קעשענעוו, וווּ עס לעבט און שאַפט דער יובילאַר. די צײַטונגען „סאָוועטסקאַיאַ מאָלדאַוויאַ", „וועטשערני קישיניאָוו", „מאָלאָדיאָזש מאָלדאַוויִ", „ליטעראַטור שי אַרטאַ" האָבן אָפּגעדרוקט מאַטעריאַלן וועגן זײַן לעבן און שאַפונג.

א שפּעפּערישער אָוונט, געווידמעט יעכיעל שרײַבמאַנס 75־טן געבורטסטאָג, איז פאָרגעקומען אינעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון דער מאָלדאַווישער רעפּובליק. אויף די סטענדן פון דער אויסשטעלונג אין פּאָיע זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן דעם שרײַבערס ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען אין ייִדיש, רוסיש און מאָלדאַוויש, ווי אויך אַרטיקלען וועגן זײַן שאַפונג.

אויפן אָוונט זײַנען אַרויסגעטראָטן דער פאָרזיצער פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון מאָלדאַוויע יאָן טשאָבאַנו, דער דיכטער־אַקאַדעמיקער אַנדריי לופּאַן, דער סעקרעטאַר פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון מאָלדאַוויע מ. טשימפּאָי, די ייִדישע שרײַבער באָריס סאַנדלער, שימען סאַנדלער, מיכאל לעמסטער, מיכאל פעלזענבאַום.

באַגריסן דעם באַל־יוביל זײַנען געקומען די אַרטיסטן פונעם ייִדישן ליטעראַריש־מוזיקאַלן אַנסאַמבל „וואָרט און ניגון", וועלכער ווערט געשאַפן אין קעשענעוו. עס איז אַרויסגעטראָטן דער וואָקאַל־אינסטרומענטאַלער אַנסאַמבל „דעסערט" אונטער דער אָנפירונג פונעם יונגן פּאָעט און קאָמפּאָזיטאָר סאַמסאָן קימעלמאַכער.

לויט אן אוקאַז פונעם פּרעזידיום פון אויבער־סאָוועט פון דער מאָלדאַווישער ססר איז דעם יובילאַר צוגעייגנט געוואָרן דער ערן־טיטל פאַרדינסטפולער קולטור־טוער פון דער מאָלדאַווישער ססר.



## ייסראַעל:
## דעמאָנסטראַציעס קעגן דער אונטערדריקונג פונעם פּאַלעסטינער פאָלק



אימפּאָזאַנטע שלום־דעמאָנסטראַציע אין חיפה, שבת 13.2.88.



ארוואָס? איינע פון די פּאַלעסטינער מוטערס פרעגט א צעווייטיקטע די יש־ראַלדיקע זעלנער: פאַרוואָס נעמט איר צו אונדזערע קינדער? פאַרוואָס ברעכט איר זייערע ביינער? פאַרוואָס שיסט איר? פאַרוואָס?...




יידיש־אראבישע סטודענטן דעמאנסטרירן קעגן דער פאליטיק פון ברעכן ביינער, פאדערנדיק צו פירן א פאליטיק פון שלום, אן אקופאציע. „מיר ווילן ניט ברעכן קיין ביינער".




פיקעט־דעמאנסטראציע פון סטודענטן און לעקטארן פון תל־אביבער אוניווערסיטעט פאר באפרייען די אריעסטירטע, וועלכע האבן זיך אפגעזאגט אנטיילצונעמען אין דער אונטערדריקונגס־אקציע אויף די אקופירטע געביטן.

# מוישע בלאט און זײַן געזינדל

איך וויל דערציילן די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד" וועגן דער געוועזענער קאפצאנאָווקע, א „שטעטל" אין צענטער פון מאָהיליאָוו־פאָדאָלסק. ניט אין יעדער שטאָט זײַנען דאָך געווען אזעלכע עקזאָטישע ערטער...

אין די שטעט פון דער רוסלענדישער אימפעריע האָבן ניט עקזיסטירט אזעלכע געטאָס, ווי אין דער מיטלאלטערלעכער אייראָפע — געטאָס אין פולן זין פון וואָרט. דער טכום־האמוישעוו האָט פארביטן די געטאָ. יעדן טראָט, וואָס מע האָט געמאכט איבער אָט דער „טשערטא", האָט מען געדארפט באצאָלן מיט „קאטערינקעס" (דעמלטיקן געלט) — דעם איספראווניק, דעם גאָראָדאָוואָי, דעם שטאָט־גאָלאָווא.

ס׳האָט זיך געדאכט, אז די ציוויליזאציע איז פארבײַגעגאנגען יענע אָרעמקײַט־קווארטאלן. די צײַט איז דאָרט פארגליווערט געהאנגען איבער די כאָרעווע כאלופקעס, אלטע פארקנס, פינצטערע הינטערגעסלעך.

אין פארשיידענע שטעט און שטעטלעך האָט מען די דאָזיקע אָרעמקײַט־קווארטאלן גערופן מיט פארשיידענע נעמען. אין וויניצע איז דאָס געווען די באוווסטע יערוסאלימקע, אין בערדיטשעוו — גנילאָפיאטאָווקע, אין נעמיראָוו — אזיע, אין זשיטאָמיר — מײַדאן און אין מאָהיליאָוו־פאָדאָלסק — קאפצאנאָווקע.

ווי אומעטום אין אזעלכע ערטער, האָבן כורוועס און הײַזקעס, באדעקטע מיט דראנקעס, זיך אָנגעוואלגערט איינס אפן אנדערן, אָפט זײַנען די פענצטער געווען פארשטאָפט מיט קישנס. די טירן האָבן זיך געעפנט גלײַך אפן „וועג" — אין דער בלאָטע אָדער אינעם שטויב, אָפהענגיק פון דער צײַט פונעם יאָר.

אין די דאָזיקע האלב־צעוואלגערטע שטיבלעך האָבן, אלס קלאל, געלעבט געזינדן פון צען און מער נפשות: דער מאן, דאָס ווײַב, זייערע עלטערן און א כאָפטע קינדערלעך, איינס קלענער פונעם אנדערן.

דאָס בילד פון קאפצאנאָווקע וואָלט ניט געווען קיין פולס, אויב מיר וואָלטן ניט דערציילט וועגן דער קאנאווע, וועלכע האָט דורכגעשניטן דאָס פארגעסן ווינקל פון דער ערד. אָן איר איז קאפצאנאָווקע ניט קאפצאנאָווקע.

א גאנץ יאָר, באזונדערס פרילינג און הארבסט, האָט די קאנאווע פאנאנדערגעטראָגן אָן איבלדיקן רייעך, אָבער די שווארץ־אויגיקע ייִדישע יאטלעך האָבן פון אינדערפרי ביז שפעט אין דער נאכט זיך ארומגעטראָגן איבער די דערבײַיקע קאליוזשעס, וועלכע האָבן געבלישטשעט קעגן דער זון מיט אלע קאָלירן פונעם רעגנבויגן.

הונגעריקע, אָנגעטאָנענע אין שמאטעס, האָבן די פארמורזעטע קינדער ניט געפונען אין טכום־האמוישעוו קיין בעסער אָרט פאר זייערע שפילן. דאָס האָט געלוינט אויך די עלטערן: זיי האָבן ניט געדארפט ווײַט זוכן דאָס קליינווארג. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט: „א מאקע דיר אין גאָרגל! גיי עסן!" אָדער „די הענט זאָלן דיר אָפדארן, פארוואָס האָסטו געשלאָגן בענטשיקן?" אאוו.

אלץ איז דאָ פארבליבן, ווי געווען פון קאדמוינים, אפילו די קלאָלעס, וועלכע האָבן זיך געשאָטן, ווי פון א לעכערדיקן זאק.

ווען אין מאָהיליאָוו פלעגט טרעפן א פארפלייצונג, האָט קאפצאנאָווקע געווייינלעך זיך די ערשטע געבאָדן אין די פרילינגדיקע וואסערן. די דעכער זײַנען ווי שווארצע אײַז־קריִעס געשווומען איבער דעם שמוציקן וואסער. יעדע אזא פארפלייצונג האָט פארשלעפט מיט זיך א צענדליק־צוויי קאפצאנאָווקער הײַזקעס. מיט דער צײַט זײַנען זיי ווידער אופגעשטעלט געוואָרן, נאָך מער קריפלדיקע, ווי פריִער. לעבן האָט מען דאָך ערגעץ געדארפט...

און אויב עס האָט געטראָפן, כאָלילע, אין מאָהיליאָוו א סרייפע, האָט די ערשטע, ווי עס פירט זיך, אָנגעהויבן ברענען קאפצאנאָווקע. ביז וואנען די פײַערלעשער פלעגן זיך איבערקלײַבן איבער דער קאנאווע און איבער די קאליוזשעס, ביז וואנען זיי האָבן זיך א ריר געטאָן, איז שוין ניט געווען וואָס צו לעשן.

געלעבט האָט אפן ראנד פון קאצפאנאָווקע דער אייביקער קאפצן מוישע (מיכל) בלאט. ער איז געווען א טרעגער. געטאָן די שווערסטע ארבעטן אין דער בעקערײַ פונעם אָרטיקן גוויר, פארדינט אף קאשע און אף וואסער. אין דער מישפאָכע האָבן די קינדער אָפט געקרענקט, אייניקע זײַנען געשטאָרבן, אָנשטאָט זיי פלעגן געבוירן ווערן אנדערע...

כאָכמאטשעס האָבן געטריבן לעצאָנעס:

— דו וואָלסט בעסער געדארפט פארמאכן דאָס פאבריקל, ווו מע ארבעט אויס קינדער, און א טראכט טאָן וועגן דעם גוירל פון די שוין פאראנענע...

— לאָז איך דער קאָפּ ניט דאַרן פאַר מײַנע קינדער, — האָט אָפּגעענטפערט מוישע, — עס וועלן ווערן פון זיי מענטשן! איר האָט געהערט, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָפן מיטינג געזאָגט: „מיט אונדזער אייגענעם קלייזײַען א רעטונג ברענגען מיר דער וועלט...“

ווי שווער ס׳האָבן ניט געלעבט די טוישווים פון קאַפּצאַנאָווקע, וואָס פאַר אַן אונטערדריקונגען, פאַרפאָלגונגען זיי האָבן ניט אויסגעטראָגן, האָבן זיי אָבער זיך געפירט פרײַנטלעך. אויב ס׳האָט געטראָפן מיט עמעצן אַן אומגליק, פלעגן זיי ארויסהעלפן מיט וואָס נאָר מע האָט געקאָנט. דער אומגליק בא איינעם איז געווען א צאָרע פאַר גאַנץ קאַפּצאַנאָווקע.

דער אומגליק האָט אָנגעקלאַפּט אויך אין בלאַטס מישפּאָכע. דאָס איז געווען בייס דער פּעטליוראָווטשטשינע. אנומלטן איז בלאַטס זון יאָסיף געגאַנגען איבער דער גאַס מיט א פּעקל רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט געדאַרפט איבערגעבן אין דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. מיטאמאָל האָבן זיך באַוויזן פּעטליוראָווצעס. די ביכלעך האָבן זיי צוגענומען, יאָסיפן געמיימעסט ביז האַלב־טויט און ארײַנגעוואָרפן אין קוטוזקע. וועגן דעם האָט זיך דערוווּסט קאַפּצאַנאָווקע, און ס׳איז אוועק א גאַנג: מע האָט צונויפגעזאַמלט א געוויסע סומע געלט, אָפּגעקויפט יאָסיפן בא די וועכטער און געגעבן אים די מעגלעכקײַט אנטלויפן פון אַן עמעסן טויט.

שוין שפּעטער, אין א סאַך יאָרן נאָך דער רעוואָליוציע, ווען יאָסיף מיכײַלאָוויטש איז געקומען צו פאָרן אין מאָהיליאָוו־פּאָדאָלסק, האָט ער טאָמיד מיט דאַנקבאַרקײַט דערמאָנט אָט דעם גרויסמוטיקן זשעסט פון די קאַפּצאַנאָווקער אָרעמעלײַט.

אגעוו, וועגן י. מ. בלאַטן. אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט האָט דאָס געוועזענע קאַפּצאַנאָווקער יאַטל געאַרבעט אַף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין די אָרגאַנען פון וו. טש. ק., אויסגעפילט פּ. ע. דזשערשינסקיס פּערזענלעכע אופטראָגן אין קאַמף מיטן באַנדיטיזם. ניט איין באַנדע איז ליקווידירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פונעם פּאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אינערלעכע איניאָנים פון אוקראַיִנע, דעם קאָמאַנדאַרם יאָסיף מיכײַלאָוויטש בלאַט.

ס׳האָבן געפונען זייער באַרוף און אָן אָרט אין לעבן אויך די איבעריקע קינדער פונעם קאַפּצאַנאָווקער קאַפּצן מוישע בלאַט. דער צווייטער זון — ביניאָמין איז געווען דער שעף פון א בײַגרענעץ־אָטריאַד אין מאָהיליאָוו־פּאָדאָלסקער באַפעסטיקטן ראַיאָן. איבערן שוואַכן געזונט איז ער ארויס אין דעמיסיע און געאַרבעט אין די פינאַנץ־אָרגאַנען.

א טאַלאַנטפולער אינזשעניער איז געווען מוישע בלאַטס דריטער זון — דאַניִעל. ווען ס׳האָבן א דונער געטאָן די געקנאַלן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, איז ער מיט געווער אין די הענט אוועק פאַרטיידיקן דאָס סאָציִאַליסטישע פאָטערלאַנד און איז אומגעקומען ווי א העלד אַפן קורסקער בויגן. מוישע בלאַטס קלענסטער זון — דאָוויד איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם קאָמיוג אינעם בײַדניצער־ראַיאָן, געשטאַנען בעראָש פון דער ערשטער אַף אוקראַיִנע פּיאָנער־אָרגאַניזאַציע (זי האָט זיך דאַן גערופן „בלומען פון דער קאָמונע“). דאַוויד מיכײַלאָוויטש איז אַן אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, א פּאָרטפאָלקאָווניק אין דעמיסיע, מיטגליד פונעם זשורנאַליסטישן פאַרבאַנד פון פּססר. א לענגערע צײַט איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון דער טעלעוויזיע־סטודיע אין דער שטאָט אָמסק.

מ. בלאַטס טאָכטער פּאָלינע האָט פיל יאָרן ביז דער פּענסיע געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין דעם אָרטיקן קאָמבינאַט פון קאָמונאַלע אונטערנעמונגען.

אָט וואָס עס איז געוואָרן מיט די קינדער פונעם אָרעמען טרעגער מוישע בלאַט פון קאַפּצאַנאָווקע. אָט וואָס די סאָוועטנמאַכט האָט זיי געגעבן. איך גלייב, אז די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועט מיר צוטיילן דעם פאַרגעניגן צו דערציילן וועגן דעם די לייענער.

יעפים קראַסנאָשטיין



## מיט ליבע צו דער ייִדישער ליטעראַטור

פּערעיאַסלאַוו־כמעלניצקי און פּאָלאָנע זײַנען צוויי אוראַלטע שטעטלעך אַף דער אוקראַיִנע. איינס פון זיי — פּאָלאָנע — וועט אין צוויי יאָר ארום אָפּמערקן זײַן טויזנטיאָריקן יובילייִ.

מיט ביידע יישווים זײַנען פאַרבונדן מערקווירדיקע דערשײַנונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור. אין פּערעיאַסלאַוו־כמעלניצקי איז געבוירן געוואָרן דער קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור שאָלעם־אַלייכעם, און דאָרט איז מיט צען יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן דער מעמאָריִאַלער שאָלעם־אַלייכעם־מוזיי. אינעם וואָלינער שטעטל פּאָלאָנע איז אין סאָף פונעם פאָריקן יאָרהונדערט געבוירן געוואָרן דער סאָוועטישער ייִדישער קלאַסיקער פּערעץ

מאַרקיש, וועמענס אָנדענק ווערט זאָרגזאַם אָפּגעהיט אין אָרטיקן פֿאָלקס־מוזיי.

צווישן די ביידע שטעטלעך עקזיסטירט פֿון טאָמיד אָן אַ היסטאָרישע, קולטורעלע און ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרבינדונג. אין אונדזער צײַט האָבן די פֿאַרבינדונגען געפֿונען אַ פֿאַרקערפּערונג אין הויכקינסטלערישע עקספּאָנאַטן פֿאַר די מוזייען, וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אויפֿן פּאָלאָנער פּאָרצעלײַ־זאַוואָד.

לעצטנס האָט די אונטערנעמונג צוגעגרייט אָן אָריגינעלע קינסטלערישע קאָמפּאָזיציע פֿון זיבן פּאָרצעלײַענע וואַנט־שאָלן. איינע — מיט



שאָלעם־אַליכעמס פּאָרטרעט אין צענטער, און די אַנדערע זעקס — מיט סוזשעטן פֿון דעם שרײַבערס ווערק, געמאָלט פֿון די בעסטע ייִדישע גראַפֿיקער — מענדל גאָרשמאַן, מייער אַקסעלראָד, טאַנכום קאַפּלאַן, זינאָווי טאָלקאַטשאָוו אאַ.

אין קעראַמיק־מאַטעריאַל האָבן אָט די ווערק פֿאַרקערפּערט דער הויפּט־קינסטלער פֿונעם פּאָלאָנער פּאָרצעלײַ־זאַוואָד ניקאָלײַ קאָזאַק און די מאָלערן זינאַידע אָלעקסענקאָ.

סעמיאָן בענציאַנאָוו,
פּאָלאָנע

# אַ לעקטאָר־וועגן די צען געבאָטן

כאָשעווער רעדאַקטאָר!

איך בעט אײַך אָפּדרוקן מײַן קורצן קאָמענטאַר אויף די „עשׂרת הדברות" (אַסערעס האַדיבּרעס) — צען ביבלישע געבאָטן. זײַענדיק ניט ווײניק יאָרן אַ לעקטאָר פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעלשאַפֿט „וויסנשאַפֿט", באַקום איך פֿראַגן וועגן די אַסערעס האַדיבּרעס. וועגן זיי, וועגן דער לעגענדע פֿון מוישע ראַבבייני מיט די לוכעס פֿרעגן מיך אַפֿילע געלערנטע, קולטורטוער, שרײַבער.

וואָס זשע שטעלן מיט זיך פֿאָר די אַסערעס האַדיבּרעס? אינעם סייפֿער „דברים" (דוואָרים), דאָס הייסט ווערטער, ווערן געבראַכט די דאָזיקע געבאָטן. בלויז די ערשטע דרײַ זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער רעליגיע, מיט דער אויסנעמלעכקײַט פֿון גאָט און פֿון דעם טאָג שאַבעס. די איבעריקע זיבן געבאָטן זײַנען וועלטלעכע, אַלמענטשלעכע.

4־טער געבאָט. „כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך ולמען ייטב לך על האדמה" (קאַבייד עס אָוויכאַ וועיעס אימעכאַ לעמאַאַן יאַאַריכן נאָמעכאָ ולמאַאַן ייִטאַוו לאַך אַל האָאַדאָמאָ — גיב אָפּ קאָוועד דײַן טאַטן און דײַן מאַמען צוליב דעם, אַז עס זאָלן פֿאַרלענגערט ווערן דײַנע טעג און צוליב דעם, ס'זאָל זײַן דיר גוט אויף דער ערד).

אין דריטן קאַפּיטל „תהילים" (טילים) שטייט געשריבן: „מזמור לדויד בברחו מפניי אבשלום בנו" (מיזמויר לעדאָוויד בייוואָרכוי מיפּניי אַווישאָלעם בײַנוי — אַ ליד צו דאָווידן, וועלכער איז אַנטלאָפֿן פֿון אַווישאָלעמען, זײַן זון: וואָס פֿאַר אַ קאָוועד קאָן דאָ זײַן, אַז דער טאַטע דאָוויד האַמײַלעך האָט געדאַרפֿט אַנטלויפֿן פֿון זײַן אייגעבעם זון?).

5־טער געבאָט. לא תרצח! (לוי סירצאַך — זאָלסט ניט הרגענען! אין דער אַמוניציע באַ די היטלעראָווצעס, וועלכע האָבן געהאַרגעט מיליאָנען אומשולדיקע מענער, פֿרויען און קינדער, איז געווען אויסגעקריצט אויף דער פּראַזשקע פֿונעם רימען: „מיט אונדז איז גאָט". אויף וויפֿל דאָס איז כּילעל־האַכוידעשדיק, דאַרף מען ניט קיין קאָמענטאַרן.

6־טער געבאָט. ולא תנאף (ווייִלוי סינאָף — און זאָלסט ניט זײַן קיין נויעף, קיין אויסגעלאַסענער פֿאַרשוין). דער ביבלישער עפּיגראַף צום באַרימטן ראָמאַן „אַנאַ קאַרענינאַ" «Мне отмщение и аз воздам» — האָט דעם געדאַנק, אַז די מענטשן פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט האָבן ניט קיין רעכט צו מישפּעטן אַנען. דאָ איז אויך פֿאַראַן דער געדאַנק וועגן גאָטס שטראָף דער פֿרוי, וועלכע האָט פֿאַרשוועכט די געזעצן פֿון דער רעליגיע און מאָראַל, ניט אויספֿילנדיק דעם געבאָט. אָבער ווי אַ גרויסער קינסטלער, רופֿט אַרויס לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי מיטלײַד צו אַנען, און אין מאָראַלישן פּלאַן טרעט ער אַרויס ווי אַ קעגנער פֿון דער רעליגיע.

7־טער געבאָט. ולא תגנב! (וועלוי סיגנויוו — און דו זאָלסט ניט גאַנווענען!). וואָס האָט מען נאָר ניט געטאָן אין דער וועלט אין מעשעך פֿון דוירעס, אַז מ'זאָל ניט גאַנווענען! אין אייניקע לענדער פֿלעג מען אָפּהאַקן די רעכטע האַנט, וועלכע האָט עפּעס געגאַנוועט. אין אַלע לענדער איז טעטיק דער קרימינעלער קאָדעקס צו מישפּעטן מיט אַנטשפּרעכיקער שטראָף פֿאַר גנייווע. נאָר, צום באַדויערן, איז גנייווע דאָ. מע דערוועגט ניט די וואָג. מע נעמט שוּיכעד — כאַבאַר. מע פֿאַרהעכערט די פּרײַז. די רעכט־היטער מוזן שטענדיק אָן אויפֿהער קעמפֿן מיט די פֿאַרברעכנס. זייער

ריכטיק און לײַטיש איז דער געבאָט „לוי סיגנויון" — זאָלסט ניט גאנווענען!

8־טער געבאָט. ולא תענה ברעך עד שוא (וועלוי סאאנע ביירייאכא אייד שאוו — זאָלסט ניט צוזיִען דײַן כאווער פאר קיין פאלשן איידעס). דערבײַ דארף מען אָבער צוגעבן, אז „א ליגן" איז דערלאָזבאר אלס א רעטונגס־מיטל (ложь во спасение). אין דעם פּראט איז ניט איבעריק צו דערציילן אזא מין אווטאָביִאָגראפישן פאקט. ווען איך בין געווען א סטודענט, האָב איך זיך געלערנט אין קיִעוו. אינעם שטעטל, ווּו איך האָב פריִער געוווינט און ווּו יעדערער קאָן אלעמען, איז געשטאָרבן מײַן פאָטער. מע האָט מיך ארויסגערופן אהיים, ניט זאָגנדיק, אז דער טאטע איז געשטאָרבן. אף דער באן־סטאנציע איז געקומען צו פאָרן דער באלעגאָלע מיט אנדערע פּארשוינען, נאָר קיינער האָט מיר ניט אָנגעזאָגט די שלעכטע בסורע. דאָס איז א „קאָשערער ליגן" צוליב א רעטונגס־מיטל.

„זאָלסט ניט זאָגן קיין פאלשן איידעס", — נאָר דאָס איז דערלאָזבאר, ווען, צום בײַשפּיל, דער רויפע נארט אָפ דעם ניט־אויסהיילנדיקן כוילע מיט א האָפענונג אף א רעפוע שליימע.

9־טער געבאָט. ולא תחמד אשת רעך (וועלוי סאכמויד איישעס רייאכא — זאָלסט ניט האָבן קיין יעיצערהאָרע צו דײַן כאווערס ווײַב).

אין איסאק באבעלס פּיעסע „דער אונטערגאנג" («Закат») איז צווישן די פּערזאָנען פאראן אריע־לייב, א שאמעס אין בעסמעדרעש פון די באלעגאָלעס. דאָ איז ניט איבעריק צו דערמאָנען זײַנע ווערטער: „אמאָל, אין די אלטע צײַטן, האָט געלעבט א מענטש מיטן נאָמען דאָוויד. געווען איז ער א פּאסטעך, דערנאָך געוואָרן א מײלעך. א מײלעך איבער אם יִסראָעל, איבער יִסראָעלס ארמייען און איבער יִסראָעלס כאכאָמים... פּארזוכט האָט דאָוויד רײַכטום און רום, האָט ער אָבער ניט געוואָלט וויסן פון זייער גרענעץ. קויעך רופט ארויס טאָמיד טײַווע, אָבער נאָר דער אומעט שטילט דאָס הארץ. אלט געוואָרן, האָט מײלעך דאָוויד דערזען אף די דעכער פון יערושאָלאיִם באט־שעווען, אורי דעם מיליטער־קאָמאנדירס ווײַב. באט־שעוועס ברוסט איז געווען שיין, אירע פיס זײַנען געווען שיינע, און א סאך פרייד איז אין איר געווען. האָט מען אורין אף דעם שלאכטפעלד געשיקט, און דער מײלעך האָט זיך פארייניקט מיט באט־שעווען..."

גערעכט איז אריע־לייב, וועלכער זאָגט, אז קויעך רופט ארויס טאָמיד טײַווע און ניט לײַטיש האָט געטאָן דאָוויד האמײלעך, וועלכער האָט איגנאָרירט דעם פּאָסעק: „זאָלסט ניט האָבן קיין ביישעק צו דײַן כאווערס ווײַב!"

10־טער געבאָט. ולא תתנאוה בית רעך שדהו ועבדו ואמתו, שורו וחמרו וכל אשר לרעך (וועלוי סיסאווע בייס רייאכא, סאדייהו וויאבדוי וואאמאסוי, שוירוי וואכמוירוי ווייכאל אשער לערייאכא — און זאָלסט ניט וועלן דײַן כאווערס הויז, זײַן פעלד און זײַן קנעכט און זײַן שקלאפן, זײַן אָקס און זײַן אייזל און אלץ, וואָס ס'איז בא דײַן כאווער). אין אן אנדער אינטערפּרעטאציע ווערט דער דאָזיקער געבאָט אויסגעטײַטשט מיטן פּאָסעק: ואהבת לרעך כמך (וועאָאווטא לערייאכא קאמויכא — זאָלסט ליב האָבן דײַן כאווער ווי זיך אליין).

אין אלטן פאָלקלאָר פלעגט מען זינגען:

זאָלסט ליב האָבן
דײַן כאווער
ווי זיך אליין!
מיין ניט, אז אלצדינג
קומט אין דיר.
העלף אים מיט עפּעס,
ווען ער איז געמיין.
פארגין אים,
ווען ס'איז אים
בעסער פון דיר.

הא תרצח! (לוי סירצאך — הארגע ניט!). דאָס איז, פארשטייט זיך, א ריכטיקער געבאָט, אָבער אָנווענדן קויעך צוליב זעלבשוץ איז דערלאָזבאר.

ניט איין יאָרטויזנט פונקציאָנירן די אסערעס האדיברעס, נאָר מיט הארינגעס, גנייוועס, פאלשקײַט איז איבערגעפולט די געשיכטע. און דאָך וועט ניט זײַן איבעריק צו דערמאָנען זיך אין זיי.

אמאָל האָט מען געהאט א ביטאָכן, אז די טוירע, די וויסנשאפט וועט אויסלערנען די מענטשן לעבן אין נאָרמאלע באדינגונגען, נאָר איצט זאָגן די געלערנטע, אז די וויסנשאפט איז ניט בעקויעך צו בייטן די מענטשן ניט זאָגן קיין ליגן, ניט הארגענען, ניט מעקאנע זײַן, ליב האָבן דעם כאווער, ווי זיך אליין.

מ'האָט אויך געמיינט, אז ס'וועט ניט זײַן קיין נויט, וועט פארשווינדן ווערן די קינע און די פײַנטשאפט צום כאווער. נאָר, צום באדויערן, לעבט אויך איצט דאָס רוסישע גלײַכווערטל: «Сытый голодного не разумеет» (א זאטער קאָן ניט פארשטיין קיין הונגעריקן). אָט דאָ דערמאָנען אייניקע די לעגענדע פון מוישע ראביינו מיט די לוכעס, וועלכע האָבן ניט איין יאָרטויזנט אָנגעוויזן: הארגע ניט! גאנווע ניט! זאָג ניט קיין פאלשן איידעס!

די ביבלישע „ליב האָבן דעם כאווער, ווי זיך אליין", אָדער אָפּגעבן קאָוועד דעם טאטן און דער מאמען, איז דאָך הומאניש אויך פאר אונדז.

נאָר די רעליגיע, ווי יעדער קאָמפּליצירטע דערשײַנונג, איז ווידערשפּרעכיק. אין אונדזערע טעג אויסניצן די רעליגיע ווי א מאָראלישער דערציִער באטײַט אין אכט נעמען די טויזנטיאָריקע היסטאָרישע דערפארונג.

מארק רובטשינסקי
(שטאָט גאָרקי)

◇

## פּאָלעמיק

# א בריוו אין רעדאקציע

כאָשעוווער הער הויפּט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד“!

איך קוק דורך אײַער זשורנאל און לייען אין אים דאָס, וואָס איז מיר אינטערעסאנט, איין מאָל אין יאָר, סאָף דעקאבער — אָנהייב יאנוואר. דאָס איז די סיבע, פארוואָס איך שרײַב אײַך ערשט איצט אין צוזאמענהאנג מיט סערגיי בארוזדינס ארטיקל „אן ענטפער יו. אי. ק.“, וועלכן איר האָט פארעפנטלעכט אין נומ. 9 פון אײַער זשורנאל פאר 1987.

איך בין דער מענטש, וועמען ס. בארוזדין באצייכנט, ניט אָנרופנדיק זײַן נאָמען, אלס „איינעם א פארמילכאָמעדיקן שול־כאווער, מיט וועלכן מיר האָבן באזוכט די ליטערארישע סטודיע באם מאָסקווער שטאָטישן פּיאָנערן־הויז“ (ז. 95). די פאקטן וועגן מיר, וועלכע ער גיט אָן, און זײַן אויספיר („ער האָט זיך גוט אײַנגעאָרדנט“) זײַנע גאנץ ריכטיקע. אָבער זײַן רעזומע פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט בייס אונדזער באגעגעניש („...טײַנעט, אז ער האָט סײַוויסײַ פארשפּילט זײַן לעבן“), איז פּונקט דאָס, וואָס ער אליין ווארפט אוף די ייִסראָעלדיקע מיטלען פון מאסן־אינפאָרמאציע, נעמלעך „פארשוויגן... דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט, און אונדז צוגעשריבן אזוינס, וואָס מיר האָבן ניט געזאָגט“ (ז. 94). דעריבער מיין איך, אז אין גײַסט פון גלאסנאָסט דארפן די לייענער פון אײַער זשורנאל אויסהערן אויך מיך.

סערגיי און איך האָבן געהאט א געשפּרעך אויג אָף אויג, וועלכער האָט געדויערט מער פון צוויי שאָ. דאָס איז געווען אן אָפענער, צומאָל א הארבער דיאלאָג צווישן צוויי מענטשן, וועלכע האָבן שארפע אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע כילוקע־דייעס, און דאָך זײַנען זיי באקאנט שוין פופציק יאָר. כ׳וועל זיך אָפּהאלטן (אלס „אן אויסדרוק פון טאקט“, ציטירנדיק ס. בארוזדינען; ז. 91) פון איבערצוגעבן זײַנע רייד. וואָס אָנבאלאנגט דאָס, וואָס איך האָב טאקע יאָ געזאָגט, דעם קורצן טאמצים דערפון, איז ער אזא:

א) פאר מיר און אזעלכע ווי איך (און דאָס איז די מערהײַט פון די 170 טויזנט געוועזענע סאָוועטישע בירגער, וועלכע האָבן זיך באזעצט אין ייִסראָעל אין די לעצטע קנאפּע צוואנציק יאָר) איז דער איקער ניט וואָס מיר זײַנען ארויסגעפאָרן פונעם ראטנפארבאנד, נאָר וואָס מיר זײַנען געקומען קיין ייִסראָעל; ב) דאָס קליגסטע, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג קאָן טאָן בענעגייע די ייִדן, וועלכע ווילן ארויספאָרן, איז ארויסלאָזן זיי אלעמען גיך און אָן שטערונגען: דער באלאנס פון פּאָזיטיווע געפילן לעגאבע דעם ראטנפארבאנד בא די אויסוואנדערער וועט זײַן א העכערער, און אויך דער אימאזש פונעם ראטנפארבאנד אין מײַרעוו וועט זײַן א מער פּאָזיטיווער; ג) דער איסלאמישער פונדאמענטאליזם איז ניט נאָר דער פײַנט פון ייִסראָעל, ער איז אויך א פײַנט פונעם ראטנפארבאנד; ד) דאָס, וואָס האָט געבראכט מעדינאס־ייִסראָעל, וועלכע האָט געשטרעבט צו זײַן א נייטראל לאנד, אין פארוואטער פון פשא, איז געווען ריישיסקאָל, סטאלינס אנטיסעמיטישע פּאראנאָיע און כרושטשאָווס מיטלמיזרעכדיקער וואָלונטאריזם; ה) סאָוועטישע פּאָליטישע דורכפאלן אין די אראבישע לענדער באווײַזן גאנץ באשײַמפּערלעך, אז מע קאָן ניט דערגרייכן פרײַנטשאפט און אפילע צוטרוי דורך פארקויפן געווער און שיקן מיליטער־אינסטרוקטאָרן. אָף א סאך בעסערן אויפן קאָן ברענגען דערצו א קולטור־געמיינזאמקײַט. די רוסישע קולטור איז טיף פארוואָרצלט אין דער ביבל, און די מאָדערנע העברעיִשע קולטור האָט טיפע וואָרצלען אין דער רוסישער קולטור; אזויארום האָבן אונדזערע פעלקער צוויי געמיינזאמע קולטורעלע יעסוידעס, און דאָס איז א פונדאמענט פאר א האָפענונג, אז מיר קאָנען דערגרייכן, לעכאָלהאָפאָכעס, א בעסערע קעגנזײַטיקע פארשטענדעניש טראָץ אלץ, וואָס איז געשען און קומט נאָך אלץ פאָר אין די באציִונגען צווישן ראטנפארבאנד און ייִסראָעל.

סערגיי האָט מיך געהערט מיט אופמערקזאמקײַט, און איך האָב געהאָפּט, אז דאָס, וואָס איך זאָג, וועט עפּשער ברענגען אים צו א טיפערער פארשטענדעניש פון דער קאָמפּליצירטער פּראָבלעמאטיק באם סאָוועטישן ייִדנטום און אין די סאָוועטיש־ייִסראָעלדיקע באציִונגען. צו מײַן גרויסער אנטוישונג, באווײַזט זײַן ארטיקל דאָס ניט. עס איז ניט מער, ווי בלויז נאָך א בײַשפּיל פון א פּרימיטיווער קורצזיכטיקער אנטי־ייִסראָעלדיקער העצע.

פּראָפעסאָר מיכאיל זאנד,
אינסטיטוט פאר אָריענטאליסטיק
און אפריקאניסטיק, העברעיִשער אוניווערסיטעט,
יערושאָלאים, ייִסראָעל



# מיקויער מיכאָעל זאנדס בריוו

אָנהייבן וועל איך פון עטלעכע ריין עטישע טײַמים. איך האָב ניט דעשיפרירט די איניציִאַלן „יו. אי. ק.״, ניט אָנגערופן זאנדס נאָמען, און בין זיכער, אז איך האָב געטאָן ריכטיק, ווײַל מײַן „אדרעסאט״ איז שוין פון לאנג ארויסגעפאָרן קיין ייִסראָעל. איך פיל ניט קיין סימפּאַטיעס צו מענטשן, וועלכע האָבן פארלאָזט דאָס היימלאנד, און מ. זאנדס היימלאנד איז לאכלוטן ניט ייִסראָעל, נאָר דער סאָוועטנפארבאנד, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, זיך געלערנט, זיך דערצויגן אינעם פּיִאָנערן־הויז, באקומען הויכבילדונג, א גאנץ פײַנע פרעסטיזש־שטעלע אאוו. בײַס אונדזער העכער צווייִשאָיִקן שמועס אין טעל־אוויוו, און אָט די אלע צוויי שאָ האָט הויפּטזאכלעך גערעדט ער, האָט זאנד גאָרנישט ניט געפרעגט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין אונדזער לאנד, ניט געפרעגט אויך וועגן זײַנע געוועזענע פרײַנט, דערונטער וועגן יענע, מיט וועלכע ער האָט אין די פארמילכאָמע־יאָרן אזויפיל צײַט פארבראכט מיט ראָמאנטישע פריידן אינעם פּיִאָנערן־הויז. דאָס האָט געמאכט אַף מיר א געדריקטן אײַנדרוק. דער שמועס מיט זאנדן איז, אפּאָנעם, געווען דער איינציקער פון אזא מין. האגאם איך האָב זיך באגעגנט אין ייִסראָעל מיט צענדליקער און הונדערטער געוועזענע לאנדסלײַט אונדזערע און בא זיי איז געווען אלץ פארקערט. דער הער מיכאָעל זאנד האָט אַף קאָלערליי אויפאנים געלויבט ייִסראָעל און אָן אופהער איבערגעכאזערט פּאָסטולאטן פון דער ציִעניסטישער טעאָריע, דערבײַ האָט ער ניט איין מאָל דערלאָזט, אויב ניט קיין אָפן אנטיסאָוועטישע, איז האלב־אנטיסאָוועטישע אריסזאָגונגען. שטרײַטן מיט אים און פּאָלעמיזירן איז געווען דערגידערנדיק, און פּראקטיש האָט ער מיר ניט געגעבן קיין מעגלעכקײַט ארײַנצושטעלן אין זײַן מאָנאָלאָג כאָטש איין וואָרט. דעריבער איז זײַן אָנצוהערעניש, אז איך האָב קלוימערשט עפּעס געזאָגט און ניט דערציילט אינעם בריוו אפן נאָמען פונעם הויפּט־רעדאקטאָר פון דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד״ אָדער א פּרוכט פון פאנטאזיע, אָדער א בעפיירעשע גראָבקײַט.

אין דער פראגע וועגן די סיבעס פון דער קאָנפראָנטאציע צווישן דעם סאָוועטנפארבאנד און ייִסראָעל שטעלט דער הער פּראָפעסאָר אלץ מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. באשולדיקן די סאָוועטן־מעלוכע, וואָס האָט די ערשטע אנערקענט ייִסראָעל, אין אן „אנטי־ייִסראָעלדיקער העצע״, איז, אמווייניקסטנס, נאריש. באשולדיקן די סאָוועטן־מעלוכע, אז זי האָט געשטיצט ייִסראָעל אינעם פארוואטער פון דער פּאָליטיק פון די פאראייניקטע שטאטן? באשולדיקן אונדזער מעלוכע, אז שיר ניט לויט איר ווילן פירט ייִסראָעל א פּאָליטיק פון אָפענעם גענאָציד לעגאבע די אראבער ביכלאל און לעגאבע די פאלעסטינער ביפראט, אויסניצנדיק דערבײַ טיפּיש פאשיסטישע מעטאָדן? און דער טעזיס וועגן דעם פארקויף פון אונדזער געווער די אראבישע לענדער און וועגן אונדזערע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן? זעט אויס, אז דעם הער זאנד לוינען מער אמעריקאנישע אינסטרוקטאָרן און אמעריקאניש געווער, וועלכע ווערט געליפערט ייִסראָעל גראָד קעדיי פארניכטן דאָס פאלעסטינער פאָלק. און שוין אינגאנצן לעכערלעך איז דעם אווטאָרס באהויפּטונג וועגן דעם, אז דער „איסלאמישער פונדאמענטאליזם איז א פײַנט ניט נאָר פון ייִסראָעל, ער איז אויך א פײַנט פונעם ראטנפארבאנד״.

איך בין זיך מודיע, ווען איך האָב געשריבן מײַן ענטפער „יו. אי. ק.״, האָב איך ניט געהאלטן פאר מעגלעך אָנצורופן דעם נאָמען פון מײַן געוועזענעם שול־כאווער און איצט ייִסראָעלדיקן פּראָפעסאָר, ביפראט ארויסזאָגן זײַנע געדאנקען.

מיכאָעל זאנד האָט אליין זיך דעמאסקירט און דעריבער האלט איך איצט פאר נייטיק דורכקאָמענטירן אויך דעם כאראקטער פון אונדזער באגעגעניש און פון איר אינהאלט. דער בריוו אין „סאָוועטיש היימלאנד״ אנטהאלט טאקע דעם טאָך פונעם מאָנאָלאָג, וואָס ער האָט געהאלטן פאר מיר.

עמעס, אין דעם בריוו איז צוגעגעבן געוואָרן איין דעטאל, וועגן וועלכער מיר האָבן ניט געשמועסט. דאָס איז די פראגע וועגן דעם פרײַען ארויספאָר פון ייִדן פונעם סאָוועטנפארבאנד.

דאָ וויל איך זאָגן דעם הער פּראָפעסאָר, אז איך פערזענלעך קוק אַף דער דאָזיקער פּראָבלעם אנדערש, איידער ער. זאָל א באליביקער מענטש אונדזערער, א ייִד צי א רוס, א קאזאך צי אן אוקראַיִנער, א מאָלדאוואן צי א לעט, אויב ער וויל, — זאָל ער פרײַ ארויספאָרן וווהין עס

גלוסט זיך אים. ווי עס רעדט זיך: פון דעם וועט אונדז ניט זײַן קאַלט און ס׳וועט אונדז ניט זײַן וואַרעם.

און נאָך איין פראַזע, וועלכע ווערט מיר צו־געשריבן אין מיכאָעל זאַנדס בריוו.

איך האָב ניט געפירט קיין סטענאָגראַם פון אונדזער שמועס, אָבער איך קאָן זיכער זאָגן, אַז דעם טאָך האָב איך איבערגעגעבן פּינקטלעך. נאָך מער, איך קאָן צוגעבן מ. זאַנדס ווערטער, אַז ניט קיין מאַטעריעלער ווױלטיק באַשטימט דאָס גליק פון אַן עמיגראַנט אין אויסלאַנד. מאַ־טעריעלער ווױלטיק איז באַם העל פּראָפעסאָר פאַראַן. עס פאַרמאָגט אים אויך די מערהײַט אַנ־דערע אָפּשטאַמיקע פון אונדזער לאַנד. אָבער אַ מאָראַלישע, אינערלעכע אומצופרידנקײַט עקזי־סטירט קימאַט בײַ אַלעמען. דעריבער רײַסן זיך אַזוי פיל צוריק, אָדער אין ערגסטן פאַל קוקן זיי יעדן אָוונט מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ געפיל פון כאַראָטע די פּראָגראַמען פון דער מאָסקווער טעלעוויזיע דורך דעם פאַרבינדונג־ספּוטניק...

אין איין זאַך בין איך מיסטאָמע זיך טועה געווען.

רײדנדיק וועגן די סאָוועטישע עמיגראַנטן אין ייִשׂראל, האָב איך געזאָגט, אַז בלויז אַ פּראָצענט צען פון זיי, וועלכע אַרבעטן אין די מיטלען פון מאַסן־אינפאָרמאַציע, פאַרנעמען אָפן אַנטיסאָוועטישע פּאָזיציעס. פאַר דעם טאַקע צאָלט מען זיי. דאָ, ווי איר זעט, בין איך זיך טועה. צו זיי קאָן מען צוגעבן אויך דעם פּראָפעסאָר פונעם אינסטיטוט פון אָריִענטאַליסטיק און אַפ־ריקאַניסטיק פונעם ירושלאַיִמער אוניווערסי־טעט מיכאָעל זאַנדן. און איך מיין, אַז ניט דער רוף פונעם בלוט האָט אים געבראַכט קיין ייִשׂ־ראל, נאָר דער פאַרבאָרגענער אַנטיסאָוועטיזם.

ביזוואַנען עס עקזיסטירן אַזעלכע מענטשן, און זיי, צום באַדויערן, הערשן הײַנט אין ייִשׂ־ראל, איז שווער צו ריידן וועגן דערגרייכן „אַ בעסערע קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש״, וועגן וועלכער עס טרוימט מיכאָעל זאַנד.

און נאָך איין פּריוואַטע באַמערקונג.

מיר האָט קעסיידער זיך געדוכט, אַז ווער־ווער, נאָר אַ פּראָפעסאָר פונעם אוניווערסיטעט, צו וואָס פאַר אַ פּאָליטישער אָריִענטאַציע ער זאָל ניט געהערן, דאַרף זײַן אַן אינטעליגענטער מענטש. מיכאָעל זאַנד האָט מײַן פּאָסט־אַדרעס, לויט וועלכן ער וואָלט געקאָנט אַרויסזאָגן יעטווי־דע ניט־אײַנשטימיקײַט מיט מײַן אַרטיקל. ער האָט עס ניט געטאָן. לעסוף, האָט ער געקאָנט מיר צושיקן די קאָפּיע פון זײַן בריוו אין „סאָוועטיש היימלאַנד״. אויך דאָס האָט ער ניט באַווי־ליקט צו טאָן.

זאָל אָבער מײַנס איבערגיין.

די קאָפּיע פון מײַן קאָמענטאַר צו זײַן בריוו האָב איך אים אוועקגעשיקט. דערצו פאַרפּליכ־טעט מיך כאָטשבי דער פאַקט, וואָס מיר זײַנען ווירקלעך באַקאַנט העכער פופציק יאָר.

ס ע ר ג ײ ב א ר ו ז ד י ן



*Эстрада: новые имена*

ПОЕТ

АЛЕКСАНДРА ГОРЕЛИК

Афиши, расклеенные по городу, сообщают, что 16 февраля в Театре эстрады состоится вечер еврейской песни. Автор программы и исполнитель — молодая актриса Александра Горелик. В предыдущие месяцы ее концерты с успехом прошли в ряде залов Москвы — «Новороссийске», «Софии», «Авангарде», «Луче» и других.

Успех этот не случаен. Привлекает стиль исполнения, манера пения.

Программа, с которой выступает А. Горелик, сложилась сравнительно недавно — менее двух лет назад, и путь к ней отнюдь не был прямым.

Александра Горелик окончила Театральное училище имени М. С. Щепкина, работала в Камерном еврейском музыкальном театре, а сейчас — в Еврейском драматическом театре-студии Москонцерта. Голос ей достался, как говорят, «по наследству»: отец — народный артист РСФСР А. Горелик — был одним из ведущих мастеров советской оперетты. Как это нередко случается, актриса начала выступления с песен под гитару. Песни пела народные — русские, польские, французские, испанские, еврейские.

В содружестве с пианистом и автором обработок народной музыки В. Лензоном на основе этого репертуара была создана программа, которую исполнительница назвала словами одной из народных песен — «Я так тебя люблю». В нее вошли старинные притчи «Дона-дона», «Сказка о королях», в обработках которых слышны отзвуки клавесина и лютни, шуточные песни в современной эстрадной аранжировке. Свадебные песни сменяются жанровыми сценами из народной жизни, детские песни — драматическими балладами. Много подлинно романсовой лирики. Достаточно известные песни (их пели Поль Робсон и Дин Рид) соседствуют с теми, что впервые исполняются на эстраде.

Думается, что исполнительница верно уловила усталость от современных ритмов, тягу слушателей к искренности, к содержательной музыке. Именно в этом причина ее успеха.

А. КОНОВАЛОВ.

אַזוי רעקלאַמירט די צײַטונג „וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ״ די אַרויסטרעטונגען פון דער ייִדי־שער זינגערין אַלעקסאַנדראַ גאָרעליק.

◇ ◇ ◇

כאַים גורעוויטש



# ווערטלעך און אפאָריזמען בא פארשיידענע פעלקער

סקריפּענדיקע טירן
הענגען לאנג
אף זייערע שארנירן.
(ענגליש)

אף קוואַלע ביימעלעך,
וואָס קוים זיך וויגן,
שפּרינגען אום
אפילע ציגן.
(יאַפּאַניש)

דעם שלאַבעריקן קעלבעלע
איז ניט ליב די וועלט,
אויך זומער
ציטערט עס פון קעלט.
(אודמורטיש)

אין שפּעטן הארבסט, ווען ווינטיקע פּאַגאָדעס
טרעפן,
דאָס מויל אן איבעריק מאָל ניט עפן...
(יאַפּאַניש)

מיט סייכל
אפילע דעם טיגער
אין דזשונגל פאנגען קענסטו,
מיט קוויעך
אפילע א פליג
ניט כאפּן דו וועסט אף דייַן פּענצטער.
(אפריקאניש)

דעם גרעזעלע איין זומער איז געגעבן,
דעם מענטשן — איין לעבן...
(כינעזיש)

אַלץ, וואָס אין דייַן הארץ קומט פאַר,
איז אף דייַן געזיכט פארשריבן קלאָר.
(מאָנגאָליש)

אויב אכטן יעדן מאַן
דערפאר, וואָס גראָב איז ער,
קאָן מען מאכן פאר א סולטאַן
דעם קרומלאַפּעדיקן בער.
(טערקיש)

צו געזאָלצענער וואסער
דאָס לעבן, אָ, מענטשן,
פארגלייַכט:
וואָס מערער איר טרינקט,
אַלץ גרעסער דער דאָרשט
איז בא אייַך.
(טאָטעריש)

קעדיי ס'זאָל אומענדלעך דער שטריק זיך ניט
ציִען אראָפּ,
פארגעס ניט, אז ער האָט אן אָנהייב און האָט אויך
א סאָף.
(טשעכיש)

די וועלט איז פונקט ווי א פענצטער,
אין וועלכן בלויז איין מאָל א קוק טאָן קענסטו.
(ארמעניש)

אזא מין סיידער עקזיסטירט פון שטענדיק:
דאָס לעבן הייבט מען אָן מיט א געוויין,
און מיט א קרעכץ מע ענדיקט...
(גרוזיניש)

דאָס הארץ פילט דעם ווייטיק
אפילע פון דעם פינגער קלייַנעם,
נאָר דעם ווייטיק פונעם הארץ
עס פילט ניט קיינער.
(גרוזיניש)

דער, וואָס האָט וועגן געדולד פארגעסן,
וועט קיינמאָל קיין צייַטיקע ווייַנטרויבן ניט עסן...
(רומעניש)

דאָס ווייסטו דאָך פון לאנג אליין,
אז מע איז געזונט, איז מען בעמיילע שיין.
(טאָטעריש)

פון לאנג אָן שוין א באוווּסטע זאַך:
דער שטומער וויל שטענדיק ריידן א סאַך.
(טאַדזשיקיש)

דאָס קאָן שוין העלפן אים ניט מערער,
ווי דעם בלינדן א לאַמטערן...
(יאַפּאַניש)

געזונט איז דאָס טײַערסטע,
בעסטע געשאַנק,
מע הייבט אים אָן אָבער שעצן,
ווען מע ווערט קראַנק.

(טאַדזשיקיש)

א שטענדיקע אייניקײַט,
א גליקלעכער בונד:
געזונט און שיינקײַט,
שיינקייט און געזונט.

(דײַטשיש)

דעם מענטשנס לעבן איז ווי א ליכט אפֿן ווינט,
ווי א הינערש אייעלע אין די הענט בא א קינד.

(יאַפּאַניש)

מיט דעם לעבן שפּאַס ניט, דאַרפֿסט פֿאַרשטיין:
ווי דו וועסט עס אָנהייבן, אַזוי שוין וועט עס גיין...

(אַראַביש)

דאָס שוואַרצע כיין־פּינטל אַף א ווײַסן פּאָנעם,
אַך, סאַרא כּיעס!
דאָס ווײַסע כיין־פּינטל אַף א שוואַרצן פּאָנעם,
אַך, ווי מיִעס!

(אַזערבײַדזשאַניש)

אויב דו ווילסט קיין אומגליקן ניט קריגן,
זיך אַליין אין יעדן צופֿאַל העלף:
זומער היט זיך אָפּ פֿון פֿליגן,
ווינטער היט זיך אָפּ פֿון וועלף...

(טורקמעניש)

אויב שטענדיק ווילסטו זײַן געזונט און שיין, —
דו עס דעם פֿרישטיק יעדן מאָל אַליין,
צעטייל דעם וואַרמעס מיט דײַן פֿרײַנט,
דײַן אָוונטברויט גיב אָפּ דעם פֿײַנט...

(רוסיש)

דאַר און קוואַר,
ווי א סקעלעט פֿון א קאָמאַר...

(יאַפּאַניש)

פֿאַר דעם טויט ניט האָב קיין מוירע:
קאָלזמאַן דו ביסט דאָ,
איז ער ניטאָ,
ווען ער קומט צו גיין,
ביסטו ניטאָ...

(אינדוסיש)

הער זיך אײַן, מײַן גוטער פֿרײַנט,
אויב געזונט ווילסטו זײַן
און ניט וויסן פֿון קיין זאָרגן,
איז דאָס, וואָס דו דאַרפֿסט עסן הײַנט,
לייג אָפּ אַף מאָרגן,
און טו אָפּ הײַנט,
וואָס אָפּטאָן דאַרפֿסטו מאָרגן.

(אַרמעניש)

געלט פֿאַרלאָרן — גאָרניט פֿאַרלאָרן.
צײַט פֿאַרלאָרן — א סאַך פֿאַרלאָרן.
געזונט פֿאַרלאָרן — אַלץ פֿאַרלאָרן.

(ענגליש)

דעם קלאָל אַף שטענדיק פֿאַרגעדענק:
דעם דאָקטער בײַטן, הייסט פֿאַרלענגערן די קרענק.

(פֿראַנצויזיש)

קליין איז די צונג,
נאָר קאָן וווּנדער באַווײַזן:
די שפּראַך פֿונעם האַרץ
זעצט זי איבער אָן גרײַזן.

(אַראַביש)

א וואָרט א האַרציקס טײַערער אויך פֿון א פּוטער קאָסט:
דערוואַרעמט שטענדיק אין דעם שטאַרקסטן פֿראָסט.

(כינעזיש)

פֿון א שלעכט וואָרט
אַפֿילע בלומען וועלקן,
מיט א ליבלעך וואָרט
קאָן מען דעם באַרג־הירש מעלקן...

(גרוזיניש)

טו זיך וואַרעם אָן און לידער זינג,
דעם פֿראָסט דעם בייזן אין דער פּיאַטע הער,
דער שווערסטער פּעלץ איז ווינטער גרינג,
דאָס גרינגסטע העמד איז זומער שווער...

(מאָלדאַוויש)

לעבן לאַנג וויל יעדער איינער,
נאָר עלטערן זיך עס וויל ניט קיינער...

(אַמעריקאַניש)

ס'איז קיין אומגליק, וואָס דער יאַם־מושל איז אַלט,
גראַד אין אים א פּערל זיך באַהאַלט.

(וויעטנאַמיש)



